# LIFE'S TURMOIL

**Stories and Novelettes**

By

**SHAYNE ROCHEL SAMKOFF-BADER**

SECOND VOLUME

Published by S. R. Publishing Committee
1949

# אין גערא̇נגל פונ'ם לעבן

## דערציילונגען און נאָוועלעטן

פון

## שיינע־רחל סעמקאָף־באַדער

צווייטער באַנד

◆

אַרויסגעגעבן פונעם שיינע־רחל פּאָבלישינג קאָמיטע
1949

# מיינונגען וועגן שיינע־רחל׳ס שריפטן

הרה״ג ר׳ הלל יעקב הורוויץ פון היוסטאָן, טעקסעס, האָט נאָכ׳ן לייענען די דערציילונג „ער רעדט צו דער וואַנט״ (געדרוקט אויף זייטע 103 פונ׳ם צווייטען טייל) אויסגעדריקט זיין מיינונג וועגן שיינע־רחל׳ס שרייבן מיט פאָלגענדע ווערטער:

— אין דער דערציילונג „ער רעדט צו דער וואַנט״ איז אַזוי פּראַכטפול און וואונדערבאַר אַרויסגעבראַכט די שיינקייט פון דעם מאמין און זיין מסירת־נפש, ווי עס קען גאָר בעסער נישט געשילדערט ווערען!...

---

ש. ניגער, דער פּראָמינענטער ליטעראַטור־קריטיקער, האָט, אַלס רעדאַקטאָר פונ׳ם „קינדער־זשורנאַל,״ געלייענט די עלעגיע „פּייוול דאָס גוטע קינד״ (געדרוקט אויף זייט 227 פונ׳ם צווייטן טייל), האָט ער וועגן דעם געשריבן:

— די עלעגיע האָט מיך באמת גערירט און איך בין זיכער, אַז קליינוואַרג וועט עס לייענען מיט פאַרקלעמטע הערצעלעך און דאַנקבאַרע פנימ׳לעך...

*ש. ניגער.*

---

דער גרויסער דיכטער זלמן שניאור שרייבט דאָס פאָלגענדע:

— די אַפּגעקליבענע דערציילונגען פון שיינע־רחל׳ס ביכער, וועלכע זיינען מיר צוגעשיקט געוואָרן: א) „חרטה״ (געדרוקט אויף זייט 129 פונ׳ם צווייטן טייל); ב) „דאָס לעבן וויל ניט וואַרטן״ (געדרוקט אויף זייטע 199 פונ׳ם צווייטן טייל) און ג) „די העלדן פון באַראַנאָוויטש״ (געדרוקט אויף זייטע 65 פונ׳ם ערשטן טייל), האָב איך מיט גרויס אינטערעס דורכגעלעזען און איך דענק דערפאַר, אַז די אַנדערע דערציילונגען פון יענע ביכער זיינען אויך אַזוי גוט און אינטערעסאַנט...

**זלמן שניאור.**

---

משה וויטיעס, דער באַוואוסטער עסעאיסט, שרייבט דאָס פאָלגענדע:

— שיינע־רחל׳ס דערציילערישע פעהיגקייטן פאַרמאָגן רייפע שולונג און קול־טיווירטע מאַנירן אויף איר אייגענעם אומ׳מיטעלבאַרן אופן. אירע פאָלקסטימליכע אידיליעס פונ׳ם היימישן שטעטל באַווייזן אַ גוטן בעלעטריסטישן געשמאַק, אַ פיינעם אויפנעם און אַ האַרציג וואַרימע באַציאונג צו אירע פאַרשוינען און טיפן פונ׳ם איצט שוין לעגענדארישן שטעטל, וואָס די קינסטלער פון אונזער דור וועלן קיינמאָל נישט אויפהערן צו באַווינען און צו באַזינגען...

**משה וויטיעס.**

---

דער דיכטער א. ל. באַראָן (ראַבי זיידמאַן) שרייבט:

— שיינע־רחל׳ס דערציילונגען האָבן מיך שטענדיג באַגייסטערט. זי קען שרייבן שטאַרק מיט טאַלאַנט און אירע טעמעס שפּיגלען געטרוי אָפּ דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע...

**א. ל. באַראָן.**

דער שריפטשטעלער־דיכטער א. אַלמי שרייבט דאָס פאָלגענדע:

— שיינע־רחל געהער צו די שרייבער, וואָס דערציילן פּשוט און נאַטירלעך, פאָלקסטימלעך און לייכט, אַז עס לייענט זיך ממש אַליין און האַלט אונז פאַר־אינטערעסירט מיט יעדער שורה. זי האָט וואָס צו דערציילן און זי ווייסט ווי צו דערציילן, געבענשט מיט מאָס און מיט צמצום...

**א. אַלמי.**

---

אברהם רייזען, אונזער גרעסטער פאָלקס־דיכטער, שרייבט אין אַ בריוול צו גרשם באַדער דאָס פאָלגענדע:

— איך פיהל מיך שטאַרק באַעהרט, וואָס איר שענקט מיר אייער צוטרוי, אַנצושרייבן מיין מיינונג וועגן די פיר דערציילונגען, וואָס איר שיקט מיר צו אַלס מוסטער פון די צוויי בענד דערציילונגען פון שיינע־רחל, וועלכע איך האָב בדחילו ורחימו און מיט גרויס שפּאַנונג דורכגעלייענט. אָט די פיר דערציילונגען זיינען עכטע מייסטערווערק, סיי לויט דער רייכקייט פון זייער שפּראַך און סיי לויט די איידעלע געשטאַלטען, וואָס שיינע־רחל פאַראייביגט, אַ דאַנק איר טאַלאנט.

אמת, די צוויי בענד וועלן אַנטהאַלטן מער ווי די פיר דערציילונגען און ריכטיקע פּאָרטרעטן פון די ליבע געשטאַלטן, וואָס זיינען געוועזן אין דער אַלטער היים, אָבער איך בין באַקאַנט מיט נאָך אַ היבשע צאָל דערציילונגען פון איר טאַלאַנטפולער פעדער, וועלכע איך האָב געלייענט אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן אין דער אידישער טעגלעכער און וועכענטלעכער פּרעסע און פילע פון זיי האָבן מיך טיף גערירט מיט דער זאַפטיקייט פון זייער שפּראַך, מיט דער פיינער בילדלעכקייט און מיט דער עכטקייט פון דער שרייבערינ׳ס מאָלן דאָס אידישע לעבן, סיי פון דער אַלטער היים און סיי פון אונזערע אידן דאָ אין אַמעריקע.

איך בין זיכער, אַז די צוויי בענד דערציילונגע וועלן האָבן דעם פאַרדינטן דערפאָלג און אַז זיי וועלן זיך פאַנאַנדערגיין אין פילע טויזנטער. איך בין אויך פון די ערשטע, וואָס איך וועל מיר איינשאַפן די טייערע צוויי בענד מיט דער ברכה צו דער שרייבערין, ווייטער צו שאַפן...

**אברהם רייזען.**

---

Printed in the United States of America by
The Shoulson Press, New York

## אינהאַלט פונ׳ם צווייטן טייל :

●



---

## „ספּאָנסאָרס״ פון שיינע־רחל׳ס שריפטן

פאַרטזעצונג פון זייטע 257 ערשטער טייל

| | |
|---|---|
| טשאַרלז אַבעלעס | יעקב מאַרינאָוו |
| רעי אַראָנסאָן | מלך עוזר |
| באָריס בלאַנק | לואיס פּיק |
| ליליען גאָלדשטיין | פרידאַ קאַבאַט |
| אָסקאַר גרין | פּאָולינע קאַפּלאַן |
| זאב דובערמאַן | אַרטשי קאַרפּ |
| אייליען הויזוועטער | דר. מ. ראַקאָלין |

# אַ פולע שטוב מיט מאַמע

◇

## אַן אידיליע

ייט די קינדער געדענקען, האָט די מאַמע זיי פאַרמאַטערט. וואו זיי האָבן זיך נאָר געגעבן אַ קער און וואו זיי האָבן זיך נאָר געטאָן אַ ריר, איז באַלד געווען די מאַמע.

וויל פייגעלע טאַפּטשען מיט אירע ווייסע שיכעלעך אין אַ לוזש־קעלע וואַסער, איז באַלד די מאַמע נעבן איר און שרייט פאַרוואָס זי פטר׳ט די ווייסע שיכעלעך.

וויל סידנעלע אַרומלויפן איבער דער גאַס, לאָזט אים נישט די מאַמע, ווייל ער וועט זיך נאָך חלילה אָפּרייסן דאָס הערצל פון צו־פיל אַרומלויפן.

וויל היימעלע פאָרן אויף זיינע סקעיטס איבער די גאַסן, איז שוין די מאַמע נעבן אים און געוואַלדעוועט, אַז ער קען נאָך חלילה אַריינפאָרן אין אַ מאַשין, אַ סטריט־קאַר, אָדער ער קען זיך גלאַט אַזוי אויסדרייען אַ פיסל — און נאָך דאָס פעלט איר!

טרינקט משה׳לע נישט אויס דאָס גאַנצע גלאָז מילך ביז צום דעק, איז הימל עפן זיך!

עסט פייגעלע אַ שטיקל מעהר קענדי, אַהאַ, ס׳איז שוין ווידער דער מאַמע׳ס עסק! טוט זי באַלד אַריין איר פינגער אין פייגעלע׳ס מויל, רייסט פון דאָרט אַרויס די טייערע זיסע קענדי און וואַרפט עס אין שמוציגן פעיל. וואָס איז? צוליב די צופיל קענדי וועט פייגעלע קריגן שלעכטע ציינדעלעך!

לויפט משה׳לע נישט אַרום, נאָר ער וויל אַ טאָג זיך שפּילן אין הויז, טאַפּט באַלד די מאַמע זיין שטערן און כאַפּט אים געבן „קאַסטאָר־

אויל״, אָדער זי שלעפּט אים גאָר צום דאָקטאָר, ווייל ווי קען דאָס אַ געזונט קינד איינזיצן אין הויז? מסתמא איז ער קראַנק!...

וואָס טוט מען מיט דער שלעכטער מאַמע? — טראַכט זיך פייגעלע, פרעגט זיך סידנעלע, קלערט זיך היימעלע, זאָרגט זיך משה׳לע.

יאָרן גייען, יאָרן קומען — די קינדער ווערן גרעסער און האָבן פון דער מאַמע׳ן אַלץ גרעסערע צרות.

שווער אויסצוהאַלטן פון אַ מאַמע׳ן! — טראַכט זיך יעדעס קינד — אַז אומעטום איז זי פול, אַלץ איז איר עסק... טאָמער ברענגט סידנעלע אַ שלעכטע מאַרק פון סקול, אַהאַ, ס׳איז שוין דער מאַמע׳ס עסק: לויפט זי גלייך מיט טענות צום טיטשער, פאַר־וואָס עס קומט נעבעך איר סידנעלע׳ן שלעכטע מאַרקס, וואָס קענען נאָך אים חלילה מאַכן „לעפט־בעק״...

דערזעט זי אַמאָל, ווי היימעלע לייענט זיינע „דעטעקטיוו־סטאָריס״ שפּעט ביי נאַכט — אַהאַ, זי איז שוין לעבן אים, געוואַלדעוועט, ער זאָל איינשלאָפן און ניט פּטר׳ן זיינע „שוואַכע״ אויגן... רייסט זי אַרויס פון זיינע הענט דעם „העלדישן דעטעקטיוו״, פאַרלעשט די עלעקטרי און ער מוז נעבעך איינשלאָפן, — אַלץ צוליב דער מאַמע׳ן!

פוילט זיך אַמאָל משה׳לע אין דער פרי צו גיין אין סקול, ווייל אין דרויסן איז קאַלט און עס וויל זיך נישט אַרויסקריכן פון דער וואַרימער בעט, ציט די מאַמע אַרויס זיין פוס פון אונטער דער קאָלדרע, טוט אים אָן אַ זאָק מיט אַ שוך, און אַזוי דעם צווייטן פוס. נאָכדעם נעמט זי אַ האַנטוך, נעצט דאָס איין אין קאַלטן וואַסער און וואַשט אים אָפּ זיין פּנים. היינט גיי בלייב שלאָפן מיט אַן אָפּגעוואַשענעם פּנים און מיט שיך און זאָקן אין בעט! מוז שוין משה׳לע נעבעך לויפן אין סקול — אַלץ צוליב דער מאַמע׳ן...

וויל פייגעלע זיך שפּילן אַ ביסל מער מיט אירע חבר׳טעס, איז ווידער די מאַמע!... שרייט, אַז פייגעלע האָט זיך שוין גענוג אָנגע־שפּילט און זאָל בעסער גיין „פּראַקטיסן די פּיאַנאָ״, ווייל אַז זי וועט אויפוואַקסן און גאָר נישט קענען, וועט עס איר נאָך חלילה שאַדן צו אַ „שידוך״.

פייגעלע ווייסט אפילו נישט, וואָס פאַר אַ מין חיה עס איז דאָס וואָרט „שידוך״, מיט וועלכן איר מאַמע סטראַשעט זי אַזוי אָפט. זי ווייסט אָבער, אַז ווען נישט די מאַמע וואָלט זי נאָך געקענט זיין אין גאַס מיט אירע חבר׳טעס און נאָר צוליב דער מאַמע׳ן מוז זי נעבעך זיצן ביי דער פּיאַנאָ — און כסדר שרייט נאָך די מאַמע, פאַר־וואָס מען פאָלגט זי נישט, פאַר־וואָס מען געדענקט נישט אירע רייד און אירע קלעפּ?...

— אָבער גיי, געדענק אירע קלעפּ, אַז זי קען גאָר נישט שלאָגן! — טראַכטן די קינדער לאַכנדיג, וואָס די מאַמע שלאָגט אַזוי מאָדנע, שלאָגט און שלאָגט און די קלעפּ קומען אפילו נישט צו צום לייב!... אַז ווי קען מען געדענקען אַזעלכע „פּאַני קלעפּ", וואָס טון גאָר נישט וויי?...

דער קנויל פון צייט וויקלט זיך, די קינדער שיילן זיך אַרויס פון זייער קינדערשקייט, וואַקסן אַרויס פון זייערע קינדערשע שיכעלעך, קינדערשע קליידער און קינדערשע סקולס; פון אַלעמען, נאָר נישט פון דער מאַמע'ן!...

היימעלע טראָגט שוין לאַנגע הויזן און הייסט „היימי". פייגעלע טראָגט שוין שיך מיט הויכע הילס און הייסט „פיי". אָבער ביי דער מאַמע'ן זיינען זיי נאָך אַלץ „עופה'לעך". זי הערט נאָך אַלץ נישט אויף צו זיין זייער „וואָרדן", זייער היטערין, זייער באַשיצערין — און די קינדער קענען זיך נאָך אַלץ נישט באַפרייען פון די „צרות" פון דער מאַמע'ן...

אַט דאַכט זיך דער מאַמע'ן, אַז איר סידני חבר'ט זיך מיט נישט קיין פיינע חברים, באַפאַלט זי באַלד אַ שרעק פאַר איר קינד'ס צוקונפט און איר שרעק גייט באַלד אַריבער צו טענות, געבעט און „מאַמע־טרערן".

— געוואַלד, ווי לעבט מען פון דער מאַמע, אַז אין אַלעמען מישט זי זיך? איר דאגה, ווער עס זיינען מיינע חברים! — שרייט סידנעלע, זוכנדיג נייע חברים.

און אַט האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, אַז היימי האָט אַ ביסעלע קידני־קראַנקהייט... בייטן זיך שוין פון דעם דאָקטאָר'ס בשורה די האָר אויף דער מאַמע'ס קאָפּ. יעדן טאָג ווערט אַן אַנדערער פּאַס שוואַרצע האָר ווייס — און היימי הויבט שוין אָן ליידן נייע צרות פון דער מאַמע'ן. זי גיט אים שוין נישט דעם עסן, וואָס ער וויל, נאָר קאָכט פאַר אים באַזונדערע טעפּלעך, וואָס דער דאָקטאָר הייסט. און אָפט אין מיטן נאַכט כאַפּט זיך היימי אויף און דערזעט די מאַמע שטיין ביי זיין בעט טאַפּענדיג זיינע טריט, צי עס איז נישט געשוואָלן... נישט אויס־צוהאַלטן פון דער מאַמע'ן...

און אַט דאַכט זיך דער מאַמע'ן, אַז איר 16־יאָריגע פיי קומט אַ ביסל שפּעטליך אַהיים, ציטערט זי שוין פאַר שכנ'ישע ציינגער און גייט נישט שלאָפן, נאָר זיצט אין פענסטער און וואַרט פאַר איר טעכטער'ל.

פיי ווייסט, אַז איר מאַמע וועט זיך נישט לייגן שלאָפן אַזוי לאַנג ווי זי איז נאָך נישטאָ. זי ווייסט גוט, אַז ביז זי וועט נישט אַהיימקומען, וועלן דער מאַמע'ס אויגן דרעמלען אויף די שויבן...

האָט פיי רחמנות אויף איר מידע מאַמע און לויפט דערפאַר פריער אַהיים. אָבער ליגנדיג אין בעט, איז זי בייז אויף דער מאַמע'ן, וואָס

צוליב איר האָט זי געדאַרפט אַזוי פרי אַנטלויפן פון דער פּאַרטי, וואו זי האָט זיך אַזוי פיין אַמוזירט און איבערלאָזן סעמי׳ן מיט זיינע ברענענ־דיגע אויגן, צו פאַרברענגען מיט די אַנדערע מיידלעך... אוי די מאַמע, די מאַמע!...

אַלעס צוליב מיין מאַמע! — טראַכט פּיי דרעמלענדיג, ווען די מאַמע דעקט זי גוט איין...

און ווען עס קומט זונטאג אַדער אַ יום־טוב, איז ווידער די גאַנצע שטוב פול מיט מאַמע, און כאָטש זי שרייט, אַז די קינדער מאַכן דעם טומל, איז אָבער אַלץ צוליב דער מאַמע׳ן...

משה שרייט: „מאַ, גיב מיר אַ ריינע שוירט!״ — היימי שרייט: „מאַ, פאַר־וואָס לאָזטו סידני׳ן אָנטאָן מיינע טאַיס?״ — פּיי שרייט: „מאַ, וואו האָב איך אויפגעהאַנגען מיין נייע דרעס?״ — סידני שרייט: „מאַ, היימי שלאָגט מיך!״

און די מאַמע פּאַדעט כסדר אַרום פון איינעם צום אַנדערן, טענה׳ט און קרעכצט, פאַר־וואָס מ׳לאָזט אַ מינוט נישט צוזעצן זיך — אַז זי האָט שוין מעהר קיין כח נישט אויף די פיס אַרומצוגיין. אָבער טאָמער מאַכט זיך עפּעס אַ קריגעריי צווישן די קינדער, קריגט זי באַלד צוריק אירע כחות און איז שוין אין דער מיט, זיי פאַנאַנדערצונעמען.

נישט אויסצוהאַלטן פון דער מאַמע׳ן, אַז אַלץ דערהערט זי, אַלץ דערזעט זי, אַלץ דערפילט זי, און אומעטום מישט זי זיך אריין...

אַ פולע שטוב מיט מאַמע!

אָבער אָט פּאַסירט, אַז די מאַמע, נאַכלויפנדיג אין אַ קאַלטן טאָג מיט אַ סוועטער׳ל נאָך איינעם פון אירע קינדער, עס זאָל זיך חלילה נישט פאַרקילן, פאַרקילט זיך אַליין, קריגט ניומאָניע — און איידער די קינדער כאַפּן זיך, וואָס עס טוט זיך אַרום זיי, באַפרייט זיי זייער מאַמע פון דער גאַנצער לאַסט, וואָס האָט זיי זייער גאַנץ לעבן גע־מאַטערט... זי שטאַרבט — און אויס מאַמע!

גוט איז איצט פּיי׳ען. זי קען קומען אַהיים אַזוי שפּעט ווי זי וויל, און קיינער שטערט איר נישט. משה קען זיך שלאָפן רואיג אַזוי שפּעט ווי ער וויל און קיינער יאָגט אים נישט אין סקול אַריין. היימי׳ן באַדערט קיינער נישט וועגן זיינע קידני טראָבלס. סידני כאַפּט נישט מער היימי׳ס טאַיס, ווייל אָן דער מאַמע׳ן איז נישטאָ קיין „פאָן״ אין דעם... קיינער זאָגט זיי איצט קיין דעות נישט, קיינער שרייט ניט אויף זיי... אָבער עפּעס נאָגט, עפּעס פעלט. אויף די ליפּן פעלט דאָס וואָרט „מאַמע״, אין אויער פעלט דער מאַמע׳ס געשריי, אין האַרצן קלעמט אַ קעלט, אַ פּרעמדקייט, אַ פּוסטע וועלט, אַ פּוסטע היים, אַ פּוסטע שטוב — אָן אַ מאַמע!...

# געווען אַמאָל שטעט און שטעטלעך

### רעפלעקסן

ב מעט ביי אַלע קינדער איז דאָס ערשטע און שטאַרקסטע באַגעהר, וואָס גיכער זיך אַרויס צו שיילען פון זייער קינדישקייט. דאָס גרעסטע פאַרגעניגן ביי אַ קינד איז זיך אָנצוטאָן אין דער מאמע׳ס לאַנגער קלייד, אין אירע שיך מיט הויכע אָבצאסן אָדער דעם טאַטן׳ס שבת׳דיגן קאַפעלוש און זיך אויפהויבן אויף די שפיצן פון די פיס אַקעגן שפיגל, כדי זיך דאָרט צו דערזען וואָס גרעסער און וואָס עלטער.

פונקט ווי ביי קליינוואַרג איז דער חלום, וואָס גיכער עלטער צו ווערן, אַזוי איז ביי דער יוגנט פון אַ היימיש קליין שטעטל דער ערשטער און גרעסטער חלום — אַן אַנדערע שטאָט: אַ נייע, אַ פרעמדע און אַ גרויסע שטאָט. איבערהויפּט נאָך ווען מען ווערט געבוירן און געהאָדעוועט אין אַ קליין שטעטל. דענסטמאָל איז וואָס עלטער אַ יאָר מען ווערט, אַלץ ענגער ווערט דאָס אייגענע שטעטל און עס וויל זיך וואָס גיכער אַרויסרייסן פון דאָרט, וואו דער דרויסן איז ביי דער נאַכט פינסטער ווי אין אן אויג, ווי עס זאָגן די מאַמעס. עס וויל זיך אַוועקלויפן פון די ענגע געדרייטע געסלעך, וואו די בערגלדיגע און גריבלדיגע שוואַרצע ערד הויבט און זינקט יעדן אַוועקשטעלנדיגן טראָט.

שווער ווערט דאָרט אַריבער צו טראָגן די הערבסטיגע בלאָטעס, וועלכע גרייכן איבער די כאַלאַוועס פון די מאַנסביל׳שע שטיוול און ווייבערישע וואַליקעס. שווער ווערט צוצוזען, ווי די איינגעהויקערטע הייזקעס מיט די צעבראָכענע שטרויענע דעכלעך און ווענט פון צוזאַמענגעלייגטע קלעצער ווערן ווינטער אין גאַנצן באַהאַלטן אונטער׳ן

אַנגעפּאַלענעם שניי, וויגן און טרייסלען זיך אַט־אַט אומצופאַלן פון די פּרעסט און זאַוויעראַכעס, וואָס וויפיל גריבעם מאַך די טאַטעס און די מאַמעס זאָלן נישט אַריינשפּאַרן דורך דעם זומער אין די שפּאַרונעס פון די קלעצער, טרייבט אַלץ דער ווינטער עזות׳דיג זיינע פּרעסט מיט די ווינטן אינעווייניג אין שטיבל אַריין, טרייסלט דאָרט די געפּעס אין די גראַטקעס און די ציינער אין די מיילער.

שוועד ווערט אויך די ענגשאַפט אין די היימען אינעווייניג, וואו פונ׳ם פאַרדיכערטן קוימען שטופּט זיך דער פאַרגריבטער רויך פון די נאַסע סמאַליענדע האָלאָוועשקעס צוריק אין שטוב אַריין, פאַר־טשאַדעט דאָס ביסל אָפּגעקאָכטע בולבעס צוזאַמען מיט די קעפּ פון דער הויזגעזינד — און פון נידריגער ביים אויוון שמעקט אַרויס פון דעם „קאָטוך״, פון די הינער, וואָס זייערע ריחות העלפן צו צום טשאַד פונ׳ם אויוון. און פון הינטער׳ן אויוון שמעקט אַרויס די טוכלעקייט פון דעם אָנגעגרייטן „זאַשאַק״ בולבעס, וואָס אויף יעדער בולביטשקע איז שוין אָנגעוואַקסן אַ גרין ווערצעלע אַלץ וואַרטנדיג ביז מען וועט פאַר איר קריגן אַן אָרט אין „סקלעפּ״ (קעלער).

שוועד ווערט אויך דער אָרימער מאַמע׳ס מאכלים, פון אַ גלאָז וואַסער פאַרווייסט מיט מילך, פון לינזן געקאָכט מיט נישט, פון פּערלגרויפּן געקאָכט אָן פליייש, פון פיש־בולבעס געקאָכט אָן פיש. שוועד ווערט צוצוזען, ווי דער אָרימער מאַמע׳ס פּנים מאַטערט זיך מיט׳ן שטענדיגן צוזאָגן, אַז מען זאָל דערוויל עסן, וואָס זי האָט אָפּגעקאָכט. דערפאַר אַז מען וועט דערלעבן אויף שבת, וועט זי שוין אפשר אָפּקאָכן אמת׳ע פיש און אמת׳ע פליייש — און אויף פּסח אם־ירצה־השם, אַז מען וועט דערלעבן, וועט מען שוין עסן אַ שטיקל הוהן אויך, אויב די הוהן וועט זיך חלילה ביז דעמאָלט אויפהערן „לייגען״.

דער אָרימער מאַמע׳ס צוזאָגן און האָפנונגען גייען נאָך ווייטער, אַז מען וועט זיין גוטע קינדער און נישט פאַרפעלן חלילה יעדן טאָג אין דער פרי זאָגן „מודה אני״ און יעדן פאַר׳ן שלאָף צו לייענען קריאת־שמע און קושן די מזוזה, וועט זיך גאָט דער האר דערבאַרעמען און פאַרבעסערן דעם טאַטן׳ס פּרנסה, וועט מען נאָך אַליין זען, ווי זי די מאַמע וועט אָנשטאָפּן אַן אינדיקל אויף פּסח. און פון דעם אינדיק׳ס פעדערן, וואָס זי וועט צופּליקן, גייען דער מאַמע׳ס חלומות ווייטער, וועט זי האָבן פאַר נאָך אַ האַלבער קישעלע צום אויסשטייער פאַר דער עלטסטער טאָכטער, ווען זי וועט אים־ירצה־השם ווערן מיט מזל אַ כלה...

עס ווערט אַלעס שווער און שווערער. עס קען זיך מער נישט לעבן מיט דער אָרימער מאַמע׳ס צוזאָגן און האָפנונגען. עס וויל זיך

אָן אמת׳ע גלאָז מילך, אמת׳ע פיש, אמת׳ע פלייש, פאַר זיך און פאַר טאַטע־מאַמע. עס וויל זיך זיין אין אַ דרויסן, וואָס איז ביי דער נאַכט באַלויכטן פון פאַנאַרן. עס וויל זיך פאַרן איבער גאַסן, וואָס זיינען ברוקירטע. עס וויל זיך שפּאַצירן נישט אויף בערגלדיגע און גריבל־דיגע ערד, נאָר אויף אויסגעלייגטע ברעטערנע און שטיינערנע טראָ־טואַרן. און דאָס אַלעס זאָגט צו יענע, די פרעמדע, די גרויסע און ווייטע שטאָט. און פון די גרויסע ווייטע שטעט ציט זיך כמעט ביי יעדן דער חלום נאָך און נאָך ווייטער, צו דער ווייט־ווייטער וועלט — אַמעריקע!...

ווען עס גייט אָבער אַוועק אַ צייט און די יאָרן הויבן זיך אָן בייטן מיט יאָרן, דאָס אָפּגייענדיגע יאָר גייט זיך אַוועק אין זיין אייביג־קייט און אַן אַנדער יאָר קומט און רוקט זיך שוין צו שווער אויף דער פּלייצע, דעמאָלט צוזאַמען מיט די איבערגעביטענע יאָרן הויבן זיך אָן בייטן די חלומות.

ווי טרויעריג איינעם׳ס קינדהייט זאָל נישט זיין געוועזן, דאָך אין די יאָרן ווען מען דערזעט אין שפּיגל די אָפּגעבלאַקיעטע באַקן, ווערט אַזוי שיין און חנ׳ווודיג די אַמאָליגע קינדהייט, יענע גלאַררייכע צייט, ווען דאָס מיידל האָט זאַרגלאָז אין צייכנס געשפּילט און דער איינגל האָט זיך נאָך׳ן גוי׳ס פערד און וואָגן נאָכגעהאַנגען. די בעקעלעך זיינען דאַמאָלס געווען סאַמעטענע, ראָזעווע, די אויגעלעך לעבעדיגע, פינק־לענדע — און אָך, ווי עס הויבט זיך אָן בענקען נאָך יענע שיינע קינדער־יאָרן!

און נאָך נאָך זאַכן הויבט זיך אָן בענקען אין די שפּעטערע יאָרן. ווען מען זיצט אין די רייכע גרויסשטאָטישע היימען און מען עסט די בעסטע געשמאַקסטע מאכלים, וואָס אַ דינסט קאָכט אָפּ, בעט מען זיך אָפּט ביי דער ווייב: „פאַר־וואָס הייסטו נישט אונזער דינסט, זי זאָל אַמאָל אָפּקאָכן אַ מאכל ווי מיין מאַמע האָט געקאָכט? דאָרטן אין דעם קליינעם שטעטעלע, מיין מאַמע׳ס אַ זופּ, מייך מאַמע׳ס אַ קאַר־טאָפל האָט דאָך געהאַט טויזנט טעמים!"

פּראָבירט די ווייב און די דינסט, אָפּצוקאָכן דער מאַמע׳ס מיט נישטיגן וואָרעמעס, אָבער עס האָט נישט דער מאַמע׳ס מחיה׳דיגן טעם!...

און פּונקט ווי אין די שפּעטערדיגע יאָרן הויבט זיך אָן בענקען נאָך דער אייגענער קינדהייט, נאָך דער מאַמע׳ס מאכלים, אַזוי אויך שפּאַ־צירנדיג איבער די גרויסשטאָטיגע לוקסוספולע גאַסן מיט די הויכע וואָלקנקראַצערס, פאַנגט אָן אין האַרצן צו נאָגן אַ דין־פּעדעמדיגע בענקעניש נאָך דער אַמאָליגער קליין־שטעטעלע. טויזנט חנ׳ען הויבן

אָן באַקומען די דאָרטיגע פאַרדרייטע געסעלעך. די איינגעהויקערטע שטיבעלעך מיט די שטרויענע דעכלעך, די הויכע ווייסע שנייען מיט די טיפע גראָזשען און בלאָטעס. ווי רעמבראַנדט׳ס אַ מאַלעריי הויבט עס אָן שוועבן פאַר די אויגן — און יעדער הויבט אָן האָבן דעמזעלבן חלום און באַגער, ווידער נאָך אַמאָל אין לעבן צו זען יענע קליינע היימישע שטעטעלע.

צוריק די קינדהייט קען מען שוין נישט זען. צוריק די טאַטע־מאַמעס קען מען שוין אויך נישט זען, אָבער דערפאַר דאָס שטעטעלע, וואו מען איז געבוירן און מען האָט זיך געהאָדעוועט, די געסעלעך וואו מען האָט אין צייכענס און קנעפּלעך געשפּילט, די היימעלע וואו די מאַמע האָט וויג־לידעלעך געזונגען. דאָס קען מען נאָך זען — און „אמאָל־אמאָל וועל איך נאָך צוריקפאָרן און דאָס אַלעס נאָך אַמאָל איך מיין לעבן זען!״, האָט ביז נישט לאַנג גע׳חלומ׳ט כמעט אַ יעדער.

אויך איך בין אַלע יאָרן געווען פון יענע בעלי־חלומות, וואָס האָבן כסדר גע׳חלומ׳ט, אַז אַמאָל־אַמאָל וועל איך נאָך ווידער זען מיינע שטעטעלעך, וואו איך בין געבוירן און געהאָדעוועט; אַמאָל־אַמאָל וועל איך צוזאַמען־קלויבן אויף הוצאות... אָבער פּלוצלינג איז צושטערט מיין חלום. עס קומען אָן גרוסן: נישטאָ שוין מער קיין שטעטעלעך!... פאַרשוועכט האָט זיי דער לעצטער וועלט־חורבן אין די ימים פון בלוט. עס דערציילן די גרוסן, אַז אַ סך פון די היימישע שטעטעלעך מיינע זיינען אַזוי אָפּגעשוועכט געוואָרן, אַז זיי זיינען אין גאַנצן פון דער וועלט־מאַפּ אויסגעמעקט!

קאָפּעט אַראָפּ אַ טרער אויף מיין פּען און מישט זיך צוזאַמען מיט דער טינט — און אין דעם גלאַנץ פון טרער און טינט שוועבן פאַר מיר אַרויס מיינע שטעטעלעך אין זייער גאַנצער חנ׳ודיגקייט. איך הער ווי זיי ריידן צו מיר: ״פאַרגעס אונז נישט! געדענק, אַז ביי אונז האָסטו צום ערשטן מאָל דעם בלויען הימל דערזען, ביי אונז האָסטו צו דייך מאַמע׳ס סמאַטשקען דעם ערשטן שמייכל געגעבן, אויף אונזער בערגל־דיגע און גריבלדיגע ערד האָסטו דיינע ערשטע טריט געשטעלט! פאַרגעס אונז נישט! שטעל דורך דיין פּען אַ מצבה נאָך אונז! זאָלן מיר נישט אין גאַנצן פאַרגעסן ווערן!...

און עס ענטפערט מיין טרער און מיין פּען: „ניין, שטעטעלעך מיינע, איך פאַרגעס אייך נישט! איך האָב אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן!״....

נאָך באַלד אויף מיין רייזע פון אייך, נאָך אויף׳ן באַן, גרעניץ און שיף, האָט זיך שוין גענומען וועבן מיין בענקשאַפט צוריק צו אייך, מיינע שטעט און שטעטעלעך, דענטסמאָל נאָך האָבן שויך גענומען צוריק

אויפלעבן אין מיין זכרון אַייערע גאַסעלעך, אַייערע הייזקעלעך, מיינע איבערלעבונגען ביי אַייך. עס האָט געגומען שוועבן פאַר מיר איבער־לעבונג נאָך איבערלעבונג, שטעטעלע נאָך שטעטעלע, וואָקזאַל נאָך וואָקזאַל.

●

## גראָדנע

מיין לעצטער וואָקזאַל, וואָס האָט מיך פון דער אַלטער וועלט צושיידט, איז געווען דער גראָדנער וואָקזאַל. אָט שוועבט אַרויס פאַר מיר יענער אומעטיגער פרימאָרגן. דער איזוואָשטשיק וואָס האָט מיך מיט נאָך פאַסאַזשירן געבראַכט פון דער פאַרשטאָט, לאָזט אַראָפּ אונז עטליכע פאַרשטעטער פאַסאַזשירן אַ קורצע שטרעקע פון׳ם וואָקזאַל.

מיר ווילן צושפּאַצירן און דער איזוואָשטשיק מיט׳ן אַגענט, וואָס דאַרף אונז אַריבער־גנב׳נען די גרעניץ, קערן זיך אום צו אַ פּאָר זייטיגע גאַסן, צוזאַמען צו נעמען נאָך פאַסאַזשירן. איך שפּאַציר אויף׳ן ברייטן שאָסיי, אויףביידע זייטן שאָסיי וויגן זיך שאָטנדיגע בוימער. ביי מיין זייט גייט אָן אומעטיגער שיינער איד פון מיטלן וואוקס. זיין לענגליכער פנים איז אַרומגענומען מיט אַ שיינער שאָטין בערדל, וואָס איז שוין ערטערווייז באַזילבערט.

אַ מילדער פרימאָרגנדיגער ווינטל קרייזלט די זיידענע פעדים פון׳ם בערדל. אין זיינע בלויע אויגן פינקלען באַהאַלטענע טרערן. זיינע טריט זיינען מידע, לאַנגזאַמע פון זייך נעכטיגן תענית. ער פאַסט אַלע וואָך איין טאָג, איין מאָל מאָנטאג און איין מאָל דאָנערשטאג. די לעצטע עטליכע וואָכן האָט ער אָבער כסדר געפאַסט, די מאָנטאג׳ן און די דאָנערשטיג׳ן, מיט דער שטילער האָפנונג, אַז אפשר וועט גאָט פאָרט רחמנות האָבן און מיר אַריינגעבן אַ רצון, איך זאָל חרטה האָבן און נישט פאָרן קיין אַמעריקע!...

גאָט האָט אָבער אין מיר דעם רצון נישט אַריינגעגעבן. גייט ביי מיין זייט אָן אומעטיגער מיין טאָטע נאָך אַ טראָט, נאָך אַ שפּאַן און — איך הויב אויף מיינע בליקן און דערזע דעם גראָדנער וואָקזאַל. מיין טאָטן׳ס טריט ווערן נאָך לאַנגזאַמער.

— לויף נישט אַזוי! — בעט ער זיך — גיי אַ ביסל פּאַמע־ליכער! מיר האָבן נאָך איבער אַ שעה צייט, ביז דיין פּאַיעזד קומט אָן.

מיינע טריט ווערן לא̈נגזא̈מער, אַ ציטער פון אומעט און בענק־שא̈פט גייט דורך מיין לייב. איך פיל, אַז מיינע טריט טרעטן דאָ צום לעצטן מאָל. יעדעס שטיינדעלע אונטער מיין טראָט ווערט מיר מיט אַמאָל ליב און טייער. מיין טאַטע שעפטשעט ווי אין אַ שטילן געבעט:

— אפשר טאַכטערל, אפשר וואָלסטו פאַרט חרטה געהאַט און נישט געפאָרן? ... מען קען די שיפקאַרטע צוריק־שיקן. דו ביזט דאָך נאָך גאָר אַ קינד, צו לאָזן זיך אַליין אין אַזאַ ווייטן וועג צו אַ פרעמד לאַנד.

— אָבער טאַטע! — שלאָג איך אים איבער — צו־וואָס ווידער ריידן דאָסזעלבע, וואָס מיר האָבן שוין אַזוי פיל מאָל גערעדט? דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז דאָ וואַרט פאַר מיר קיין שום תכלית נישט און איך פאָר דאָך נישט אין גאַנצן אין דער פרעמד, איך פאָר דאָך אין אמעריקע צו צוויי ברידער מיט אַ שוועסטער!...

— אַלע מיינע קינדער צופלויגן פון מיר, אלע! און איך בלייב דאָ אַזוי עלנד, אַזוי אַליין, אַליין — זיפצט אַרויס מיין טאַטע.

איך גיב פון דער זייט אַ בליק אויף מיין טאַטן, זיין פנים איז בלאַס, זיינע ליפן ציטערן. אַ טיפער רחמנות פאַרקוועטשט מיין האַרץ. „וואו לאָז איך אים דאָ טאַקע איינעם אַליין אין דער שטאָט גראָדנע?" — איך טרייסט אָבער באַלד זיך און אים.

— דאָס ערשטע, טאַטע, האָסטו דאָך דאָ נאָך אַ טאָכטער, עלקע׳ן. נו, איז זי אין לידע! לידע איז דאָך נישט אַמעריקע, ועסטו אָפט צופאָרן צו איר און דאַן וועסטו נאָך אַליין זען, אַז איך וועל דיך דאָ נישט לאָזן לאַנג בלייבן אַליין. אַזוי גיך ווי איך וועל נאָר אָנקומען אין אַמעריקע, וועל איך שוין זען, אַז מיר זאָלן באַלד אַריבערנעמען צו אונז דיך מיט עלקע׳ן!

— יאָ, יאָ! — שעפטשעט דער טאַטע — אַזוי מיינען אַלע קינדער, וואָס פאָרן אַוועק! אַלע, אַלע מיינען גוט! — און ער שאָקלט טרויעריג מיט׳ן קאָפּ.

מיר בלייבן ביידע שטיל, עפעס האָבן מיר נישט, וואָס צו ריידן. מיר גייען אַריין אין וואָקזאַל, מישן זיך אויס אויף דער פלאַטפאָרמע מיט די אַנדערע פאַסאַזשירן פון מיין גרופּע. אַלע שטייען מיר ביי אונזערע פעקלעך פריילעכע און אומעטיגע, צושראָקענע און מוטיגע...

און אָט דערהערט מען דעם לאַנגן פייף פון אונזער אָנקומענדער באַן.

דער פייף ברענגט איבער אַלעמען׳ס לייבער אַ קאַלטן ציטער. עס פאַנגט זיך אָן פון אַלע זייטן אַ געזעגענען, אַ קושעניש און אַ געוויין. מיין טאַטע שטייט אָקעגען מיר. ער וויל מיר טאָן נאָך עפעס גוטס

און ווייסט נישט, וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן. טראַכט אַ ווײַלע, גיט זיך אַ כאַפּ צו זיין בוזעם־קעשענע, נעמט אַרויס פון זיין בייטעלע אַ פינף־רובלדיגן — און אַריינלייגנדיג דאָס אין מיין נייעם טייסטער, מורמלט ער:

— נאָ, האָב אויף'ן וועג נאָך אַ פינפערל!...

איך פאַרמאַך מיין טייסטער און מיר שווייגן ווייטער. די באַן פייפט שטאַרקער און מיט רעש און רויך גיט זי זיך אַ שטעל אָפּ. איך קוק אויף מיין טאַטן, מיין טאַטע קוקט אויף מיר. מיר ווילן וויינען און מיר קאָנען נישט. מיר ווילן זיך צוקושן, מיין פרומער טאַטע שעמט זיך און שעפּטשעט אַרויס:

— זע, אַז מיינע זיהן זאָלן דאָרט זאָגן קדיש נאָך מיר, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז איך בין שוין נישט דאָ!...

— טאַטע! — שריי איך אויס — וואָס רעדסטו? — און איך נורע אַיין מיין פּנים אין זיין קאַפּאָטע.

— גאָט ברוך הוא ווייסט, צי איך וועל דיך נאָך אַמאָל אין מיין לעבען זען! — שעפּטשעט מיין טאַטע און פּרעסט צו זיינע ליפּן צו מיין שטערן און זיינע טרערן מאַכן נאַס מיינע באַקן...

פון באַן פאַנגט אָן קלינגען.

— „פּערווי דזוואָנאָק!" — שרייט אויס דער קאָנדוקטאָר. איך גיב זיך אַ צוק פון מיין טאַטנס אָרעמס.

— נאָך אַ ווײַליטשקע! — שעפּטשעט מיין טאַטע, מיך האַל־טנדיג פעסט...

עס גיט ווידער אַ קלונג:

— „ווטאָראָי דזוואָנאָק!" — שרייט אויס דער קאָנדוקטאָר.

איך גיב אַ שטאַרקן קוש מיין טאַטן, רייס זיך אַרויס פון זיינע אָרעמס און לויף אַרויף די טרעפּלעך צום וואַגאָן, פאַרכאַפּ אַ פּלאַץ נעבן אַ פענסטערל און קוק אַרויס. איך וויל כאַפּן נאָך אַ קוק אויף'ן גראָדנער וואָקזאַל, נאָך אַ בליק אויף מיין טאַטן.

עס גיט ווידער אַ קלונג:

— „טרעטי דזוואָנאָק!" — שרייט אויס דער קאָנדוקטאָר.

מיין טאַטע קוקט מיט צוגעגלעזערטע אויגן צו מיין פענסטערל. דער לאָקאָמאָטיוו לאָזט אַרויס אַ שרייענדיגן לאַנגן פייף. מיין טאַטן'ס אַקסלען גיבן זיך אַ צוק. די באַן פאַנגט זיך אָן רירן. מיין טאַטע שטייט ווי צוגעוואַקסן צו דער פּלאַטפאָרם. עפּעס ווערט דער גאַנצער גראָדנער וואָקזאַל ווי איין שטיק טאַטע, די באַן פאַנגט אָן גיין שנעלער, שנעלער, — און איך זע דורך מיין פענסטערל, ווי מיין טאַטע דרייט זיך ענדליך

אויס מיט זיין פלייצע צו מיין באַן און עס פאַנגט אָן אורעקגיין פון מיינע אויגן מייך טאַטנס פּלייצע. אַוועק, אַוועק, אַלץ ווייטער און ווייטער, צוריק, צוריק צו דער שטאָט גראָדנע.

אַ שטאַרקע בענקשאַפט כאַפּט מיך באַלד אַרום נאָך מיין עלנדן טאַטן צוזאַמען מיט דער שיינער שטאָט גראָדנע, וואו איך האָב זיך געהאָדעוועט עטליכע פון מיינע יאָרן.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

גראָדנע איז אַ גרויסע שטאָט, צו וועלכער פילע מענשן פון די קליינע שטעטעלעך ציט און רייצט.

די גרויסע שיינע גראָדנע איז אַ באַרגיגע שטאָט. אָט שפּרייט זיך אַ שיינע ברייטע געפּלאַסטערטע גאַס אויף אַ באַרג און אָט ליגט אַ ברוקירט געסל מיט שמאָלע צובראָכענע הילצערנע טראָטואַרן אונטער אַ באַרג — און אָט פּאַרקערט ! שיינע גאַסן אונטער׳ן באַרג און קרומע שמאָלע געסלעך אויף׳ן באַרג. עפּעס ווי די גאַסן וואָלטן זיך דאָרט גע׳יחוס׳ט איינע מיט דער אַנדערער. די רייכע גרויסע גאַסן ווילן זאָגן : „בישקשה, מיר האָבן דאָ גענוג אָרימע געסלעך אויך !״ — און די אָרימע געסלעך האָבן זיך אַודאי גע׳יחוס׳ט, אַז עס זיינען פאַראַנען אין גראָדנע אויך שיינע גרויסע און רייכע גאַסן...

אויך די הייזער זיינען דאָסזעלבע. עס האָבן זיך געדיכט גע־פּיקעוועט אין די ווינקלען פון שטאָט און פאָרשטאָט אָרימע איינ־משפּחה׳דיגע הייזקעס, און אויך הייזקעס מיט סאַלקעס, וואָס אין די קליינע שטעטעלעך האָט מען וועגען דעם געזאָגט, אַז אין גראָדנע זיינען די הייזער אַ שטיבל איבער אַ שטיבל, איין דירה אונטן און איינע אויף׳ן בוידעם — און זיי רופן דאָס „סאַלקע״.

עס זיינען אָבער אין גראָדנע אויך דאָ נישט נאָר שטיבעלעך מיט סאַלקעס, נאָר טאַקי צוויי און אפילו דריי־עטאַזשיגע הילצערנע הייזער און ציגעלנע מויערן מיט בלעכענע געפּאַרבטע דעכער, מיט שיינע גאַניקעס אונטען ביי דער גאַסן־טיר און אייזערנע גרין אָדער רויט געפּאַרבטע באַלקאַנען אויף די אויבערשטע עטאַזשען, וואָס מען גייט אַרויס צו זיי דורך גלעזערנע טירן און וואו אַהין די רייכע מענשן, וואָס וואוינען דאָרט, זעצן זיך אַרויס אין די זומערדיגע נאָכמיטאָגן, צו טרינקען טיי און צו עסן „פּיראָזשנעס״, וואָס מען קויפט אין די „קאָנדיטאָרסקעס״ און קוקן אויף די גאַסן, וואו עס שוויבלט און גריבלט כסדר מיט מענשן.

אויך פעלן נישט אין גראָדנע קיין גרויסע הויפן מיט סטרוזשעס ביי די טירן, וואו אינעווייניג אין די הויפן וואוינען אַ סך משפּחות.

גראָדנע פאַרמאָגט פון אַלסדינג, וואָס מען חלומ׳ט אין די קלענערע שטעטלעך. עס זיינען פאַראַנען פאַבריקן, ווארשטאַטן, מאַס־טערסקאַיעס, פאַרשידענע בעלי־מלאכות, קליינע קרעמלעך אויף טרעפּלעך ארויף און אויף טרעפּלעך אַראָפּ מיט וואָלוועלע סחורות, קעלערן מיט אויבסטן, וואו די אפּלזינען, ציטרינען און ווייטרויבן רייצן דאָס אויג און דעם גומן. אין די עקן פון שטאָט זיינען פאַראַנען „טאָלטשאָקן״ מיט מציאות פאַר די וואָס האָבן ווייניג געלד. דאָרט פאַרקויפט מען אַלערליי מציאה׳דיגע אַלטוואַרג, מען קען דאָרט באַקומן פון אַן אַלטן ברילי‌אַנט ביז אַן אַלטן הערינג...

די שטאָט גראָדנע פאַרגעסט אָבער אויך נישט אָן די, וואָס האָבן יאָ געלד, פאַר די רייכע קונים צושפּרייט זיך די שטאָט אין גרויסע פּאַראַדנע גאַסן מיט רייכע ריזיגע סקלאַדן, געשעפטן און קראָמען, וואָס ביי נאַכט ווערט דאָרט אָן „אילומינאַציע״ פון די גרויסע לייכטענדע לאָמפּן.

אין די געשעפטן איז דאָ אַלץ, וואָס אַן אויג קען זען און אַ מויל קען ריידן. ווייכע לעדער, זיך צו באַשטעלן ביים שוסטער שיך נאָך דער מאָס און פולע קראָמען מיט פאַרטיגע שיך, גאַנצע און האַלבע, מעשטעס, פּאַמפּס, גרינע, געלע, רויטע, לאַקירטע שטיוועלעך, גומי־לאַסטיגע קאַמאַשן, וואַליקעס, קאַלאָשן און צו דעם זיינען נאָך פאַראַנען אין די קראָמען שיינע פריקאַשטשיקעס, אָנצומעסטן די שיך אויף די פיס.

און אָט פאַרכאַפּט דאָס אויג פון די פאַרבנרייכע פולע סקלאַדן שניט־סחורות, צו קויפן אויף׳ן ארשין און געבן צו דער שניידערין אויפנייען, און פאַרטיגע קליידער מיט אויסגעפּאַסטע טאַליעס. היטען־מאַכער צו באַשטעלן היט און פאַרטיגע היט מיט אַלעריי בלומען און פעדערן — און אָט זיינען קראָמען מיט פידלען, מיט גראַמאָפאָנען, טרובעס, באַנדורעס, קראָמען מיט זייגערס, פינגערלעך, שפּילקעס, פּאַטשערקעס, קראָמען מיט שמעקעדיגע זייפן. קראָמען מיט מעל און זעק מעל פאַר היימישע באַלעמאַסטעס, צו באַקן חלות און קראָמען מיט אַלערליי פאַרטיגע פרישע און שמעקעדיגע געבעקסן. גרויפּן פאַר אָרימע מאַמעס, אָפּצוקאָכן וועטשערע און שיינע רעסטאָראַנען, וואו מען דערלאַנגט שוין אַלעס פאַרטיג. קראָמען פון וואורשטן, פון אַלערליי קעסטעלעך סאַר־דינען און קאָנפעקטן, געוויקלט אין שיינע צאַצקעדיגע פּאַפּירלעך. קראָמען מיט אַייזענס, מיט האָלצן, צו בויען היימען — און נאָך און נאָך קראָמען און קרעמלעך.

איבער די טירן פון די געשעפטן און קראָמען הענגען רוסישע טאַבליצעס און אידישע וויוויסקעס, וואָס מען לייענט פון דאָרט אַראָפּ די נעמען פון די געשעפטן מיט זייערע באַלעבאַטים.

אין גראָדנע זיינען אויך דאָ קאַזאַרמעס פֿאַר סאָלדאַטן און אַן אַסטראָג מיט אַרעסטאַנטן, וואָס פֿון די גראַטעוועטע פֿענסטער טראָגט זיך אָפּט אַן אומעטיגער געזאַנג. פֿאַרבייגייער דערפֿילן אַלע מאָל אַ ציטער, ווען זיי גייען פֿאַרביי די פֿענסטער מיט די אייזערנע גראַטעס. מען קען זיך אָבער קיינמאָל נישט צוריקהאַלטן פֿון כאַפּן אַהין אַ קוק, אָפּט דערלאַנגט מען אויך אַ פּאַפּיראָס צו אַן אויסגעשטרעקטע האַנט פֿון אַן אַרעסטאַנט.

גראָדנע פֿאַרמאָגט אויך שיינע סעדער, גערטנער, וואו עס שפּילן מוזיק. אויף'ן מיטן שטאָט בולוואַרן הויכע שטאָלצע ביימער און בענק, זיך אָפּצורוען. אין גראָדנע זיינען אויך דאָ גרויסע רייכע שפּיטאַלן, שיינע לוקסוספֿולע קלויסטערס, אוטשילישטשעס, גימנאַזיעס, ביבלי־אָטעקן, רוסיש טעאַטער, קאָנצערט־זאַלן, דורכפֿאָרנדע צירקן, קינע־מאַטאָגראַפֿן . . .

אין גראָדנע איז אויך דאָ אַ גרויסע אידישע קהלה, עטליכע בתי־מדרשים, צוויי גרויסע שולען, איינע אין שטאָט און איינע אין פֿאָר־שטאָט, גרויסע רבנים, פּראָמינענטע חזנים, תלמוד־תורה'ס, חדרים, אַ ישיבה, אַ „הכנסת אורחים", אַ אידישער שפּיטאַל, אַ „הכנסת כלה" און דורכפֿאָרנדע אידישע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען.

אַ צייט לאַנג האָט מען אין גראָדנע גערעדט פֿון אַ גרויסן אידישן אַקטיאָר, וואָס איז געקומען פֿון אַמעריקע שפּילן טעאַטער. זיין נאָמען איז געווען יאַקאָב פּ. אַדלער. נאָך זיין אוועקפֿאָרן איז איבער־געבליבן פֿון אים אַן „אדיעזדנע": אַ ליד, וואָס ער האָט געזונגען. דאָס ליד האָט מען שפּעטער איבערגעזונגען כמעט אין יעדער גראָדנער אידישער היים. פֿון יעדן פֿענסטער האָט זיך אַרויסגעהערט דער געזאַנג מיט די ווערטער „גאָט און זיין משפּט איז גערעכט" . . .

און פּונקט ווי עס איז אין דער שטאָט גראָדנע אַן אויסמיש פֿון אַלערליי גאַסן און אַלערליי הייזער און קראָמען, אַזוי איז אויך דאָרט אַן אויסמיש פֿון אַלע סאָרטן מענשן, וועלכע באַשפּרינקלען כסדר די גאַסן. אָט שפּרייזן איבער די גאַסן מיט שנעלע טריט אָפּגעגאָלטע רייכע סוחרים אין מאָדערנע קליידער און אָט שפּאַצירן זיך לאַנגזאַם מיט גע־מאָסטענע טריט פּרושים מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און לאַנגע בערד און אָט גייען סאָלדאַטן אין און פֿון קאַזאַרמעס, זיך יעדע ווילע אָפּשטעלנ־דיג, אָפּצוגעבן טשעסט צו די אָפֿיצירן, וואָס שפּאַצירן מיט זייערע אויסגעפּוצטע דאַמען, אָדער פֿאָרן אין קאַלאַסקעס מיט גלאַנציג אויס־געבערשטעלטע פֿערד, אויף וועמעס העלזער עס קלינגען גלעקלעך, אָט לויפֿן אין חדרים און אין תלמוד־תורה'ס אינגעלעך מיט אַרויס־העגנענדע אַרבע־כנפֿות'לעך און סדורים'לעך אין זייערע הענט. און

אַט לויפן אַנדערע אינגלעך אין זייערע רוסישע און פּוילישע קלאַסן מיט קאָקאַרדעס אויף זייערע סטודענטסקע היטלען און ראַניצעס אויף די פּלייצעס.

און ווען עס קומט ביי נאַכט אויף די בולוואַרן מישן זיך ווידער צוזאַמען אַלערליי וועלטן. עס שפּאַצירן צווישן די בוימער און פֿאַנאַרן סטודענטן און סטודענטקעס, אַרבייטער מיט אַרבייטערינס. אייניגע גייען פֿאַר׳חלומ׳ט, אַנדערע פֿאַרפּלאָמט, צוהיצט, מען טענה׳ט, מען דעבאַטירט, פֿון אַלע זייטן פֿליען ווערטער וועגן פֿאַרשידענע „איזמען״, מען רעדט פֿון סאָציאַליזם, קאַפּיטאַליזם, אַנאַרכיזם, ציוניזם. איינער וויל כסדר באַווייזן דעם אַנדערן, אַז זיין „איזם״ איז דער איינציג גערעכטער . . .

די אַלע היציגע געשפּרעכן ווערן געוועהנליך געפֿירט אין רוסיש, פּויליש און אידיש. עס גליטשען זיך אָבער אויך אָפּט אַרויס פֿון סטו־דענטישע מיילער פֿראַנצויזישע, דייטשע און לאַטיינישע ווערטער. דאָרט רעדט זיך שוין איבער די גוטע און שלעכטע פּראָפֿעסאָרען פֿון זייערע קלאַסן און אויך איבער מוזיק, געזאַנג, מאַלעריי, טעאַטער, שרייבער און ביכער.

נעבן אַ פֿאַנאַר שטייט אַ גרופּע אַרבייטער, בחורים און מיידלעך, סטודענטן און סטודענטקעס, אַ סך מיט ביכלעך אונטער די אָרעמס און מען דעבאַטירט היציג, צי האָט טאָלסטאָי׳ס אַנאַ קאַרעינינאַ געדאַרפֿט באַגיין זעלבסטמאָרד אָדער נישט. אויף אַ באַנק דערנעבן זיצט אַ סאָלדאַט מיט אַ דינסטמיידל און שטעלן אויך אָן זייערע אויערן צו דער גרופּע.

אויף אַן אַנדערער באַנק זיצן עטליכע בלאַסע ישיבה־בחורים מיט געדרייטע פּאות׳לעך און לאַנגע קאַפּאָטעס און פּלפּול׳ן זיך איבער אַ דין אין דער גמרא. איינער צווישן זיי גייט אַרומגעוויקלט דעם האַלז, כאָטש עס איז שטאַרק וואַרעם אין דרויסן, דאָס היט ער זיין האַלז, ווייל ער איז אַ משורר און דאַרף שבת זינגען מיט׳ן חזן. ער קוקט פֿאַרטראַכט צו דעם ליכט פֿונ׳ם פֿאַנאַר און אַליין נישט־פֿילנדיג, ציט זיך פֿון זיין פֿאַרוויקלטן האַלז שטילע חזנישע נגונים.

אין אַן אַנדערן ווינקל אויף אַ באַנק רעדט גאָר אַ שדכן אין מיטן דריגנען אַ שדוך צו אַן אלמנה.

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

איך קוק דורך מיין באַן־פֿענסטערל אויף די פֿאַרביי־לויפֿנדע פֿעלדער און וועלדער וואָס נעמען זיך איצט לויפן אַלץ ווייטער און ווייטער פֿון מיין באַליבטער גראָדנע. איך קוק דורך׳ן פֿענסטערל און

איך זע אַלץ מיין טאַטנס אַוועקגייענדע פּלייצע. אַט גייט ער דאָרט איצט אַוועק מיט׳ן ברייטן לאַנגן שאַסיי, צוריק צוריק פון וואָקזאַל, צוריק צו מיין גראָדנע. אַט דרייט ער זיך אַריין אין מארק. ער גייט איצט פאַרביי דעם קלויסטער. נעבן קלויסטער זיצן גוי׳שע בעטלער, אייניגע אַלטע קאַליקעס. נעבן זייערע מיט אַניצעס פאַרוויקלטע פיס ליגן איבערגעקערט זייערע היטלען מיט׳ן אָפענעם זייט צום הימל. ביי די גויעס אויף די שויסן פון זייערע געקעסטעלטע אַליין געוועבטע לייווענטענע ספּאָדניצעס ליגן אַלערליי פאַרביגע צושפּרייטע טיכעלעך. די בעטלער זינגען „מאַליטוועס״. אייניגע שפּילן צו אויף גאַרמאָניקעס. פאַרביי־גייער וואַרפן אַריין אין די היטלען און אין די פאַטשיילקעס גראָשנס, קאָפּיקעס, עפּל, בייגעלעך. איך וואַרף אַלע מאָל אַריין אַ גראָשן.

מיין טאַטע וועט זיך אָבער נישט אָפּשטעלן ביים קלויסטער. ער גייט ווייטער. ער גייט דאָרט איצט אַרויס פונ׳ם מאַרק. ער איז איצט אויף סאָבאָרנע גאַס, ער גייט פאַרביי דאָס ווינקלדיגע שיינע רייכע הויז פונ׳ם גרויסן דאָקטאָר זאַמקאָוו.

— אפשר וועט מיין טאַטע איצט אַהין אַריינגיין! — גיב איך אַ טראַכט — אפשר וועט ער זיך וועלן אויסריידן זיין אומעטיגע האַרץ פאַר זיין שוועסטער־קינד דעם דאָקטאָר זאַמקאָוו!

עס וויל זיך מיר איצט, אַרויסקוקנדיג דורך מיין אַוועקלויפענדער באַן, פאַרטרייבן פון זיך די אומעטיגע געדאַנקען און טראַכטן פון עפּעס, וואָס איז אנגענעם. דערמאָן איך זיך די מאָדנע פּאַסירונג, וואָס איך האָב מיט אַ צייט צוריק געהאַט מיט׳ן גראָדנער דאָקטאָר זאַמקאָוו.

מיין טאַטע האָט מיר פיל מאָל געזאָגט, אַז דער רייכער און גרעסטער דאָקטאָר פון גראָדנע, דאָקטאָר זאַמקאָוו, איז מיינער אַ שוועסטער־קינד. אָבער יענער גרויסער פאַר׳גוי׳שטער איד קען אפילו נישט מיין טאַטן, ווארום אין גאַנץ יוראָפּ איז ניטאָ מעהר ווי די צוויי פאַמיליעס זאַמקאָוו, מיין טאַטע דער מלמד און יענער, דער גרויסער דאָקטאָר אָדער פּראָפעסאָר, ווי פילע רופן אים.

דער אָרימער מלמד ווייסט טאַקי, אַז ער האָט אַ שוועסטער־קינד אַ פּראָפעסאָר, אָבער דער דאָקטאָר, דער גרויסער גביר מיט דער אָפּ־געגאָלטער באָרד, וואָס רויכערט אים שבת, ווייסט אפילו נישט פון זיינע זיידעס און באָבעס, ווער רעדט נאָך פון אַ שוועסטער־קינד, אַן אָרימן מלמד!... האָט דעריבער מיין טאַטע אים געלאָזט צו־רוה און ער מיין טאַטן אוודאי.

איינמאָל האָט אָבער פּאַסירט, אַז איך בין שטאַרק קראַנק געווען, האָבן דעמאָלט שכנים גע׳עצה׳ט מיין טאַטן, ער זאָל מיך פירן צו דעם גרויסן דאָקטאָר זאַמקאָוו. יענער נעמט טאַקע פינף רובל

אַ וויזיט, אָבער ערשטענס איז עס ווערט און צווייטנס איז ער דאָך פּאָרט אַ שוועסטער־קינד, ווער ער אפשר לאָזן ביליגער!

מיין טאַטע האָט אפילו געהאַלטן, אַז זיין תהלים־זאָגן קען מיך גיכער געזונט מאַכן, ווי זיין שוועסטער־קינד דער דאָקטאָר זאַמקאָוו. אָבער ווען זיין תהלים־זאָגן האָט מיך אַלץ נישט געמאַכט געזונט, האָט מיין טאַטע סוף־כל־סוף צוגעשטימט, אַז אַ שכנה זאָל מיט מיר צוגיין צו מיין שוועסטער־קינד, דעם גרויסן דאָקטאָר. און צו דעם פינפערל, וואָס מיין טאַטע האָט מיר מיטגעגעבן, האָט ער מיר אויך מיטגעגעבן מיין פּאַס, צו ווייזן דעם דאָקטאָר זאַמקאָוו, אַז איך בין אויך אַ „זאַמקאָוו". אפשר וועט יענער דאָרט פּאָרט נעמען אַ דרייערל אנשטאָט אַ פינפערל און אפשר נאָך געבן אַ בעסערן רעצעפּט אויך!

די שכנה איז מיט מיר אַריין אין דעם גרויסן אויפנאַמס־צימער, דערזען דאָרט די פיל רייכע חולאים מיט׳ן „אַליוורי" ביי דעם דאָקטאָר׳ס טיר, וועלכע ער, דער „אַליוורי" האָט יעדעס מאָל צורוקט צוביידע זייטן ווענט און דורך דעם ביסעלע אָפּן אינמיטן אַריין און אַרויסגעלאָזט יעדעס מאָל די חולאים.

די שכנה, דאָס אָנקוקנדיג, האָט אָנגעהויבן ציטערן ווי אַ בלאַט אין וואַסער און האָט שוין געוואָלט צוריקלויפן אין פּאָרשטאָט. איך אָבער בין געווען אַזוי פאַרנומען מיט מיינע ווייטאָגן, אַז איך האָב אַזש פאַרגעסן צו מורא האָבן, סיי פּאַר דעם „אַליוורי" מיט די גאָלדענע קנעפּ און סיי פּאַר דעם, וואָס עס טוט זיך הינטער דער טיר — און אָנהאַלטנדיג זיך פעסט אין מיין פּאַס, דעם עדות, אַז איך בין אַ „זאַמקאָוו", בין איך געוואָרן ביי זיך אַלץ זיכערער, אַז יענער, דער שרעקליכער מענש הינטער דעם אַליוורי׳ס טיר, וועט מיר, זיין לייב־ליכן שוועסטער־קינד, קיין שלעכטס נישט טאָן. און טרייסלענדיג אַ צאָן אָן אַ צאָן, האָב איך געזאָגט צו מיין שכנה: „ניין, איך גיי נישט צוריק! וואָס עס זאָל נישט געשען, מוז איך שוין אַריין אינעווייניג!"

ענדליך איז געקומען מיין רייע. איך אַ קלייניגקע, אַ דאַרינקע, אַ פאַרבלאַסטע, אַ פאַרגרינטע, שטיי אַ צושראָקענע נעבן דעם הויכן שיינעם אַ ביסל דיקליכען מאַן מיט׳ן קיילעכיגן גלאַטן פּנים. ער קוקט מיך אָן מיט זיינע בלויע אויגן, וואָס זיינען אַ ביסל ענליך צו מיין טאַטן׳ס אויגן און ער פרעגט מיך אויס אויף רוסיש וועגן אַלע מיינע ווייטאָגן.

זעענדיג, אַז נישט אַלע רוסישע ווייטאָגן פאַרשטיי איך, הויבט ער מיך אָן פרעגן, קלאַפּן און טאַפּן אויף דייטש. מיט דייטשישע ווייטאָגן בין איך שוין אַ ביסל מער אין דערהיים און איך ענטפער

אים פון נאָך און נאָך וויטאָגן אין אידיש. ענדליך ווערט ער פערטיג מיט מיינע וויטאָגן און הויבט אָן שרייבן מיין רעצעפּט. שרייבנדיג גיט ער מיך אַ פרעג: „טוואָיא אימיא?״

— „זאַמקאָוו״, הער דאָקטאָר! — ענפער איך.

— טוואָיא, טוואָיא אימיא! — רעדט ער איבער העכער.

— הער דאָקטאָר, זאַמקאָוו, זאַמקאָוו! — ענטפער איך אויך העכער.

— אָך, ניכט מיינען נאָמען פראַגע איך, ניכט מיינען, זאָנדערן דיינען, דיינען נאָמען פראָג איך!...

— זאַמקאָוו, הער דאָקטאָר, זאַמקאָוו! — זאָג איך ווידער אַמאָל.

— אָך דאָנערוועטער, דו קליינער דומקאָפּף! — שרייט ער אויס און פאַרענדיגט אויף פּראָסט מאַמע־לשון: „דו נאַריש מיידל, נישט מיין נאָמען פרעג איך דיך, נאָר דיינעם, דיין נאָמען, ווי הייסטו, דו?

דערהערט, אַז מיין שוועסטער־קינד דער גוי קען אידיש אויך, אָן אמת׳ן פשוט׳ן אידיש, האָב איך שוין איצט געטומען ריידן דייטש. אַ גרויסער קונץ איז צו ריידן דייטש, טראַכט איך מיר, אָט וועל איך אים באַלד ווייזן, אַז איך קען אויך די קונץ. מען לעגט נאָר צו צו יעדען וואָרט אַ „פאַסאָך״ און נאָדיר אַ דייטש! און איך פאַנג טאַקי באַלד אָן מיט מיין דייטש.

— מיינעם נאַמען, הארן דאָקטאָר, איזט אויך זאַמקאָוו, זאַמקאָוו!

ביים וואָרט „זאַמקאָוו״ גיב איך אים אַ שטופּ אַריין אין פּנים מיין פאַס...

דער דאָקטאָר קוקט אָן מיט צוטומלטקייט מיין פאַס און מיך און ווידער אַמאָל מיין פאַס און מיך און רופט אויס מיט פאַרוואונדערונג:

— וואָס? דו הייסט אויך זאַמקאָוו?

— יאָ און איך בין אַייערע און איר זענט מיינער, מיר זיינען שוועסטער־קינדער, זאָגט מיין טאַטע! — האָב איך גיך־גיך אַרונטערגערעדט צו ווייזן, אַז נישט איך בין דאָ שולדיג, נאָר מיין טאַטע!

— אינטערעסאַנט! — זאָגט דער דאָקטאָר מער צו זיך ווי צו מיר. — און איך בין געווען זיכער, אַז איך בין איינער, אַז עס איז נישטאָ מער קיין „זאַמקאָוו״!

— ווי הייסט דיין טאַטע? דיין זיידע? — פאַנגט ער אָן ריידן צו מיר, און פאַרענדיגט פאַרטראַכטערהייט צו זיך אַליין: — און אַז דו וועסט מיר זאָגן, וועל איך דען וויסן?

— מיין זיידע האָט געהייסן איטשע זאַמקאָוו, ער איז שוין

טויט. מיין טאַטע הייסט לייזער. ער איז אַ מלמד. ער זאָגט, אַז ער איך קען יאָ, אָבער איר אים נישט! — רייד איך ווידער אַראָפּ גיך־גיך.

דער גרויסער און רייכער מאַן קוקט מיך אָן אַ ווײַלע, טוט אַ מילדן שמייכל און אַ קניפּ טוענדיק מיין באַק, זאָגט ער:

— אַז דו האָסט געוואוסט, אַז דו ביזט מיין שוועסטער־קינד און דו ביזט שוין לאַנג שוואַך, וואָס ביזטו נישט געקומען צו מיר אַ ביסל פריער?

— ווייל מיין טאַטע האַלט נישט פון קיין דאָקטוירים. ער זאָגט, אַז דעם רבונו של עולם׳ס אַ קאַפּיטל תהלים קען גיכער געזונט מאַכן ווי אַ דאָקטאָר, וואָס רויכערט אים שבת! — פאַרענדיק איך מיינע ווערטער מיט אַראָפּגעלאָזטע פאַרשעמטע אויגן.

— הם, הם! — שמייכלט ער גוטמוטיג — אַזוי זאָגט דיין טאַטע? נו, זאָגזשע דיין טאַטן, אַז איך, זיין שוועסטער־קינד, האָב געזאָגט, אַז דער רבונו של עולם׳ס קאַפּיטל תהלים איז טאַקע זעהר פיין. אָבער איך, דער דאָקטאָר, בין אויך דעם רבונו של עולם׳ס, איך בין זיינער אַ שמש. און דו — זאָגט ער צו מיר — ביזט נישט קראַנק. ביזט „מאַלאָקראָוונִי״, זעהר זעהר בלוט־אָרם — פאַרטייטשט ער מיר און גיט באַלד צו: — וואָלסט געדאַרפט אַוועקפאָרן אויף אַ דאַטשע!...

— דאַטשע! — רעד איך נאָך — דאָס איז גוט פאַר גבירים! — איך האָב אָבער באַלד חרטה, וואָס איך זאָג אויס, אַז איך בין נישט קיין גביר און ציענדיק לאַנגזאַם פון מיין טייסטער דעם פינף־רובלדיגן, וואָס מיין טאַטע האָט מיר מיטגעגעבן, פאַרכאַפּ איך זיך:

— איך מיין, איך קען נישט פאָרן, ווייל איך קען נישט לאָזן מיין טאַטן אַליין!

דעם דאָקטאָר׳ס בליק פאַלט אויף דעם פינפערל אין מיין ציטער־דיגער האַנט און ער נעמט זיך צו זיין קעשענע. איך טראַכט מיט שמחה:

— גוט, וואָס ער ווייסט שוין, אַז איך בין זיינס אַ שוועסטער־קינד, גייט ער מיר טאַקע געבען רעשטע: אַ צוויי־רובלדיגן.

דער דאָקטאָר ציט אַרויס פון זיין קעשענע אַ גרין פּאַפּירל און נעמט דאָס פאַנאַנדער. איך דערזע, אַז דאָס איז אויך אַ פינפערל.

— נא — זאָגט ער צו מיר — דערלייג דאָס פינפערל צו דיינעם, ווועסטו האָבן אויף „דאַטשע״. און אַז דו קענסט אין ערגיץ נישט פאָרן, טאָ ליג אין לאַסאָסנער וואַלד אויף׳ן גראָז געגען דער זון און פאַר דעם געלד טרינק פיל מילך און לויזע אייער! און נאַדיר אָט דעם רעצעפּט, מאַך אים דאָרט וואו איך האָב דיר אָנגעשריבן דעם אַדרעס. דאָרט וועט מען ביי דיר נישט נעמען קיין געלד! און אַז דו וועסט אויסנעמען דעם רעצעפּט, זאָלסטו ווידער קומען צו מיר!...

מיט די ווערטער האָט ער האַלטנדיג זיין האַנט אויף מיין פּלייצע מיך צוגעפירט צו דער טיר. ביי דער טיר האָט ער מיך אָפּגעשטעלט:

— וואַרט! — זאָגט ער — זאָג דיין טאַטן, אַז איך וויל אים זען! איך וויל ביי אים אויספרעגן אַ ביסל מעהר וועגן מיין משפחה. און זאָל ער נישט קומען שבת, וועט ער מיך נישט זען רויכערן!

פון דעמאָלט אָן פלעגט שוין מיין טאַטע אָפטמאָל ארויפגיין צו זיין שוועסטער־קינד, דעם דאָקטאָר זאַמקאָוו, זיך אויסריידן פאַר אים דאָס האַרץ און אַמאָל אויך פרעגן עפּיס אַן עצה — און איינמאָל האָב איך געהערט, ווי מיין טאַטע האָט געזאָגט צו זיינעם אַ פריינד, אַז זיין שוועסטער־קינד, דער גרויסער דאָקטאָר זאַמקאָוו, איז אַזאַ גוואַלדיגער קענער אין די קליינע פּינטעלעך, אַז ווען ער וואָלט נאָר געוואָלט, קען ער נישט נאָר זיין אַ גרויסער דאָקטאָר, נאָר ער וואָלט אפילו געקענט זיין אַ גאָר גרויסער מלמד!...

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

אויף׳ן באַן נעבן מיר האָט אימיצער געפרעגט דעם זייגער. אַ צווייטער פּאַסאַזשיר האָט געענפערט, אַז עס איז באַלד צען. איך האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן אַז גיין, אַזוי פרי וועט מיין טאַטע נישט גיין צו דאָקטאָר זאַמקאָוו. יענער שלאָפט נאָך אוודאי — און ער, מיין טאַטע גייט איצט געוויס צוריק אַהיים אין פאַרשטאָט!...

און ווידער זע איך מיין טאַטנס פּלייצע. אָט גייט ער איצט דורך פּאָדאָליער גאַס, אָט גייט ער פאַרביי דעם גרויסן טויער פון שערעשעווסקי׳ס פּאַפּיראָסן־פאַבריק און ער גייט דאָרט ווייטער אַראָפּ אַראָפּ די פּאָדאָליער גאַס, אַראָפּ אַלץ נידריגער ביז צו דעם ניעמאָן.

אויף׳ן שיינעם ניעמאָן שווימען אַרום פּאַראָמען, וואָס פירן פּאַסאַזשירן און סחורות. אָפט פאַראַנקערן זיך אַ פּאָר פּאַראָמען פאַר אַ טאָג אָדער נאַכט ביים ברעג פונ׳ם ניעמאַן אויף דער זייט פון דער שטאָט. אין דער נאַכט פינקלען זיך אָפּ פאַנטאַסטיש אין וואַסער די פייערלעך פון די פּאַראָמען׳ס פענסטערלעך. אויף׳ן מיטן ניעמאַן שווימען אַרום פליטן פון צוזאַמענגענומענע קלעצער. אַרבייטער שטייען אויף די פליטן און שיפן זיי מיט לאַנגע שטאַנגען, ווי מיט וועסלעס. און אָט זע איך ווי מיין טאַטנס פּלייצע גייט דאָרט איצט ביים ברעג אין לענג פון ניעמאַן. ער שפּאַנט איצט צו דער שיינער בריק, וואָס פירט פון שטאָט צו פאַרשטאָט.

איך דערמאָן זיך, אַז ווען מיין טאַטע האָט מיך צום ערשטן מאָל געבראַכט קיין גראָדנע, איז נאָך איבער׳ן ניעמאַן געגאַנגען אַ

„פּאָראָם”, אויף וועלכען מען איז אַריבער־געשוואומען פון איין ברעג צום צווייטן. אויסגעזען האָט דער „פּאָראָם” ווי א גרויסער פירעקיגער קאַסטן. מיין טאַטע האָט דאָס אָנגערופן „נח׳ס תיבה”. די פּאָדלאָגע פונ׳ם קאַסטן איז געווען פון קלעצער מיט ברעטער. די ווענט זיינען געווען ביי אַלע פיר סלופּעס אַרומגעצאַמט מיט אַ גראָבן שטריק.

אַ שטריק איז אויך געווען פאַרצויגן איבער׳ן ניעמאַן פון דער שטאָט צו דער פאָרשטאָט. צוויי מענשן זיינען געשטאַנען אויף׳ן „פּאָ־ראָם” און כסדר געצויגן מיט זייערע הענט די שטריק און פאַר עטליכע קאָפּיקעס האָט מען אַריבערגעפירט די פּאַסאַזשירן מיט די פערד און וועגענער. נאָר די מענשן האָבן געקאָסט ביליגער ווי די פערד: צוויי קאָפּיקעס אַ מענש, דריי קאָפּיקעס אַ פערד.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

דאָס דערמאָנען זיך אינ׳ם „פּאָראָם”, דערמאָנט מיר אויך מיין ערשטע רייזע קיין גראָדנע.

כאָטש מיין טאַטע האָט דאַמאָלס צוגעזאָגט צו מיין שוועסטער, אַז ער וועט מיט מיר פאָרן מיט דער באַן, האָט ער זיך שפּעטער מיישב געווען, אַז אַזאַ הוצאה איז מער מצוה צו געבן פאַר אַן אָרימען בעל־עגלה, ווען אפילו דער בעל־עגלה זאָל זיין אַ פּויער. ווייל די פּויערען האָבן נעביך אויך קדחת מיט כשר׳ן פּאָרים ביי זייער באַ־טיושקא דעם צאַר. איז טאַקי די פּאָר צענדלינג קאָפּיקעס מער מצווה אָוועק צו געבן אַ בעל־עגלה ווי צו „קאַזניא”. גענוג, אַז דער ביטערער קייסער האָט צוגענומען אויף סלוזשבע זיין זוהן הערץ־לייב׳ן, וועלכער האָט שוין שיר געהאַט סמיכה אויף רבנות און מיט וועמן ער האָט זיך אַ סך יאָרן געצאַצקעט, געהאָפּט אויף נחת, שוין אפילו גערופן אים „מיין רעבעלע” און צום סוף, צוליב פּאַניע׳ס סלוזשבע, איז געוואָרן פון אַלעמען אויס, אויס מיט אַ טאַטנס גרויסע האָפנונגען.

נישט צו געבן קאַזניא צו פאַרדינען, פאָרן מיר דערפאַר מיט אַ פוהר. און אין איינוועגס קען שוין מיין טאַטע פונ׳ם פוהר אויך אַראָפּגיין דאַווענען מנחה.

שטייט זיך אַזוי מיין טאַטע אין געדיכטן וואַלד אויף׳ן הויכן שניי און דאַוונט מנחה. דער גוי׳שער פורמאַן נורעט זיך איין אין זיין פּעלץ און כאַפּט אַ דרימל, דאָס פערד קוקט אויף מיין טאַטן און וואַרט זיך רואיג, ביז ער וועט אָפּשטיין שמונה־עשרה און איך מיט׳ן שליטן פרירן דערווייל איין.

אָפּגעשטאַנען שמונה־עשרה, וועקט מיין טאַטע אויף דעם גוי.

יענער הויבט אָן שמייסן דאָס פערדל, אָבער נישט פון אָרט! איצט שטייט שוין דאָס פערד מיט׳ן שליטן „שמונה עשרה״...

מיר הויבן אַלע אָן שטופּן דעם שליטן, אָבער קיין זאַך העלפט נישט, דער שליטן רירט זיך נישט. ס׳איז פאַראַנען איין עצה, מיר זאָלן גיין צו־פוס! ס׳איז נאָר בלויז אַ פּאָר ווי‌אָרסט ביז צו דער נאָנטסטער שטעטל, וואשילישאָק. דער גוי שפּאַנט פאָראויס, מיין טאַטע נאָך אים און איך נאָך מיין טאַטן. מיינע נייניאָריגע פאַרפרוירענע טריט צוזאַמען מיט מיין גאַנצן קערפּערל זינקן אַלע ווײַלע אין טיפן שניי. מיין טאַטע מיט׳ן גוי קערן זיך יעדעס מאָל אום, מיך צו זוכן, זיי געפינען מיך יעדעס מאָל אומגעפאַלן און פאַרזונקען אין אַ שניי־גרוב. דערווייל פאַלט צו די נאַכט, אַרום און אַרום ווערט אין דער פינסטערקייט אַ ווייסע וועלט. די בוימער שטייען ווי ווייסע מתים, מיין טאַטע מיט׳ן גוי ווייס און איך — אַ קליין מת׳לע מיט פאַר־פרוירענע טרערן...

ענדליך ברענגט מיך מיין טאַטע אין דער שטעטל וואַשילישאָק, אין דעם דאָרטיגן בית־המדרש צו נעכטיגן.

אין די ווינקלען פונ׳ם בית־המדרש, ביי די שטענדערס זיצן פּרושים און ישיבה־בחורים און זינגען אַרויס נגונים פון די גמרא׳ס. ביים אויוון זיצן אַ פּאָר ישיבה־בחורים׳לעך און באַקן בולבעס. מיין טאַטע מיט נאָך אַ אידן שפּאַרן צו מיינע פאַרפרוירענע פיס מיט די וואַליקעס אין דער עפענונג פונ׳ם אויוון.

נאָך אַ איד עצה׳ט מיין טאַטן, ער זאָל מיינע פאַרפרוירענע פיס נישט שטופּן צום אויוון, נאָר זיי אַריינלייגן אין קאַלטן וואַסער. ווען איך הער פון אַזאַ רפואה, ווער איך אַ פאַרציטערטע און איך בעט זיך מיט טרערן, מען זאָל מיך נישט טשעפּן, ווייל עס איז מיר שוין נישט קאַלט...

איינער פון די ישיבה־בחורים גיט מיר דאַן אַ פּאָר הייסע געבאַ־קענע בולביטשקעס אין מיינע הענט. צום סוף דערוואַרעם איך זיך אַ ביסל, עס אויף מיינע בולבעס און וויל שלאָפן...

מיין טאַטע לייגט צוזאַמען פון זיין קאַפּאָטע אַ פּעקעלע, מאַכט פון דעם אַ קישן פאַר מיין צו־קאָפּנס, לייגט דאָס אַוועק אויף דער לעזשאַנקע לעבן אויוון, איך לייג זיך אויף דעם שלאָפן און מיין טאַטע זעצט זיך איבער אַ ספר, נעמן גאָט׳ס וואָרט אין מויל אַריין, אים דאַנקן און לויבן, וואָס ער האָט אונז בשלום אַרויסגענומען פון וואַלד און שניי און געבראַכט אין אַ וואַרימען מקום קדוש. מיינע אויגן קוקן דאַן אויף די אויסגעמאָלענע לייבן איבער׳ן ארון־קודש, אין מיינע אויערן זינגען זיך אַריין הייליגע גמרא־נגונים און איך שלאָף איין...

איך כאַפּ זיך אויף, עס איז באַגינען, איך דערזע אַ סך אידן און איך הער אַרום מיר טענות: „אַ מיידל לאָזט מען שלאָפן אין אַ בית־המדרש? מען דאַרף זיך דאָך שטעלן דאַווענען!"

— ס'איז נישט קיין מיידל, ס'איז נאָך אַ קינד! — ענפערן אַנדערע און דאָס דאַווענען הויבט זיך אָן!

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

דער קאָנדוקטאָר גייט דורך, רופט אויס אַן אָנקומנדע סטאַנציע, דערהערנדיג דעם נאָמען פון אַן אַנדער סטאַנציע, וועקט עס מיך אויף פון מיין פאַרטראַכטקייט און עס דערמאָנט זיך מיר ווידער מיט אַ נאָגענדער בענקשאַפט אָן מיין נאָר וואָס פאַרלאָזענער גראָדנע, פון וואַנען איך בין שוין אָפּגעפאָרן אַ שטיק וועג.

איך שפּאַר אָן מיין באַק אין מיין באַן־פענסטערל און זע ווידער ווי מיין טאַטנס פּלייצע צוזאַמען מיט דער שטאָט גראָדנע גייט פון מיר אַוועק אַלץ ווייטער און ווייטער. אָט באַוועגט זיך איצט מיין טאַטנס פּלייצע אויף דער שיינער בריק. עס גייט די פּלייצע אַלץ נענטער און נענטער אהין צו דער פאַרשטאָט און אָט איז שוין מיין טאַטע איצט דאָרט אַרונטער פון דער בריק. צו זיין רעכטער האַנט אַ ביסל אַרויף צו שטייען די „קאַמפּאַלניעס", צוויי הילצערנע פּירוועטיגע ביידלעך, אונטן וואַסער, אויבן הימל. אין איין „קאַמפּאַלניע" באָדן זיך פרויען, אין דער צווייטער מענער, מערסטענס יונגוואַרג. מען שווימט, מען זינגט, דורך דער דינער ווענטל דערקענען זיך די שטימען פון די בחורים מיט די מיידלעך. מען קוויטשעט, מען לאַכט, און פּאַליושקענדיג זיך אין וואַסער, רעדט מען זיך דורך דורך דער וואַנט, וואו מען זאָל זיך שפּעטער נאָך'ן באָדן צוזאַמען טרעפן.

מיין טאַטנס פּלייצע פאַרנעמט זיך אָבער לינקס. געוויס גייט ער צום בית־המדרש, נעמען אַ ספר אין האַנט אַריין, אויסדערציילן זיין עלנד האַרץ פאַר'ן רבונו של עולם. צו וועמען אַנדערש קען ער דען איצט גייען?

מיינע אויגן פאָלגן ווייטער נאָך דורך מיין באַן־פענסטערל מיין טאַטנס פּלייצע. אָט גייט ער דאָרט איצט פאַרביי דעם ראש־ישיבה'ס שטוב, וואָס איז אַקעגן דעם ניעמאַן. דעם ראש־ישיבה'ס ווייב, פרומע, פירט אַ פאַרבאַרניע. זי קאָכט קעסלען פאַרב און גיט פון דעם איר גאָטספאָרכטיגן מאַן חיונה. מיין ברודער הערץ־לייב, ווען ער האָט געדינט אין גראָדנע און פלעגט פון דער פאַרשטעטער קאַזאַרמע אים פרייטאָג צו נאַכט קומען אין בית־המדרש דאַווענען, האָט דער גוטער ראש־ישיבה פון אַלע אידישע סאָלדאַטן שטענדיג גענומען אים אַהיים

צו דער פרייטאג־צו־נאַכטיגער וועטשערע, כדי נאָך דער וועטשערע צו זיצן ביידע ביז שפּעט אין דער נאַכט און זיך פּלפּל׳ן איבער דער גמרא.

און מינקע, וואָס האָט געאַרבייט ביי דער באַלעבאָסטע אין פאַרבאַרניע, פלעגט שטיין אויף דער שוועל פון איר חדר, זיך צוהערן צו די הייליגע ווערטער פון דעם ראש־ישיבה מיט׳ן סאָלדאַט, פון וועמעס פּנים זי האָט אירע פאַרליבטע אויגן נישט געקענט אַראָפּנעמען . . .

און ווען נאָך זיין סלוזשבע פּאָרט מיין ברודער אַוועק פון גראָדנע, לאָזט אויס צו מיר די פאַרליבטע מינקע איר ליבע צו מיין ברודער, און ווען זי וואַשט אַלע פרייטאָג פאַר נאַכט דאָס קעפּל פון איר פאַר׳יתומ׳טן ברודער שלמה׳לע, וואַשט זי שוין אויס אין דערזעלבער שיסל וואַסער אויך מיין קעפּל. שלמה׳לע און איך זעצן זיך דערנאָך אויף דער באַנק הינטער מינקע׳ס פענסטער, צו טריקענען אונזערע אויסגעצוואָגענע קעפּלעך אין דער רויט־פלאַמיגער אונטערגייענ־דער זון.

אונטער׳ן פענסטער אויף קליינע קוסטעלעך וואַקסן גרינע אַגרעסן און רויטע וויינפּערלעך. שלמה׳לע רייסט אָפּ אַ הויפן אַגרעסן און איך אַ הויפן וויינפּערלעך. מיר רוקן צו הויפן צו הויפן און מיט די אַנדערע הענט לייגן מיר איינער דעם צווייטן אין מויל אַריין דאָ אַ גרינעם אַגרעסל און דאָ אַ רויט וויינפּערל. צוזאַמען מיט׳ן קלאַפּן פון אונזערע ליפּן הויבט אויך אָן קלאַפּן אין אונזערע הערצעלעך די ערשטע „קינדער־ליבע".

און אָט גייט דאָרט מיין טאַטע איצט פאַרביי די שטוב פון ראשל די שניידערין, וואָס האָט מיך געלערנט שטעפּן אויף איר זינגער־מאַשין, כדי איך זאָל קענען אויפנייען מיינע אייגענע קליידלעך. דערפאַר בין איך געווען אַ מלמד׳קע צו אירע צווילינג־טעכטערלעך, פריידקע און חאַשקע, וועלכע איך האָב אויסגעלערנט נאָך׳ן בריוושטעלער שרייבן שיינע בריוולעך . . .

מיין חבר׳ל שלמה׳לע, וואָס איז שוין שפּעטער געגאַנגען אין דער גראָדנער „גאָראָדסקאיע אוטשילישטשע" און האָט געטראָגן אַ סטודענטסקע שוואַרצע סאַטינענע רובאַשקע, וואָס איך צוזאַמען מיט זיין שוועסטער מינקע האָבן פאַר אים אויפגענייט — און אויך אַ היטל מיט אַ געריב, דעם צייכן, אַז ער איז אַ סטודענט.

ער, מיין סטודענטל, פלעגט אויך קומען צו ראשעל, כדי אין געהיים מיר זיך העלפן פריגאָטאָווען צו דער „אוטשילישטשע". מיר

האָבן דאָס געמוזט טאָן אין געהיים, כדי מיין טאַטע זאָל מיך נישט כאַפּן לערנענדיג די „טרפה־פּסול׳ס״.

איינמאָל, נאָך אין אַ שבת דערצו, האָט מיך מיין טאַטע טאַקע געפּאַקט חזר׳נדיג מיין „אוראַק״ אין אַ רוסיש ביכעל און טאַקע צוליב מיין טאַטנס דאַמאָלסדיגע געוואַלדן, דערמאָן איך זיך, האָב איך שוין גענומען חלומ׳ן פון אַמעריקע.

— אַ אידישע טאָכטער — האָט דער טאַטע געשריען — טאָר נישט האַלטן קיין „טרפה־פּסול״ אין האַנט און נאָך אים שבת דערצו. אַ אידיש קינד דאַרף אין די זומערדיגע שבתים זאָגן „פּרק״ און אין די ווינטערדיגע „ברכי נפשי״. און איך נעם אַזוי זעלטן אַ אידיש וואָרט אין מויל אַריין, אַז איך האָב שוין געוויס פאַרגעסן אַלעס, וואָס ער האָט מיך געלערנט.

און אַזוי שרייענדיג, האָט ער דאַמאָלס באַלד פאַר מיר אויפ־געמישט אין סדור דעם „פּרק״ און געגומען טייטלן מיט זיין פינגער...

דערזען, אַז איך זאָג די ווערטער ווי אַ וואַסער, האָט זיך דעמאָלט איינגעשטילט זיין צאָרן פאַר דעם „טרפה־פּסול״.

מיין גוטער פרומער טאַטע, שעפּטשען אַרויס מיינע ליפּן, און אַ טרער פון באַלדיגער בענקשאַפט קייקלט זיך אַראָפּ אויף מיין שויב. איך דערזע דורך דער טרער ווידער מיין טאַטנס אוועקגייענדע פּלייצע און הינטער דער פּלייצע נאָך ווינקלען פון דער שיינער שטאָט גראָדנע.

אָט דאַרף איצט דאָרט מיין טאַטע שוין גיין אַרויף אַרויף באַרג צום בית־המדרש. אָט איצט גייט ער דאָרט פאַרביי דעם באַרגיגן בריק, אויף וועלכען עס לויפט אַ באַן איבער׳ן ניעמאַן און עס שוועבט דורך פאַר מיינע אויגן די פּאַנאָראַמע אין אַ זומערדיגן שבת נאָך׳ן טשאָלענט אויף יענעם באַרג.

פוןביידע זייטן גרין גראָז, איבער׳ן מיטן ליגן שינעס, אויף וועלכע עס לויפט דורך די באַן. אויף׳ן באַרג פון ביידע זייטן שינעס זיצן אויסגעזעצט אינגלעך, מיידלעך, פרויען, מענער מיט קליינע און גרויסע קינדער. יעדער זינגט זיך אַרויס זיין אייגענעם געמיט און די אַלערליי טענער מישן זיך צוזאַמען ווי אַ שיינער אָרקעסטער.

עס ליגט אַן עטליכע און צוואַנציג יאָריגע מיידל, קוקט אַרונטער צום באַרגיגן גרינעם בריק, איר בליק ציט זיך אַראָפּ, אַראָפּ ביז צום ניעמאַן און זי זינגט אַרויס איר ווייטאָג:

אוי, שפּאַצירן זיינען מיר ביידע געגאַנגען
טאַקע דאָ אונטער דעם גרינעם בריק
צוגעזאָגט האָסטו מיר, טייערער לעבן מיינער,
אַז קומען וועסטו צו מיר צוריק.

אַ ביסל אָפּגערוקט פון דער מיידל זיצט אַ יונג ווייבל מיט אַ קליין עופה׳לע, בייז וואָס איר יונגער באַלעבעסל איז באַלד נאָך׳ן טשאַ־לענט ערגיץ אַוועק, בייט זי אַלע ווילע די נאַסע ווינדעלעך פונ׳ם קינד און זינגט אין זיי אַריין:

אוי, אַ יאָר נאָך מיין חתונקע,
זעט ווי איך זע אויס,
זיצט אַ יונגע ווייבעלע און וויינט אַצינד
נאָר וויקעלעך און ווינדעלעך...

איר עופה׳לע שרייט אַריבער איר געזאַנג.

אויף׳ן צווייטן זייט באַרג, אויף יענער זייט פון די „רעלסן״ זיצט אַ בחור מיט אַ מיידל, ער פלאָנטערט זיינע פינגער אין אירע לאַנגע צעפּ און ביידע זינגען:

נאַ רעוואָלוציע מי פּאַידיאָם,
קאָנסטיטוציא מי וואָזמיאָם...

אַ ביסל העכער צו די רעלסן ליגט אַ יונגער בחור, די הענט אונטערגעשפּאַרט אונטער דער פּאַטעלניצע און זינגט פאַרבענקט:

וואו איז דאָס געסעלע ? וואו איז די שטוב ?
וואו איז דאָס מיידעלע, וואָס איך האָב ליב ?

אויף׳ן צווייטן זייט באַרג זיצט אַ גרופּע פון עלטערע און אינגערע און זינגען צוזאַמען:

אויפ׳ן פּריפּעטשאָק ברענט אַ פייערל
און אין שטוב איז הייס...

אַביסל אָפּגעזונדערט, נידריגער אונטער׳ן באַרג זיצט אַן עלטערע פרוי, אָנגעשפּאַרט אויף אירע עלנבויגנס, קוקט אַריין אין אַמעריקאַנער פאָטאָגראַפיעס, באַנעצט זיי מיט אירע טרערן און זינגט:

אוי, אַ בריוועלע דער מאַמע׳ן
זאָלט איהר, מיינע קינדערלעך, ניט פאַרזאַמען...

אין מיטן פון דעם אַלערלייאיגן געזאַנג ווי אַ צושפּיל צו דעם פאָלקס־קאָנצערט דערהערט זיך דאָס פייפן פון דער דורכלויפנדער באַן. קיינער דערשרעקט זיך נישט, מען וואַרט שוין אויף איר ווי אויף אַן אַלט־באַקאַנטן גאַסט, וואָס ברענגט אַלעמאָל אַ גרוס פון ערגיץ אַ ווייטער וועלט. אַ סך הויבן זיך אפילו נישט אויף פון זייערע ערטער. מען רוקט זיך נאָר אַרונטער אַ ביסל נידריגער פונ׳ם באַרג און מען פאַררייסט אַרויף די אויגן צו דער באַן. אַנדערע שטעלן זיך אויף און

וואַרטן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט שטאַרקער באַגריסן דעם אָנגעלייגטן גאַסט. די באַן קומט אָן, און ווערט אויף אַ סעקונדע לאַנגזאַמער אין איר גאַנג. די קינדער אויף׳ן באַרג שפּרינגען אונטער מיט אַ קוויטשעריי:

— מאַמע, מאַמע, זע דער פּאַיעזד!... מאַמע, זע מענשן אין די פּענסטערלעך! אמת׳ע מענשן! זע, זע, זיי קוקן צו אונז! זיי מאַכן מיט די הענט!...

פון די באַן־פענסטערלעך שמייכלען פּנימ׳ר, עס שאָקלען זיך הענט מיט ווייסע טיכעלעך, באַלד גיט די באַן אַ שטאַרקן קוויטש, ווי זי וואָלט אַ געשריי געטאָן: „האַט׳זשע מיר אַלע אַ גוטן שבת" — און זי לאָזט זיך ווייטער אַוועק אין איר ווייטקייט אַריין, איבערלאָזנדיג נאָך זיך אַ שטאַרקע פּאַרע און רויך.

מען ווישט זיך אויס די אויגן פונ׳ם רויך און מען נעמט זיך צוריק צו דעם איבערגעריסענעם געזאַנג.

מיין טאַטע דאַרף שוין געוויס זיין אינ׳ם בית־המדרש, רעכן איך אויס לויט דער צייט. עס ווערט מיר גרינגער אויף׳ן האַרצן פונ׳ם געדאַנק, אַז מיין טאַטע איז שוין נישט מער אַליין, נאָר צווישן אייגענע, צווישן שטענדערס און ספרים...

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

פאַרביי מיין פענסטערל לויפן ווייסע טעלעגראַף־סלופּעס. די ווייסקייט פון די סלופּעס דערמאָנען מיר ווידער מיין נאָר וואָס פאַר־לאָזטע גראָדנע. אָט זע איך גראָדנע אין די ווינטערדיגע שבתים. דער ניעמאַן איז ווייס פאַרפרוירן, גרויס און קליין, מערסטענס סטודענטן און סטודענטקעס גליטשן זיך אַהין און צוריק איבער דעם „קאַטאָק". עס טרעפט אויך אַמאָל, אַז עס ברעכט זיך איבער אַ שטיק לאָד און שווימט אַוועק מיט די גליטשערס. די יונגוואַרג דערשרעקט זיך אָבער נישט. מען איז יונג און דער ניעמאַן איז אַן אייגענער, האָט מען נישט קיין מורא, מען שפּרינגט אַריבער פון איין שטיק לאָד אויף אַ צווייטן, העלפנדיג איינע די אַנדערע מיט אויסגעשטרעקטע הענט, קוויטשערייען און געלעכטערס.

מען ווייסט פון דער מעשה, אַז די צאַרין קאַטערינא האָט אַמאָל פאַרשאָלטן דעם ניעמאַן, ווייל אירער אַ זוהן האָט זיך דאָרט דערטרונקען, שרייט מען ערשט מיט געלעכטער איינער צום צווייטן: „האָב נישט מורא, וועסט זיך נישט דערטרעגקן, דיין מאַמע איז נישט קיין קייסע־רינע!"...

און אָט דערזע איך פאַר מיר מיינע גראָדנער פרייטאָג־צו־נאַכטן. מיין לייענען פאַר מיינע חבר׳טעס די שיינע שמר׳ס ראָמאַנען, וואָס יעדן

פרייטאָג האָט אַן אַנדערע חבר׳טע גענומען אויף „פּראַקאַט״ פאַר דריי קאָפּיקעס אַ וואָך. אָבער יעדעס מאָל האָט ביי אונז אין מיטן לייענען געטראָפן דיזעלבע קאַטאַסטראָפע.

כאָטש מיין חבר׳טע לאה פלעגט אָנגיסן זייער לאָמפּ מיט קעראָ־סין פול ווי אַן אויג, האָט עס אָבער אַלץ נישט געהאָלפן. מען איז אַלץ געבליבן פונקט אין מיטן דרינען אין דער פינסטער און זיך געלייגט שלאָפן מיט גרויס פאַרדרוס — און פאַסירט האָט אָט וואָס:

פרייטאָג־צו־נאַכטס באַלד נאָך וועטשערע פלעגן מיר אַלע חבר׳־טעס זיך צוזאַמען־קומען צו מיין חבר׳טע לאה, זיך אַרומזעצן אַרום זייער גרויסן טיש, אויך לאה׳ס מאַמע פלעגט זיך צורוקן צו אונז און אפילו דער טאַטע אירער פלעגט ליגנדיג אויף דער קאַנאַפּע אויך אָנשטעלן זיין אויער צו אונזער טיש, אַ פּאָר שכנ׳טעס, וואָס האָבן געוואוינט אַ טיר נעבן אַ טיר, פלעגן אויך אַריינקומען און זיך אַרומזעצן אַרום טיש.

איך פלעג זיין די לייענערין. זיי האָבן אַלע ליב געהאַט נאָר מיך צו הערן לייענען. אַלע פלעגן זיך נעמען עסן צימעס, שיילן יאַדרעס און איך האָב זיך גענומען צום לייענען. און שטענדיג, ווען איך האָב גע־האַלטן פונקט אין מיטן, ווען די העלדן פונ׳ם בוך זיינען געווען אין דער גרעסטער געפאַר און אַלע האָבן שוין געוואָלט וואָס גיכער וויסן, צי זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן, איז אַזוי ווי אויף להכעיס פונקט דעמאָלט אויסגעגאַנגען דער קעראָסין אין לאָמפּ און עס איז געוואָרן פינסטער...

איך דערמאָן זיך, אַז אפילו אים סאַמע לעצטן פרייטאָג, וואָס איך האָב דאָרט געלייענט, איז אויך געווען דאָסזעלבע.

„דער בייזער טאַטע, דאָרט אים בוך, יאָגט אַרויס פון זיין הויז זיין פאַרזינדיגטע טאָכטער. אין דרויסן גייט אַ שניי, עס ברענט אַ פראָסט — און די טאָכטער לויפט צום טייך זיך טרינקען. אָט־אָט איז זי שוין באַלד נעבן טייך. איר געליבטער דערוויסט זיך און לויפט שנעל־שנעל אויף זיין ווייסן פערד, זי צו ראַטעווען. ער וויל איר זאָגן, זי זאָל זיך נישט טרינקען, ער וועט מיט איר חתונה האָבן. די אומגליקליכע ווייסט אָבער נישט, אַז דער געליבטער לויפט צו איר און זי טוט אַלץ כסדר אַ טראָט נעענטער און נעענטער צום טייך״...

אַרום אונזער טיש הויבן זיך אַלעמען׳ס הערצער אַרויף און אַראָפּ — און פונקט אין מיטן דרינען הויבט זיך אָן דער גזלן דער לאָמפּ צו לעשן.

— גיכער, גיכער! — טרייבן מיך אַלע אונטער — גיכער, דער קנויל טוקט זיך שוין!

מיינע אויגן לויפן שנעל־שנעל איבער די שורות, מיינע ליפּן

קייקלן גיכער־גיכער די ווערטער אין מויל — און דאָס פּייערל אין לאַמפּ מאַכט קונצן. אַט גיט זיך עס אַ הויב אַרויף און אַט אַראָפּ, אַט איז דאָס פלעמל בלוייליך און אַט איז עס רויטליך.

— אַט־אַט נאָך אַ שורה, נאָך אַ וואָרט! — בעטן זיך אַלעמן'ס בליקן ביים גזלן דעם לאָמפּ.

איך זופּ די ווערטער:

— „זי שפּרינגט אין וואַסער, זי האָט חרטה, זי שרייט „ראַטע־וועט!". דעם געליבטן'ס פערד לויפט, גאַלאָפּירט, גיכער־גיכער, אַט־אַט, וואָלט ער שוין דאַכט זיך אָנגעקומען צום טייך..."

און אַט איז אויס, פינסטער! אויסגעלאָשן אין גאַנצן דער לאָמפּ, איבערלאָזנדיג אויף'ן ברעג קנויטל נאָר די רויטע זשאַריענדיגע פרענ־זעלעך, פאַר וועמעס פינסטערע ליכטיגקייט מיר טוען זיך אויס צום שלאָפן... פרואוונדיג יעדע פון אונז צו טרעפן, צי וועט דער געליבטער נאָך אויספעיען, צו ראַטעווען זיין געליבטע פון דערטרונקען ווערן, צי נישט...

●

## לידע

אונזער גרופּע פּאַסאַזשירן מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס, קאָראָזינקעס און טשעמאָדאַנטשיקעס אין די הענט, בראָדזשען ביז איבער די קני אין זומפּיגע גראָזן, פּאַלן איבער דערנער, הויבן זיך אויף און בראָדזשען ווייטער.

די בלעטער פון די בוימער אַרום אונז גיבן זיך אָפּט פּונ'ם ווינט אַ וויג און אַ שאָרסקע. דער גוי, וועמען אונזער אַגענט האָט באַשטעלט, אונז אַריבער צו פירן די גרעניץ, מיינט יעדעס מאָל אויף'ן שאָרסקע פון די בלעטער, אַז דאָס האָט אימיצער כון אונז אַן אָטעם אָדער אַ זיפץ געטאָן, גיט ער זיך אַלע ווייל'ע אַ דריי אויס צו אונז מיט אַ שטרענגן וואונק, אַז מיר זאָלן קיינער חלילה נישט אַ פּיפּס טאָן, אַז נישט זיינען אונזערע לעבנס קאַפּוט, ווייל די סאָלדאַטן מיט די אָנגע־שטעלטע ביקסן היטן דאָ פון אַלע זייטן.

מיר האַלטן איין די אָטעמס, בורן זיך איין אין אונזער פּחד און שפּאַנען. און אַט דוכט זיך אָפּ אונזער גוי'שן פירער, אַז ער זעט פון דער ווייטנס אַ סאָלדאַט קוקן אין אונזער זייט און עס איז נישט דער,

ווען ער האָט אונטערגעקויפט, נאָר אַן אַנדערער, אַ פרעמדער, טוט דער גוי אַ צושראַקענעס וויז צו אונז מיט׳ן פינגער, אַז מיר זאָלן זיך אויף גיך גיבן אַ צי אויס אויף דער זומפיגער פייכטער ערד.

ליגנדיג אין די זומפן און ציטערנדיג ווי אין אַ קדחת, טראַכטן מיר יעדער וועגן אונזער ביטערן גורל, ווי אַ האַלבע נאַכט איז מען אָפּגעלעגן ביי דעם גוי אין שטאַל צוזאַמען מיט זיינע פערד און בהמות — און איצט שלעפט אונז דער ערל אין דער פינסטערניש, צווישן פעלדער און וואַלד, דערנער און זומפן. אונזער יעדער גליד איז אָנגעפילט מיט מורא, פאַרצווייפלונג און שוין אין איינוועגס מיט חרטה אויף דער גאַנצער גאָלדענער אַמעריקע...

— נאַ׳דיר אַ מעשה מיט גנב׳נען אַ גרעניץ! — מורמלט אַ טאַטע צו זיין זוהן — טאָמער האָבן אידן ווייניג צרות, נעמט מען זיך אַליין נאָך צרות!...

— אַז איך פאַרשטיי נישט, וואָס מיר גנב׳נען דאָ! מיר נעמען דען דאָ עפּעס? מיר קריכן דאָך נאָר איבער דערנער און זומפן! — שעפּטשעט אַ ווייבל מיט אַ קינד אויף דער האַנט, וועמעס מיילכעל זי האַלט פעסט צוגעדריקט צו איר האַרץ, עס זאָל חלילה נישט אַ וויין טאָן...

— און איך באַגרייף נישט אונזער משוגע׳נעם קייסער! — וויספּערט צו מיר אַ אינגל אין מיינע יאָרן — זיינען מיר ביי אים אין לאַנד, דערגייט ער אונז די יאָרן, און ווילן מיר אַוועקפאָרן, מאַכט ער גרעניצן און לאָזט אונז נישט אַרויס! אַזאַ משוגענער קייסער! — גיט דאָס אינגל אַ קוועטש מיט זיינע פערצניאָריגע אַקסלען.

דער גוי גיט אַ וואונק, מיר זאָלן זיך אויפהויבן פון אונזערע גראַזיגע געלעגערס און וויטער שפּאַנען. איך גיב אַ שפּריז, פאַל אום אויף מיינע פעקלעך, הויב זיך אויף און בראָדזשע ווייטער.

מיט אַמאָל דערפיל איך, אַז אַ ווינקל פון מיין קאַראַזינקע איז נאַסליך און פעטליך. באַלד דערשמעקט זיך פון דאָרט דער ריח פון עסיג און הערינג. איך גיב אַ קלער מיט פאַרדרוס, אַז דאָס האָט זיך שוין דאָרט אינעווייניג געווייס צובראָכן דער סלאָיטשיק מיט די געפּרעגעלטע הערינג און דאָס פלעשל מיט׳ן עסיג, וואָס מיין שוועסטער עלקע האָט מיר דאָרט איינגעפּאַקט, איך זאָל דאָס מיטנעמען אויף דער שיף. דער הערינג, האָט זי מיר אָנגעזאָגט, וועט זיין גוט, ווען די שיף וועט זיך וויגן און אין מויל וועט אָנהויבן נודיען — און דער עסיג איז גוט, איינצורייבן דעם שטערן, ווען עס וועט זיך מיר פאַרדרייען דער קאָפּ פון דער שיף׳ס שאָקלען זיך.

דער ריח פונ׳ם הערינג און עסיג, וואָס שמעקן אַרויס פון דער קאַראַזינקע, הויבט דעמאָלט אָן צו ציען מיינע געדאַנקען אויף צוריק.

צוריק צו אַן אַנדער שטעטעלע מיינס, צוריק צו אַן אַנדערן וואָקזאַל. וואָס מער עס דערנענטערן זיך מיינע בראָדזשנדע טריט צו דער פּרייסישער גרעניץ, אַלץ שטאַרקער וועבט מיין בענקשאַפט פאַר מיר אַרויס דעם לידער וואָקזאַל.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

ל י ד ע, דאָס שטעטעלע, וואו איך האָב איבערגעלאָזט דאָס בעסטע, וואָס אַ קינד פאַרמאָגט.

מיין שוועסטער עלקע און איך גייען מיט לאַנגזאַמע טריט צום לידער וואָקזאַל. זי טראָגט מיין שטרויענע „קאַראַזינקע״, וואָס טאַקע זי האָט דאָס מיר געקויפט אין אַ לידער קראָם און האָט מאמע־מעסיג געענומן אַהין אַריינפּאַקן פאַרשידענע עסנוואַרג.

מיר שפּרייזןביידע איבער אַלערליי באַקאַנטע גאַסן און געסלעך, ביידע שווייגן מיר אַ ווײַלע.ביידן איז אונז אומעטיג — און אָט קומען מיר אָן צום וואָקזאַל.

— שוין, נישטאָ שוין מער קיינער פון אייך, נישטאָ שוין! דו, די אינגסטע, די מוזינקעלע אַנטלויפסט שוין אויך! — מורמלט מיין שוועסטער און אירע ווערטער ווערן פאַרשלונגען אין טרערן.

מיין באַן קומט אָן. עלקע גייט מיט מיר אַריין אין וואַגאָן, געפינט פאַר מיר אַ גוטן פּלאַץ צו זיצן. איך שטעל דאָרט אַוועק מיין קאַראַזינקע און גיי צוריק צו דער טיר, באַגלייטן עלקע׳ן.

מיך שטאַרק קושנדיג און וויינענדיג גייט זי אַרויס פונ׳ם וואַגאָן. איך בלייב שטיין אין דער טיר אויף אַ טרעפּל.

— שטיי נישט אין טיר, גיי צוריק אַריין אינעווייניג, וועסט נאָך אַרויספאַלן פונ׳ם וואַגאָן! — רעדט אַרויף צו מיר עלקע מיט מאַמעשער פאַרזאָרגטקייט — גיי אַריין אינעווייניג! מיינסט, אַז ווען דו פאָרסט קיין אַמעריקע, ביזטו שוין אַ גרויסע! ביי מיר ביזטו נאָך אַלץ אַ קינד! גיי אַריין, לאָז מיך געבן מיין לעצטן קוק אויף דיר דורך׳ן פענסטערל!

איך פאָלג איר און זעץ זיך ביים פענסטער. די באַן רירט זיך. מיין עלקע שטייט נאָך אַלץ און קוקט. די באַן הויבט אָן גיין גיכער און גיכער, אַרויסלאָזנדיג פון זיך אַ געדיכטן גרויען רויך. עלקע ווישט אירע אויגן פון טרערן און רויך און דרייט זיך אויס, אָבער קערט זיך אום נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל. גיט נאָך אַ קוק און נאָך אַ קוק אין רויך אַריין און ענדליך ווערט זי אין גאַנצן פון מיר פאַרשטעלט הינטער דעם גרויען באַן־רויך.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

מיר, די גרופע פּאַסאַזשירן, בראָדזשען נאָך אַלץ אין דער פינסטערער נאַכט צווישן פעלדער און וועלדער. מען קלאַפּט זיך אָן דאָ אָן אַ בוים, דאָ איינער אָן דעם אַנדערן און מען גיט נאָך אַ בראָדזשע, נאָך אַ שפּרייז, ביז פונ׳ם הימל לאָזט זיך אַראָפּ אַ גרויער טומאַן, וואָס פאַרשפּרייט מיט גרויקייט דעם גרינעם האָריזאָנט און ברענגט דעם באַגינען.

אין דעם באַגינענדיגען טומאַן דערזע איך דעם גרויען באַן־רויך, וואָס האָט אָוועקגעשטופּט מיין שוועסטער עלקע פון דעם לידער וואָקזאַל צוריק־צוריק צו דער שטעטעלע לידע.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

ל י ד ע איז אויך נישט קיין קליין שטעטל. געגן גראָדנע איז לידע אַ שטעטל, אָבער געגן די קליינע אַרומיגע שטעטלעך איז לידע אַ שטאָט, נישט אַזאַ טומלדיגע און אימפּעטיגע ווי גראָדנע.

די גאַסן זיינען דאָ גלייכע, נישט קיין באַרגיגע. די שטיבער קלענערע און שיטערערע. אַ סך שטיבער זיינען דאָ אויך געבויעט אויף דער גראָדנער מאָדע מיט אייזערנע באַלקאָנען, וואו די משפּחות זעצן זיך אַרויס פאַרברענגען, איבערהויפּט אין די שבת־נאַכטן, ווען די דינסט שטעלט אַרויס דעם סאַמאָוואַר. אָבער די מערסטע הייזער זיינען דאָ איין־עטאַזשיגע. די מענשן זיינען ווייניגער און במילא איז שוין אין די גאַסן רואיגער.

אין לידע איז דאָ אַ גרויסע פאַבריק, וועלכע הייסט „ווילענטשיק׳ס טאַבאַק־פאַבריק", וואו עס זיינען באַשעפטיגט פיל מענער און פרויען. אויך איז דאָרט פאַראַנען עטליכע ביר־ברויזן, וואו מען מאַכט ביר און וואו־אהין אָרימע מאַמעס האָבן אָפּט צוגעשיקט זייערע קינדער מיט בלעכענע קענדלעך, צו קריגן פאַר אומזיסט אַ ביסל נאַסע הייוון אויף שבת.

אויך זיינען אין שטאָט דאָ גרויסע גוי׳שע און אידישע געשעפטן און קראָמען פון אלדאָס גוטס. עס גייען אויך אַרום איבער לידער גאַסן און מאַרק אַזעלכע קרעמער, וואָס טראָגן מיט זיך זייערע קראָמען אין אַ קאָשיקל. איינער פאַרקויפט מאַנעלעך מיט אינגבערס, איינער פאַרקויפט צוקערנע קיכעלעך. איינער טראָגט זיך אַרום מיט אַ קאָשיקל, אין וועלכן עס געפינען זיך בענשערלעך מיט גרינע טאָוועלעך צו פיר קאָפּיקעס אַ שטיק, גאָלדענע מזוזות, תחינות, דריי־קאָפּיקענע מעשה־ביכלעך און „שיר־המעלות׳ן" פאַר קינפּעטאָרינס.

און אָט גייט אַ אידענע מיט אַ קאָשיקל אויף איר האַנט, ווען מען רופט הינדע די לאַטקע־בעקערין. זי פאַרקויפט הייסינקע לאַט־

קעלעך, געבאַקן פון „מאַראַמאַנסקע מעל״, אַ קאָפּיקע אַ לאַטקע און צוויי פּאָר אַ „פּייעם״. (אַ פּייעם הייסט אין לידע, דאָס וואָס אין אַנדערע שטעטלעך אַ דרייער און עס מיינט דריי גראָשן.) הינדע די לאַטקע־סוחר׳טע מאַכט איר גרעסטן מסחר אַרום די חדרים, תּלמוד תּורה׳ס און די גוי׳שע „קלאַסן״.

די חדר־קינדער אין לידע זיינען אָפּט שטאַרק מקנא די קינדער, וואָס גייען אין די „קלאַסן״. די קנאה איז נישט אַזוי גרויס צוליב דעם בילדן זיך ווי צוליב דער סטודענטישער יוניפאָרם.

די חדר־קינדער גייען אַנגעטאָן אין וואָס עס מאַכט זיך, מערס־טענס איבערגענייטע קליידער פון טאַטע־מאַמע, פון עלטערע שוועסטער און ברידער. די סידורים׳לעך און די שרייב־צוטראַטקעס טראָגן זיי אין די הויפּנס. אָבער די קינדער, וואָס גייען אין די „קלאַסן״, זיי מוזן שוין טראָגן בלויע גאַרניטערלעך מיט גאָלדענע קנעפּ, היטעלעך פון דיזעלבע סחורה און מיט בלישטשענדע קאָקאַרדעס — און מיידלעך דאַרפן טראָגן קאַשמירנע ברוינע קליידלעך מיט שוואַרצע פאַרטיכלעך מיט הערצלעך, מיט ברוינע היטעלעך אויף די קעפּ און זייערע ביכער און צוטראַטקעס טראָגן זיי אין לעדערנע ראַניצעס, אָנגעטאָן מיט רימנדלעך אויף די פּלייצעס.

צו דעם נאָך האָבן זיי אַלע פאַרצויגענע נעמען. אפילו די קינדער, וואָס זיינען פון איין משפּחה און זיינען אַ נאָמען נאָך דיזעלבע זיידע־באָבעס, הייסט דאָס שוועסטער־קינדל, וואָס גייט אין חדר, לייבעלע — און דעם וואָס גייט אין „קלאַס״ רופט מען „לאָלא״. די מיידעלע פון׳ם חדר הייסט גיטעלע און איר שוועסטער־קינד אין קלאַס רופט מען „געניא״.

מער פון אַלעמען זעט מען אויף די לידער גאַסן אַ סך ישיבה־בחורים׳לעך, וואָס ציען זיך פון דער גרויסער ישיבה אין די באַלע־באַטישע היימן צו עסן „טעג״.

אַ לידער באַלעבאָסטע וועט אָפּט אָפּשפּאָרן פון דאָס נויטיגסטע, אָבער אַ טאָג עסן צו אַ ישיבה־בחורל מוז מען געבן. זי וועט אָפּט אַוועקשיקן איר אייגן קינד אין חדר מיט נאָר אַ שטיקל ברויט מיט הערינג, זי וועט אָבער זען, אַז דער בלאַסער ישיבה־בחורל, וואָס דאַרט דעם גאַנצן טאָג זיין קאָפּ ביי דער הייליגער תּורה, זאָל האָבן אַ פליישיגן גוטן וואַרימעס . . .

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

איך בראָדזשע נאָך אַלץ צו דער פּרייסישער גרעניץ און

טראַכט, אַז מײַן שוועסטער עלקע איז מסתמא פֿונ׳ם וואָקזאַל באַלד
אַוועקגעגאַנגען זיך אַ ביסל אויסוויינען צו אירע פֿרײַנט, די רעזניק׳ס,
וואָס וואוינען אויף דער סאַדאָווע גאַס.

און ווי שיין עס זעט אויס די סאַדאָווע גאַס מיט איר גרויסן
סאַד, וואָס מען גייט אַהין אַרײַן דורך דעם קליינעם אײַזערנעם טויערל.
אַמאָל קלאַפּט מען דאָרט אויף אין מיטן סאַד, דערמאָן איך זיך, אַ
שטוב פֿון שיטערע ברעטער, וואָס זעט אויס ווי אַ סוכה, נאָר מיט אַ
בימה ווי אין אַ שוהל, להבדיל. אַרום דער בימה שטעלט מען אויס
שטולן און לאַנגע בענק און מען ווײַזט דאָרט אַמאָל אַ צירק און אַמאָל
אַ אידישען טעאַטער־שפּיל. און אָט דאַרף דאָרט איצט מײַן שוועסטער
אויף דער סאַדאָווע גאַס פֿאַרבײַגייען דוואָרעצקי׳ס „ראַזפּיוויטשני״
(שענקל).

דוואָרעצקי׳ס „ראַזפּיוויטשני״ דערמאָנט מיך, ווי עס זעט אויס
מײַן שטעטל לידע און פּריזיוו־צײַטן. די גוי׳שע „נאָוואָבראַנצעס״
שכור׳ן זיך אָן אין די „ראַזפּיוויטשנעס״ און לאָזן זיך אַרויס איבער
די גאַסן שלאָגן אידן, שרײַענדיג פֿאַר׳שיכור׳ט „בי זשידאָוו!״...
די אידישע „נאָוואָבראַנצעס״ שפּאַצירן מיט זייערע כלות און געליבטע
אין די אַלייען פֿונ׳ם סאַד און זינגען בענקענדע ליבעס־לידער. די
מיידלעך זאָגן צו דורך זייער געזאַנג, אַז זיי וועלן וואַרטן פֿאַר זייערע
„נאָוואָבראַנצעס״ די גאַנצע פֿיר יאָר — און די „נאָוואָבראַנצעס״ שווערן
צו מיט הייליגע שבועות, אַז זיי וועלן צו זייערע כלות און געליבטע
געזונט און געוויס צוריקקומען. און די מאַמעס מיט פֿאַרבראַכענע הענט
לויפֿן כסדר פֿון די ארון־קודש׳ן צו די בית־עולם׳ס. זיי בעטן פֿריער
אַליין צו גאָט און דערנאָך הייסן זיי די זיידעס און די באָבעס, אַז יענע
זאָלן אין אַזאַ צײַט נישט ליגן גלאַט אַזוי זיך רואיג אין די קברים
און גאָר נישט טאָן, נאָר זיי זאָלן זיך מטריח זײַן און לויפֿן זיך מיען,
אַז זייערע אייניקלעך, די „נאָוואָבראַנצעס״, זאָלן אַרויסציען דעם
מזל׳דיגן בלויען בילעט...

אַנדערע מאַמעס, וואָס זײַנען אלמנות און קראַנקע דערצו, בעטן
ביי זייערע טויטע מאַנען, אַז יענע זאָלן אויך עפּעס טאָן, זיי זײַנען
טאַטעס און טאָרן נישט שווייגן. זאָלן זיי כאָטש זען, אַז די מאַמעשע
קראַנקע הערצער און לונגען זאָלן איבער דער פּריזיוו־צײַט ווערן נאָך
קראַנקער, וועט אפשר גאָט העלפֿן, אַז דער זוהן וועט צוליב דער
קראַנקער מאַמע אַרויסגיין פֿון פּאַניע׳ס הענט אַלס „פּערוווי לגאָטניק״.

און די „נאָוואָבראַנצעס״ העלפֿן צו דער מאַמע מיט דעם, וואָס
זיי מאָרן זיך, כדי זיי אַליין זאָלן אויך ווערן קראַנק, קריגן אַ קלאַפּונג
אין האַרצן, אַ זשומעך אין קאָפּ, ווערן טויבלעך אויף אַן אויער —

און סיי די מאַמעס, סיי די „נאָוואָבראַנצעס“, זיינען דאָן שטאַרק מקנא די חברים, וואָס זיינען געבוירען קראַנקע אָדער קאַליקעס.

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

און איצט שטעלט זיך מיר פאָר, ווי מיין שוועסטער גייט שוין אַהיים צו דער זאוואלנער געסל. אַט גייט זי איצט דורך דעם מאַרק. אַט שטעלט זי זיך אָפּ אַ קוק טאָן אויף'ן גרויסן קיילעכיגן זייגער, וועלכער איז ווי צוגעוואקסן צום זייגערמאַכער'ס פענסטער.

דאָ דערמאָן איך זיך, ווי די שניידער־מיידלעך פון שפרה'ס מאסטערסקאַיאַ, וואָס איז געווען נישט ווייט פון דער געסל, וואו מיר האָבן געוואוינט, זיינען געווען די ערשטע מיך אויסצולערנען ווי עס רוקן זיך די וויזערס אויף יענעם זייגער. מער פון אַלעס האָבן זיי מיך געלערנט צו דערקענען דעם ציפער „זיבן“.

און ווען איך פלעג נאָכדעם אונטער זייער פענסטער זיך שפּילן מיט מיינע חבר'טעס אין „קלאַסן“, שפּרינגען אויף איין פוס אין אונזערע מיט קרייד אַרומגעצייכענטע קעסטעלעך, פלעגן מיר די אַרבייטער דורך'ן פענסטער אַלע ווײַלע אַ וואונק טאָן, איך זאָל לויפן זען, צי דער גרויסער קיילעכיגער זייגער איז שוין זיבן, כדי זיי זאָלן וואַרפן די אַרבייט אין צייט.

און שפרה, די מייסטערין זייערע, האָט מיך אַלע מאָל געפּרוּווט אונטערקויפן אויף איר זייט, מיר געגעבן גראָשנס אויף צוקערקעס, איך זאָל מיט מיינע חברט'עס אַוועקגיין ערגיץ אַנדערש זיך שפּילן. אָן אַנדער מאָל פלעגט זי מיך לאָזן אויפבלאָזן איר „אַייזן“.

זי האָט געוואוסט, אַז איך האָב זעהר האָלד צו זען, ווי די שוואַרצע קוילן אינעווייניג אינ'ם אַייזן, ווערן פון מיין אויפבלאָזן צונטער־רויט. זי פלעגט דאָס אַלעס אָנהויבן אַרום זעקס דעם זייגער, כדי מיך צו פאַרטומלען, איך זאָל נישט פאָלגן אירע אַרבייטער און לויפן קוקן, צי דער קליינער וויזער שטייט שוין אויף דער „זיבן“.

זי האָט זעהר האָלד געהאַט, אַז אירע מיידלעך זאָלן אַרבייטן אַ ביסל אַריבער דעם ווייזער. איך האָב אָבער האָלד געהאַט די אַרבייטער, האָלד געהאַט זייער שיינעם זינגען און האָלד געהאַט צו קוקן, ווי די וויזערס דרייען זיך, ווי אַט־אַט שטעלט זיך עס באַלד אויף דער „זיבן“.

און ווען איך פלעג אין דרויסן אין מיין שפּיל דערהערן די אַרבייטער'ס געזאַנג, האָב איך שוין דערקענט נאָך די ווערטער פונ'ם ליד, אַז איך דאַרף לויפן צום זייגער.

אַמאָל פלעג איך דערהערן אַזעלכע ווערטער ווי:

אַ קויל האָט דיך געטראָפן, מיין געטרייער,
אַ קויל פון דעם שונא, דעם הונד — — —

איך פלעג גלייך לויפן צום זייגער און לויפנדיק קאַנטשן די פאָר מיר אומפאַרשטענדליכע ווערטער:

איך נעם דיך אַרויסעט פון פייער.

און אַז איך בין געקומען צו לויפן צוריק צום פענסטער, האָב איך נאָך געטראָפן דאָרט די ווערטער:

און הייל דיר מיט קושן דיין וואונד...

זיי זינגען און איך ווייז זיי מיט מיינע פינגער, וואו עס האַלטן די ווייזערס. אַמאָל ווייז איך זיי צען פינגער און אַמאָל צוואַנציק פינגער. דאָס האָט אַלץ געמיינט, וויפיל מינוטן עס פעלן נאָך צו זיבן.

זיי נעמען זיך צוריק צום געניי און איך צו מיין שפּיל.

נאָך אַ ווײַלע שפּילן זיך דערהער איך שוין ווידער פון שפרה׳ס מאַסטערסקאַיאַ די ווערטער פון אַן אַנדער ליד און איך ווייס שוין, אַז מיט דעם געזאַנג מיינט מען אויך מיך. אַ ווײַליטשקע הער איך זיך צו צו דעם שיינעם געזאַנג מיט די שיינע ווערטער — און איך הויב אָן זיי נאָכצוזינגען:

אָבער קומען וועט די צייט,
ווען אַלע שקלאַפן וועלן ווערן באַפרייט.
עס הייסט דער יום־טוב „פערווי מאַי"...

מיט דעם וואָרט „מאַי" לויף איך צום זייגער. ווען איך קום צוריק, הער איך נאָך פון ווייטן דעמזעלבן געזאַנג:

דאַן וועלן פאַלן די רעגירן
מיט זייער בלוטיגן פירן...
און מיר וועלן אַלע ווערן פריי...

שוין, שוין פריי! — שריי איך אַריין דורך׳ן פענסטער — שוין, דער קלײנער ווייזער שטייט שוין אויף׳ן „זיבן"...

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

מיין שוועסטער עלקע — טראַכט איך ווייטער — איז שוין איצט דורכגעגאַנגען דעם חזיר־פערעאולאָק, די קליינינטשקע חזיר־געסעלע, וואו מען מאַכט די גוי׳שע קאָלבאַסעס און מען מוז זיך

צוהאַלטן די נאָז, ווען מען גייט דאָרט פאַרביי. אָבער אָט איז זי שוין אַרויס פון דער געסל און זי איז אַרייַן אין דער זאַוואַלנער געסל, וואו עס איז איר היים, די היים, וואו עס פלעגן זיך אַמאָל אין די ביי־נאַכטן צוזאַמען־קלויבן די אַרבייטער פון „ווילענטשיק׳ס טאַבאַק־פאַבריק״, אַרבייטער פון די ביר־ברויזן און מיינע באַקענטע אַרבייטס־מיידלעך פון שפרה׳ס מאַסטערסקאַיאַ און נאָך און נאָך אַרבייטער. מען פלעגט זיך אויסזעצן און אויסשטעלן אין אַלע ווינקעלעך פון שטוב. מיין שוועסטער פלעגט דערלאַנגען טיי, מען פלעגט טרינקען זיצנדיק און שטייענדיק און מיין שוואָגער מאָטל פלעגט פאַרמאַכן די פענסטער מיט די לאָדן און עס פלעגט זיך אָנפאַנגען אַ פאַרזאַמלונג.

רעדנער פלעגן זיך אויפשטעלן און האַלטן פייערדיגע רעדעס, אַז מען זאָל מאַכן אַ זאַבעזטאָווקע ביי שפרה אין דער מאַסטערסקאַיאַ, אַ סטאַטשקע ביי ווילענטשיק׳ן אין דער טאַבאַק־פאַבריק, אַ סטרייק אין די ביר־ברויזן און דעם קייסער זאָל מען אין גאַנצן אַרונטער־וואַרפן. אַלע האָבן שטיל געפּאַטשט בראַוואָ און מיך האָט מען אַרויס־געשיקט היטן דעם דרויסן, איך זאָל אַריינלויפן אָנזאָגן, טאָמער וועל איך זען פון וויטנס אַ „גאָרדאָוואָי״.

אָם שטאַרקסטן פון אַלע גאַסן אין לידע איז געבליבן אייַנגעקריצט אין מיין זכרון איין גאַס, דאָס איז די שיינע און דאַכט זיך די לענגסטע פון אַלע: די ווילנער גאַס! ווען מען גייט פונ׳ם וואָקזאַל, מוז מען דורכגיין דעם אָנפאַנג פון דער ווילנער גאַס, וואו באַלד דערזעט מען אַ שיינעם קליינעם סאָד, וואָס הייסט „דער פּאָליצייסקער סעדל״. אין דעם סעדל שטייען עטליכע בענק זיך אָפּצורוען, הויכע גרינע גראָזן לאַשטשען דאָרט די פיס, אין אַ ווינקל פון דעם סעדל שטייט אַ בודקע מיט סאָדע־וואַסער, וואו מען באַנעצט מיט קאַלטע גלעזער סאָדע־וואַסער דעם זומערדיגן הייסן גומען און מען פאַרבייסט מיט אַ „יעריסעל״ אָדער מיט אַ שטיקל שאָקאָלאַד.

מיין בליק ציט זיך אָבער איצט אַוועק פונ׳ם סעדל צו דעם צווייטן עק פון דער ווילנער גאַס, אַראָפּ, אַראָפּ מיט דער גאַנצער לענג, אַראָפּ־אַראָפּ, ביז עס איז שוין נישטאָ מער קיין הייזער. דאָרט שטייט אַ געביידע, וועלכעס מען רופט „דאָס אַלטע שפּיטאָל״. דאָרט שטעלט זיך איצט אָפּ מיין בליק, מיין האַרץ און נשמה.

אָט דערזע איך אַ לאַנגן שמאָלן קאָרידאָר. פון ביידע זייטן טירן און אַז מען קוקט אַרייַן אין די טירן, זעט מען קוואַדראַטנע „קאָמנאַטעס״ מיט שמאָלע בעטלעך. אויף די בעטלעך ליגן האַרטליכע שעניקעס און נישט קיין זעהר ווייכע קישנס. אין די בעטלעך ליגן „חולאים״. אין איין זייט מאַנסבילן און אין דער צווייטער זייט ווייבער.

אין מיטן פונ׳ם קאָרידאָר, אין אַ קליין קאַמנאַטקעלע, איז אַן אַפּטייקל, דאָרט זיצט אַן „אַפּטייקער״, וואָס מען פלעגט אים דאָרט רופן „פעלדשער״ און ער האָט געמאַכט די רעצעפּטן. דער אַפּטייקער־פעלדשער האָט אויך געדאַרפט אַכטונג געבען אויף די קראַנקע, אויספאָלגן אַלעס, וואָס עס זאָגט אים אָן דער אידיש־דייטשער דאָקטאָר ריינאַך, וועלכער קומט אין שפּיטאָל בלויז צוויי מאָל אַ וואָך.

ביים עק פונ׳ם קאָרידאָר אין אַ קליין קאַמנאַטקעלע געפינט זיך אַ אידישע פרוי, וואָס הייסט די „אויפזעערין״. זי ראַמט אויף אין שפּיטאָל און קאָכט אָפּ דאָס ביסל עסן פאַר די חולאים. קיין קראַנקן־שוועסטער, עפּעס צו דערלאַנגען צו די קראַנקע, איז אין דעם שפּיטאָל נישטאָ. צו יעדען קראַנקן קומט אַ פּאָר מאָל דורך׳ן טאָג אימיצער פון דער משפּחה, צוצוהעלפן זייערע קראַנקע.

די ערשטע קאַמנאַטע פונ׳ם קאָרידאָר ביי דער רעכטער זייט, אין דעם ערשטן בעטל ליגט אַ פרוי אַ חולה, מיין מאַמע. איך בין אין שפּיטאָל מיין מאַמע׳ס אַכטיאָריגע קראַנקן־שוועסטער און פּרוּאוו מיט אַלע מיינע קינדערשע כּחות אָפּצוהיטען מיין קראַנקע מאַמע. איז פאַראַנען אַמאָל אַ ליידיג בעטל, שלאָף איך אין איר. זיינען אָבער אַלע בעטלעך פאַרנומען, בעט איך זיך אויס אויף דער ערד, אַבי צו זיין נאָענט נעבן מיין מאַמע...

איין געוויסע נאַכט ווערט אין דער קראַנקן־קאַמנאַטע פאַרנומען יעדער ווינקל מיט חולאים. קומט מיר אויס צו האָבן מיין געלעגער אויף דער ערד נעבן אַ פענסטער, וואָס איז אַ ביסל צובראָכן. פון דרויסן שפּריצט אַריין אַ שניי אויף מיין שלאָפנדן קאָפּ.

פאַרמאַטערט, פאַרזאָרגט שלאָף איך פעסט און פיל נישט דעם שניי. פּלוצלינג גיב איך מיך אַ כאַפּ אויף פון אַ לייכטן קלאַפּ, וואָס איך קריג. איך עפן מיינע צושראָקענע אויגן און דערזע אויף זיך דאָס דעקל פונ׳ם טשאַיניקל, וואָס מיין מאַמע טרינקט פון אים טיי.

מיין בליק פאַלט באַלד צו מיין מאַמע׳ן. זי ווייזט מיר עפּעס מיט איר קוים באַוועגליכן פינגער. איך קוק זיך אַרום און איך דערפיל דאָס שפּריצן פונ׳ם שניי. מיין האַלב־אויסגייענדע מאַמע׳ס האַרץ האָט עס דערזען און האָט געציטערט, אַז קיין שניי׳עלע זאָל חלילה נישט פאַלן אויף איר שלאָפנדען קינד. וויל זי מיך אויפוועקן, איך זאָל פון יענעם פלאַץ גיך אַוועקגיין. זי קען אָבער הויך נישט אַ געשריי טאָן צו מיר, גיט זי מיט אירע לעצטע כּחות אויף מיר אַ וואָרף דאָס דעקל, וואָס ליגט לעבן איר.

אויפגעכאַפּט זיך פון מיין שלאָף, לויף איך צו צו מיין גוסס׳ע מאַמע און פרעג זי, צי זי וויל זיך איבערדרייען אויף דער צווייטער

זייט. איך ווייס, אַז זייט איר קראַנק־זיין איז פאַר איר דאָס איבערדרייען פון איין זייט אויף דער צווייטער געוואָרן ווי דאָס גרעסטע „גליק". עס דוכט זיך איר, אַז עס ווערן איר גרינגער אירע ווייטאָגן.

מיין מאַמע שמייכלט צו מיר צערטליך, זי וויל עס נעביך זעהר גערן, זי ווייסט אָבער, אַז מיינע אַקטיאָריגע הענטלעך האָבען נישט דעם כח דערצו. איך פּרואוו איין מאָל און נאָך אַמאָל אַ שטופּ טאָן איר פּלייצע, מיין מאַמע זעט, ווי עס גיסט זיך פון מיר שווייס, שעפּטשעט זי צו מיר מיט אירע לעצטע כחות: „זאָל שוין זיין, ווייסט נישט קענען, מאַטער זיך נישט!"

זי שעפּטשעט ווייטער און איך דערהער נישט. איך רוק צו מיין אויער צו אירע ליפּן און הער די ווערטער: „ליכט אין שוהל!" — ווייס איך שוין, וואָס מיין מאַמע מיינט.

ווען מיר האָבן זיך אַריבער־געקליבן אין לידע, איז עס נישט געווען נאָר דערפאַר, וואָס מיין שוועסטער עלקע האָט אין לידע חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל. די שטאָט לידע האָט פאַר מיין מאַמע געהאַט נאָך אַ רייץ, איבערהויפּט די לידער שוהל, ווייל דאָרט האָט אַמאָל דע־דאַוונט דער גרויסער חזן נח זאַלודקאָווסקי, וועלכער איז געווען מיין מאַמע'ס באַליבסטער ברודער און ער האָט געמאַכט אַזאַ גרויסן פּוראָר, אַז די שטאָט האָט אים אַזש אַ נאָמען געגעבן „נח לידער".

מיין מאַמע'ס צווייטער ברודער, דער חזן יהושע ברוך האָט אויך געמאַכט גרויס פּוראָר אין לידע. אָבער נח'ן האָבן די לידער אידן פון דעם שוהל איינפאַך אויף די הענט געטראָגן און אפילו יאָרן שפּעטער, ווען נח זאַלודקאָווסקי איז שוין געווען חזן אין קאַליש, האָבן לידער אידן אים נאָך אַלץ גערופן נח לידער.

מיין מאַמע פלעגט מיר אַלע מאָל אָנווייזן: „דו זעסט, אָט אין דער שוהל האָט מען דיין פעטער נח'ן אַרומגעטראָגן אויף די הענט!" — איצט ווען מיין מאַמע איז געווען זעהר קראַנק, האָט זי געוואָלט, מען זאָל אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך גיבן ליכט אין יענע שוהל, וואו איר באַליבטער ברודער האָט אַמאָל געדאַוועגט, האָפנדיג, אַז אפשר וועט איר דערפון ווערן גרינגער אירע ווייטאָגן.

— יאָ, מאַמע! — ענפער איך צופרידן, גלויבנדיג אויף געוויס, אַז דאָס וועט טאַקע באַלד זיין אַ הילף צו מיין מאַמע'ס געזונט — יאָ, עלקע האָט נעכטן ווידער געגעבן ליכט אַהין אין שוהל און איך פּרואוו ווידער אַ שטופּ טאָן איר פּלייצע.

— הער אויף! — שעפּטשעט די מאַמע — מאַטער זיך נישט אומזיסט, ווייסט נישט קענען. אין דער פרי וועט קומען עלקע, וועט זי מיך שוין איבערדרייען!

איך רייב מיינע אויגן פאַרזאָרגט און קוק פאַרשלאָפן צו מיין געלעגער. ווייזט מיר מיין מאַמע, איך זאָל מיך לייגן ביי איר צו־פוסנס.

— ווי קען איך? דיר טוען דאָך ווי דיינע געשוואָלענע פיס! — טענה איך.

— נישקשה, לייג זיך, ביזט מיר נישט שווער! — שעפּטשעט קוים אַרויס מיין מאַמע.

איך לייג זיך אין דער ברייט פונ׳ם בעטל, אונטער מיין זייט פיל איך די וואַרימקייט און ווייכקייט פון מיין מאַמע׳ס געשוואָלענע פיס. איך שאַר זיך כסדר אַלץ מער צום עק פונ׳ם בעט, כדי מיין מאַמע זאָל נישט וויי טאָן.

מיין מאַמע ווינקט מיר מיט איר בליק, איך זאָל זיך נישט רוקן, ווייל איך וועל נאָך אַראָפּפאַלן. ליג איך אויף אירע פיס און קוק אין אירע אויגן.

מיין מאַמע ליגט איינגענורעט אין אירע ווייטאָגן און קוקט אויף מיר אַלץ שטאַרקער און צערטליכער, עפּעס ווי זי וואָלט מיר געוואָלט נאָך אַ ווייליטשקע און נאָך אַ ווייליטשקע געבן דעם סאָרט צערטליכן בליק, וואָס איך וועל שוין מעהר קיינמאָל, קיינמאָל נישט האָבן.

איך קוק צוריק צו איר, אירע בליקן זיינען עפּעס אַזעלכע מאָדנע... איך ווייס נאָך נישט, אַז הינטער אירע צערטליכע מאַמע־בליקן לויערט שוין אויף איר — ע ר מיט זיינע טויזנט אויגן... איך גיב נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל אַ הויב מיינע שלעפעריגע אויגן־דעקלעך און באַמערק נאָך אַמאָל מיין מאַמע׳ס עפּעס גלאַנציגע אָבער צערטליכע בליקן — און איך שלאָף איין אין מיין קינדערשן שלאָף.

איך כאַפּ זיך אויף פון עפּעס אַ ווינטל, איך עפן מיינע אויגן. אין די שפּיטאַל־פענסטער ליכטיגט שוין אַריין דער טויאיגער באַגינען. די אויפזעערין האַלט אַ קרוג מיט טיי און גיסנדיג אין מיין מאַמע׳ס טשאַיניקל, פרעגט זי מיין מאַמע׳ן:

— חיה־פייגע! איר ווילט טיי אָדער מילך?

פלוצלינג גיט זי זיך אַ דריי אויס צו מיר און רופט מיך אָן צום ערשטן מאָל מיט אַ נייעם סאָרט נאָמען:

— אָרימע י ת ו מ ה ׳ ל ע, וואָס שלאָפסט דו אויף דיין מאַמע׳ס פיס? גיך־גיך אַראָפּ!...

און זי ציהט אַרויף דאָס ליילעך איבער מיין מאַמע׳ס פּנים.

●

## נאָווארידאָק

אונזער גרופּע פּאַסאַזשירן קומט זיך צוזאַמען אין דער שטאָט ברעמען מיט נאָך הונדערטער עמיגראַנטן, וואָס וואַרטן אויף די שיפן, וועלכע דאַרפן זיי אַוועקנעמען קיין אַמעריקע. מיר עסן אַלע אין דער־גרויסער אידישע „גאַר־קיך", וועלכע איז אין דער שטאָט ברעמען ספּעציעל אײַנגעריכטעט פאַר אונזערע עמיגראַנטן.

איין טאָג, זיצנדיג אין „גאַרקיך" ביי די לאַנגע טישן און עסנדיג אונזער זופּ, שפּיצן זיך פּלוצלינג אַן אַלעמענס אויגן אויף אַ מאָדנעם וואונדער: ביי איין עק טיש זיצט אַ פּריילעך, וואָס פאָרט נישט אין אַמעריקע, נאָר זי פאָרט גאָר צוריק פון אַמעריקע!

אַלע בלייבן מיר מיט די לעפל אין די הענט, די מיילער אָפן און האַלטן אין איין רייסן די אויגן צו יענער וואונדערליכער פאַרשוין, וואָס ברענגט אונז אַ לעבעדיגן גרוס פון דער ווייטער כשוף־וועלט, וואו־אַהין מיר אַלע פאָרן אַצינד.

געגען אונז, די קליינשטעטלדיגע עמיגראַנטן מיט אונזער אָרימען אָנטאָן און די קאָראַזינקעס מיט די קלומעקעס אַרום אונז, קוקט אויס די אַמעריקאַנערין טאַקע ווי פון גאָר אַן אַנדערער וועלט.

ווי זי גייט דאָס אַ ביסל אָנגעטאָן, טראַכט יעדער, ס'איז נישט קיין חתונה, ס'איז נישט קיין יום־טוב, ס'איז אפילו נישט שבת, נאָר אַ פּשוט'ר מיטנוואָכיגער טאָג — און די אַמעריקאַנערין טראָגט אַ ווייסע באַטיסטענע קלייד, ווייסע האַלבע שיך און אויף'ן קאָפּ טראָגט זי אַ גרויסן ווייסן הוט מיט אַ שוואַרצער פעדער ווי אַ גרויסער קוימען. — און דער קוימענער פעדער וויגט זיך כסדר אַהין און צוריק, ווי זי גיט נאָר אַ ריר מיט איר קאָפּ.

איר טאַליע איז אַזוי אויסגעדאַרט, אַז מען קען זי, דאַכט זיך, אַרומנעמען מיט דער האַנט — און זי קוקט כסדר אויף אונז מיט אַ מאָדנעם שמייכעלע, ווי זי וואָלט אָפּגעלאַכט פון אונז מיט אונזער קליינשטעטלדיגקייט.

קוקן מיר אַלע אויף איר נאָך שטאַרקער און יעדער פון אונז פּרואווט כסדר טרעפן, פאַר־וואָס זי פאָרט עפּיס צוריק פון אַמעריקע. איינינגע זאָגן, זי האָט זיי דערציילט, דאָס זי האָט שוין צוזאַמענ־געקליבן דאָס גאַנצע געלד, וואָס איז געווען אין אמעריקע. האָט זי שוין דאָרט איצט נישט מעהר וואָס צו טאָן און זי פאָרט דעריבער צוריק אין איר שטעטל.

ביי אַ סך פון אונזערע עמיגראַנטן ווערט פון דער מעשה גאַנץ

טרויעריג אויף׳ן האַרצן. ווי באַלד, אַז די דאָזיגע פּאַניענקע האָט שוין צוגענומען דאָס גאַנצע געלד פֿון אַמעריקע, טאָ וואָס איז שוין דאָרט געבליבן פֿאַר אונז? און נאָך וואָס דאַרפֿן מיר דעם גאַנצן עסק מיט׳ן שלעפּן זיך איבער גרעניצן און איצט נאָך איבער׳ן גרויסן מורא׳דיגן ים?

אַנדערע ווידער דערציילן, אַז זיי האָבן געהערט, אַז די פּריילען האָט צוזאַמען־געקליבן אין אמעריקע אַ גרויסן נדן און איצט פֿאָרט זי אין איר שטעטל זוכן אַ חתן.

איך באַטראַכט זי פֿון ווייטן און וואונדער זיך גאָר אויף אַ גאַנץ אַנדערע זאַך. די פּריילען עסט נישט דאָס ברויט, וואָס מען גיט אונז. זי נעמט אַרויס מצות פֿון אַ פּעקעלע און עסט. זי זאָגט, אַז אין אַמעריקע עסן אַלע מצות, כדי צו האָבן דינע טאַליעס. אָבער וואו נעמט די אַמעריקאַנערין אין מיטן זומער מצות? וואונדערן זיך אַלע.

און מיך דערמאָנען אירע מצות אין נאָך אַ וואָקזאַל און אין נאָך אַ שטעטעלע מיינע: נ אָ ו ו א ר י ד אָ ק, וועלכעס איז מיין טאַטנס געבורטס־שטעטל און וואו איך האָב זיך געהאַדעוועט עטליכע פֿון מיינע קינדער־יאָרן.

איך קוק אויף דער פּריילענס מצות און עס שוועבט אַרויס פֿאַר מיר דער נאָווארידאָקער וואָקזאַל, וועלכער געפֿינט זיך נישט אין נאָווארידאָק גופא, נאָר אַ פּאָר וויאָרסט פֿון נאָווארידאָק: אַ סטאַנציע וואָס הייסט „נאָוויעלנע".

די סטאַנציע נאָוויעלנע ליגט צווישן פֿעלדער און גוי׳שע דערפֿער. פֿון דעם נאָוויעלנער וואָקזאַל ביז צו דער שטעטל נאָווארידאָק איז אַ שטרעקע פֿון אַ פּאָר וויאָרסט און מען פֿאָרט געוויינליך אַהין און צוריק מיט אַ פֿור. די בעלי־עגלות דאָרט, סיי די אידישע און סיי די גוי׳שע, האָבן צוליב דער היבשער שטרעקע פֿאַרצויגן איבער זייערע וועגענער גרויסע לייוונטענע בוידן, כדי צו באַשיצן זייערע פּאַסאַזשירן זומער פֿון דער ברענענדער זון און ווינטער פֿון זאַוויע־רוכעס.

איצט איז אַנהויב זומער. מיין טאַטע און מיין שוועסטער עלקע מיט איר מאַן און קינדער און איך פֿאָרן אין מיין טאַטנס געבורטס־שטעטל נאָווארידאָק צו מיין ברודער הערץ לייב׳ן אויף דער חתונה.

מיין ברודער האָט דאָרט חתונה מיט זיין כלה לייקע. מיר גייען אַראָפּ אויף׳ן נאָוויעלנע וואָקזאַל אין מיטן דער נאַכט און מיר וואַרטן אויף אַ פֿור. עס ווערט שפּעטער און אָט קומט אָן אַ גוי׳שער בעל־עגלה מיט אַ בויד. אין וואָגן ביי אים שמעקט פֿרישינקער היי. מיר זעצן זיך אַלע אַריין אין וואָגן. אויף׳ן האַרצן איז עפּעס אי אומעטיג,

אי פריילין. ס׳איז פריילין, ווייל מען פאָרט אויף אַ חתונה און ס׳איז אומעטיג — זיפצט מיין שוועסטער עלקע, ווייל אין גאַנצן פאָרן מיר צו מיין ברודער׳ס חתונה נאָר אַ הייפעלע מחותנים. די הויפּט־מחותנת׳־טע, די מאַמע, איז שוין ווייט אין דער ערד — און אַ ברודער מיט אַ שוועסטער זיינען שוין נאָך ווייטער, אַזש אין אַמעריקע.

דער גוי טוט אַ שמיץ זיין פערדל. דער פערדל טוט אַ הירזשע און אַ שפּרונג. מיר אין דער בויד גיבן זיך אַ האַצקע און האָצקן זיך אַוועק צווישן צובליטע שמעקעדיגע בוימער, סעדער מיט אויבסטן און ווייט־צושפּרייטע גערטנער מיט אַלערליי גרינסען. אַנטקעגן אונזער בויד באַוויזט זיך דער מאָרגנשטערן און לאַשטשעט אונזערע אויגן אין זיין גאַנצער פּראַכט און ליכטיגקייט.

דער גוי׳שער בעל־עגלה ווייסט, אַז מיר זיינען מחותנים און פאָרן צו אַ חתונה. שרייט ער אויס צו אונז מיט אַ פריילין זינגעני־דיגן קול: „קודאַ יעדזיעש?" — מיר ווילן אים ענטפערן, אָבער ער ענפערט זיך גלייך אַליין: „נאַ וועסעלע! הע, הע! נאַ וועסעלע!" וואו־אַהין פאָרט איר? מיינט עס, צו אַ חתונה, האַ־האַ! און דער גוי פאַרענדיגט באַלד מיט אַן אומעטיגן קול: „אַ זאַראַז בענדזיע סקול יעדזיעש? ז׳וועסעלאַ!" און באַלד וועט זיין: „פון וואַנען פאָרט איר? שוין פון דער חתונה!"

מיר גיבן אַלע אַ לאַך פונ׳ם גוי׳ס חכמה׳נען זיך און מיר פאָרן אַריין, פריילכע מחותנים, אין מיין טאַטנס געבורטס־שטעטל נאַוואָ־רידאַק.

מער פון אַלעס געדענקט זיך מיר דאָס שטעטל נאַוואָרידאַק צוליב אירע מצה־פּאַדראַדן. אין אַלע היימישע שטעטלעך פּאַנגט מען אָן באַקן מצות אויף פּסח אַרום דריי וואָכן פאַר יום־טוב, אָבער אין נאַוואָרידאַק עפענען זיך די מצה־פּאַדראַדן אַרום זעקס און אַכט וואָכן פאַר פּסח.

נאַוואָרידאַק איז אַ מין פאַבריקס־שטאָט פאַר מצות. נאַוואָ־רידקער מצות צושיקט מען אין א סך, אַ סך שטעטלעך. מען האָט פון די מצה־פּאַדראַדן פאַרדינט אויף׳ן יום־טוב פּסח, אויף אויסקליידן זיך און אויף דירה־געלד.

און נישט נאָר האָט פון די פּאַדראַדן געצויגן חיונה די אייגענע שטעטל, נאָר די נאַוואָרידקער מצה־פּאַדראַדן האָבן אויך מפרנס געווען אַ סך אַרומיגע שטעטלעך. מיידלעך, וואָס האָבן זיך פאַרדונגען פאַר מצה־וועלגערינס, האָבן פון עטליכע פּסח׳דיגע פּאַדראַדן אויפ־געקליבן זייער נדן. בחורים, וואָס האָבן זיך פאַרדונגען אַלס מצה־רעדלער און מצה־זעצער, האָבן פון אַ פּאָר פּאַדראַדן אויפגעקליבן זיך

צו קענען ראַטעווען פון פאַניע׳ס סלוזשבע און צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע — און נאַווארידאַק צוזאַמען מיט די אַרומיגע שטעטלעך פלעגן אַ גאַנץ יאָר האָפן און מיט אומגעדולד וואַרטן אויף די מצה־פּאַדראַדן.

ווען די פּאַדראַד־צייט איז אָנגעקומען, פלעגט דאַן אין שטעטל נאַווארידאַק ווערן פריילעך. עס פלעגן אַהין אָנקומען מיט באַנען און מיט פורן נייע מענשן פון אַנדערע שטעטלעך, מערסטנס יונגע בחורים און יונגע מיידלעך אַלס וועלגערינס, רעדלער און זעצער. אין די גאַסן פלעגט באַלד ווערן לעבעדיגער, אין די קראָמען לעבעדיגער און אין די יונגע הערצער לעבעדיגער. נייע פּנימ׳ר האָבן זיך מיט נייע פּנימ׳ר באַגעגנט. און אָט איז די שמחה געוואָרן נאָך גרעסער, ווען פאַראַיאָריגע מיט פאַראַיאָריגע האָבן זיך ווידער דערזען.

דאָס אויסזעהן פון די נאַווארידקער מצה־פּאַדראַדן איז געווען: גרויסע שטיבער מיט ווייס־געקאַלכטע ווענט. באַלד ביים אַריינגאַנג איז געווען אַ גרויסער אויוון, פון וואַנען עס האָט כסדר געזשאַריעט אַ פלאַמענדע רויטקייט. אין אַ ווינקל ביים אויוון שטייט אַ לאַנגע לאָפּעטע און אַ לאַנגער שמאָלער קיילעכיגער שטעקן. אַ ביסל אָפּ־געררוקט פונ׳ם אויוון שטייען גרויסע שטרויענע קוישן. ביים ברענענדען אויוון צווישן לאָפּעטע, שטעקן און גרויסע קוישן, שטייט דער „זעצער״, וועלכער באַקט די מצות. מען רופט אים „זעצער״, ווייל ער זעצט די מצות אין אויוון אַריין.

זיין אויבערשטע העלפט איז כמעט אין גאַנצן נאַקעט און מיט אַ האַנטיכל, וואָס איז פאַרשטעקט אין זיין גאַרטל, ווישט ער זיך אַלע ווײַלע דעם שווייס פון זיין פּנים. דעם זעצער׳ס האָרעוואַניע איז אין פּאַדראַד די שווערסטע און די גרעסט באַצאָלטע. אין דער צייט, וואָס די רעדלער, וועלגערינס און קנעטערינס פאַרדינסטן זייגען איבער דער פּאַדראַד צייט צווישן פערציג און זעכציג רובל, איז דעם זעצער׳ס פאַרדינסט געווען צווישן זיבעציג און ניינציג רובל.

**אַ ביסל אָפּגערוקט פונ׳ם אויוון איז דער רעדלער־טיש.** ס׳איז אַ גרויסער טיש, אַרומגעקלאַפּט מיט אַ גלאַטן גליטשיגן בלעך. אַרום די טישן שטייען כמעט אין אַלע פּאַדראַדן צווישן פינף אָדער זעקס בחורים רעדלער. אין זייערע לינקע הענט האַלטן זיי קליינע שמאָלע קיילעכיגע שטעקעלעך און אין זייערע רעכטע הענט האַלטן זיי אייזערנע צאַקיגע רעדלעך מיט הילצערנע הענטלעך.

אַ ביסל אָפּגערוקט פונ׳ם דערלער־טיש שטייען די מיידלעך וועלגערינס. דאָרטן ליגן אויף האָלצערנע „סטאַיאַקעס״ צוויי שורות לאַנגע ווייס־געהובלטע ברעטער, וועלכע דערלאַנגען פון איין וואַנט

צו דער אַנדערער. די הויך פון די ברעטער איז ווי פון אַ טיש. פון ביידע זייטן ברעטער, איינס געגן די אַנדערע, שטייען אין שורות צווישן צוואַנציג און דרייסיג וועלגערינס מיט וואַלגער־העלצער אין די הענט. מיט גלאָז־פּאַפּיר שאָבן זיי אַלע ווײַלע אָפּ די טייג פון זייערע „קאַטשעל־קעס" און דעם אָרט וואו זיי וועלגערן אַזוי, אַז סיי דאָס וואַלגער־האָלץ און סיי די ברעטער זייגען גלאַט און גלאַנציג.

נאָנט פון די וועלגערינס איז די קנעטערין. זי שטייט נעבן אַ גרויסע שיסל, וועלכע איז נעבן איר אויף אַ באַנק. ביי דער קנעטערינס איין זייט שטייט אַ קליין מיידעלע און זיפּט כסדר פון אַ מאָס דאָס מעל אין דער שיסל אַריין — און ביי דער קנעטערינס צווייטער זייט שטייט אַ קליין אינגעלע און גיסט פון אַ קענדל וואַסער אין דער שיסל מעל.

די קנעטערין גיט יעדעס מאָל מיט האַסט אַ שטופּ ביידע הענט אין די שיסל מיט וואַסער און מעל. גיט אַ מיש, אַ קנעט — און גיט אויף גיך אַרויס אַ מיירע טייג און אַ לייג אַוועק די מיירע אויף די ברעטער צו די וועלגערינס. מיט אַ שאַרפן מעסער גיט זי דאָס דאַן אַ שניט אויף קליינע טייגעלעך און לויפט צוריק צו איר שיסל מעל מיט וואַסער. די וועלגערינס ווי פייל פון בויגן צוכאַפּן די צושניטענע שטיקלעך טייג און גיבן עס אויף גיך אַ קנעט אויס ווי אַ קליין בולקעלע.

דער לעצטער קנעט קומט מיט אַ שטאַרקן זעץ אויף'ן ברעט. מען גיט אויף גיך אַ לייג אַרויף די קאַטשעלקע אויף'ן טייגל און מיט די דאָלאַניעס גיט מען גיך־גיך אַ וואַלגער אויס פון דער בולקעלע טייג אַ דין קיילעכיגע מצה'לע — און אויף דערזעלבער קאַטשעלקע גיט ביי דעם לעצטן וועלגער יעדע וועלגערין אַ גיכן טראָג־צו איר מצה צו דעם רעדלער־טיש.

די רעדלער, זיך אָפּט דערביי איבערשמייכלנדיג און איבער־ווינקענדיג מיט די וועלגערינס, גיבן אויף גיך אַ כאַפּ די בלעטל מצה אויף זייערע שטעקעלעך. מיט די שטעקעלעך האַלטן זיי דאָס צו אויף'ן בלעך און מיט די רעדלעך גיבן זיי אַ רעדל די מצה אַרויף אַראָפּ אין ליניעס — און ווען די רעדלעך שטייען נאָך אויף דער לעצטער ליניע פון דער מצה, גיט שוין דער זעצער אַ צי אויס דעם לאַנגן שטעקן צו די רעדלער'ס טיש. מיט זייערע רעדלעך גיבן דאַן די רעדלער גיך אַ בויג אַרויף די מצה אויף'ן זעצער'ס שטעקן.

דער זעצער גיט אַ הויב דעם לאַנגן שטעקן מיט די הענגנדע בלעטלעך מצות און אַ לייג אַריין אין אויוון, איין שורה און נאָך אַ שורה. אַ שטעל אַוועק דעם שטעקן, און אַ כאַפּ די לאָפּעטע און אַ כאַפּ אַרויס פונ'ם אויוון די אויסגעבאַקטע מצות און אַ וואָרף אַריין אין די הויכע קוישן.

די אַרבייט אין „פּאַדראַד״ איז געווען אַ שרעקליך שווערע, ס׳איז געווען אַן אמת׳ע פּאַנשטשינע, פלעגן אַלע וועגן דעם זאָגן. מען איז געגאַנגען שלאָפן ערשט ווען דער מאָרגנשטערן האָט זיך באַוויזן און מען פלעגט צוריק אויפשטיין ווען דער האָהן האָט נאָך נישט געקרייהט.

ביי די ווּעלגערינס פלעגן פון די קאַטשעלקעס ווערען פאַר־האַרטעוועטע מאַזאָליעס אויף די הענט. דאָסזעלבע אויך ביי די רעדלער פון זייערע רעדלעך. די קנעטערינס הענט פלעגן ווערן ווי קלעצער און דעם זעצער׳ס הענט פלעגן זיין צוברענטע. אויך זייערע אַלעמענס פיס און דער גאַנצער קערפּער זיינען פון די לאַנגע שעה׳ן שטייען געבליבן אַנגעדראַלט און ביז שבועות פלעגן די הייסע טעפּ וואַסער נאָך אַלץ נישט קענען אָפּווייקן די האַרטע מאַזאָליעס פון די פּסח׳דיגע פּאַדראַדן.

אַלע האָבן געוואוסט, אַז די מצה־פּאַדראַדן איז אַ פּאַנשטשינע, אָבער עס האָט אַהין געצויגן, ווייל די שווערינקייט האָט אויך געהאַט אַ מעלה, חוץ די פּאַרדינסטען איז דאָרט געווען זעהר פריילעך. מערסטנס זיינען אַלע געווען יונגע בחורים און יונגע מיידלעך. עס פלעגט צוזאַמען מיט׳ן האַסטיגן אַרבייטען לויפן האַסטיגע געזאַנגען, האַסטיגע „חכמות״, האַסטיגע געלעכטערס, האַסטיגע איבערווינקעניישן און צוזאַמן מיט׳ן אויסבאַקן די מצות, פלעגן זיך אויך אין די פּאַדראַדן אויסבאַקן ליבעס און גאַנץ אָפט חתונות.

— — — — — — — — — — — — —

איך זיץ אין דער ברעמענער „גאַרקיך״, קוק אויף דער פּאַניע־נקע, וואָס פּאָרט צוריק פון אַמעריקע און עסט מצות און איך דערמאָן זיך, ווי צוליב מיר איז אַמאָל אין איינעם פון די נאָוואָרידקער מצה־פּאַדראַדן שיר אָפּגעלאָשן געוואָרן אַן אויוון מצות — און פּאַסירט האָט אָט וואָס:

איך פלעג שטענדיג ליב האָבן אַריינצולויפן אין אַ „פּאַדראַד״ און אויסוועלגערן אַ מצה׳לע. קענענדיג אַ סך פון די וועלגערינס, האָב איך מיך אַריינגעשטופּט צווישן זיי, זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ קלעצל אָדער אַ קעסטל, כדי איך זאָל קענען דערגרייכן צו דעם ברעטער־טיש און האָב אַרויסגעהאָלפן די וועלגערינס. אַמאָל אויס־געוועלגערט אַ מצה פאַר איין מיידל און אַמאָל פאַר אַן אַנדערער, וועלכע פלעגט מיר גיבן איר קאַטשעלקע און זיך אַ ווײלע אָפּרוען.

איינמאָל האָט מיך דערזען דער בעל־הבית. די וועלגערינס האָבן מיך געהאַט פאַרשטעלט — האָט דער מצה־פּאַדראַטשיק לייבע נישט באַמערקט, אַז איך שטיי אויף אַ קלעצל און ער האָט געמיינט, אַז איך

בין אַ גרויסע, אַן אמת׳ע וועלגערין, און אַזוי ווי וועלגערינס האָט אַלעמאָל אויסגעפּעהלט, האָט ער פון מיר געלאַכט און געזאָגט, אַז צו־וואָס דאַרף איך אַרבייטען פאַר די מיידלעך אומזיסט, ווען איך קען זיך ביי אים אָנדינגען און פאַרדינען געלד.

איך האָב זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, איך האָב באַלד באַקומען אַ שפּאָגל־נייע קאַטשעלקע, וועלכע האָט מיך שטאַרק געריינצט און איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבייט. און ווען איך האָב שוין געהאַט אָפּגעהאַרעוועט כמעט אַ גאַנצן טאָג, האָט זיך דערפון דערוואוסט מיין ברודער הערץ־לייב און איז אויף גיך געקומען סטראַשן לייבע דעם פּאָדראַטשיק, אַז אָט־אָט גיסט ער שוין אריין אַן עמער וואַסער אין אויוון מיט די מצות פאַר׳ן לאָזן אַ קינד אַ יתומה׳לע טאָן אַזאַ שווערע מלאכה.

מיין ברודער שטופּט דאַן מיינע דאַלאָניעס מיט די שוין אָנגעשוואָלענע מאַזאָליעס דעם פּאָדראַטשיק אין פּנים אַריין, טענה׳דיג: „נאַ זעט, זעט ר׳ לייב, וואָס איר האָט געטאָן! פּאַסט אַזאַ זאַך פאַר אַ זוהן פון דעם גאָטספאָרכטיגן ר׳ ניסן בעקער?"

לייבע דער פּאָדראַטשיק האָט זיך נישט אַזוי דערשראָקן פאַר׳ן אויסלעשן דעם אויוון ווי ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר מיין ברודער, דעם דעמאָלדיגן ישיבה־בחור — און פאַר זיין אייגענעם טויטן גאָטספאָרכטיגן טאַטן, וועמען דאָס שטעטל האָט געדענקט צוליב אַ שיינע מעשה, וואָס מען פלעגט פון אים שטענדיג דערציילן.

און לייבע דער פּאָדראַטשיק האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט געמיינט, אַז איך בין אַ גרויסע, וויל פון וואַנען האָט ער געקענט זען, אַז איך שטיי אויף אַ קלעצל?

איז דעמאָלט באַלד געוואָרן אַ סוף צו מיין שווערער האָרעוואַניע. אַזוי ווי איך האָב אָבער שטאַרק געוויינט, אַז מיין ברודער זאָל מיך לאָזן פאַרדינען אויף אַ נייע קליידל אויף פּסח, האָט מיך דערפאַר דער פּאָדראַטשיק אָנגעדונגען, אַרויס צו העלפן דער מיידעלע מיט׳ן אינגעלע גיסן וואַסער און זיפּן מעל — אַן אַרבייט, פאַר וועלכער ער האָט געצאָלט דריי רובל פאַר דער צייט פון׳ם פּאָדראַד. אָט די אַרבייט האָט מיך שוין מיין ברודער געלאָזט טאָן און ער איז אַוועק צוריק צו זיין לערנען.

ווען די וועלגערינס און רעדלער, וואָס אַ סך פון זיי זיינען געוועזן פון פרעמדע שטעטלעך, האָבן איינע די אַנדערע גענומען פרעגן, וואָס אַזוינס עס האָט אַמאָל פּאַסירט מיט אונזער באַלעבאָס׳ טאַטן, וואָס אַלע דערמאָנען עס אים שטענדיג, האָט דעמאָלט געזאָגט די קנעטערין, וועלכע איז שוין געוועזן אַ מיטעליאָריגע פרוי און אַ

געבוירענע נאָווארידקער, אַז זי ווייסט די גאַנצע מעשה וועגן אונזער באַלעבאָס׳ טאַטן. זי איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קליין מיידעלע, אָבער זי געדענקט זעהר גוט, וואָס עס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן אין נאָווארידאָק.

אַלע האָבן זיך גענומען ביי איר בעטן, זי זאָל דערציילן. די קנעטערין האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט דאָס דערציילן, אָבער ערשט שפּעטער, איידער מען וועט גיין שלאָפן. איצט קען זי נישט, ווייל מען דאַרף ריידן וועגן חמץ... אָבער שפּעטער זאָל מען עס איר נאָר דערמאָנען.

אַזוי ווי אַ סך וועלגערינס און רעדלער זיינען געווען אָנגעפּאָרן פון פרעמדע געגענדן און האָבן אין נאָוואָרידאָק נישט געהאַט קיין היימן און אַ סך, וואָס האָבן יאָ געהאַט היימן, האָבן גלאַט נישט געהאַט קיין כח, נאָך׳ן טאָג אַרבייט, זיך צו שלעפּן אַהיים, האָט מען די קורצע צייט, וואָס מען איז געשלאָפן, גענעכטיגט אין דער געביידע פונ׳ם פּאָדראַד.

מען פלעגט איבערדרייען די וועלגער־ברעטער אויף דער אַנדערער זייט און אין די קליידער זיך אויף דעם צושפּארן. די רעדלער האָבן זיך אויסגעצויגן אויף זייער בלעכענעם טיש און אַז עס האָט נישט געסטאַיעט קיין פּלאַץ אויף טישן און אויף בענק, פלעגט מען זיך אויסבעטן אויף דער פּאָדלאָגע.

איידער מען פלעגט זיך צולייגן אויף די געלעגערס, האָט יעדער צוגעטראָגן צום זעצער אַ פּאָר בולבעס מיט הערינג דאָס אָפּ־צובאַקן און דער זעצער פלעגט זיך שוין מיט דעם ספּראוון. ביי די זייטן פון די ברענענדע קוילן פלעגט ער דאָס אויף גיך געבן אַ באַק אָפּ.

אַזוי ווי בולבעס מיט הערינג איז נישט קיין חמץ, פלעגט מען זיך אויסזעצן אויף די איבערגעקערטע ברעטער, אַריינגעמען אין די שויסן די הייסע בולבעס מיט די הערינג, אַרויס־גנב׳ענען פון די קוישן עטליכע מצות און די סעודות פלעגן זיך אָנהויבן מיט געזאַנג, געלעכטער און איבערווינקעניש, זיך צו טרעפן שפּעטער אין דרויסן, אָדער צו גיין שפּאַצירן שבת אין שלאָסגאַס.

יענע נאַכט, ווען מען איז זיך אַזוי אַלע געזעסן און געגעסן די בולבעס מיט הערינג מיט די באַהאַלטענע מצות, האָט די קנעטערין זיך גענומען דערציילן די מעשה פון דעם פּאָדראַטשיק׳ס טאַטע.

אַלע האָבן זיך נייגיריג צוגעהערט און די קנעטערין האָט דערציילט, אַז אַמאָל־אַמאָל האָט ר׳ ניסן בעקער, לייבע׳ס טאַטע זכרונו לברכה, געהאַט זיין ברויט־בעקעריי אויף דער שלאָסגאַס.

ניין, דערמאָנט זי זיך, עס איז שוין געווען דאַמאָלס, ווען ער האָט

געוואוינט אויף דער אידישער גאַס. אין נאָוואַרידאָק האָט זיך דאַמאָלס אויך געפונען אַ ווייבל מיט׳ן נאָמען גיטל די עגונה. איר מאַן איז אַוועק־געפאָרן אין אַמעריקע און האָט זי איבערגעלאָזן מיט צוויי עופה׳לעך, איינס אויף דער האַנט און די צווייטע האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָכ׳ן פאַרטוך און ער, נישטאָ, אַזוי ווי דער ים וואָלט אים חלילה איינגע־שלונגען.

גיטל די עגונה מיט די צוויי עופה׳לעך געביך האָבן געגומען ליידן נויט. דאָס אָרימע ווייבל האָט געגומען פאַרזעצן פעריגקע נאָך פעריגקע, קישן נאָך קישן. ליכט האָט זי שוין אויך געבענטשט אויף אַ ציגל, ווייל איר דרשה־געשאַנק, די לייכטער, זיינען שוין אויך געווען פאַר־זעצט און פון מאַן איז אַלץ נישט געווען קיין שטיקל בשורה. גיטל האָט זיך געשעמט אימיצן אויסצוזאָגן פון איר גרויסער נויט און זי מיט אירע עופה׳לעך האָבן געליטן הונגער איין טאָג און נאָך אַ טאָג.

אויפ׳ן דריטן טאָג פון איר הונגער איז זי דורכגעגאַנגען דעם מאַרק. ס׳איז געווען אין אַ פרייטאָג. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי ר׳ ניסן בעקער׳ס גרויסן טיש מיט די לאַבנס ברויט, געקוקט, געטאַפּט די ברויטן, געשריגן אויף איר מיידעלע, וואָס האָט זי געצויגן ביים פאַרטוך און געבעטן עסן! — און ווי ר׳ ניסן בעקער האָט זיך געגעבן אַ קער אָפּ, האָט גיטל אויף גיך געגעבן אַ שאר אַריין אַ לעבל ברויט אין איר קאָשיק.

די גאַנצע וואָך דערנאָך האָט גיטל געלעבט פון דעם לעבל ברויט מיט וואַסער.

אויפ׳ן צווייטען פרייטאָג, ווען ר׳ ניסן בעקער האָט פון וויטנס דערזען אָנקומען גיטל די עגונה, האָט ער אויף גיך אַריינגעשיקט אין שטוב זיין ווייב און דעם זוהן, לייבע — און ער אַליין איז געבליבן שטיין ביי זיין טיש מיט די געבעקס און האָט אויף גיך אויסגעקליבן אַ פרישן לעבל ברויט, מיט נאָך אַ שיין געפלאָכטענע חלה דערצו און האָט דאָס צוגערוקט צום סאַמע ברעג פונ׳ם טיש אַזוי אַז עס זאָל זיין פאַר גיטל׳ן גרינג דאָס אַריין צו שאַרן אין קאָשיק...

אַזוי איז אַוועק איין פרייטאָג, נאָך אַ פרייטאָג און אַזוי שטענדיג דיזעלבע זאַך, ביז עס איז שוין אַוועק כמעט אַ גאַנץ יאָר.

אָבער פּלוצלינג איז גיטל אויפגעריכט געוואָרן, באַקומען פון איר מאַן אַ סך דאָלאַרן און נאָך מיט שיפסקאַרטן דערצו, אַז זי מיט די קינדער זאָלן באַלד קומען צו אים קיין אַמעריקע. איז דאַמאָלט גיטל, די געוועזענע עגונה, גלייך געקומען צו לויפן צו ר׳ ניסן בעקער, און געבעטן, ער זאָל מאַכן אַ רעכענונג, וויפיל געלד זי איז אים שולדיג, ווייל זי פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז ער האָט זיך געמאַכט נישט־

זעהענדיג, ווי זי האָט ביי אים יעדן פרייטאָג גע׳גנב׳ט ברויט מיט חלה.
האָט זיך ר׳ ניסן בעקער גוט צושריען אויף איר, גע׳טענה׳ט, אַז ער הויבט נישט אָן צו וויסן, וואָס זי רעדט, עס האָט זיך איר אַוודאי עפּעס גע׳חלומ׳ט, ווייל ביי אונז אין נאָוואָרידאָק, האָט ער געשריען, איז נישטאָ קיין גנבים — און אויב עס איז יאָ דאָ, ווייסט ער נישט פון זיי. ביי אים האָט קיינער גאָר נישט גע׳גנב׳ט!...
גיטל האָט גע׳טענה׳ט, ער זאָל ביי איר נעמען געלד, ווייל ער ווייסט, אַז זי האָט יאָ גע׳גנב׳ט און ר׳ ניסן בעקער האָט גע׳טענה׳ט, אַז אים קומט נישט קיין געלד, ווייל ביי אים האָט מען גאָר נישט גע׳גנב׳ט. עס האָט זיך איר בלויז גע׳חלומ׳ט אַ באַרישער חלום!
האָט גיטל, די געוועזענע עגונה, געשלעפּט ר׳ ניסן בעקער צום רב פאַר אַ דין־תורה, גע׳טענה׳ט צום רב, אַז צוליב ר׳ ניסן בלייבט זי אַ גנב׳טע. זי דאַרף פאָרן איבער סכנה׳דיגע ימים. פאַר־וואָס זאָל זי ר׳ ניסן לאָזן פאָרן מיט אַזאַ גרויסע עברה איבער איר קאָפּ?
האָט דער רב זיך געבעטן: „ר׳ ניסן, נעמט געלד! די אשה האָט דאָך רעכט!״
האָט אָבער ר׳ ניסן בעקער גע׳טענה׳ט, אַז ער וועט נישט נעמען קיין געלד, ווייל ער וועט נישט נעמען אויף זיך די גרויסע עברה, צו מאַכן אַ אידישע טאָכטער פאַר אַ גנב׳טע...
אַזוי איז נאָוואָרידאָק פון יענער דין־תורה געגאַנגען חאָדאָראָם.
— און מיט וואָס האָט זיך די דין־תורה געקאָנטשעט? — האָט יעדער געפרעגט ביי דער קנעטערין.
— דער רב האָט גע׳פּסקנ׳ט — האָט די קנעטערין ווייטער דערציילט — אַז גיטל זאָל אַליין אויסרעכענען, וויפיל לאַבנס ברויט מיט חלה זי האָט גענומען און דאָס געלד דערפאַר אָוועקגעבן פאַר צדקה און ר׳ ניסן איז געבליבן ביי זיינע טענות, אַז דער אידענע האָט זיך גע׳חלומ׳ט אַ חלום, ווייל ביי אונז אין נאָוואָרידאָק איז נישטאָ קיין גנבים!...

●

## באַראַנאָוויטש

אונזער גרופּע פּאַסאַזשירן איז שוין בשלום אַריבער די פּרייסישע גרעניץ. איצט פירט מען אונז אַלעמען אין באָד אַריין.

חוץ דעם, וואָס מען הייסט אונז, די מענשן, זיך וואַשן און שוויצן, נעמט מען פון אונז אויך אַוועק אונזערע אויסגעטועגע קליידער. מען דושעט און מען פּאַרעט זיי, אַז עס גייט אַזש פון זיי אַ רויך און אַ סמאָלינעס.

ביי אונז אַלעמען ציטערן די הערצער, אַז עס זאָל כאָטש פון אונזערע קליידער נישט ווערן קיין שרפה. מיר וועלן נאָך אָנשטאָט קומען קיין אַמעריקע, בלייבן נאַקעט אין באָד.

פון אונטער דער פּאַרע פונ׳ם באָד און שרעק פאַר שרפה רוקט זיך פאַר מיר אַרויס נאָך אַ שטעטעלע מיינע און נאָך אַ „וואָקזאַל״. אָט שוועבט פאַר מיר אַרויס באַראַנאָוויטשער וואָקזאַל און באַלד נאָך׳ן וואָקזאַל מיין שטעטעלע באַראַנאָוויטש, וואו מיר האָבן געוואוינט אַ ביסל יאָרן.

אָט דערזע איך באַלד ביים וואָקזאַל ביי באַראַנאָוויטש: שיינע נייע גאַסן, אַלייען מיט געפלאַנצטע יונגע און אַלטע ביימער. און אָט קום איך אַריין אין אַלט־באַראַנאָוויטש, טאַקי אין סאַמע באַראַנאָוויטש. אָט דערזע איך דאָ דעם מאַרק, וואָס קוקט אים זומער אויס ווי אַ פאַרזייעטער גאָרטן מיט אַלערליי בייטען, ווען פון די טישלעך, בענקלעך, מולטערלעך, צובערלעך שפּראָצן אַרויס נייאינקע בולבעס, יונגע געלע מייערלעך, רויטע און ווייסע רעטעכלעך, גרינע ציבעלקעס, גרינע אוגערקעס, שוואַרצע יאַגדעס, רויטע פּאָזיאָמקעס, עפּל, באַרנעס, פלוימן — אויף צו מאַכן „שהחיינו״.

און אָט האָט מען גאָר אין מיטן מאַרק פאַרצויגן אַ שטריק מיט דראָטן, אויסגעשפּרייט אַ קאָלדרע אויף דער ערד און קונצמאַכער מיט נאַקעטע פיס קוליען זיך דאָרט איבער. אַ קונצמאַכערקע מיט אַ קורצע קליידעלע גייט גאָר אויף אַ דראָט און נאָך מיט פאַרבונדענע אויגן דערצו.

נישט נאָר ביי אונז קינדער ציטערן דאַמאָלס די הערצער, נאָר אויך ביי די דערוואַקסענע מענשן ציטערט דאָס האַרץ, אַז אָט־אָט וועט די שיינע קונצנמאַכערקע אַרונטערפאַלן פונ׳ם דראָט. אָבער גאָט צו דאַנקען, זי פאַלט נישט אַרונטער. נאָכדעם גייט איינער פון די קונצן־מאַכער אַרום מיט זיין היטל און נאָך איינער פון זיי דרייט אַ קאַטע־רינקע און אַלע מענשן וואַרפן אַריין מטבעות אין היטל.

איך לויף פונ׳ם מאַרק דורך די שיינע באַראַנאָוויטשער געסלעך גיך צו מיר אַהיים, צו בעטן ביי מיין מאַמע אַ מטבע פאַר די קונצן־מאַכער.

די שיינע באַראַנאָוויטשער געסלעך ווערן אָבער פאַר אונז באַלד אויסגענעצט אין מיין שוועסטער׳ס און מיין מאַמע׳ס טרערן. מיין

שוועסטער'ס מאַן שטאַרבט באַלד נאָך איר חתונה און זי דאַרף נעמען „חליצה".

איבער דעם גאַנצן שטעטל העגגט אַרונטער דאָס שרעקליכע וואָרט „חליצה". קליין און גרויס דערציילן זיך מעשיות וועגן דעם, וי צען גרויסע רבנים פון אַלע אַרומיגע שטעט און שטעטלעך וועלן זיך צוזאַמענקומען אין אונזער באַראַנאַוויטשער שוהל און מען וועט אין שוהל אויסהענגען לײַלעכער, הינטער וועלכע עס וועט שטיין מײַן שוועסטער עלקע'ס טויטער מאַן און קוקן, ווי זי נעמט „חליצה"...

מײַן מאַמע, גיסנדיג הייסע טרערן, בעט ביים רבונו של עולם, ביי איר יעדען מאָל דאַוונען, סיי אין דער פרי און סיי ביי מנחה־מעריב, אַז גאָט ברוך הוא זאָל האַלטן זײַן רעכטע האַנט אויף מײַן שוועסטער און ער זאָל זען, אַז מײַן שוועסטער עלקע'ן זאָל דאָרט אין שוהל גרינג אָנקומען דאָס אָפּקניפּן די פּאַרקניפּלטע בענדלעך אויף דעם שוך פון איר שוואָגער'ס פוס.

ביי מײַן „מודה אני" און קריאת־שמע לייענען בעט איך אויך גאָט, וואָס מײַן מאַמע בעט. איך רייד אויך אָן אַלע מײַנע חבר'טעס און חברים'לעך, אַז ביי זייער „מודה אני" און „קריאת־שמע לייענען" זאָלן זיי אויך האַבן אין זינען, אַז מײַן שוועסטער זאָל דאָרט אין שוהל קענען אויפּפּלאָנטערן דעם קניפּ.

ענדליך איז מײַן שוועסטער עלקע גאָט צו דאַנקען איבער־געקומען דעם גרויסן אומגליק פון „חליצה". דאָס שטעטל באַראַנאַוויטש האָט נאָך דער „חליצה" פרייער אָפּגעאָטעמט און צוריק באַקומען איר חן...

און אָט באַגעגנט אונז אין באַראַנאַוויטש אַן ערב־פּורים. כמעט אַלע מאַמעס אין שטעטל מישן אין דעם טאָג אין פּאָרצעלייענע טעלער־לעך און שיסעלעך מאַן מיט האָניג, מיר, די קליינוואַרג, לויפן אַלע ווײַלע פון דרויסן אין שטוב, גיבן פּאַר'גנב'ט מיט'ן שפּיץ פון אונזער פינגער אַ ריר אָן דעם מאָן און מיט דער צונג אַ לעק אָפּ דעם פינגער. אייניגע מאַמעס דערזעען און גיבן אַ פּאַטש איבער דער האַנט. אַנדערע מאַמעס רוקן צו מיט'ן לעפל אַ ביסל פון דעם פאַרמישטן מאַן מיט האָניג צום ברעג טעלער, מורמלנדיג: „נאַט, נאַט, נאַשערס, נאַט גנב'ט נישט!"

באַלד ווערט אָבער ביי די מאַמעס דער טייערער זיסער מאָן אַרײַנגעפּאַקט אין גראָבע בלעטלעך טייג, דאָס טייג ווערט אין די ווינקלן צוזאַמענגעקלעפּט און מיט לאָפּעטעס אַרײַנגעשטופּט אין דעם אויוון. און מיר ווייסן שוין, אַז פונ'ם אויוון וועלן באַלד אַרויסקומען פרישע המן־טאַשן. לאָזן מיר קינדער צו־רו אונזערע מאַמעס ביי די

אויוונס און לויפן מיט געפילדער איבער׳ן דרויסן, צו קלאַפּן אויף אונזערע „קאַלעקאַטקעס״.

די אמת׳ע הנאה פון אונזערע „קאַלעקאַטקעס״ האָבן מיר ערשט ביי נאַכט, ביים לייענען די מגילה. יעדעס מאָל, וואָס עס ווערט דערמאָנט דאָס וואָרט „המן״, ווייזן מיר שוין, אַז איצט איז געקומען אונזער צייט, צעהוליען מיר זיך דעמאָלט מיט אונזערע קאַלעקאַטקעס מיט אַזאַ בראַזגעריי, אַז מיר מאַכן אַזש דעם המן הרשע אין גאַנצן טויב . . .

אָבער ביי אונז קינדער איז דער אמת׳ר פּורים נישט די מגילה, אפילו נישט די פּורים־סעודה, נאָר דאַמאָלס ווען מיר לויפן אַרום איבער די באַראַנאָוויטשער געסלעך און צוטראָגן דעם „שלח מנות״.

אונזערע מאַמעס דעקן אַריבער אַ טעלער מיט אַ ווייסער סערוועטקע, אונטער דער סערוועטקע אויף׳ן טעלער וואַקסט אויס אַ גאַנצער בערגל. די מאַמעס נעמען אויף אַלע פיר עקן פון דער סערוועטקע, פאַלדעווען דאָס צוזאַמען אונטער׳ן דעק פונ׳ם טעלער און גיבן דאָס אונז אין אונזער הויפּן אַריין. אָנזאָגנדיג, אַז מיר זאָלן נישט לויפן, נישט פאַלן און למען־השם נישט צוברעכן די טעלער — און מען צושיקט אונז מיט׳ן „שלח מנות״ צו משפחות, פריינד און שכנים.

ווען איך קום אַריין צו אַ מומע, צו אַ שוועסטער־קינד און גיב אַ זאָג: „נאַט, מיין טאַטע־מאַמע האָט געשיקט שלח־מנות!״ — און יענע דעקט אָפּ די סערוועטקע, דערזע איך ערשט, אַז אויף מיין טעלער ליגט, ווי מיין מאַמע וואָלט געזאָגט, אַ „גן עדן״ פון אַלעם גוטן: אָפּעלזינען, המן־טאַשען, באָב, אַרבעס, צוקערקעס פון אַלערליי סאָרטן, קאָנפעקטן געוויקלט אין פּאַפּירלעך, און צוקערקעס אָן פּאַפּירלעך, זיסע און ווייניגע הערצעלעך און פּיטשעמאַנטשיקע פלעשעלעך פון אַלערליי קאָלירן, רויטע, גרינע און ראָזעווע.

די מומע אָדער שכנה ליידיגט אויס דעם טעלער מיט מיינע גוטע זאַכן און לייגט באַלד אַרויף אויף דעמזעלבן טעלער אירע גוטע זאַכן, אירע אָפּעלזינען, אירע צוקערקעס, אירע באָב מיט אַרבעס און אירע המן־טאַשן. דעקט דאָס צוריק אַריבער מיט דער סערוועטקע און גיט מיר פאַר׳ן גאַנג אַמאָל צוויי קאָפּיקעס און אַמאָל אַ קופּערנעם זעקסער און אַמאָל, אַז איך טרעף דעם פעטער, אָדער אַנשטאַט דער שכנה דעם שכן, גיט מען מיר אַ ווייס זילבערנעם פונף־קאָפּיקעס אָדער צען קאָפּיקעס — און איך לויף מיט שמחה מיט אַ נייעם שלח־מנות איבער אַן אַנדער באַראַנאָוויטשער געסל.

אַ סך אַ סך אַזעלכע סצענקעס שווימען אַרויס אין מיין זכרון פון מיינע קינדער־יאָרן אין באַראַנאָוויטש. אָבער מער פון אַלעס געדענקט זיך מיר די דאָרטיגע אידישע „פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע״.

אין באַראַנאָוויטש האָבן זיך פלוצלינג אָנגעהויבן באַווייזן שרפות. צום ערשטן קליינינקע פאַזשאַרעלעך, אַזעלכע ווי ביי דער געראָטענער אסתר־קיילע, ווי דאָס שטעטל האָט איר גערופן. האָט זיך פון אירע פרייטאָג־צו־נאַכטיגע ליכט אָנגעצונדען אירע פענסטער־פאַרהענגלעך, און ווען די שטוביגע וואָלטן חלילה נישט דערזען אין צייט און אויף גיך אַרויף־גערופן נאָזשיק׳ן דעם „שבת־גוי״ — און ווען ער, נאָזשיק וואָלט דאָס נישט אויף גיך אָפּגעלאָשן, וואָלט אפשר דאַמאָלס האַלב באַראַנאָוויטש פאַרברענט געוואָרן אויף קויל.

אַזוי האָבן דעמאָלט דערציילט מיינע חבר׳טעס, אַז זיי האָבן דאָס אַליין געהערט פון זייערע מאַמעס.

אסתר־קיילע האָט גראָד גע׳טענה׳ט, אַז אירע לייכטער זיינען געשטאַנען אָפּגערוקט פון די פאַרהענגלעך און אַז אימיצער, אַ גוי מן־הסתם, האָט דורך דער אָפענער פאַרטקע פונ׳ם פענסטער אַריינגערוקט אַ האַנט, צוגעטראָגן דעם לייכטער צו אירע שיינע אָנגעקראָכמאַליעטע פאַרהענגלעך. קיינער האָט איר אָבער נישט געגלויבט.

אַ ביסל שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פאַזשאַרן פון די געשמאַקע טשאָלענטן. פונקט אין די שטיבער ביי די בעקערס, וואו עטליכע מאַמעס האָבן פאַררוקט זייערע טשאָלנטן, פלעגט פלוצלינג אויסברעכן אַ שרפה. די אַנדערע באַלעבאָסטעס פון באַראַנאָוויטש האָבן באַלד געכאַפּט אַ העלפט פון זייערע טשאָלנטן און גיך געלאָפן מיט דעם זיך טיילן מיט די „אָפּגעברענטע״.

דאָס שטעטל האָט דענסטמאָל אויסגעלאָזן דעם גאַנצן כעס צו באַראָווסקי דעם קוימנקערער, גע׳טענה׳ט, אַז באַראָווסקי נאַרט אָפּ די אידן, ער קערט נישט אויס ריין זייערע קוימנס און פון דעם קומען אַרויס די שרפות.

אַ סך פון מיינע חבר׳טעלעך זיינען אפילו באַלד געוואָרן דערפאַר ברוגז און זיך אויפגעהערט שפּילן מיט פעשקע און וויכנע׳ן, באַראָווסקי דעם קוימנקערער׳ס צוויי טעכטערלעך, זיי נאָכגעשריען: „בע—בע, דיין טאַטע איז אַ שלעכטער קוימנקערער!״...

באַראָווסקי איז געלאָפן צום רב, געוויינט, גע׳טענה׳ט, אַז אידן באַשולדיגן אים אומזיסט און אומנישט, באַוויזן דעם רב זיינע נייע בעזעמלעך, געשוואוירן ביי טלית און תפלין, ביי ווייב און קינדער, אַז ער שפּאָרט נישט קיין צייט און קיין כח פאַר די אידישע קוימנס און אַז ער קערט אויס אַ קוימנדל, ווערט די סאַזשע פונ׳ם קוימן אַזוי וויים ווי דער געפּאָלענער שניי... ער האָט אויך געבעטן, אַז אידן זאָלן מיט אים אַרויפקלעטערן אויף אַ פּאָר דעכער און אַריינקוקן אַליין אין די קוימנס, וועט מען זען, צי ער איז שולדיג.

משה׳קע דער באָנדער, וואָס קלאָפּט רייפּען אויף פעסער מיט באָליעס, און זלמן דער קאַראַבעלניק, וואָס האָט געוואוינט ביים עק שטעטל און צו וועמען מיר קינדער פלעגן אַוועקטראָגן די בייגער פון׳ם שבת׳דיגן טשאָלנט, צו קריגן דערפאַר אַ פּאָר גראָשן אויף צוקערקעס. אָט די צוויי האָבן טאַקע אַרויפגעקלעטערט מיט באַראָוו־סקי׳ן דעם קוימנקערער, אַריינגעקוקט אין די קוימנס און עדות געזאָגט, אַז אַזעלכע ריינע קוימנס קענען נישט ברענען.

ווען שפּעטער האָבן זיך די שרפות אָנגעהויבן פון אַ שטעלעכל אָדער פון אַ פּלאַנקן, דאָרט וואו עס איז גאָר נישטאָ אין גאַנצן קיין קוימנס, זיינען דאַמאָלס באַראַנאָוויטשער אידן געלאָפן בעטן באַראָווסקי זאָל זיי מוחל זיין. געמיינט, אַז דאָס שטראָפט זיי גאָט, ווייל מען האָט אומזיסט פאַרשעמט אַ אידן.

באַראָווסקי האָט די באַראַנאָוויטשער אידן מוחל געווען, אָבער די שרפות האָבן נישט אויפגעהערט. און באַלד האָט טאַקע באַראָווסקי צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר אידן געכאַפּט אַ פּאָר שקצים, וואָס האָבן זיך שכורערהייט באַרימט, אַז זיי האָבן ליב אונטערצוצינדן אידישע היימן, כדי צו זען די פריילעכקייט, ווי עס ברענען דאָרט די שבת׳דיגע קוגעלעך. און אין דער צייט פון דער שרפה קענען זיי שוין אין איינוועגס אַרויס־גנב׳ענען אַ קישן פון געגזענע פעדערן, אַ כלה׳ס גאָלדע־נע אויערינגלעך, אַ חתן׳ס זייגער מיט אַ קייט און נאָך און נאָך גוטע זאַכן, וואָס געפינען זיך אין אידישע היימן.

עטליכע געזונטע אידישע בחורים האָבן באַלד אויף׳ן אָרט די פּאָר שקצים אונטערגעהאַקט די אויגן מיט די זייטן, אָבער דאָס האָט נאָר געבראַכט נייע צרות, ווייל כאָטש דער אוראַדניק צוזאַמען מיט׳ן פּריסטאַוו האָבן גוט געוואוסט, אַז וואָס ביי אַ ניכטערן אויף׳ן לונג איז ביי אַ שכור׳ן אויפ׳ן צונג, אָבער אַזוי ווי פאַר׳ן האַנט האָט מען נישט געכאַפּט, האָט מען געשלעפּט די אידישע בחורים׳לעך אין „אוטשאַסטאָק" פאַר׳ן שלאָגן אומשולדיגע שכורים.

האָט איבער׳ן שטעטל באַלד גענומען רינגען צושראָקענע מאַמעשע טע־ערן און אויך פליען אין די קעשענעס פון נאַטשאַלסטוואָ אידישע טאַטעס׳ קערבלעך און עס זיינען באַלד די אידישע זיהן בשלום אַהיימ־געקומען. אָבער די שרפות זיינען ווידער אָנגעגאַנגען. זיינען דעמאָלט די אידישע בחורים געפאַלן אויף אַ פּלאַן. מען איז געוואָרן וועכטער, מ׳האָט זיך פאַרשטעקט פאַר גאַנצע נעכט הינטער די שטיבער, כדי צו דערהיטן און כאַפּן די אונטערצינדער. האָט מען טאַקע געכאַפּט אַ פּאָר צעווילדעטע שכורים מיט עמערס קעראָסין, ווי זיי האָבן געהאַלטן

ביים אונטערצינדן. איז ווידער געוואָרן געשלעגן און ווידער „אוטשאס־טאָק״...

זיינען דאַמאָלס די באַראַנאָוויטשער העלדישע אידישע בחורים געפאַלען אויף אַן אַנדערן פּלאַן, ווי אַזוי אויסצוראָטן די אונטער־צינדער: נ ק מ ה! אַ שטוב פאַר אַ שטוב, אַ היים פאַר אַ היים! פאַר יעדע אידישע היים, וואָס וועט ברענען, זאָל מען אונטערצינדן אַ גוי׳שע היים!...

האָבן זיך דעמאָלט איבער אַ נייעס אָנגעהויבן מאַמעשע טרערן צוזאַמען מיט טאַטעשע געוואַלדן. אין קליינינגקייט, האָבן די טאַטעס גע־טענה׳ט, זיך אָנהויבן מיט עמלק׳ן! עס קען נאָך חלילה אויסברעכן אַ פּאָגראָם!

האָבן די יונגע העלדישע זיהן ווידער גע׳טענה׳ט, אַז די שרפות מיט די פּאָגראָמען קומען טאַקע נאָר דערפאַר, וואָס מען שווייגט, נאָר דערפאַר, ווייל אידן האָבן מורא צו געבן צוריק.

די טאַטעס האָבן אָבער געגוואַלדעוועט, אַז אידן זיינען נישט און טאָרן נישט זיין קיין אונטערצינדער — און די מאַמעס האָבן זיך געבעטן דורך הייסע טרערן, אַז זיי וועלן בעסער פון די שרפות אַרויס־גיין אין איין העמד, איידער די זיהן זאָלן חלילה אַריינפאַלן אין נאַט־שאַלסטוואָ׳ס הענט אַלס אונטערצינדער...

זיינען די מאַמעשע טרערן געווען שטאַרקער ווי די געזונטע העלדישע זיהן און די יונגע אידישע לייט האָבן גענומען זוכן אַנדערע עצות, ווי אַזוי צו לעשן די שרפות. איז מען דענסטמאָל געפאַלן אויף אַ פּלאַן, איינצואָרדנען אין באַראַנאָוויטש אַן אייגענע אידישע „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע״.

און דעמאָלט איז געוואָרן פרייליך אין שטעטל. ברוך דער שניי־דער האָט זיך באַלד גענומען צום אויפנייען פאַר די פּאָזשאַרניקעס בלויע מונדירן מיט אַ רויטן פּאַס אויף די אַרבל און אַ רויטן רימענעם פּאַס אַרום די בחור׳שע טאַליעס און מענדל דער קירזשנער האָט געמאַכט היטלן, וואָס זיינען געווען ווי ער אַליין האָט געזאָגט: „שוין איינמאָל היטלן״, גאָר נישט קיין היטלן, נאָר צאַצקעלעך, פּשוט אַ מחייה אָנצוקוקן!

די שוואַרצע לאַקירענע ברילעקלעך מיט די רויטע געוואַנטענע פּאַסן האָבן געגלאַנצט אַ מייל די ווייט, ווען די אידישע בחורים האָבן אָנגעטאָן די פּאָזשאַרנע מונדירן מיט די פּאָזשאַרנע היטלן און אין זייערע גאַרטלען אַריינגעשטעקט די בלישטשענדע שאַרפע העקעלעך, האָבן דעמאָלט אַלע מאַמעס געזאָגט, אַז זייערע זיהן קוקן אויס נישט ווי פּאָזשאַרניקעס, נאָר ווי גאַנצע אָפיצירן און די מאַמעס האָבן

שטילערהייט גאָט געבעטן, אַז חוץ פּאָזשאַרן זאָל זיי אויך קיין עין־הרע נישט שאַטן . . .

און מיין מאַמע פלעגט זאָגן, אַז יעדעס מאָל ווען מיין ברודער בערל־איטשע טוט אָן זיין פּאָזשאַרנע היטל, שיינט ער אַזוי ארויס פון דעם, אַז שיינקע די גרושה ווערט יעדעס מאָל איבער אַ נייעס די כפרה פאַר אים. עס דוכט זיך איר, דער מאַמע מיינער, אַז שיינקע וואָלט אַפילו נישט געהאַרט, ווען עס זאָל זיך אין שטעטל טרעפן כאָטש יעדע באַכט אַ „פּאָזשאַרטשיקל״, אַבי צו זען מיין ברודער אין דער פּאָזשאַרנער היטל.

די פּאָזשאַרנע קליידער האָט אַלעמען אַזוי שיין געפּאַסט, אַז אַ סך האָבן געמיינט, אַז טאַקי צוליב דעם אַליין האַלט זיך די „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע״ אין איין פאַרגרעסערן, ווייל כמעט יעדע שטוב האָט שוין פאַרמאָגט איינעם אָדער צוויי פּאָזשאַרניקעס. אַלט און יונג, קליין און גרויס, האָבן זיך כסדר געמאָלדן אַריין צו גיין אין דער באַראַנאָוויטשער אידישער „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע״.

משה׳קע דער באַנדער האָט אויסגעסטראַיעט אַ גרויס פּאַס, אַ סך אַ גרעסערס ווי האַצקל דעם וואַסער־פירער׳ס. צו דעם פּאַס האָט מען אַיינגעסטראָיעט אַ גרויסע גומענע קישקע און מען האָט אַרויפ־געשלעפּט דאָס פּאַס מיט דער קישקע אויף אַ גרויסן וואָגן. קיין פערד האָט נאָך די קאָמאַנדע נישט פאַרמאָגט. האָבן זיך אייניגע העלדישע „פּאָזשאַרניקעס״ איינגעשפּאַנט אין די האָלאָבליעס און אַ סך פון די אַנדערע פּאָזשאַרניקעס האָבן פון הינטן אונטערגעשטופּט דעם וואָגן מיט׳ן פּאַס. און אַלעס האָט זיך דאַן אַוועקגעלאָזט אין באַראַנאָוויטשער וואַלד, כדי צו מאַכן רעפּעטיציעס, ווי אַזוי צו לעשן די שרפות.

דאָס גאַנצע שטעטל מאַמעס, טאַטעס, קינדער זיינען נאָכגעלאָפן די פּאָזשאַרניקעס אין וואַלד אַריין. דאָרט האָט די קאָמאַנדע אויס־געקליבן הויכע בוימער, געזען אַז די בוימער זאָלן זיין אַזוי הויך ווי די העכסטע באַראַנאָוויטשער שטיבער. אייניגע פּאָזשאַרניקעס האָבן אויף די בוימער געגאָסן וואַסער פון דער גומענער קישקע און די אַנדערע פּאָזשאַרניקעס זיינען געקראָכן אויף די בוימער און געהאַקט מיט די גלאַנציגע העקעלעך איבער די צווייגן. די צווייגן האָבן דאָס געדאַרפט זיין די פענסטער, דורך וועלכע מען דאַרף אַריינקריכן אין אַ שטוב אַריין.

די מאַמעס און די כלות האָבן געקוקט און געקוואַלן פון זייערע העלדן און מיר, די קליינוואַרג, זיינען נאָכגעלאָפן מיט געפילדער און נאָכגעמאַכט אַלעס, וואָס די פּאָזשאַרניקעס האָבן געטאָן.

און וואָס גרעסער און העלדישער עס האָט זיך פאַרצווייגט און

צעוואקסן אונזער אידישע „פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע״, אַלץ ווייניגער איז אין שטעטל געוואָרן די שרפות.

די לעצטע שרפה, וואָס איך געדענק, איז געווען אין מיין אייגענער היים. איך האָב מיך אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט, דערזען און דערהערט, אַז עס איז הייס, ליכטיג און פריילין, מען לויפט, מען פליט און מען שרייט „פּאַזשאַר!״

מיין מאַמע און מיין שוועסטער שרה־חנה וויינען און וואַרפן די בעט־געוואַנט דורכ׳ן פענסטער. באַלד דערזע איך מיין ברודער אין דער פּאַזשאַרנער היטל. ער שטופּט אַרויס מיין מאַמע און מיין שוועסטער דורך די טיר, מיך וואַרפט ער אַרויס דורך׳ן פענסטער און איך פאַל אַרויף אויף אַ באַרג פּערענעס מיט קישנס.

אַלע מאַמעס און קינדער זיצן שוין דרויסן אויף אונזערע בעט־געוואַנט און קוקן ווי די טאַטעס מיט די ברידער, די פּאַזשאַרניקעס, לעשן דעם פּאַזשאַר פון אונזער שטוב. עטליכע פּאַזשאַרניקעס שפּריצן מיט דער קישקע וואַסער אויף אונזערע פענסטער, אַנדערע פּאַזשאַר־ניקעס קריכן אַרויף אויף׳ן דאַך און לייגן נאַסע קאָמפּרעסן צום שפּיץ דאַך.

די שטוביגע מענשן האָט מען אַלעמען אַרויסגענומען, נאָר איינע מיין חבר׳טע יאַכקע׳ס באָבע האָט מען בשום אופן נישט געקענט אַרויסנעמען פון איר קאָמער. זי האָט זיך אַריינגעזעצט אין דעם אַלמער, וואו איר פאַרשטאָרבענער מאַן, דער געוועזענער ראש־ישיבה, האָט אַמאָל געהאַלטן זיינע הייליגע ספרים — און זי האָט גע׳טענה׳ט, אַז כל־זמן דער אלמער וועט שטיין, וועט די שטוב נישט ברענען.

די פּאַזשאַרניקעס האָבן איר אַ ווײלע נאָכגעגעבן. זיי האָבן דערווייל אַרויסגעראַטעוועט אַנדערע חפצים פונ׳ם הויז.

ווען די שטוב איז אָבער געוואָרן אַלץ רויטער און פלאַמיגער, די פונקען פונ׳ם דאַך זיינען געפלויגן אַזש ביז צום הימל, האָבן דעמאָלט די פּאַזשאַרניקעס מיט געוואַלט אַרויסגענומען יאַכקע׳ס באָבע פון דעם אלמער און זי אַרויסגעטראָגן צו אונז אין דרויסן.

און ווען אונזער שטוב האָט זיך צופלאַקערט אַלץ ליכטיגער און ליכטיגער, האָט יאַכקע׳ס באָבע אַרומקוקנדיג דעם דרויסן געזאָגט צו אונז קינדער:

— עס איז טאַקי נאָר אַ נס מן השמים, וואָס עס ברענט דאָרט איצט איר הייליגער אַלמער, ווייל ווען נישט דעם אַלמער׳ס אויסגע־טרוקענטע ברעטער, וועלכע פלאַקערן אַזוי ליכטיג, וואָלט מען אין אַזאַ פינסטערער נאַכט נישט געזען ווי צו לעשן אַזאַ גרויסע שרפה!...

## מייטשעט

דאָס פלעשל עסיג צום איינרייבן דעם שטערן און די געפּרע־גלטע הערינג צום אָפּכאַפּן דאָס האַרץ פון נאָגעניש, וואָס מיין שוועס־טער עלקע האָט מיר מיטגעגעבן אויף דער שיף, איז שוין כמעט אויס־געגאַנגען — און אונזער שיף מיט׳ן קלינגענדען נאָמען „באַרבאַראָסאַ" הערט נאָך אַלץ נישט אויף צו וויגן און צו טרייסלען.

פאַר׳חלש׳טע פון קאַפּוויטיג, פאַרנודעטע אַלע ווילע צום ברעכן, קייקלט זי אונז פון זייט אויף זייט. אָט וויגט זי אונז איין צום איינשלאָפן און אָט טרייסלט זי אונז צום וואַך־זיין...

— נאַ, די טייערע שיף גיט דאָס אונז אַ ביסל די וועלט צו זען! — קרעכצט אַ אידענע און לויפט צו דער פאַרענטשע פון דער שיף, אויסצולאָזן דאָס גודנאָסט פון איר מויל צום בייזן ים.

— עס האָט זיך אונז געוואָלט אַמעריטשקע! — זיפצט אַ איד, וויגענדיג אַהין און צוריק זיין קאָפּ.

— נו, וואָס האָט איר געוואָלט? — חכמה׳ט זיך אַ יונגער מאַן מיט גלאַנציגע וואָנצעס — אַמעריקע זאָל אונז אָנקומען אַזוי גרינג? עפּעס אַזוי מיר־נישט דיר־נישט, און שוין אַמעריקע? דער ווי הייסט ער דאָרט? איך מיין דעם, וואָס האָט אויסגעפונען די אַמעריקע...

— קאָלאָמבוס׳ן מיינט איר! — זאָגט אים אונטער אַ יונגער בחור.

— יאָ, יאָ! — זאָגט יענער — אים מיין איך טאַקע! איז וואָסזשע מיינט איר? אים, דעם קאָלאָמבוס׳ן איז עס אויך נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג, אויסצוגעפינען פאַר אונז די אמעריקע!...

— אוי, הלואי וואָלט ער דאָס בעסער נישט געפונען, וואָלט מיר איצט נישט געווען אַזוי ביטער! — קרעכצט אַ יונג מיידל און וואַקלט זיך אַוועק צו דער פאַרענטשע פון דער שיף, צוהאַלטענדיג זיך דאָס מויל.

— נו יאָ — חכמה׳ט זיך ווידער דער יונגער מאַן מיט די וואָנצעס, זיך וויגענדיג אַהין און צוריק מיט זיין גאַנצן קערפּער — אפשר האָט מיך מיין מאַמע נישט גענוג אויסגעוויגט אין מיין וויגעלע, פאַרענדיגט דאָס איצט די שיף!...

— — — — — — — — — — —

די ווערטער פון וויגן און וויגעלע וועבען ארויס פאר מיין זכרון נאך א וואקזאל און נאך א שטעטעלע, מיין מאמע׳ס און מיין געבורטס־שטעטעל — מ י י ט ש ע ט, דער ערשטער „וואקזאל״ אין מיין לעבן!

איך מאך צו מיינע אויגן און עס דוכט זיך מיר: איך בין נישט אויף דער שיף, נאר אויף מיין ערשטער רייזע מיט דער באן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

סטאנציע מאלטשאט! — שרייט אויס דער קאנדוקטאר.

מיין שוועסטער־קינד עליע דעם פעטער יודל׳ס, וואס זיצט נעבן מיר אין וואגאן, שטעלט זיך אויף, נעמט ארונטער זיין טשעמאדאנטשיק פון דער אויבערשטער באנק, וואס איבער אונזערע קעפ, נעמט מיך ביים הענטל און זאגט:

— קום, דער פאיעזד האט זיך שוין אפגעשטעלט, מיר זיינען שוין אויפ׳ן מייטשעטער וואקזאל!

מיר קומען ארויס אויף דער פלאטפארמע. ער זוכט באלד אויף א בעל־עגלה, לייגט אריין אין וואגן זיין טשעמאדאנטשיק און וויל זיך שוין נעמען אריינזעצן, אבער איך שטיי און באטראכט די שיינקייט פון א „וואקזאל״.

— נו, זי בלייבט דא? — גיט א פרעג גדליה דער בעל־עגלה, אנווייזענדיג אויף מיר.

— זע נאר — גיט זיך א כאפ מיין שוועסטער־קינד עליע האלב־לאכענדיג און האלב־בייזליך — איך האב זי שיר פארגעסן אויפ׳ן וואקזאל. נו, קום שוין! — גיט ער זיך א דריי אויס צו מיר — איך וועל נאך צוליב דיר פארשפעטיגן מיין טאטנ׳ס „סדר״! דו פארגעסט, אז היינט ביי נאכט איז דער ערשטער סדר!

ביי די ווערטער גיט ער מיך א הויב אויף און א זעץ אריין אין וואגן שטרוי, מורמלנדיג: „נאר זי האלט זיך אין איין פארקוקן ווי א קליין ווארענקעלע. פריער האט זי געהאלטן אין איין באטראכטן די באן און איצט דעם „וואקזאל״!...

— דאס איז, דאכט זיך, חיה־פייגע לייזער דעם מלמד׳ס טעכטערל? — פרעגט גדליה דער בעל־עגלה.

— יא, דאס איז זי! — ענטפערט מיין שוועסטער־קינד עליע, וואס פארט פון באראנאוויטש אהיים צו זיין טאטן אויף פסח און איז בייז, וואס מיין שוועסטער עלקע האט אים, דעם חתן־בחור, געגעבן אזא ארבייט, זיך צו ניאנטשען און אהיים־ברייגגען איר קליין שוועסטערל...

— נו — פארענטפערט מיך דער בעל־עגלה — ס׳איז דאך צום ערשטן מאל, וואס זי זעט א באן מיט א וואקזאל! אהין קיין באראנאוויטש, ווען זי איז מיט א פאר וואכן צוריק געפארן צו־גאסט צו איך

שוועסטער עלקע, איז עס דאָך געווען מיט׳ן „אָקס״. איך ווייס, מיין ברודער זיינוול האָט זי אָוועקגעפירט, זי מיט דער עלטערער שוועסטער אידער, שרה־חנה.

— איך ווייס אַלעס! — זאָגט ווייטער גדליה, וועלנדיג באַווייזן, אַז ער ווייסט, וואָס עס טוט זיך איך שטעטל, און ער גיט דאָבײ אַ שמייס מיט זיין בייטש אין דער לופט אַזױ, אַז די בייטש גיט אַזש אַ קנאַק. דאָס פערד גיט אַ הירזשע, אַ שאָקל צו מיט׳ן קאָפּ, אַז עס פאַרשטייט, וואָס דער בעל־עגלה וויל פון אים און טוט אַ הויב די פיס.

די רעדער אונטער אונזער וואָגן הויבן זיך אָן דרייען אויף דער זאַמדיג־שטיינדלדיגער ערד און פּאָר מיינע אויגן שפּרייטן זיך פון ביידע זייטן גרינע, געלע און רויטליכע בערג און פעלדער. פויערן און פויערטעס שנידן מיט זייערע סיערפּעס די קאָרן־זאַנגען און בינדן זיי אין סנאָפּעס.

פאָרט דער וואָגן ווייטער, ציען זיך גערטנער מיט לאַנגע בייטן און אַלערליי געוויקסן. איך ווייז אָן אויף דעם מיט׳ן פינגער און רוף אויס צו מיין שוועסטער־קינד:

— עליע, זע־זע, אַ דאָרט יענע בייטן, די רויטע, דאָרט וואַקסן באַטשינקעס און אויף יענע, די גרינע בייטן, זיינען ציבעלקעס...

— זע נאָר, ווי זי דערקענט דאָס פון ווייטן! — שמייכלט ליבליך גדליה דער בעל־עגלה — און אַ קוק טוענדיג צו מיר, פרעגט ער:

— ווי אַלט ביזטו, דו מויד?

— פינף יאָר! — ענטפערט מיין שוועסטער־קינד.

— ניין, איך בין שוין געוואָרן פינף און אַ האַלב! — פאַרריכט איך מיין שוועסטער־קינד׳ס טעות און איך קוק ווידער אין די גרינע וויטקייטן.

פלוצלינג דערזע איך עפּעס, גיב זיך אַ שטעל און שריי אויס:

— אוי, אָט איז שוין אונזער ווינט־מיהל!

איך פאַררייס מיין קאָפּ צו דער הויך און באַטראַכט, ווי שיין דער ווינט דרייט דאָס פליגלדיגע ראָד פון אונזער מייטשעטער ווינט־מיהל...

— זיץ איין, דער ווינט וועט דיך אין גאַנצן אָוועק־בלאָזן! — בייזערט זיך עליע און ציט מיך אַראָפּ, זיך אָוועק צו זעצן.

זיץ איך און זע, ווי דאָס פערד טוט נאָך אַ שפּאַן, נאָך אַ לויף — און אָט דערקען איך שוין די שפּיצן פון אונזער מייטשעטער קלויסטער.

„אַ אידיש קינד טאָר נישט קוקן אויף אַ קלויסטער!״ — האָט

מיר מיין מאַמע אַנגעזאָגט, דריי איך אַוועק מיינע אויגן אַ ביסל אין דער זייט און קוק ווידער אין דער ווייטקייט אַריין. און אָט־אָט דערזע איך שוין די קוימענס פון אונזער שטעטעלע. איך פאַרטראַכט זיך, ווי אַט באַלד וועלן דאָס מיך אַ ביסל מיינע חבר׳טעס מקנא זיין, וואָס איך האָב שוין געזען אַזאַ גרויסע שטאָט ווי באַראַנאָוויטש, וואו עס איז פאַראַנען אַ סך אַ סך גאַסן און גרויסע, נישט אַזוי ווי ביי אונז אין מייטשעט אַ פּאָר קליינע געסעלעך און נאָר איין איינציגע לאַנגע גאַס, וואָס אַז מיר נעמען זיך אַלע חבר׳טעס פּרר די הענט און לאָזן זיך אַוועק שפּאַצירן, איז אין איין קליינער ווילע מעסטן מיר אויס אונזער גאַנצע שטעטל, וואָס הויבט זיך אָן פון אָט דער לאַנגער גאַס, טאַקע דאָ נעבן קלויסטער און קאָנטשעט זיך דאָרטן נעבן וואַלד.

איך שטאַר אָן מיינע אויגן און פון דער ווייטנס פּרואוו איך דערזען אונזער וואַלד, וואו מיין שוועסטער שרה חנה מיט אירע חבר׳טעס גייען שבת נאָך׳ן טשאָלנט שפּאַצירן און זיי נעמען מיט אַלע מאָל אונז, די קליינע שוועסטערלעך, מיר זאָלן טראָגן פאַר זיי זייערע נאָז־טיכלעך מיט די פלעשלעך ברונעם־וואַסער.

ביים עק פון אונזער לאַנגער גאַס וואוינט אַפילו אונזער „קוואַס־ניק״, וואָס איידער מיר גייען אַריין אין וואַלד, שטעלן מיר זיך דאָרט אָפּ, זיך אָנצוטרינקען מיט גלעזער רויטן זידנדיגן קוואס, וואָס מען געטרויעט אונז אויף אָפּצוצאָלן זונטאָג, ווייל שבת טאָר מען נישט האַלטן קיין געלד, אָבער שפּעטער ווען מיר זעצן זיך אויס אין וואַלד און מען הויבט אָן זינגען לידער און דערציילן שיינע מעשיות, שפּאַרט זיך באַלד דורך די גרינע צווייגן אונזער מייטשעטער גאָלדענע זון און מאַכט אונז הייס. גיט דעמאָלט יעדער פון אונז אַלע ווילע אַ זופּ פונ׳ם פלעשל וואַסער. דערפאַר גיסן אָן אונזערע גרויסע שוועסטער פלעשער מיט פרישינקן ברונעם־וואַסער און גיבן עס אונז צו טראָגן צוזאַמען מיט זייערע נאָז־טיכלעך, ווייל זיי, די גרויסע, טאָרן קיין זאַך נישט טראָגן אים שבת, וואו עס איז נישטאָ קיין „עירוב״.

— דאָ איז פאַראַנען אַן „עירוב״? — גיב איך פּלוצלינג אַ פרעג און זוך איבער מיין קאָפּ.

— וואָס, אַן „עירוב״ ווילסטו? זע נאָר, ווי אַלעס ווייסט זי, די גרויסע מויד! — צולאַכט זיך דער בעל־עגלה.

— אַז אין די קליינע שטעטלעך ווייסט דאָך איין שכנה, וועלכן טאָג די אַנדערע קאָכט לינזן און וועלכן טאָג פאַרפל און די קליינוואַרק שעפּטשעט אַלסדינג נאָך! — רעדט גרויס־שטאָטיג מיין שוועסטער־קינד.

איך פאַרטראַכט זיך ווידער, איצט מיט קנאה צו דער גרויסער

שטאָדט באַראַנאָוויטש, וואָס האָט אַ סך לאַנגע גאַסן און איך האָב שטאַרק רחמנות אויף אונזער פּיטשעמאָנטשיקער מייטשעט, וואָס האָט נעביך נישט מער ווי איין לאַנגע גאַס און איך פריי זיך, וואָס אונזער מאַרק מישט זיך כאַטש אַריין אין מיטן פון דער לאַנגער גאַס און צושפּרייט זיך דאָרט, ווי אַ צווייגעלע צושפּרייט פון זיך ריטעלעך. אַ ריטעלע אַהער, אַ ריטעלע אַהין. אַזוי צושפּרייט זיך דאָ פונ׳ם מאַרק אַ געסעלע אַהער, אַ געסעלע אַהין.

פון דער רעכטער זייט מאַרק דרייט מען זיך באַלד אַריין אין דער „קיידאַר׳שער" געסל, וואָס דאָרט וואוינען — זאָגט מיין מאַמע — אַזעלכע מענטשן, וואָס זיינען נישט קיין גוים און נישט קיין אידן, נאָר „טאַטערען", וואָס טראָגן היטלען ווי יאַרמולקעס, נאָר מיט „קוטאשן" פון אַלערליי קאָלירן.

איך פאַרטראַכט זיך ווידער, אַז באַלד נאָך דער „קיידאַרישער" געסל, דרייט מען זיך אַריין אין אונזער באָד־געסל, פון וואַנען עס גייט פרייטאָג אַ גאַנצן טאָג אַ פּאַרע און אונזער שמש קלאַפּט דאַמאָלס מיט זיין הילצערנעם האַמער אין אונזער ברונעם און שרייט: "אידן, אין באָד אַריין!" און די טאַטעס פאָלגן דעם שמש, דערמאָן איך זיך מיט שמחה, זיי בעטן באַלד ביי די מאַמעס העמדער מיט זייף און לויפן אין באָד אַריין — און ווען זיי קומען שפּעטער פון באָד, ריינע מיט אויסגע־צוואָגענע פאות׳ן, זיינען זיי דענסטמאָל אַזוי גוט צו אונז קינדער און גיבן אונז גראָשנס אויף יאַדרעס.

דער בעל־עגלה גיט אַ פּאָך מיט דער בייטש אין דער לופט. דאָס פערד אָבער האָט פאַר אים קיין מורא נישט און גייט זיך פאַוואָלינקע און איך דערמאָן זיך ווידער, ווי אַ ביסל שפּעטער קלאַפּט שוין אונזער שמש נאָך אַמאָל מיט זיין הילצערנעם האַמער אין ברונעם און שרייט: „צייט צו פאַרמאַכן די קראָמען!"

מיין מאַמע זאָגט, אַז אונזער שמש איז אונזער שטאָדט־זייגער. איך ווייס נישט וואָס מיין מאַמע מיינט, איך ווייס נאָר, אַז איך האָב האָלד דעם שמש, ווייל ער ברענגט אין אונזער מייטשעט דעם שיינעם פרייטאָג צו נאַכטס.

אַ ביסל שפּעטער קלאַפּט ער מיט זיין האַמער צום גאָר לעצטן מאָל און רופט מיט אַן אַנדער שיין נגונ׳דל: „וויבער, שוין צייט ליכט בענשן! אידן אין שול אַריין!" . . .

דעמאָלט איז גאָר אַ מחיה, דערמאָן איך זיך. אין אַלע אונזערע שטיבעלעך ווערט ריין, ציכטיג, אונזער „פּאַדלאָגע" ווערט באַשאָטן מיט פרישינקן געלן זאַמד, וואָס מיר גראָבן אויס פונ׳ם באַרג, אָדער מיט פּאָלאָווינעס, וואָס מיר ברענגן פון אונטער׳ן סטאָליער׳ס הובל. אַלעמן׳ס

טישן ווערן פאַרדעקט מיט ווייסע טישטיכער, אויף די טישן שטייען אָפּגעשייערטע גלאַנציקע לייכטער, ווייסינקע ליכט שטייען אין די לייכטער און וואַרטן, אַז די מאַמעס זאָלן זיי באַלד־באַלד בענשן. נעבן די לייכטער אונטער ווייסע סערוועטקעלעך ליגן די חלות, וואָס די מאַמעס האָבן מיט אַ ווײַלע פריער מיט די לאָפּעטעס אַרויסגענומען פונ׳ם אויוון. נעבן די חלות שטייען פלעשלעך ראָזינקע־ווײַן פאַר די טאַטעס צו מאַכן קידוש און פון אַלע אויוונס שמעקן אַרויס פיש, צימעס און דער פאַררוקטער מאַרגענדיגער טשאָלנט.

איך גיב מיט מיין נעזל אַ ציה אין זיך דעם ריח פון די אַלע שמעקעדיגע גוטע זאַכן, פאַרזשמורע מיינע אויגלעך געגן דער זון, אָבער דורך מיינע פאַרזשמורעטע אויגעלעך זע איך ווי די טאַטעס מיט די ברידערלעך האַלטנדיג די סידורים אונטער זייערע פאַכוועס, לאָזן זיך אַרויס פון די טירן פון אַלע שטיבער און ציען זיך דורך די געסלעך און דורך׳ן מאַרק גלייך אין שול אַריין.

דורך די פענסטערלעך פון אַלע היימען זעט מען ווי אַלע מאַמעס שטייען ביי די לייכטער מיט זייערע הענט פאַרדעקט די אויגן און בענשן די אַנגעצונדענע ליכט — און די רויטע פלעמלעך לייכטן אויף אַלע מאַמע׳ס פנימ׳ר. נעבן די מאַמעס שטייען די קליינע טעכטערלעך, זייערע קעפלעך אויסגעצוואָגן מיט קעראָסין, אין די צעפּעלעך אַרייגעפלאָכטן רויטע, בלויע און ראָזעווע סטענגעלעך, וואַרטן ביז די מאַמעס קאָנטשן דאָס בענשן די ליכט און זיי ענפערן: „אמן".

עס פאַרווילט זיך מיר פלוצלינג שטאַרק, עס זאָל באַלד ווערן פרייטאָג.

— היינט איז אפשר פרייטאָג? — רוף איך אויס.

— וואָס נאָך וויל זיך דיר היינט, אַ „סדר" איז דיר ווייניג? — ענפערט אָפּ עליע און וויל שוין פּטור ווערן פון מיין דערקוטשן אים.

פון מיין שוועסטער־קינד׳ס אַנברוגזן׳ן זיך ווערט מיר אומעטיג און איך פאַרטראַכט זיך דערפאַר פון אומעטיגע זאַכן. איך דערמאָן זיך, אַז עס איז פאַראַנען איין צייט, ווען איך האָב נישט האָלד אונזער שמש. דאָס איז דעמאָלט, ווען אין שטוּב איז קאַלט און אין דרויסן איז נאָך נישט טאָג, ס׳איז נאָך פינצטער און ס׳איז אַזוי גוט צו שלאָפן איינגעטוליעט אין דער מאַמע׳ס פלייצע, קומט פלוצלינג דער שלעכטער שמש, הויבט אָן קלאַפּן אין אונזערע שייבעלעך און וועקן מיין טאַטע־מאַמע מיט אַט אַזאַ נגונ׳דל: „שטייט אויף, שטייט אויף, שטייט אויף צו סליחות"!...

וועמען וועקסטו שוין צו סליחות? — האָט הויך אַרויסגעלאָכט דער בעל־עגלה.

איך האָב זיך פאַרשעמט, וואָס איך האָב נאָכגעקרומט אונזער שמש, האָב איך שטיל אַראָפּגעלאָזט מיין קאָפּ.

אָבער אָט גיט דאָס גוטע פערד נאָך אַ שפּאַן, נאָך אַ לויף — און אָט־אָט בין איך שוין אין מייטשעט. די פוהר פאָרט אונטער׳ן באַרג און דאָרט אויף׳ן באַרג צו מיין לינקער האַנט דערקען איך מיין היים. אָט שריי איך אויס: „אָט איז אונזער שטוב!" — אָבער דאָס פערד גיט אַ לויף אַ ביסל ווייטער. דער בעל־עגלה שרייט: „פררר!", ער האַלט איין די לייצעס, דאָס פערד שטעלט זיך אָפּ לעבען אונזער ברונעם און מען לאָזט מיך אַראָפּ.

איך האָב שוין אַ פּאָר וואָכן נישט געזען אונזער ברונעם, לויף איך און גיב אַ גלעט דאָס נאַסע מיט מאָך פאַרגרינטע האָלץ, שטעל זיך אויף׳ן קלעצל וואָס דערנעבן און בויג מיין קאָפּ אין ברונעם אַריין, איך זוך דאָרט אינעווייניג אינ׳ם שפּיגלדיגן וואַסער מיין פּנים מיט מיין נייער קליידל.

— ע, מויד בויג זיך נישט אַריבער! ווילסט אַריינפאַלן אין ברונעם? — שרייט צו מיר נפתלי דער וואַסער־טרעגער.

— איך וויל אַ טרונק! — פאַרענפער איך זיך, מורא האָבנדיג, ער זאָל נישט דערציילן מיין מאַמן.

— ווילסט אַ טרונק, טאָ וואַרט, וועט מען דיר געבן, אָבער קריך נישט אין ברונעם אַריין! — ברומט נפתלי און נעמט אַראָפּ דעם קאראָמיסל מיט די ליידיגע עמערס פון זיינע אויסגעבויגענע אַקסל.

ער נעמט אָן דעם הילצערנעם שטאַנג מיט׳ן עמער, וואָס הענגט איבער׳ן ברונעם און פלעכטנדיג דעם שטאַנג איין האַנט איבער דער צווייטער, ציט ער אַראָפּ־אַראָפּ דעם שטאַנג, ביז דער עמער גיט זיך דאָרט אינעווייניג אין ברונעם אַ שטאַרקן בולקע און שעפּט זיך אָן אַ פולינקער מיט וואַסער. נעמט דעמאָלט נפתלי ווידער פלעכטן זיין איין האַנד אונטער דער צווייטער און ציהט דעם שטאַנג אַרויף־אַרויף, ביז מען דערזעט דעם עמער מיט׳ן קלאָרינקן וואַסער.

נפתלי דער וואַסער־טרעגער גיסט דאָס דאַן אַריין צו זיך אין עמער, שעפּט באַלד אָן נאָך אָן עמער און גיסט דאָס אַריין צו זיך, נאָר אויף׳ן דעק לאָזט ער איצט איבער אַ ביסעלע וואַסער פאַר מיר, ביוגט אָן דעם ברעג עמער צו מיין מויל, איך זופּ זיך אָן, זאָג „אַ דאַנק" און לויף אַרויף באַרג צו מיין היים.

אַ פּאָר טעג, איידער איך בין אַוועקגעפאָרן פון באַראַנאָוויטש, איז דאָרט דאָס גאַנצע שטעטל טישן, בעטן, בענקלעך און שלאָף־באַנקס, געשטאַנען אין דרויסן און די מאַמעס מיט די גרויסע טעכטער האָבן

דאָס געוואַשן און געסקראַבעט מיט הייס קאָכעדיג וואַסער, צו מאַכן דאָס פסח׳דיג.

דאָ ביי אונז אין מייטשעט איז שוין אַלעס ריין אויף פסח. איך זע נישט אפילו איין בענקעלע אין דרויסן. דערפאַר אָבער שמעקט הינטער אַלע אונזערע שטיבער שטאַרקע „סמאַלינעס" און איך פאַרשטיי, אַז דאָס האָבן שוין די טאַטעס ביי אונז פאַרברענט דעם חמץ.

איך האָב טאַקע אַלע מאָל האָלד נאָכצוגיין און קוקן ווי די טאַטעס ברענען דעם חמץ. די נאַכט אַ פריער קלויבט דער טאַטע אויף אַלע שטיקלעך ברויט, לייגט דאָס אַריין אין אַ לעפל, בינדט אַרום דעם לעפל מיט אַ אַניטשקע און לאָזט דאָס אַזוי איבערנעכטיגן ביז אין דער פרי און אין דער פרי לייגט דער טאַטע אויף פון שפענדלעך אַ גרויס פייער און לייגט דאָרט אַריין דעם לעפל מיט׳ן ברויט און זאָגט „כל חמירא". דער לעפל ברענט — און אויס מיט׳ן חמץ!...

איך ווייס, אַז מיין טאַטע איז אַ מלמד אויף׳ן „ישוב", קנעלט מיט די ישוב׳ניקעס אינגלעך, אָבער אויף יום־טוב קומט ער אַלע מאָל אַהיים, לויף איך אויף גיך, אפשר וועל איך נאָך פאַרכאַפּן צו זען ווי מיין טאַטע פאַרברענט דעם חמץ...

און אָט בין איך שוין ביי אונזער שטיבעלע. דאָס ערשטע דערזע איך די פענסטערלעך פון אונזער באַלעבאָס, דעם גוי סימאָנקע, ביי וועמען מיר וואוינען אין דירה. סימאָנקע׳ס פענסטערלעך קוקן אַרויס אין גאַס און אונזערע צום גאָרטן. ווען איך לויף פאַרביי סימאָנקע׳ס פענסטערלעך, פאַרקוועטשט מיר שטענדיג דאָס האַרץ פון גרויס רחמנות אויף סימאָנקע׳ס חזירים, וואָס זיין זוהן באזיל ברענט לעבעדיגערהייט...

איך בין אפילו שטאַרק ברוגז אויף סימאָנקע׳ס חזירים, וואָס האָבן אַמאָל אָפּגעטאָן מיין טאַטן אַ שרעקלעכן עגמת־נפש און האָבן צעוואָרפן אונזער שיינע סוכה. ווען איך דערמאָן זיך אין יענע צעוואָרפענע סוכה, וויל זיך מיר וויינען. מיין טאַטע און מיינע ברידער האָבן אַליין אויס־געהאַקט פיר סלופּעס פון וואַלד, דאָס אַריינגעזעצט טיף אין דער ערד, נעבן אונזער פענסטער. די סלופּעס האָט מען אַרומגענומען מיט בייע ראָגאָזשעס, געמאַכט פון די ראָגאָזשעס אמת׳דיגע ווענט, פון אינעווייניג באַדעקט מיט ווייסינקע ליילעכער, פון אויבן האָט מיין טאַטע מיט מיינע ברידער אַרויפגעלייגט דעם שיינעם גרינעם „סכך". מיין טאַטע האָט עטליכע מאָל געפּרואווט שטופּן די סלופּעס און זיי זיינען געווען שטאַרק ווי אייזען און מיר האָבן זיך שוין אַלע אויסגעזעצט אַרום טיש, מיין טאַטע און מיינע ברידער האָבן געמאַכט קידוש, דערנאָך האָט זיך מיין טאַטע געוואַשן און געמאַכט „המוציא" איבער דער חלה און פונקט אין דער רגע, ווען ער האָט גענומען אײַנטונקען זיין „המוציא" אין׳ם האָניג,

בוכטש, די ראַגאָזשעס װענט זײַנען אַרויף־געפאַלן אויף אונזערע קעפּ און אויף׳ן טיש מיט דעם האָניג. און װען מיר זײַנען אַלע אַרויסגעלאָפן פון סוכה, האָבן מיר געזען, אַז דאָס האָבן אונז אָפּגעטאָן אונזער באַלעבאָס׳ חזירים.

בין איך טאַקע אין כעס אויף די חזירים און װיל זיך נישט מעהר מיט זײ שפּילן, אָבער פאַרברענען זײ לעבעדיגערהייט, דאָס קען איך נישט זען. באַזילקע איז אַ פּשוט׳ר גזלן, טראַכט איך, און איך דערמאָן זיך, װי איך בין אַמאָל געזעסן בײַ סימאָנקע׳ן אין פענסטער׳ל און געזען װי זײַן זוהן באַזילקע האָט מיט שטריק צונויף־געבונדן דעם חזיר׳ס פיר פיס, האָט אָװעקגעלייגט אויף דער ערד אַ „קול״ שטרוי מיט האָלץ, האָט דאָס אונטערגעצונדן און האָט אין דעם גרויסן פלאַם אַרויף־געלייגט דעם געבונדענעם לעבעדיגן חזיר. דער חזיר האָט װילד געקװיטשעט און איך האָב געקװיטשעט נאָך העכער פונ׳ם חזיר. איך האָב געיאָמערט און געבעטן זיך בײַ סימאָנקע׳ן, װעלכער איז רואיג געזעסן אויף׳ן אויװן און געדרײכערט זײַן ליולקע, ער זאָל הייסן זײַן זוהן אַרויסנעמען דעם לעבעדיגן חזיר פון די פלאַמען. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז דער חזיר װעט שוין מער נישט צוברעכן אונזער סוכה. סימאָנקע האָט געשמייכלט און געהייסן זײַן טאָכטער נאַסטאַשע, מיך אײַנשטילן מיט אַן עפּל. אָבער פון דעמאָלט אָן קען איך נישט קוקן אויף סימאָנקע׳ס פענסטערלעך. איך לויף זײ גיך־גיך פאַרבײַ. גיב זיך אַ קירעװע אַ ביסעלע אָן דער זײַט און אָט איז שוין די זאַמדיגע פּריזבע אונטער אונזער פענסטער.

די פּריזבע, אויף װעלכער מײַן מאַמע זיצט זומער און שטריקט אַ זאָק און איך זיץ נעבן איר, עס רעטשקענקע פאַרפל מיט מילך און שפּיל זיך מיט מײַנע חבר׳טעס אין צייכענס, װאָס זײַנען געמאַכט פון שעפּסענע ביינדעלעך. און אָט איז שוין די טיר פון אונזער „פּירהויז״. אָט הענגט אין פּירהויז אונזער אַלמערל, אין װעלכער מײַן מאַמע האַלט עסנס. געװיס איז דאָרט פאַראַנען אַ לאַדיטשקע מיט זויערע מילך. אַלע רופן מײַטשעטער שײנע קינדער: „מײַטשעטער זויערע מילך״, װײַל אין מײַטשעט, זאָגט מען, איז די בעסטע זויערע מילך.

איך הויב זיך אויף אויף די שפּיצן פון מײַנע שיך, ציה אויס די האַנט, דערלאַנג די קלאַמקע און גיב אַן עפן די טיר פון מײַן היים.

דאָס ערשטע דערזען מיך און שמייכלען אַראָפּ צו מיר משה מאָנטיפיאָרע, דער װילנער גאון און דער מײַטשעטער עלוי. זײערע פאָרטרעטן הענגען אויף דער װאַנט איבער אונזער שלאָפבאַנק, גלײַך אַקעגען דער טיר. דער װילנער גאון, זאָגט מיר אַלע מאָל די מאַמע,

שטאַמט פון אונזער משפחה. דער טאַטע שמייכלט דעמאָלט און זאָגט: „זאָג איר כאָטש ריכטיג, אַז מיר שטאַמן פון איהם!". און ער פאַר־קאַנטשעט שטענדיג מיט די ווערטער, אַז גאַנץ מייטשעט זאָגט, אַז זיי שטאַמן פונ׳ם ווילנער גאון. איצטער ווען איך בין געווען אין באַראַנאַ־וויטש, האָב איך דאָרט געהערט, אַז גאַנץ באַראַנאָוויטש שטאַמט אויך פונ׳ם ווילנער גאון... אָבער אויף׳ן מייטשעטער עילוי זאָגט דער טאַטע אויך, אַז ער איז אונזערער אַ שוועסטער־קינד. און מיין מאַמע ווינשט מיר אַלע מאָל, אַז איך זאָל זיין אַזוי גוט און פרום ווי דער ווילנער גאון און האָבן אַזאַ גוטע קעפּל כאָטש ווי אונזער שוועסטער־קינד, דער מייטשעטער עילוי.

איך האָב באַלד דערזען אויף די ווענט אונטער די פאָרטרעטן, אַז אונזער שטיבעלע איז אויף יום־טוב ווייס אויסגעקאַלעכט. דער אויוון איז שוין מיט הייסע קוילן אויסגעכשר׳ט און פאַרשטעלט מיט אַ „זאַסלינקע". אין פּריפּיטשאָק קאָכט זיך אויף׳ן דרייפוס אַ פסח׳דיג טעפּל בולבעס. אין ווינקל ביים אויוון איז געשטאַנען אַ נייער בעזים, אַ נייע גרין־בלעטלדיגע „פאָמעלע" און די אייזערנע „ווילקע", וואָס מען נעמט מיט איר אַרויס די טעפּ פונ׳ם אויוון, איז שוין געווען אין די ברענענדיגע קוילן אויסגעכשר׳ט. אונזער רויט־אָפּגעפאַרבטע גראַטקע, וואָס הענגט אויף דער וואַנט אַקעגן אויוון, איז פריש איבערגעפאַרבט אויף פסח. די געבלומטע פאָרצעלייענע פסח׳דיגע טעלער שטייען שוין אין די גראַטקע־שטאַכעטן ווי אויסגעפּוצטע פאַניענקעס. אונזערע צינערנע לעפל שטעקן אין די אויסשניטן פון די גראַטקע לייסטלעך און שיינען אַרויס פון נייקייט. איך פאַרשטיי, אַז דאָס האָט זיי דער פעטער יודל מיט הייסן צין איבערגעצינט. אונזערע צוויי לאַנגע רויטע בענק, וואָס שטייען ביי די ווענט, האָבן שוין אויך געשמעקט פון פריש אָפּ־געוואַשנקייט. אויף איין באַנק, וואָס באַלד נעבן טיר, דערזע איך שוין אונזער פסח׳דיגן הילצערנעם עמער מיט פרישינקן וואַסער און די נייע בלעכענע קענדל נעבן עמער. אויף דער ערד, פונקט אונטער׳ן עמער שטייט אונזער ריין אויסגעוואַשענע הילצערנע פאַמויניצקע.

די לאַנגע בענק זיינען ביי אונז געבליבן פון מיין מאַמע׳ס חדר, פונקט ווי מיין טאַטע איז געווען אַ מלמד אויף׳ן ישוב מיט אינגלעך, איז מיין מאַמע געווען אַ מלמד׳קע, אויסצולערנען דאַוונען און לייענען די מיידלעך פונ׳ם שטעטל. מען האָט אָבער מיין מאַמע נישט גערופן די מלמד׳קע, נאָר די „רביצין". ערשטנס דערפאַר, ווייל זי האָט געשטאַמט פון רבנים און חזנים און אויך דערפאַר, וואָס זי איז געווען זעהר אַ גוטע מלמד׳קע. די מיידלעך האָבן זיך ביי איר גיך און גוט אויסגעלערנט דאַוונען און לייענען דעם טייטש־חומש. אָבער פון איר

כסדר׳דיגן טענה׳ן צו זייערע פאַרשטאָפּטע קעפּ, האָט מיין מאַמע׳ן געגומען ווי טאָן דאָס האַרץ. דער רופא פון׳ם שטעטל, די מומע לאה, די רופא׳טע און אפילו דער דייטשער דאָקטאָר, וואָס האָט געוואוינט אין אַ שיינער שטיבעלע נעבן וואַלד, זיי אַלע האָבן געזאָגט, אַז מיין מאַמע מוז צוליב איר האַרץ למען־השם ווערן אויס „רביצין״.

אונזערע לאַנגע בענק זיינען אָבער געבליבן אין אונזער שטיבעלע, אויך איז אונז געבליבן פון דער מאַמע׳ס חדר אַ גרויסער טיש, געפאַרבט אויף רויט און אין סאַמע מיטן פון׳ם טיש איז געווען אויס־געפאַרבט שוואַרצע און רויטע קעסטלעך און אַלע חנוכה האָבן מיינע ברידער און שוועסטער געשפּילט אויף די קעסטלעך אין „דאָמינאָ״. איצט אין געווען דער טיש פאַרדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך. דער מאַמע׳ס בעט, וואָס איז געשטאַנען אַ ביסל הינטער׳ן אויוון, איז געווען הויך און ווייס פאַרבעט. אויף׳ן קופערט, וואָס איז געשטאַנען צו־קאָפּנס הינטער׳ן בעט, אויף אַ קליין קישעלע צוגעדעקט מיט אַ רעשיטע איז געזעסן אונזער „ראבע־הוהן״ און האָט זיך געקליבן אויסצוברייען אירע הינדעלעך. הינטער׳ן אויוון איז געשטאַנען אַ געפלאָכטענער שטרויענער גרויסער קאָרב, אָנגעפילט מיט מצות.

נעבן טיש אויף צוויי טאַבורעטקעס איז געזעסן מיין טאַטע מיט מיין מאַמע. די מאַמע האָט אין שויס געשיילט בולבעס אויף מאָרגן. נעבן טאַטן איז געשטאַנען די „סטופע״, אין וועלכער ער האָט גע־שטויסן מצה־פאַרפעלעך און דערציילט דער מאַמע׳ן חכמה׳דיגע מעשה׳־לעך פון די „ישוב׳ניקעס״ — און מיין מאַמע האָט האַרציג געשמייכלט.

ביי מיין עפענען די טיר האָבןביידע מיט אַמאָל אויסגערופן: „אָט איז זי!״ און די מאַמע האָט פאַרענדיגט: „עליע האָט זי טאַקע געבראַכט!״ . . .

— טאַטע, שוין פאַרברענט דער חמץ?״ — איז געווען מיין ערשטער „ברוך הבא״.

— וואָס פרעגסטו נישט פריער, וואָס דער טאַטע מאַכט? האָסט אים שוין נישט געזען אַזאַ לאַנגע צייט! — מוסר׳ט מיך די מאַמע, מיר געבנדיג אַ קוש.

— יאָ, טאָכטערל, האָסט שוין פאַרשפּעטיגט דעם חמץ פאַר־ברענען! — זאָגט דער טאַטע, אַ גלעט טוענדיג מיין קעפּל. קושן קושט ער מיך נישט, ווייל אַ טאַטע קושט נישט קיין מיידלעך . . .

— זע נאָר לייזער! — זאָגט מיין מאַמע צום טאַטן — עלקע האָט דאָך איר געקויפט אַ ניי קליידל!

— מיט צוויי קעשענעס! — ווייז איך און שטופּ מיינע הענט אין די קעשענעס.

— חיה־פּיגע, דאָס קינד מוז זיין הונגעריג פון וועג! — זאָגט דער טאַטע אַ קניפּ טועדיג מיין בעקל.

די מאַמע גייט צו צום פּריפּעטשאָק און קוקט אַריין אין טעפּל...

— באַלד נאָך אַ ווייל'ע וועלן פערטיג ווערן די בולבעס — באַרוהיגט זי דעם טאַטן און רעדט פאַרטראַכט צו מיר: — וואָס נאָך קען איך דיר איצט געבן? ווייסטו וואָס? — טוט זי זיך אַ כאַפּ — טו אויס אויף אַ ווייל'ע דיין נייע קליידל און קריך אַריין אין „קאַטוך". דאָרטן דאַרף שוין איצט זיין אַן אייעלע פון אונזער ווייסער הוהן, וועל איך עס דיר אָפּקאָכן!

די מאַמע טוט מיר אויס מיין נייע קליידל און איך קריך אין „קאַטוך", וואָס איז אויסגעמויערט פון דיזעלבע ציגל וואָס אונזער אויוון. דער אויוון איז אויבן און דער „קאַטוך" איז גלייך אונטן נעבן דער ערד.

די היהנער אין קאַטוך דערקענען שוין מיך און פּיקן מיין האַנט. איך ווייס, אַז דאָס פרעגן זיי מיך, וואו איך בין געווען אַזוי פיל טעג?

— איך בין געווען צו גאַסט ביי אונזער שוועסטער עלקע אין באַראַנאַוויטש! — דערצייל איך זיי, ליגנדיג אין „קאַטוך", אויסגעצויגן אויף מיין בייכל און זוכנדיג מיט מיין האַנט אונטער דער ווייסער הוהן׳ס בייכל, ביז איך טאַפּ אָן די וואַרעמינקע איי און שאַר זיך אַרויס פונ׳ם קאַטוך.

מיין מאַמע נעמט צו ביי מיר די איי, פירט דאָס אַרום קיילעכדיג איבער מיין פּנים און זאָגט דאָסזעלבע וואָס אַלע מאָל:

— אַזוי פריש, ווי עס איז דאָס פרישינקע אייעלע, אַזוי פריש זאָל זיין דיין פּנים און דיין קעפּעלע!...

און זי לייגט דאָס אייעלע אַריין אָפּצוקאָכן.

דער טאַטע שטעלט זיך רייבן כריין און מאַכן „חרוסת" צום סדר. איך עס מיין אייעלע מיט בולבעס און ס׳איז מיר ביטער אין די אויגן פונ׳ם טאַטנ׳ס חריין־רייבן.

זאָג איך דער מאַמע׳ן, אַז איך וויל לויפן וויזן דער מומע לאה מיין נייע קליידל און די מאַמע זאָגט שמייכלענדיג:

— דו לויפסט אומזיסט! די מומע האָט דאָרט פאַר דיר גאָרנישט! נישט געווען די לעצטע פּאָר וואָכן קיין קינפּעטאָרינס און מייטשעט!...

איך הער שוין אָבער נישט, וואָס מיין מאַמע רעדט, ווייל איך בין שוין אין מיין געלויף צו מיין מומע לאה, ווען אַלע אין מייטשעט

רופן „באָבע לאה". נישט נאָר די קינדער רופן זי אַזוי, נאָר אויך די גרויסע. אָבער איך ווייס, אַז זי איז אַלעמען׳ס נאָר „אַ כלומרשטע באָבע". ווען די מאַמעס פון׳ם שטעטל ווערן קראַנק, שיקט מען באַלד נאָך מיין מומע און זי ברענגט צו די קראַנקע מאַמעס אַין שטוב אַריין אַמאָל אַ ניי אינגעלע און אַמאָל אַ ניי מיידעלע. זי הענגט אויף דאָרט באַלד נייע „שיר המעלות׳ן" — און ווען עס איז אַ אינגל, קומען אַלע אינגלעך פון די חדרים אַהין לייענען קריאת־שמע און זינגען:

איך ליף אונטערשפּרינגענדיג און זינג וואָס די אינגלעך זינגען, איידער זיי זאָגן די קריאת־שמע:

— מזל־טוב דער קינפּעטאָריק, מזל־טוב דעם קינד! וויפיל טשוועקעס עס זיינען אין דאַך, אַזוי פיל מלאכים זאָלן שטיין אויף דער וואַך! — דערנאָך זאָגן זיי אַזוי הויך „אל מלך נאמן", אַז זיי פאַריאָגן אַזש אַלע מכשפות. וואָס ווילן צוכאַפּן דעם נייעם אידעלע — און באַלד ווי די קריאת־שמע פאַריאָגט די בייזע מכשפות, טיילט מיין מומע אַלעמען באָב מיט אַרבעס, מיט לעקאַך און צוקערקעס. דערפאַר, זאָגט מיין מאַמע, רופט מען מיין מומע „באָבע לאה". אָבער מיינע איז זי טאַקע אַן אמת׳ע מומע און איך האָב זי זעהר האָלד. נאָר פאַר איין זאַך האָב איך זי נישט האָלד — און נישט נאָר איך, נאָר דאָס גאַנצע שטעטל קינדער ציטערן פאַר איר אַפּקוועטשן די „זאַוואלקעס" אין האַלז.

מעהר פון אַלעמען האָבן מיר מורא פאַר איר פינגער, וואָס מיר קינדער רופן דעם „זעקסטן". ווען אימיצער פון אונז קילט זיך צו און עס טוט אונז וויי אין האַלז, קומט באַלד מיין מומע, די „באָבע לאה", און רוקט אַריין איר פינגער טיף־טיף אין אונזער האַלז און קוועטשט דאָרט די צוגעקילטע „זאַוואלקעס". און טאָמער איז דאָס נאָך וויניג, האָט נאָך מיין מומע „באָבע לאה" אויף איר איין האַנט, מיינען מיר, אַ זעקסטן פינגער. איינער פון אירע פינגער איז אויפגעשפּאָלטן און עס איז אויסגעוואַקסן ווי אַ צווילינג מיט צוויי קעפּלעך — און טאָמער פאָלגט נישט אימיצער פון אונז די מאַמעס, סטראַשעט מען אונז באַלד, אַז מען וועט רופן די מומע „באָבע לאה" און זי וועט אונז אַריינרוקן אין האַלז איר זעקסטן פינגער. פאָלגן מיר שוין דעמאָלט און לויפן „אין פייער און אין וואַסער"...

אָבער חוץ איר זעקסטן פינגער האָב איך מיין מומע׳ן זעהר האָלד און נישט נאָר זי אַליין, נאָר אויך דער מומע׳ס שטוב האָב איך האָלד, ווייל דאָרט איז שטענדיג פריילעך. מעהר פון אַלע מאָל איז דאָרט פריילעך שבת נאָכ׳ן טשאָלענט.

אין די שבתים, ווען דרויסן איז ווינטער און מען גייט נישט אין וואַלד, קלויבן זיך דאָרטן צוזאַמען אַלע גרויסע בחורים און מיידלעך

פון אונזער שטעטל. מיין מומע, די „באָבע לאה״, גייט דעמאָלט אַוועק צו גאַסט צו אירע געוועזענע קינפּעטאָרינס, ווייסט מען שוין, אַז זי וועט זיך זאַמען ביז „שלש סעודות״. צורוקט מען באַלד די טישן מיט די בענקלעך צו די ווענט. מיין שוועסטער שרה־חנה זעצט זיך אַרויף אויף׳ן קאַמאָד, נעמט איר שיטערן קאַם, וואָס זי קעמט אירע לאַנגע האָהר, די בחורים גיבן איר פּאַפּיראָסן־פּאַפּיר פון זייערע „גילזן״, זי לייגט אַרויף דאָס פּאַפּיראָס־פּאַפּיר אויף׳ן קאַם׳ס ציינדלעך און נעמט דאָס אַריין צווישן אירע ליפּן און אַז זי ציט מיט אירע הענט דעם קאַם אַהין און צוריק פון איין באַק צו דער אַנדערער, שפּילט דאָס ווי אַן אמת׳ר גאַרמאָניק.

מיין שוועסטער שפּילט אויף׳ן קאַם מיט׳ן פּאַפּיראָס־פּאַפּיר א „קאַדריל״, א „פּאַלעס־באַניעץ״ און צום סוף אַ רוסישע „שער״ און אַלע מייטשעטער בחורים און מיידלעך טאַנצן ביז מיין מומע „באָבע לאה״ קומט אַהיים.

היינטיגען פּסח בין איך מער פאַרנומען ווי אַלע פּסח׳ן און אַלץ צוליב מיין בלעכענעם רעשעלע, וואָס זעט אויס ווי אַ קליין פּילקעלע, וועלכען מיין שוועסטער עלקע האָט פאַר מיר געקויפט אין באַראַנאָוויטש. מיט׳ן רעשעלע געווין איך אָפּ ביי מיינע חבר׳טעס אַלע זייערע טערקישע און וועלשענע ניס. איך צילעווע מיט מיין רעשעלע גלייך געגן די ניס, גיב עס אַ קייקלדיגן וואָרף און עס קייקלט זיך אַוועק ביז אָט־אָט גיט עס אַ קלאַפּ אין דער נוס, די נוס פאַלט אַריין אין גריבעלע און איך געווין שוין ווידער.

אַלע מיינע חבר׳טעס זיינען מיך שטאַרק מקנא מיט מיין רעשעלע, זיי זאָגן, אַז אַזאַ רעשעלע איז טאַקע נישטאָ ביי אונז אין די קראָמען, דערפאַר איז אָבער ביי אונז אין מייטשעט פאַראַנען אַנדערע שיינע זאַכן, וואָס זיינען אויף געוויס נישטאָ אין באַראַנאָוויטש און אפילו נישט אין דער גאַנצער וועלט. מיין חבר׳טע אַלטקע, איסער דעם שניט־קרעמער׳ס טעכטערל זאָגט, אַז אַזעלכע סטענגעלעך, ווי עס זיינען דאָ ביי איר טאַטן אין קראָם, זיינען נישטאָ אין ערגיץ — און מיין חבר׳טע גרונעלע זאָגט, אַז אַזעלכע שיינע „מזוזות״ ווי איר טאַטע קלאַפּט אַן אויף די מייטשעטער טירן, איז פאַראַנען נאָר אין מייטשעט.

און וואו אויף דער גאַנצער וועלט איז נאָך פאַראַנען אַזאַ „הקדש״, ווי ביי אונז אין מייטשעט ? — זאָגט מירעלע דעם חזן׳ס.

און וועלכע שטעטל האָט נאָך אַזאַ חיענקע די שטאָט־משוגענע, וואָס שלאָפט אין „הקדש״ און זינגט שיינע לידעלעך ? — דערמאָנט אונז אונזער חבר׳טע קריינדעלע.

און וואו נאָך זיינען פאַראַנען אַזעלכע שיינע חתונות, ווי ביי אונז אין מייטשעט? — זאָג איך שוין אַליין און מיר דערמאָנען זיך אַלע, וואָס פאַר אַ פריילעכקייט עס ווערט ביי אונז אין שטעטל, ווען עס איז דאָ אַ חתונה. אונזערע קלעזמאָרים קומען אַרויס פון דער כלה׳ס היים און גייען איבער אונזער לאַנגער גאַס און איבער׳ן מאַרק ביז צום שול־הויף, שפּילנדיג אויף דער באַנדורע מיט׳ן טרומייטער און מיט דער פידעלע. די מחותנים טאַנצן אַפּריער מיט אַ קיטקע אין די הענט און אונזער גאַנצע שטעטל גייט נאָך חתן־כלה מיט אָנגעצונדענע געפלאָכ־טענע „הבדלות". און מיר, די קליינע קינדער, לייכטן דעם וועג, לויפנדיג פון פאָרנט און פון הינטן מיט אָנגעצונדענע קליינע ליכטעלעך. נאָכדעם זאָגט דער בדחן: „כלה׳לע, כלה׳לע וויין!", אָבער דער כלה׳ס פּנים איז פּאַרדעקט, וויינען די מאַמעס, און עס פאַרקאָנטשען זיך אַלע מאָל אונזערע חתונות מיט דעם, וואָס מיר, אַלע קינדער פונ׳ם שטעטל, עסן טאָרט מיט צוקערקעס...

— נאָר אונזערע חתונות? און וואָס הערט זיך עפּיס מיט אונזער „תשליך"? — זאָגט מאיר׳קע רחל־דייכעס דער בייגל־בעקערין׳ס.

— טאַקע, טאַקע! — העלפט אים צו זיין ברודער מרדכי׳לע — וועלכע נאָך שטעטל האָט אַזאַ גרויסן טייך, וואו עס קענען אַריינגיין אַזוי פיל עברות, ווען אַלע אונזערע טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער און ברידער און מיר אַלע קינדער שטעלן זיך אַרום און טרייסלען אויס אַלע אונזערע קעשענעס ביז די קלענסטע עברה׳לע. אונזערע קעשענעס ווערן דאָך אַזוי ריין, אַז ביז איבער א יאָריגן "תשליך" קענען מיר שוין ווידער אַמאָל אָפּנאַרן דעם רבי׳ן און זאָגן, אַז דער קאָפּ איז טוט וויי, ווען עס גלוסט זיך אַ טאָג נישט צו גיין אין חדר...

אַלע מיינע חבר׳טעס און חברים לאַכן זיך פאַנאַנדער פון מרדכי׳לן.

— נו און ווער קען פאַרגעסן אונזער מייטשעטער פורים־שפּיל? — דערמאָנט אונז מיין חבר׳טע טשערנע.

ביים וואָרט „פּורים־שפּיל" קומען טרערן אין מיינע אויגן, ווייל איך דערמאָן זיך באַלד די גאַנצע מעשה, ווי איך בין געזעסן מיט מיין מאַמע׳ן אין דער וויבערשער שוהל און אַלע מיינע חבר׳טעס זיינען גע־זעסן מיט זייערע מאַמעס און מיר האָבן אַלע אַרונטערגעקוקט דורך די פענסטערלעך, וואָס קוקן אויס ווי האַלבע לבנות און זיינען פאַרהאַנגען מיט פירהענגלעך. מיר האָבן פאַנאַנדער־געררוקט די פירהענגלעך און אַרונטערגעקוקט אונטן צו די מאַנסבילן אין שוהל און אוי וואָס דאָרט האָט זיך געטאָן? — דערמאָן איך זיך מיט אַ ציטער — מיין שוועסטער־קינד יאַנקל דער מ׳מע באַבע לאה׳ס איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין אַ רויט זיידן העמדל, געמאַכט פון פּאַפּיר, און זיינע ברידער, וואָס זיינען

גאָר נישט געווען זיינע ברידער, נאָר פרעמדע בחורים מיט בערד, ווי עס טראָגן די טאַטעס, האָבן גערופן יאַנקל׳ן „יוסף" און האָבן אים אַרונטער־געוואָרפן פון דער בימה אין אַ גרוב אַריין און נאָכדעם האָבן זיי אים אַרויסגענומען פון דער גרוב און אין גאַנצן פאַרקויפט צו די מצריים...

איך האָב געוויינט און געשריגן, אַז איך וועל לויפן פאַר׳מסר׳ן צו מיין מומע באָבע לאה׳ן, וואָס מען טוט צו איר זוהן, וועט זי די אַלע, וואָס זאָגן, אַז זיי זיינען „ברידער" אָפּקוועטשן די „זאוואלקעס". זאָגט מיר מיין מאַמע, אַז יאַנקל איז אַצינד גאָר נישט יאַנקל, נאָר „יוסף" פונ׳ם טייטש־חומש און זי האָט געוויינט, וואָס די ברידער האָבן געטאָן צו יוסף הצדיק און איך האָב געוויינט, וואָס מען טוט צו יאַנקל׳ן דער מומע באָבע לאה׳ס.

— נאָר „פּורים־שפּיל" ? און וואָס הערט זיך עפּיס מיט אונזער שמחת־תורה ? — דערמאָנט אונז מיין שוועסטער־קינד בן־ציונקע, אהרן דעם סופר׳ס זוהנדעלע — אַלע אונזערע פּנימ׳ר שיינען אויף, ווען מיר דערמאָנען זיך ווי גוט און פריילין עס ווערט, ווען אין אונזער שטעטל קומט אָן דער שיינער יום־טוב שמחת־תורה. די מאַמעס ברענגען אונז פונ׳ם מאַרק שיינע פענער, די טאַטעס בויערן אויס מיט די שפּיצן פון די מעסערס גריבעלעך אין בולבעס, מיירן און עפּל, טוען עס אַרויף אויף די פענער, מיר שטעקן אַריין אין דעם רויטע, ווייסע און גרינע ליכטעלעך און מיר וואַרטן, עס זאָל ווערן פאַר־נאַכט. דעמאָלט צינדן מיר אָן אונזערע ליכטעלעך און לויפן אין בית־המדרש אַריין צו די טאַטעס, וואָס טראָגן אין זייערע הענט די ספרי־תורות און גייען אַרום דער בימה אין „הקפות". מיר, די קינדער, דרייען זיך נאָך די טאַטעס און מיר זינגען אַלע : „שישו ושמחו בשמחת תורה" און מיר קושן די שיינע ספרי־תורה׳ס, וואָס זיינען אָנגעטאָן אין גאָלדענע און זילבערנע קרוינען און סאַמעטנע רויטע און בלויע און גרינע מענטעלעך, און ווען מען גיט אַ קוש די ספר־תורה, ווערט אַזוי גוט און גלאַט אין די ליפּן ! . . .

— נאָר שמחת־תורה איז ביי אונז שיין ? — רופט זיך אָפּ משה׳לע דעם גבאי׳ס — און וואָס הערט זיך עפּיס מיט אונזער מייטשעטער לבנה, וואָס מיין טאַטע מיט אַלע אידן זיינען אַלע מאָל מחדש ?

מיר דערמאָנען זיך, ווי יעדן חודש קומט צו אונז אין מייטשעט די שענסטע לבנה. אַלע טאַטעס קומען זיך צוזאַמען אויף׳ן שולהויף, די זיהן לייכטן מיט ליכט צו די סידורים׳לעך און די טאַטעס דאַוונען פון דאָרטן אַרויס. און אין מיטן פונ׳ם דאַוונען גיבן זיך אַלע טאַטעס פּלוצים אַ כאַפּ איינער צום אַנדערן און הויבן זיך אָן צו זאָגן : „שלום

עליכם, עליכם שלום!" פונקט ווי זיי וואָלטן ערשט פון ערגיץ געקומען צו פאָרן... דערנאָך נעמען זיך אַלע טאַטעס פאַר די הענט, מאַכן אַ „קאַראַהאָד" און טאַנצן און זינגען צו דער לבנה. און די לבנה, צופרידן, וואָס די אידן נעמען זי אויף מיט אַזאַ גרויסער שמחה, איז פונקט ווי אַ פּאַסטוכל אויף דער ערד פּאַשעט זיינע שעפּסעלעך, אַזוי נעמט די לבנה אַלע שטערנדלעך און שפּאַצירט מיט זיי אַרום איבער גאַנץ מייטשעט. אַלע דעכער ווערן טאָגיג ליכטיג, אין די שטיבער ווערט ליכטיג און אין די געסלעך איז אַזוי ליכטיג, אַז אַלע חדר־אינגלעך לאָזן איבער זייערע לאָמטערנעס אין די חדרים און לויפן אַהיים, באַגלייט פון דער לבנה מיט די שטערן.

די קיילעכדיגע ביס מיט׳ן קיילעכדיגן רעשעלע האָבן צוגעהאָלפן גיך גיך אַוועק צו קייקלען די פּסח׳דיגע טעג. אָט איז שוין דער לעצטער טאָג פּסח, אויס ווערט מיט די מצה־קניידלעך, אויס מיט׳ן רויטן ראָסל מיט די אייערלעך, אויס מיט טונקען מצות אין מעד, אויס מיט׳ן ביס־שפּילן. מען דאַרף שוין צוריק לויפן אין חדר — און אויס ווערט מיט די מאַמעשע יום־טוב׳דיגע פּנים׳ר. די טאַטע־מאַמע׳ס פּנים׳ר ווערן שוין ווידער וואָכעדיג, חיונה׳דיג, פאַר׳דאגה׳ט.

מיר וויסן אָבער, אַז לאַנג וועט נישט זיין דער אומעטיגער אין דער וואָכן ביי אונז אין מייטשעט. ווייל אַלע וואָך קומט ווידער אָן דער שיינער שבת און ווען עס גייען אַוועק אַ ביסל שבתים, קומט ווידער אַ נייער יום־טוב.

ביי אונז אין שטעטל האָבן מיר נאָך חוץ דער פריילעכקייט פון די שבתים און ימים טובים נאָך אַ פריילעכקייט. מיר האָבן ירידים. מיין מאַמע זאָגט, אַז די מייטשעטער ירידים האָבן אַ שם אין דער גאַנצער אומגעגענד, פון אַלע עקן לאַנד ציען זיך וועגענער, וואָס פאָרן פוהרן, פירן קאָרן, פירן פערד, בהמות, ציגן, שעפּסעלעך, היהנער, העגנער, קערבעליך אייער, לאַדישקעס זויערע מילך, גאַמולקעס, קעז. מען קויפט, מען פאַרקויפט, מען דינגט זיך, מען האַנדלט, מען וואַנדלט, מען איז סוחרים. מען קריכט איבער וועגענער, איבער אויסגעשפּאַנטע האָלאָבליעס, איבער געבונדענע קעלבלעך, מען קוקט פערד אין די ציינער, מען גלעט בהמות די רוקנס, מען רוקט פינגער צו די היהנער אונטער די עקן, צו זען אויב זיי לייגן זיך...

דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרנומען מיט קויפן און פאַרקויפן עפּיס צום יריד. מיין מומע „באָבע לאה" באַקט שטענדיג „יעוואָנים" צום יריד. די „יעוואָנים" זיינען פון דעם טייג, וואָס מען באַקט האָניג־לעקאָך. זי לייגט אַריין דעם ברוינעם טייג אין אַזעלכע בלעכענע פורעמ־

לעך און עס קומען ארויס פונ׳ם אויוון גאַנצע פאַלקן מיט אַלערליי „יעוואַנים״, אַזעלכע וואָס האַלטן די הענט אין די קעשענעס און טוען גאָר נישט און העלדישע אַרטילעריע־„יעוואַנים״, וואָס רייטן אויף פערד. אַמאָל טרעפט, אַז ביי דער מומע אין אויוון צוברעכט אַ „יאָוון״ אַ האַנט אָדער אַ פוס, אָט אַזאַ קאַליקע יאָוון גיט שוין די מומע מיר אָוועק.

מיין מאַמע קלייבט פאַר׳ן יריד רויטינקע מאַלינקעס אין די לעסקעס. די „לעסקעס״ רופט מען אונזערע ווייטע געדיכטע וועלדער. וואו עס וואַקסן די מאַלינקעס. די מאַמע נעמט מיך אַלע מאָל מיט, איך זאָל איר אויך העלפן קלייבן — און דאָס מאָל האָט זי מיך דאָרט אין דער געדיכטעניש פונ׳ם וואַלד אין גאַנצן שיר נישט פאַרלוירן.

זי האָט מיך שוין באַווײנט, געמיינט, אַז אַ וואָלף האָט מיך אויפֿגעגעסן. דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען אין וואַלד מיך זוכן. עס איז צוליב מיר שיר פאַרשטערט געוואָרן אַ גאַנצער מייטשעטער יריד. צום סוף האָט מען מיך געפונען און מען איז בשלום אויף מאָרגן געגאַנגען צום יריד.

אַראָפּגעפּטר׳ט דעם יריד, ריכטן מיר זיך שוין אויף אונזער גרינעם יום־טוב שבועות. איך האָב האָלד שבועות, ווייל איך האָב האָלד צו קוקן ווי אַלע אונזערע שטיבעלעך ווערן גרין פון די גרינע צווייגעלעך, מיט וועלכע מיר באַפּוצן דעם באַלקן מיט די ווענט. מיין מאַמע זאָגט, אַז שבועות דאַרפן אונזערע היימען זיין גרין ווי גראָז, כדי צו געדענקען, אַז אין דעם טאָג האָט מען אונז אידן געגעבן די הייליגע תורה אויף׳ן גרינעם באַרג סיני.

און אָט איז שוין טאַקע צו אונז אין מייטשעט אָנגעקומען דער ערב־שבועות אין דער פרי. אויף אונזער קאַמינעק שמעקט די פרישע זידענדיגע ציקאָריע. מיין מאַמע באַקט חלות מיט זעמעלעך און גיסט אויס בלעטעלעך פאַר בלינצעס. איך העלף מיין מאַמע מיט אונזער פעדערן־פּענזיל באַשמירן די חלות מיט אַ געלעכעל און נאָכדעם לויף איך אָנרייסן גרינע צווייגעלעך, צו באַפּוצן אונזער שטיבעלע.

איך ווייס שוין וועלכע צווייגעלעך מען דאַרף. זיי קוקן אויס ווי די הושענות, וואָס מיין מאַמע קלאַפּט אים הושענא רבה אָן סטענדער. די סאָרטן צווייגעלעך וואַקסן ביי אונז אין קוסטעס, נישט ווייט פון אונזער טייך, וואו עס דרייט זיך דער ראָד פון אונזער מילנער׳ס מיהל. אין טייך אַרום דער מיהל ליגן אויסגעלייגט קלעצער, נעבן די קלעצער שטייען אַלע מאָל די גרויסע מיידלעך פונ׳ם שטעטל, פאַרקאַשערט די קליידער איבער די באָרוועסע פיס און זיי שווענקן אין טייך און פּראַלניקן אויף די קלעצער זייערע גרעט אויף יום־טוב.

ווען איך האָב שוין אונטער מיין פּאַכווע אָנגעריסן אַ גאַנצע ווערבע מיט צווייגעלעך פאַר אונזער שטוב, טו איך זיך אויס באָרוועס און לאָז זיך אַוועק בראָדזען צווישן די זומפּיגע גראָזן, בענטער צום טייך, וואו עס וואַקסט „אאיר", וואָס קוקט אויס ווי גרינע לאַנגע ציבעלעס, אָבער עס איז נישט קיין ציבעלעס. ביי די קעפּלעך פונ'ם „אאיר" איז אַ ראָזעווע פאַרב און עס פייפט ווי אמת'ע פייפעלעך. קריך איך טיף אין די זומפּן און רייס אָן פאַר מיר אַ ביסל פייפעלעך. פון דער ווייטענס אין טייך ביי די קלעצער שטייט מיין שוועסטער שרה־חנה, שווענקט און פּראַלניקט אויף שבועות מיין סיצענע קליידל, איהר קאַטונענע בלוזקע, מיין מאַמע'ס שבת'דיגן פאַרטוך. זי דערזעט ווי איך האָב צוליב די פייפעלעך פאַרגראַזשעט מיינע פיס אין די בלאָטעס, זעצט זי מיך אַוועק אויף'ן קלאָץ, כדי אָפּצוואַשן מיינע פיס. באַלד איז זי זיך מיישב, טוט מיר אויס מיין קליידל און פלושקעט מיך אין גאַנצן אַריין אין טייך, מיך אויך אויסצופּראַלניקן אויף שבועות.

אַלע ימים טובים, סיי די זומערדיגע און סיי די ווינטערדיגע, איז ביי אונז אין מייטשעט פריילעך. אונזער ווינטערדיגער יום־טוב חנוכה איז ביי אונז שטענדיג אויך אַ פריילעכער. די מאַמעס באַקן לאַטקעס, פּרעגלען גריווינקעס. מיר, די קינדער, באַקומען חנוכה־געלד, שפּילן זיך אין הילצערנע און בלייענע „גאָרן" (דריידלעך).

דער חנוכה איז ביי אונז אין שטוב נישט געווען קיין זייער גליקליכער. דער טאַטע איז נישט געקומען אַהיים אויף יום־טוב, איך האָב זיך צוגעקילט, צי עס איז נאָך פון דעם, וואָס מיין שוועסטער האָט מיך אויף שבועות געפּראַלניקט אין טייך, צי פון דעם „לאָד" (אייז), וואָס איך האָב געסמאָטשקעט. דער לאָד איז אַזוי שיין אַראָפּגעהאַנגען פון אונזער שטרויענעם דעכל, אַז עס האָט אויסגעזען ווי לאַנגע שטיקלעך קאַנדל־צוקער. האָב איך מיך אַרויפגעשטעלט אויף אונזער פּריזבע, דערלאַנגט מיט מיין האַנד ביז צום דאַך, האָב אָפּגעבראָכן אַ ליכטל לאָדענעם קאַנדל־צוקער און דאָס געסמאָטשקעט. מען האָט געדאַרפט רופן מיין מומע באָבע לאה, צו קוועטשן מיינע „זאַוואַלקעס". האָט זי טאָקי אָפּגעקוועטשט, אָבער מיר איז נאָך אַלץ געווען טוט ווי אין האַלז...

איז מיין מאַמע אַרומגעגאַנגען און זיך גע'דאגה'ט. אָבער חוץ מיין האַלז האָט מיין מאַמע געהאַט נאָך אַ דאגה. אין מייטשעט האָט פּלוצלינג אַריינגעבלאָנדזשעט, האָט מיין מאַמע געזאָגט, אַ נ י י וואָרט, דעם וואָרט האָט מען גערופן „ אַ מ ע ר י ק ע". — און זייט דאָס וואָרט אַמעריקע איז אָנגעקומען אין מייטשעט, זיינען אַלע מאַמעס אַרומגעגאַנגען פאַר'דאגה'טע. זיי האָבן געוווישט מיט די ברעגן פון

זייערע פּאַטשיילקעס די אויגן און גע׳טענה׳ט: „מען ליידט זיך אָן פון פּאַקעלעך, מאָזעלעך, מען האָדעוועט אויס שיינע בוימער, קומט פלוצלינג אָן אַן אַמעריקע און כאַפּט זיי אויס!... בייט אויס לעבעדיגע קינדער אויף בויגעלעך פּאַפּיר און וואָס? ווען? מען ווייסט דאָרט אין אַמעריקע דעם טעם פון אַ שבת, פון אַ יום־טוב? צוליב די געדיכטע הויכע דעכער דאָרט זעט מען אפילו נישט די לבנה!״...

אָט אַזוי האָבן כסדר די מאַמעס גע׳טענה׳ט און געקרעכצט.

און ווען מיין ברודער בערל־איטשע פלעגט זיך מיט זיינע חברים סוד׳ן וועגן אַמעריקע, פלעגט מען מיין מאַמע׳ן באַלד דאַרפן שטעלן „באַנקעס״ — און אַמאָל, ווען עס איז אויסגעגאַנגען די גערשטן אין שטוב און די מאַמע האָט געגעבן אונזערע היהנער עסן די ברעקלעך פונ׳ם טיש, איז טאַמער האָבן זיי אַזוי גיך נישט געגעסן, פלעגט די מאַמע זאָגן: „וואָס איז, פּאַניענקעס מיינע, אַייך געפעלט שוין אויך נישט דער מאַמע׳ס עסן? איר ווילט שוין אפשר אויך פאָרן קיין אַמעריקע?״...

מיין מאַמע האָט אַ פאַר׳דאגה׳טע פאַרוויקלט מיין האַלז. דער חנוכה־שבת האָט שוין גענומען אַוועקגיין, אין אונזערע „פּאַדוואַנאַיע פענסטערלעך״, צווישן וועלכע עס איז געלעגן ווייסע וואַטע מיט דין געשוירענע פּאַסיקלעך אַלערלייאיגע קאָלירן פּאַפּיר, איז שוין געוואָרן טונקעלער און טונקעלער. אין קלויסטער האָבן שוין גענומען קלינגגן די גלאָקן „גלין־גלאַן־גלאַן!״, אַן אָנזאָג אַז זייער שבת קומט אָן. מיין **מאַמע האָט אַ נעץ געטאָן איר האַנט אָן דער שויב, גענומען באַגלייטן** דעם אַוועקגייענדען אונזער שבת, זאָגנדיג: „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, באַהיט דיין פאָלק ישראל פון אַלעם בייזן, דער ליבער שבת קודש גייט אַוועק...״ מיין ברודער בערל־איטשע איז אַריין אין שטוב, געמאַכט פאַר דער מאַמע הבדלה, געבענשט די פינפטע חנוכה־ליכטל און זאָגנדיג, אַז ער וויל נישט עסן, איז ער צוריק אַרויס פון שטוב.

מיין מאַמע האָט אַ טאַפּ געטאָן דעם אויוון, געזאָגט, אַז עס איז נאָך גוט וואַרם פון פרייטאָג, איך זאָל אַרויפקריכן, איינשלאָפן דאָרט און אויסוואַרעמען מיין האַלז. איך האָב זי געפאָלגט און זיך אויס־געצויגן מיט׳ן פנים אַראָפּ אויף׳ן וואַרעמען אויוון. מיין מאַמע האָט זיך געכאַפּט, אַז די קעראָסין איז אויסגעגאַנגען אין לאָמפּ, האָט זי אָנגעצונדן אַ קינעלקע, האָט דאָס אַריינגעשטעקט אין באַלקן וואָס נעבן אויוון, זיך אַוועקגעזעצט נעבן מיר און גענומען שטריקן אַ זאָק.

זעענדיג אַז איך שלאָף נישט אַיין, פרעגט זי מיך:

— ווילסט, איך זאָל דיר זינגען וועגן דעם נעסט מיט די פייגעלעך ?

איך ווייס, אַז ווען מיין מאַמע זינגט דאָס, מיינט זי מיט׳ן „נעסט״ אונזער היים און די פייגעלעך מיינט זי אונז, אירע קינדער — און זי וויינט, ווען זי זינגט דאָס... אָבער איך ווייס, אַז זי האָט דאָס ליב, זאָג איך:

— יאָ, מאַמע, זינג מיר פון די פייגעלעך!...

איך מאַך צו מיינע אויגן און מיין מאַמע וויגט מיך איין מיט איר זינגען דורך אירע קאפנדע טרערן.

אוי אַ מאַמע פויגל
האָט אויף אַ בוים
געבויעט אַ נעסט פאַר אירע פויגעלעך
דאָס בוימעלע האָט זיך אײַנגעבראָכן,
און מיינע פויגעלעך זיינען צולאָפן!...
מיינע פויגעלעך זיינען געשטאַנען אויף אַ צווייגעלע,
די צווייגעלע האָט זיך איינגעבויגן
און מיינע פויגעלעך זיינען צופלויגן...

— — — — — — — — — —

— שוין געקומען, מיר זיינען געקומען, געקומען!

מיינע אויגן־דעקלעך רייסן זיך אויף פון די גוואלטן, וואָס אַרום מיר און מיינע ליפּן שעפּטשן:

— מאַמע, דיינע פויגעלעך זיינען געקומען, געקומען!...

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

...איך עפן ברייטער אויף מיינע אויגן, קוק זיך אַרום, איך שלאָף אויף׳ן דעק פון מיין וויגנדיגער שיף „באַרבאַראָסא״. אַלע פּאַסאַזשירן לויפן צו צו די פּארענטשעס און שרייען:

— מיר זיינען געקומען, געקומען צו אַ ברעג! אָט איז אַמעריקע, אָט איז די „סטעטשו אָוו ליבערטי״!...

איך שטעל זיך אויף און גיי אויך צו צו דער פּאַרענטשע, קוק מיט צוטומלטקייט און מיט אַ צושראָקענער ערוואַרטונג אויף דער „סטעטשו אָוו ליבערטי״ — און מיין בליק קערט זיך אום אויף צוריק, פּאַלט אויף׳ן שוים, וואָס דער עק פונ׳ם שיף לאָזט הינטער זיך.

איך קוק דורך׳ן שוים מיט בענקשאַפט אויף׳ן ווייטן־ווייטן צוריק, צוריק צו מיינע איבערגעלאָזטע שטעט און שטעטעלעך: גראָד־נע, לידע, באַראַנאָוויטש, נאָוואַרידאָק און מייטשעט.

אַוועק, אַוועק זיינען זיי, אַוועק צוזאַמען מיט די אוועקגייענדע יאָרן!...

# אַ טובה פאַר אַ טובה

סקיצע

אַ צוטומלטער שמייכל האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף מר. פרענק לואיסאָן׳ס פּנים, ווען זיין האַנט האָט האַסטיג אָוועקגענומען דעם רעסיווער פון זיין אויער. אַלערליי טעלעפאָן קאָלס האָט ער שוין אין זיין לעבן געקראָגן, אַלערליי טובות האָט מען שוין פון אים פאַר־לאַנגט, אָבער אַז מען זאָל פון אים פאַרלאַנגען אַזאַ סאָרט טובה, האָט ער זיך נישט געקענט פאָרשטעלן. ער האָט זיך דערפאַר מיט פאַר־דרוס געגעבן אַ דריי אויס מיט דער פּלייצע צום טעלעפאָן און מיט די אויגן פאַרגלייזט געקוקט צום פענסטער.

די טעלעפאָנס אַרום אים האָבן כסדר געקלונגען, די אָפיס־מיידלעך האָבן ווידער און ווידער אַמאָל גערופן: — „מר. לואיסאָן, ען אָדהער קאָל, מר. לואיסאָן, מען וויל אייך, מען דאַרף אייך!״...

אָבער דערזעענדיג, ווי זייער באָס האָט זיך פאַרטראַכט, האָבן די מיידלעך אויף זייער אייגענע פאַראַנטוואָרטליכקייט כסדר גע־ענטפערט: „פּליז ליוו יור נאָמבער, ווי׳ל קאָל יו לייטער! פּליז, לאָזט אייער נאָמבער, מיר וועלען אייך שפּעטער צוריקרופן!״

מר. פרענק לואיסאָן, אַ פעסט־געבויטער העלדישער מאַן אין די פופציגער מיט אַ שטרענגן ביזנעס־מעסיגען אויסזען, אָבער זעהר אָפט מיט אַ האַרציג־פריינדליכן שמייכל אויף זיינע ליפּן, אויף זיין בלאַסליכן פּנים געפינען זיך קנייטשן פון איינזאַפּן אין זיך אַלערליי וועלטס־ליידן. זיין פּלייצע בויגט זיך אַביסל אונטער דעם יאָך, וואָס ער האָט פאַר זיך אַליין אויסגעקליבן. אַמאָל גיט זיך זיין פּנים אויך אַ קנייטש פון אַן אייגענעם פּערזענליכן ווייטאָג, אָפט אַ נשמה ווייטאָג

און אַפּט טוט עס אַ פּיזישן שטאָך, דאָ אין אַ זייט, דאָ אין פּלייצע. ס׳איז אַ שטאָך, וואָס קומט פון אַ נישט־אָפּגעהיט עסן אָדער פון אַ נאַכט נישט־דערשלאָפן, ווייל מר. לואיסאָן האָט קיינמאָל קיין צייט נישט פאַר עסן און שלאָפן. ער איז שטענדיג פאַרנומען מיט לויפן צו אַלערליי מיטינגען און מיט טאָן עפּיס פאַר יענעם.

זיין פּערזענליכן שטאָך אָדער וויטאָג פאַרשמייכלט ער שטענדיג, ווייל וואָס פאַר אַ ווערדע האָט זיין נאַריש וויטאָגל, טראַכט ער, אַקעגן די גרויסע ליידן פון אַלע אַנדערע מענשן, וואָס ווענדן זיך נאָכאַנאַנד צו אים וועגן פאַרשידענע עצות, טובות און הילף?

„ער, ער איז געזונד, ער איז שטאַרק, ער איז רייך, ער קען, דאַרף און מוז העלפן אַנדערע!" — דאָס איז זיין ציל, זיין לעבנס־אויפגאַבע... און מר. לואיסאָן זיצט אַ גאַנצן טאָג אין אָפיס פון זיין גרויסער פעקטאָרי, אין וועלכער עס זיינען באַשעפטיגט אַ פּאָר הונדערט מענשן. אין זיין איין האַנט האַלט ער כסדר די טרייבל פונ׳ם טעלעפאָן, צו הערן וואָס מען פאַרלאַנגט פון אים, און מיט דער צווייטער האַנט האַלט ער אין איין פאַרשרייבן אין אַ קעשענע־ביכעלע, וואָס און ווען ער דאַרף טאָן די אָדער יענע טובה, וואָס מען בעט פון אים. מר. לואיסאָן איז מער באַשעפטיגט מיטן טאָן כלל־טובות ווי מיט זיינע אייגענע ביזנעס, ווייל טראַצדעם, וואָס ער טוט געשעפטן אויף מי־ליאָנען, האָט ער עס דורך זיינע גרויסע פעהיגקייטן אַזוי איינגעאָר־דענט, אַז זיינע ביזנעס גייען שוין ווי אַ מאַשין פון זיך אַליין. און צו טאָן עפּעס פאַר ליידענדע מענשן, דאָס קען ער זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיינעם. דאָס מוז ער אַליין.

אָבער וועגן אַזאַ סאָרט טובה, וואָס מען האָט איצט פון אים פאַרלאַנגט, האָט ער נישט געוואוסט, צי זאָל ער ווערן אין כעס אָדער לאַכן.

„וואָס מיינט זיך עפּיס יענער דאָרט, אַז ער איז עפּיס אַ ביליגער פּאָליטישען?" . . .

איבערהויפּט האָט אים צוטומלט, וואָס יענער אומבאַקאַנטער מ אַ נ ט גאָר פון אים די טובה! „עס קומט אים" — זאָגט ער — „ס׳איז אַ טובה פאַר אַ טובה!", ווייל יענער האָט אים, לואיסאָנ׳ען, אַמאָל אויך געטאָן אַ טובה . . .

פּרענק לואיסאָן טוט אַ קוועטש מיט די אַקסלען: „וואָס פאַר אַ טובה האָט יענער סאָרט מענש אים געקענט טאָן, אים דעם סעלף־מייד־מען?"

„אים טובות?" — אַ וויטאָגדיגער שמייכל צושפּרייט זיך שטאַר־קער אויף זיין פּנים, אין זיינע מילדע גרינליך־בלויע אויגן פינקלט דאָס

מאָל אַ באַהאַלטענער טרער, זיין אויג גיט זיך אָפּט אַ נעץ אויף יענעמ׳ס פּיין, אויף זיך קיינמאָל נישט. געגן זיינע אייגענע ליידן האָט ער שטענדיג פאַרביסן די ליפּן און געקעמפּפט, געקעמפּפט געגן אַלע לעבנס־שטורעמס, וואָס זיינען אים אַקעגנגעקומען, געקעמפּפט מיט מוט, שכל און אויסדויער, ביז ער האָט אויסגעקעמפּפט פון אַ האַרטער באַנק אין אַ פּאַרק, וואו ער האָט אַלס איינגל פיל מאָל געשלאָפן, ביז צו אַ באַנק אין מזרח־וואַנט, ביז צו אַ בכבוד׳יגן שטול אין אַ מיליאָנערסקן קלאַב. ער, דער אַמאָליגער אָרימער איינגל מיט זיין אידישער נאָז זיצט איצט זייט ביי זייט מיט יענקי־מיליאָנערן און דורכגעבראָכן האָט ער זיין וועג מיט אייגענע ערליכע כחות, אָן קיינעמ׳ס הילף, אָן קיינעמ׳ס טובות. דערפאַר האָבן איצט יענעמ פּרעמדן׳ס ווערטער ארויסגערופן אין אים אַ שמייכלענדע טרער, אַ טרער, וואָס קומט פון פריד דורך לייד.

„אים טובות ?" — האָט ער אין זיין געדאַנק איבערגערעדט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל — ווען האָט אימיצער פאַר אים עפּיס געטאָן ? ער פאַר יענעם יאָ ! דאָס האָט ער דאָך געמאַכט פאַר זיין לעבנס־אויפגאַבע ! ווייל וואָס מער ער האָט אין זיין לעבן געליטן, אַלץ מער האָט ער באַשלאָסן צו טאָן גוטס צו אַנדערע. אָבער אימיצער זאָל פאַר אים עפּיס טאָן ? ניין, ער געדענקט נישט אַזאַ צייט, נישט אפילו פון זיין פריע־סטער יוגנד אָן !

ער פאַררויכערט אַ ציגאַר, זעצט זיך אַריין טיפער אין זיין שטול און זיין בליק צוזאַמען מיט זיין פאַרטראַכטן שמייכל וואַנדערט אַוועק אויף צוריק, צוריק צו זיינע פאַרגאַנגענע יאָרן, צוריק ביז צו זיין פריעסטער קינדהייט.

אָט דערזעט ער זיך אַלס אַכט און אַ האַלב יאָריגער עמיגראַנטל, געקומען פון יענער זייט ים, ערגיץ פון סובאַלקער גובערניע, אַריינגעפאַלן אין דער ניו־יאָרקער דאַון־טאַונער געטאָ, אין אַן ענגער אָרימער היים צווישן ניין אַנדערע שוועסטערלאַך און ברידערלאַך, וואו יעדער מאָנט עפּיס אַנדערש ביי דער מידער מאַמע : איינער מאָנט עסן, אַ צווייטער שיך, אַ דריטער אַ קלייד — און די פאַרמאַטערטע מאַמע לאָזט אויס אַלעמען׳ס מאָנען צום טאַט׳ן. טענה׳ט נאָכאַנאַנד פאַר־וואָס ער גיט נישט, ברענגט נישט און פאַרדינט נישט ! און דער טאַטע — אַ הוסטנדיגער פרומער איד, לאָזט אויס אַלעמען׳ס טענות צום רבונו של עולם, דאַוונט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל און נאָך יעדן מאָל דאַוונען טרייסט ער די מאַמע, אַז גאָט וועט העלפן.

אָט אין דעם הו־האַ פון נויט און אָרימקייט פּלאָנטערט ער זיך אַרום, פּלאָנטערט זיך און וואַקסט — און צוזאַמען מיט זיין וואַקסן פאַנגען אויך אין אים אָן צו וואַקסן פאַרלאַנגען נאָך פאַרלאַנגען. ער

דארף איין זאַך, אַ צווייטע זאַך; ער מאָנט אָבער ביי קיינעם נישט; פאַרקערט, ער האָט אויף אַלעמען רחמנות.

ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט אויף זיין טאַט׳ן רחמנות געהאַט אפילו דאמאָלס, ווען יענער האָט אים, דעם ניין און האַלב יאָריגן פאַרברעכער, צוגעבונדן צום בעט און מיט אַ רימעטענעם פּאַסעק געכוואַשטשעט איבער זיין נאַקעטן לייב.

אַ קינדערשע פאַרשעמטקייט צערויטלט זיך איצט אויף מר. לואיסאָן׳ס באַקן און מיט אַ ברייטן שמייכל דערמאָנט ער זיך ווידער אָן יענעם ווייטן, ווייטן אַמאָל.

אָט דערזעט ער זיך, ווען ער איז ניין און אַ האַלב יאָר אַלט. ער לויפט מיט זיינע ביכער פון סקול און טראַכט, אַז ער איז דער אומגליקליכסטער אויף דער וועלט, ווייל ער האָט נישט קיין פּעני אויף קענדי. מיט אַמאָל דערזעט ער איינעם, וואָס איז מער אומגליקליך פון אים, איינעם, וואָס האָט נישט קיין אויגן צו זען און קיין פיס צו גיין, מיט זיינע הענט שטופּט יענער מיט אַלע כחות זיך אַליין און זיין פיר־װעגעלע. ער, דער קליינער פרענק, לויפט דאַן צו מיט גרויס רחמנות און העלפט דעם אומגליקליכן אַריבערפאָרן די גאַס און טאַקע באַלד באַצאָלט זיך אים זיין גוטע טאַט, ווייל יענער קאַליקע גיט אים דערפאַר אַ פּעני אויף קענדי.

„מיין ערשטער פאַרדינסט!" — טוט מר. לואיסאָן אַ שמייכלדיגן מורמל. ער לענט אָן זיין קאָפּ אויף׳ן ווענטל פונ׳ם שטול, גיט אַ צי זיין ציגאַר, לאָזט אַרויס אַ מויל רויך און זעט דורך די קייקעלעך פונ׳ם אַוועקגייענדען רויך נאָך בילדער פון זיין אַמאָל.

יענער קאַליקע בלינדער לאָזט אים שוין נישט אָפּ, ער באָט אים אָן צוויי סענט פאַר יעדן טאָג, ארומצופירן אים איבער די גאַסן. אַ פולע וואָך — דערמאָנט ער זיך — האָט ער דאַן געאַרבייט פאַר זיין ערשטן „באָס". גלייך פון סקול פלעגט ער קומען צו לויפן, אַוועקלייגן זיינע סקול־ביכער אויף׳ן קאַליקע׳ס קני, דאָרט וואו עס איז אויך גע־שטאַנען אַ באקסל מיט פּענסילס און טשואינג גאָם. ער האָט מיט זיינע קליינע הענטלעך געשטופּט דעם פיר־רעדערדיגן שטול און דער בלינדער קאַליקע האָט מיט אַ שיינעם נגונ׳דל געזונגען: „העלפט אַ קאַליקע, העלפט אַ בלינדן, שענקט אַ נדבה!" און מענשן האָבן נאָכאַנאַנד געוואָרפן קליינגעלד אין קעסטעלע.

איינמאָל ביי דער ענדע פון זיין וואָך אַרבייט איז עס געשען — דערמאָנט ער זיך מיט אַ שמייכל — ווען ער האָט פּלוצלינג דערזען פון זיין „באָס" אַ זאַך, וואָס האָט אים, דעם ניין און אַ האַלב יאָריגן מענשן, שטאַרק פאַרוואונדערט. ער האָט דערזען, ווי זיין בלינדער

באַס טוט אויס די שוואַרצע גלעזער און ציילט דאָס צונויף־געקליבענע געלד און ער זאָגט דאַן צו אים, צו דעם אַרבייטער, אַז אַן די גלעזער זעט ער אַביסל אויף איין אויג. ביי דעם ציילן דאָס געלד איז דאַן אויך אַראָפּגעפאַלן די צוריסענע קאַלדרע פון זיין באַס'עס פּיס. האָט ער דאַן דערזען, אַז איין פוס ביי זיין באַס איז גאָר נישט אַזוי שטאַרק פאַר־קריפּלט.

דאַמאָלס איז עס געשען — דערמאָנט ער זיך ווייטער — דאַמאָלס איז עס אים איינגעפאַלן, אַז אויב אַזוי קען ער דאָך אַליין גיין אין „ביזנעס". געטראַכט און געטאָן. אַזוי איז ער אַלעמאָל געווען. ער האָט דאַן באַלד געגעבן זיין באָס די סעק. פאַר זיין אָפּגעשפּאָרט אַרבייטס־געלד האָט ער געקויפט עטליכע פּענסילס און טשואינג גאָם, אַריינ־געלייגט עס אין אַ סיגאַר־קעסטל און מיט אַ טיכל האָט ער זיך דאַן פאַרבונדן אַן אויגל...

דאַכט זיך, אַז דאָס אויג איז דאָס געווען — גיט זיך מר. לואיסאָן אַ רייב זיין רעכטע אויג און לאָזט זיין געדאַנק ווייטער וואַנדערן.

פון עפּעס אַ שמאַטע האָט ער דאַן געמאַכט אַ פּעטליע, וואו ער האָט אריינגעטאַן זיין לינקע קני.

מר. לואיסאָן גיט אינסטינקטיוו אַ הויב זיין לינקן פוס, פאַרמאַכט די אויגן און דערזעט ווי עס הינקט אַרום אַ קליין אינגל און זינגט מיט זיין באַס'עס נגונ'דל: „העלפט אַ קאַליקע, העלפט אַ בלינדן, שענקט אַ נדבה!"—און פאַרבייגייער וואַרפן קליינגעלד אין דעם אינגל'ס באָקסעלע.

מר. פרענק לואיסאָן גיט זיך אַ כאַפּ צו זיין קעשענע. ער גיט אַן עפן זיינע אויגן און צושמייכלט זיך, ווען ער כאַפּט זיך, אַז ער אַליין זינגט דאָס איצט דעם אַמאָליגן נגון.

צוזאַמען מיט זיין באַוועגונג שוועבט באַלד אַרויס פאַר אים דער פּנים פון זייער געוועזענער שכנה מרס. בעסי קאַץ, וועלכע האָט אים דאַן דערקענט און געלאָפן מיט געוואַלדן צו זיין טאַט'ן. און דער טאַטע נעביך הוסט און שלאָגט.

עס דאַכט זיך אים, אַז ער הערט נאָך איצט דעם הוסטנדן קול פון זיין טאַט'ן:

— נא, נאַדיר שווינדלערישע פּרנסות! נאַדיר קאַליקע! נאַדיר בלינד! נאַדיר אָפּנאַרן מענשן! נאַ, נאַ! דאָס זאָל זיין דאָס ערשטע און לעצטע מאָל, וואָס דו וועסט אימיצען אָפּנאַרן!...

און דאָס איז טאַקע געווען דאָס ערשטע און לעצטע מאָל, וואָס ער האָט ווען עס איז אימיצן גענאַרט! — טוט אַ פינקל שטאָלץ אין מר. לואיסאָן'ס בליק.

אָבער, דערמאָנט ער זיך ווידער מיט רחמנות צו יענעם ליידנדען אינגל, קיינער, קיינער האָט זיך דאַן פאַר אים נישט אײַנגעשטעלט, קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַ ביסל רחמנות צו האָבן אויף דעם אָרימען אינגל, וועלכער האָט נעביך געוואָלט פאַרדינען אויף וואָס ער דאַרף און אויך ברענגען זיין מאַמע׳ן אַ פּאָר סענט.

„ניין, קיינער האָט אים קיינמאָל נישט געטאָן קיין שום טובות!" — גיט ער ביי דעם געדאַנק אַ שטאָלצן צי דעם ציגאַר. — „ניין, ער געדענקט נישט קיין שום טובות צו אים אין דעם גאַנצן דורכגאַנג פון זיין לעבנסוועג!"

אין בילד פון זיין קינדהייט קייטלט זיך באַלד אַריין אין אַ צווייטן. מיט אַ ברייטן שמייכל דערמאָנט ער זיך נאָך אַ אינגלשע שטוקע זיינע, פאַר וועלכער ער האָט דאַן שיר ווידער באַקומען קלעפּ. זיין גליק איז נאָר געווען, וואָס זיין טאַטע האָט אַליין אין דער שטיל געלאַכט פון זיין אינגל׳ס איינפאַל.

עס רוקט זיך איצט פאַר מר. לואיסאָן׳ס אויגן אַרויס די גאַנצע טשיקאַווע סצענע, וואָס ער האָט יענעם פרימאָרגן אָפּגעטאָן. פּאַסירט האָט עס נאָר דערפאַר וואָס ער פלעגט אַלעמאָל פאַרשפּעטיגן סקול. מר. לואיסאָן׳ס רחמנות־האַרץ צועפנט זיך איצט ביי אים מיט פיל מיטלייד צום אַמאָליגן ליידענדן אינגל. דאָס אָרימע קינד האָט נעביך קיינמאָל נישט געוואָלט קומען שפּעט אין סקול — טענה׳ט ער אַז ווערטער צו זיך אַליין — וואָס איז ער נעביך געווען שולדיג, אַז ער האָט געהאַט אַ האַרטן שלאָף? אפשר איז עס אים געקומען פון שוואַכקייט, פון נישט־דערעסן צו דער צייט? אין די אָרימע היימען קוקט מען זיך נישט אום אויף׳ן קינד, נאָר מען שלאָגט און מען שרייט — שטעלט זיך מר. לואיסאָן׳ס געדאַנק איצט אָפּ אויף אַלע אָרימע היימען.

„ניין", טראַכט ער ווייטער, מען האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, נאָר געשריגן. די טיטשערין אין סקול האָט געשריגן, די מאַמע אין דער היים האָט געשריגן. ער פלעגט זיך בעטן, מען זאָל אים אויפוועקן און זיי האָבן געשלאָגן און געשריען. נו, האָט ער געטראַכט און געטראַכט, ביז ער האָט זיך דערטראַכט צו אַ פּלאַן, ווי אַזוי זיך אַליין צו אויפוועקן.

איינמאָל, שפּילנדיג זיך אין אַ הויף, האָט ער געפונען אַ גרויסן גלאָק. האָט ער דעם גלאָק צוגעבונדן ביי זיך צו־קאָפּנס אונטער׳ן בעט און האָט פונ׳ם גלאָק געצויגן שטריקלעך צו אַלע טירלעך פון זיין היים, צו דער קיך־טיר, צום באַד־רום, צו דער גאַס־טיר און צו די טירן פון אַלע קלאָזעטס. און ווען טאַטע־מאַמע און די שוועסטער זיינען אין דער פרי אויפגעשטאַנען, איז צו וועלכער טיר מען האָט זיך נאָר צוגערירט,

האָט עס איבער׳ן הויז גענומען קלינגען. אַלע אין שטוב זיינען דאַן אַרומגעלאָפן צוטומלט און נישט געוואוסט, וואָס דאָ טוט זיך, ביז ער האָט זיך דערוווייל אויפגעכאַפּט.

מר. לואיסאָן האָט זיך איצט הויך צולאַכט פון זיין אַמאָליגער חכמה, ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער אַרום אים האָט נישט דערהערט זיין פּלוצים׳דיג געלעכטער און האָט זיך געכאַפּט אָנצינדן זיין פאַרלאָשענעם ציגאַר.

נאָך אַלץ זייענדיג אונטער׳ן איינפלוס פון זיין געדאַנקען־גאַנג צוריק צו זיין וויטן אַמאָל, האָט ער דורך׳ן פּלעמל פון זיין אָנגעצונדענער שוועבעלע באַלד דערזען נאָך אַ בילד פון זיין קינדהייט.

ער יאָגט זיך שנעל צו ענדיגן סקול, ער איז דער עלטסטער פון די ברידער, ער דאַרף פאַרדינען געלד פאַר דער מאַמע׳ן, עס איז דער ערשטער טאָג נאָך זיין סקול, זיינע שוועסטער און די מאַמע פּוצן אים אויס אין אַ ווייס־געפּרעסטן העמד און פירן אים אַוועק צו אַ רייכן קרוב, זיך צו לערנען אין יענעם׳ס געשעפט, ווי אַזוי צו ווערן אַ „ביזנעס־מאַן". אָבער אַזוי שנעל ווי די מאַמע מיט די שוועסטער גייען פון דאָרט אַוועק, כאַפּט ער באַלד הענט און פיס און אַנטלויפט און — אויס ביזנעס־מאַן!

נאָך דעמזעלבן טאָג לייהט ער ביי זיין חבר׳ס עלטערן ברודער אַ בלויע אַרבייטס־שוירט און דינגט זיך אָן צו אַרבייטן אין אַן אייזן־פאַבריק.

עס גיט אים נאָך איצט אַ הילך אין די אויערן די געוואַלדן, וואָס זיינע שוועסטער האָבן געמאַכט, ווען מען האָט אים דערזען אַלס אַ פאַרשמירטן אַרבייטער.

„באָם, טרעמפּ"! — האָבן זיי געשריגן אויף דעם 14־יאָריגן אויסגעדאַרטן העלד. „פון אים וועט שוין קיין לייט נישט זיין!" — האָט געשריגן איין שוועסטער. „ער וואַקסט אַ באָם, אַ טרעמפּ, אַ בלעק־שיפּ, אַ פלעק אויף דער משפחה! ער וועט זיי נאָך שאַדטן צו זייערע שדוכים!" — האָבן געגוואַלדעוועט די אַנדערע שוועסטער.

— אך, ווי זיי האָבן אים דאָס אַמאָל אין זיין היים געמאַטערט! — קומט פון מר. לואיסאָן׳ס ליפּן איצט אַרויס אַ טיפער זיפץ. און ער דערמאָנט זיך ווייטער, ווי נישט־קענענדיג פאַרליידן די טענות, וואָס זיין משפחה פלעגט כסדר צו אים האָבן, פלעגט ער אָפט אַנטלויפן פון זיין היים צו דער האַרטער באַנק אין פּאַרק, וואו די פויגעלעך פלעגן אים אין דער פרי אויפוועקן, צו זוכן אַ דזשאַב.

אָבער — גיט ער אַ טראַכט, אַ צי טוענדיג זיין טייערן ציגאַר מיט שטאָלץ — ער האָט זיי אָפּגעטאָן, זיינע שרייענדיגע שוועסטער, ער,

וואָס זיי האָבן פּראָפּעצייעט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ פלעק אויף דער משפּחה, ער, וועמען זיי האָבן כסדר געטריבען פון זייער היים, צו שלאָפן אין פּאַרק!... ער האָט צו יעדן פון זיי געגעבן מתנות צו צענדליגער טויזנטער.

מר. לואיסאָן וויל ווידער אַ צי טאָן זיין גוטן ציגאַר און כאַפּט זיך, אַז ער איז אויסגעלאָשן. ער צינדט אָן אַ שוועבעלע, טראָגט עס צו צום ציגאַר. זיינע געדאַנקען האַלטן אים דאָבײַ נאָך אַלץ אויף די פליגלען פון זיין וויטן אַמאָל. עס דוכט זיך אים, אַז דאָס זיצט ער נאָך איצט אין פּאַרק אויף יענער באַנק.

דאָס דינע שוועבעלע אין זיינע פינגער ווערט פאַר זיין בליק פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליסמאַן׳ס קלאַב. „יאָ, עס איז געווען פּונקט אַזאַ קלאַב, ווי עס האָט אַ פּאָליסמאַן!״ גיבן אַ שעפּטשע זיינע ליפּן און זיינע געדאַנקען גיבן אים אַ כאַפּ אין דער לופט און אַ פלי מיט אים צו נאָך אַ בילד פון זיינע דורכגעשפּאַנטע לעבנס־טריט.

ער זיצט באַגינען אין פּאַרק אויף זיין ליבלינג־באַנק, זיין פרייע לאָזשי — און ער זעט אין אַ צייטונג אַן אַדוועררטייזמענט פאַר אַ זעהר גוט באַצאָלטן דזשאָב. מען זאָגט נישט, וואָס פאַר אַן אַרבייט, מען פאַר־לאַנגט נאָר אַ שטאַרקן יונג. ער איז נאָך דאַן קיין זעכצן יאָר נישט אַלט, אַן אויסגעדאַרטער, אָבער הויך געוואַקסן. שטעלט ער דאַן אָן זיין ברוסטקאַסטן, כדי אויסצוקוקן שטאַרק, און לויפט גלייך צום אָנגעגעבענעם אַדרעס. מען כאַפּט אים באַלד אויס און מען הייסט אים אַריינ־קריכן אין אַ פאַרמאַכטן טראָקל, וואו ער טרעפט שוין דאָרט פול אָנגעפּאַקט מיט געזונטע יונגן. וואָס? ווען? מען זאָגט נישט, נאָר מען פירט זיי!

— וואָס דאַרף איך טאָן? וואָס איז מיין אַרבייט? — בעט ער זיך.

„זאָל ער שווייגן שטיל, מען וועט אים שוין זאָגן!״ — ענטפערט מען אים גראָב און דער טראָקל פאָרט וויטער.

עפּעס איז אים דאַמאָלס — דערמאָנט ער זיך — געוואָרן אַזוי קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן. וואו־אַהין פירט מען אים? — און ער האָט זיך דאַן מיט אַמאָל אַזוי פאַרבענקט אַהיים נאָך׳ן טאַטן, נאָך דער מאַמע׳ן, נאָך די קלענערע ברידערלעך, אַפילו נאָך די שרייענדיגע שוועסטער. ער האָט געוואָלט אַרויסלויפן פונ׳ם פאַרמאַכטן טראָקל מיט די מאָדנע פאַרשווינגען אַרום אים, לויפן שנעל אַהיים.

אָבער מען קען נישט! פאַרפאַלן, מען מוז פאָרן!...

ענדליך שטעלט זיך דאָס טראָקל אָפּ. איינער פון די פירערס נעמט אַרויס פון אַ באַהעלטעניש אַ פּאַק מיט קלאַבס, אמת׳ע פּאָליס־

מען׳ס קלאַבס און פאַנגט דאָס אָן אַלעמען איינצוטיילן. אַ ציטער גייט אים דורך ביים דערמאָנען זיך יענע בילד.

— צו־וואָס דאַרף איך דעם קלאַב ? — פרעגט ער צושראָקן.

— מען וועט דיר שוין זאָגן ! — ענטפערט מען אים מיט גנבה׳שע געלעכטערלעך און מען צעעפנט די טירן פונ׳ם טראָק.

מר. לואיסאָן׳ס פלייצעס גיבן איצט אַ ציטער, ער פאַר־שטעלט מיט דער האַנט זיינע אויגן, ווי ער וואָלט דאָס איצט ווידער דערזען און ער לעבט אין זיין געדאַנק נאָך אַמאָל דורך יענעם גרוי־זאַמען מאָמענט.

געבן אַ גרויסער פעקטאָרי שטייט אַ מאַסע סטרייקערס מיט סאַינס אין זייערע הענט און פיקעטן זייער פלאַץ, ווילן נישט אַריינלאָזן קיין סקעבס אויף׳ן דזשאַב. די געזונטע חברה, וואָס קומען אַלע ווילע אָן מיט נאָך און נאָך טראָקס, שטייען מיט הילצערנע און אויך מיט אייזערנע קלאַבס און שלאָגן די פיקעטס. דער פירער גיט דאַן דעם צושראָקענעם העלד, אַ שטויס אַרויס פונ׳ם טראָקל מיט אַ געשריי: „גיי, שלאָג !״

ווייס ווי אַ מת און ציטערנדיג ווי אַ בלאַט אין אַ שטורמווינד, בעט זיך דאַן דער גרויסער העלד, מען זאָל אים טאָן אַ טובה און לאָזן צוריק אַהיים, ער וויל נישט שלאָגן קיין אומשולדיגע מענשן, אָבער וועד טובה ? וואָס טובה ? „שלאָג, אַז נישט קריגסט דו צופלעט דייך מוח !״, פאַכעט אַן אייזערנער קלאַב איבער זיין קאָפּ.

און ווי קונציג ער האָט זיך דאַן פון דאָרט אַרויסגעדרייט. — צושפילט זיך אַ גליקליכער שמייכל אויף מר. לואיסאָן׳ס פנים. אַן אמת׳ר אַקראָבאַט איז ער דאַן געווען — דערמאָנט ער זיך, ווי ער האָט דאָס געמאַכאיעט מיט׳ן קלאַב אין פאָראויס, ווי ער וואָלט טאַקי אימיצן געשלאָגן און אין דער זעלבער צייט געמאַכט גרויסע שפאַנען אויף צוריקצעוועגס, ביז ער האָט הינטער זיין פלייצע דערפילט אַ פאַרקן, אַ שפרונג אַריבער און היידא, אַנטלאָפן !

— אך, וואָס פאַר אַ מיאוסע מענשן עס זיינען דאָ אויף דער וועלט ! — טוט פרענק לואיסאָן אַ שטאַרקן זיפץ — וואָס מען טוט עס אַלץ אָפּ פאַר׳ן געלד !

— אָבער — גיט ער אַ טראַכט אויף צוריק — נאָך אַלעמען זיינען דאָך די, וואָס האָבן אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ שלעגער געווען פשוטע גענגסטערס. איז וואָס האָט ער געקענט ערוואַרטן פון אַזעלכע ?

— אים ! — טוט ער אַ שמייכעלע — אים האָט מען געוואָלט מאַכן פאַר אַ שלעגער און וואָס וואָלט אויף דעם געזאָגט זיין פרומער טאַטע ?

דאָס דערמאָנענען זיך אָן דעם וואָרט „טאַטע״, פירט מר. לואיסאָן שנעל אַריבער צו אַן אַנדערן שטורם אין זיין לעבן.

ער איז דאַן אין אַן אַנדער שטאָט. מען רופט אים שנעל אַהיים. ער קומט צו לויפן און ער טרעפט נישט מער זיין טאַט׳ן צווישן די לעבעדיגע, אָבער אויך נישט צווישן די טויטע. דער טאַטע זיינער ליגט שוין צוויי טאָג אין היגטער־שטיבל פון דער שול און זיין סאָסייעטי וויל אים נישט באַערדיגן, ווייל ער איז זיי געבליבן שולדיג דיוס. עס העלפט נישט דער מאַמע׳ס וויינען, די שוועסטער׳ס און ברידער׳ס בעטן רחמנות, מען זאָל זיי טאָן אַ טובה און אויסבאָרגן דאָס שטיקל ערד, מען וועט שפּעטער באַצאָלן. עס העלפט נישט, נישטאָ קיין טובות! מען באַגראָבט נישט אָן געלד!...

און ווען ער קומט דאַן נישט צו לויפן און קריגט נישט קיין געלד ביי אַ פּאָר פון זיינע חברים, וואָלט נאָך זיין טאַטע אפשר ביז איצט געלעגן נישט קיין באַערדיגטער.

— און דאָס זיינען שוין נישט געווען קיין גענגסטער, נאָר אנשטענדיגע שול־מענשן!

— אך — אך, וויפיל אומברחמנות׳דיגקייט עס ליגט אין מענשן! זיפצט אַרויס הויך מר. לואיסאָן און, זיך אַ הויב טועדיג פון זיין שטול, גיט ער אַ שפּאַן אַהין און צוריק איבער זיין אָפיס — משפחה, פריינט, פרעמדע, אייגענע — טראַכט ער ווייטער — זעלטן, זעלטן ווען איינער וויל אויסשטרעקן זיין האַנט, צו טאָן דעם צווייטן אַ טובה!

זיין בליק גיט אַ וואַנדער איבער יעדן ווינקעלע פון זיין אייב־געפּונדעוועטן אָפיס און זיין געדאַנק גיט אַ שפרונג אַ פּאָר צענדליג יאָר נענטער צו זיין היינט. און זיך צוריק אַריינזעצנדיג אין זיין שטול, פאַרטראַכט ער זיך ווידער.

און דאָ, וואו ער געפינט זיך איצט, דאָ אין דעם קאַראַחאָד פון גרויס־ביזנעס, פון רייכע, פון מעכטיגע, וואָס טוט זיך דאָ? יעדער זוכט דאָ נישט אַזוי שטאַרק דעם אַליין אַרויף־קלעטערן אויף׳ן לייטער פון סוקסעס, ווי נאָר דעם צווייטן אַראָפּ צו שטופן...

— אַך, וויפיל מאָל מענשן האָבן אים שוין שיר־שיר אַראָפּ־געשליידערט פונ׳ם סאַמע שפּיץ, וואו ער האָט מיט אַזוי פיל מי אַרויפ־געקלעטערט. נאָר אַ דאַנק זיין פעהיגקייט האָט ער זיך שטענדיג צוריק געראַטעוועט.

פּאַר זיינע אויגן שטעלן זיך ווידער פאַר געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן. ער נעמט אַריין זיינע אָרימע פריינד צו זיך, לערנט זיי אויס די ביזנעס, מאַכט זיי פאַר זיינע פּאַרטנער, מאַכט זיי רייך.

און יענע זוכן דערנאָך אים אַרויסצושטופּן פון די ביזנעס, אים מאַכן אָרים. דאָס זיינען די טובות, וואָס מענשן האָבן אים געטאָן!...

און קיינער האָט אפילו קיינמאָל נישט געוואוסט, ווען אים איז געווען שלעכט, נישט קיין משפחה, נישט קיין קרובֿ, נישט קיין פריינט, אַליין האָט ער שטענדיג אַלעס דורכגעמאַכט, אַליין! אָבער — גיט ער ווידער אַ טראַכט — עס איז נאָך נישט אַזוי שלעכט צוליידן אַליין, ווי זיך צו פרייען אַליין. דאָס איז גאָר טראַגיש! און עס שוועבט דורך פאַר זיינע אויגן נאָך אַ פאַרגאַנגען בילד פון זיין לעבן.

ער קומט אַמאָל צו לויפן צו אַ פּאָר פון זיינע אַלטע פריינט, וועמען ער האָט לאַנג נישט געזען. ער קומט זיי דערציילן פון זיין סוקסעס, פון זיין רייכקייט, כדי זיי זאָלן זיך מיט אים מיטפרייען אין זיין שמחה. יענע מיינען אָבער, אַז ער קומט צו זיי נאָך אַ טובה, נעמט מען אים אויף קאַלט — און ווען זיי הערן, אַז ער איז געקומען זיי דערציילן פון זיין גרויס רייכקייט, נעמען זיי אים אויף נאָך קעלטער אויס גרויס קנאה צו אים, כאָטש זיי זיינען אַליין רייך — און ער האָט זיך דאַן געמוזט אַליין ווערגן מיט זיין שמחה, נישט געקענט קריגן אפילו אַזאַ טובה, אַז אימיצער זאָל זיך מיט אים אַ ביסל מיטפרייען.

— אָך מענשן, מענשן, פאַר וואָס זיינען מיר אַלע אַזוי שלעכט איינער צום אַנדערן? — מורמלט אַרויס מר. פרענק לואיסאָן, אַ מאַך טוענדיג פון זיך מיט דער האַנט און אַרויסלאָזנדיג דערביי דעם ציגאַר פון זיינע פינגער. ער גיט אַ הויב דעם ציגאַר פון דער ערד און גיט זיך אַ כאַפּ: „אָבער וואָס האָב איך זיך דאָ אַוועקגעזעצט טראַכטן וועגן מיין פערגאַנגענהייט? איך קען דאָך אַזוי אָפּטראַכטן גאַנצע וואָכן און וועל אַלץ האָבן נאָך און נאָך זיך צו דערמאָנען".

זיין בליק פאַלט אויף׳ן טעלעפאָן. ער דערמאָנט זיך: „אַה, דאָס האָב איך מיך אַזוי פאַרקלערט, צוליב יענעם מענש, וואָס האָט פון מיר פאַרלאַנגט אַזאַ אויסטערלישע טובה, אָבער וואָס האָט ער געזאָגט?

— פּרובירט זיך מר. פרענק לואיסאָן דערמאָנען יענעם׳ס ווערטער — אַז איך קען גאָר נישט וויסן, פון וואַנען און פון וואָס עס קומט אַמאָל אַרויס אַ טובה!

מר. לואיסאָן׳ס בליק שטרענגט זיך שטאַרקער אָן צום טעלעפאָן.

— יענער האָט רעכט! — גיט עס אַ בליץ אין אים און עס דאַכט זיך אים, אַז ער הערט פון טעלעפאָן אַרויסריידן: „דו נאַרישער מענש, אפשר איז גאָר יעדע עוולה געגן דיר געווען דיין טובה? אפשר, ווען דיין טאַטע שלאָגט דיך נישט פאַר דיין ערשטן שווינדלערשן פאַר־דינסט, וואָלסטו אויסגעוואַקסן אַ שווינדלערישער ביזנעס־מאַן? און אַזוי האָלט מען דיך פאַר אַ שטרענגן, אָבער איינעם פון די ערליכסטע

ביזנעס־לײַט — און אפשר, דאַכט זיך אים, ווי דער טעלעפֿאָן זאָגט ווײַטער — אפשר דאָס, וואָס דײַנע שוועסטער האָבן אַזוי שטאַרק נישט געהאַלטן פֿון דיר, איז געווען דײַן טרײַב־קראַפֿט, צו קלעטערן, צו שטײַגן אַלץ העכער און העכער אין דער ביזנעס־וועלט און — טראַכט ער ווײַטער — דערפֿאַר, וואָס מען האָט אים אַמאָל געוואָלט צווינגען צו שלאָגן סטרײַקערס, האָט אפשר געפֿירט דערצו, אַז בײַ אים זאָל מען נישט דאַרפֿן סטרײַקן, און דאָס, וואָס יענע שול האָט אַמאָל צוליב אַ פּאָר דאָלאַרדיגן חוב נישט געוואָלט באַערדיגן זײַן טאַטע'ן, איז אפשר די אורזאַך, וואָס ער באַלאַנגט איצט צו אַזוי פֿיל סאָסײַעטיס, כּדי צו זען, אַז עס זאָל אַזעלכעס נישט מעהר פּאַסירן...

מר. לואיסאָן פֿאַרגעסט אויף'ן מאָמענט, אַז דאָס זײַנען אַלעס זײַנע אַלטע געדאַנקען, אַז פֿון אַלע עוולות, וואָס מען האָט צו אים אַמאָל געטאָן, זײַנען שפּעטער אַרויסגעקומען טובֿות. עס דוכט זיך אים, אַז דאָס איז אים נאָר וואָס אײַנגעפֿאַלן אַ דאַנק יענעם פֿרעמדן'ס רייד.

ער קוקט דערפֿאַר מילדער צום טעלעפֿאָן און עס הויבט אים שוין אָן פֿאַרדריסן אויף זיך אַליין, ווי אַלע מאָל, ווען אים דוכט זיך אַז ער טוט עפּעס אַן עוולה. „וואָס הייסט, ער האָט אויפֿגעהאַנגען דעם רעסיווער אין מיטן יענעמ'ס ריידן?" — הויבט ער זיך אָן צו ערגערן און פֿאַרענטפֿערט זיך אַליין: „אָבער יענער האָט פֿאַרלאַנגט פֿון מיר אַ נישט־שײנע טובֿה, וואָס בין איך עפּיס אַ ביליגער פּאָליטישן? פֿון דעסטוועגן האָט זײַן מענשליכע פֿליכט געדאַרפֿט זײַן, יענעם אין גאַנצן אויסצוהערן!" — שטראָפֿט ער זיך ווידער און קוקט אַ שולדיגער צום טעלעפֿאָן.

די סוויטש־באָרד אָפּערײַטאָר האָט דורך איר אָפֿיס־פֿענסטערל אַרײַנגעקוקט צו איר באָס און באַשלאָסן, אַז ער קען נאָך שפּעטער בײַז זײַן, וואָס זי האָט אים געלאָזט אַזוי לאַנג טראַכטן. זי האָט דערפֿאַר ווידער אַרײַנגעטאָן דאָס גומענע רערל אין דער מעטאַלנער מאַשין, מיט איר פֿינגער אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל און דער טעלעפֿאָן נעבן מר. לואיסאָן האָט גענומען קלינגען.

מר. לואיסאָן האָט נאַכלעסיג צוגעטראָגן דעם רעסיווער צו זײַן אויער.

— העלאָ, דאָס בין איך ווידער! — האָט זיך דערהערט יענעמס פֿרעמדן'ס קול.

— העלאָ, העלאָ! — גיט זיך איצט מר. לואיסאָן אַ שטאַרקן כאַפּ צום טעלעפֿאָן, — יעס, איך דערקען דעם קול!

— איך בעט אײַך, הענגט נישט אויף און הערט מיך אין גאַנצן אויס! — רעדט מען פֿון יענער זײַט.

— אָבער וואַרט נאָר! — רעדט שוין מר. לואיסאָן מיט אַ ביסל ווייכקייט — איר האָט מיר דאָ פֿריער געזאָגט, אַז איך קען אייך נישט. איז אפשר קענט איר מיך אויך נישט? אפשר מיינט איר גאָר נישט מיך, אַז איר ווילט פֿון מיר אַזאַ מאָדנע טובה?

— זענט איר מר. פֿרענק לואיסאָן? — פֿרעגט מען פֿון יענער זייט טעלעפֿאָן.

— יעס, דאָס איז מיין נאָמען! אָבער עס זיינען דאָך דאָ נאָך אַזעלכע נעמען אין אַמעריקע! — בעט זיך מר. לואיסאָן.

— אודאי זיינען דאָ נאָך אַזעלכע נעמען! איך מיין אָבער אייך! — ענטפֿערט מען פֿון יענער זייט און דער קול רעדט ווייטער: — זענט איר דער פֿרענק לואיסאָן, וואָס האָט ערשט דעם קריסטמעס צוטיילט צווישן אייערע אַרבייטער איבער פֿערציג טויזענד דאָלאַר אין קריסט־מעס פּרעזענטן? זענט איר דער, וואָס דינגט טראָקס און נעמט אַרויס די אַרבייטער פֿאַר וויק־ענדס אין אייער קאָנטרי־היים?

— וועל, וועל! — מורמלט דורך אַ שמייכל מר. לואיסאָן.

— יעס, יעס, איך מיין אייך, אייך! — רעדט ווידער דער קול— איר זענט דער, וואָס אַ סך מענשן רופֿן „דער לאַמעד־וואָווניק", ווייל איר לויפֿט כסדר אַרום אין דער שטיל, צו זוכן, וועמען מען דאַרף טאָן טובות און אַ סך אַנדערע מענשן רופֿן אייך „דער פּראָלעטאַרישער מיליאָנער"...

— און פֿאַר וואָס רופֿט מען מיך עפּעס „דער פּראָלעטאַרישער מיליאָנער"? — פֿרעגט איבער מר. לואיסאָן מיט נייגעריגקייט.

— ווייל — רעדט ווייטער אַרויס פֿונ'ם טעלעפֿאָן־מויל — ווייל כאָטש איר זענט רייך, לעבט איר נישט ווי אַ גביר צווישן גבירים. אייך ציט נאָר צווישן אָרימע, צווישן ליידענדע און אַ סך מאָל פֿאַרגעסט איר גאָר אין גאַנצן, אַז איר זענט רייך!...

— פֿון וואַנען ווייסט איר דאָס אַזוי אַלעס וועגן מיר? — שמייכלט מר. לואיסאָן אריין אין טעלעפֿאָן.

— מען ווייסט, מען הערט פֿון אַלע אייערע האָביס! — רעדט יענער ווייטער — זענט איר דער, וואָס האַלט אַ ספּעציעלע סעקרע־טאַרין, וואָס האָט ביי זיך אַ פֿינף־זעקס הונדערט אַדרעסן פֿון אָרימע מענשן, וועמען זי שיקט כסדר אַרויס בוירטדעי און העפּי־עניווער־סאַרי קאַרדס, צו דערמאָנען מענשן, זיי זאָלן זיין אַביסל העפּי. איינע פֿון אַזאַ „העפּי עניווערסאַרי קאַרד" אייערע איז אָנגעקומען צו מיינעם אַ שכן פּונקט דעם טאָג, וואָס ער האָט זיך געג'גט.

— נו, זאָל זיין מיט מזל דער גט! — האָט זיך מר לואיסאָן צושמייכלט אַ ביסל פֿאַרשעמט, וואָס נישט אַלע מאָל טרעפֿט זיין גוטער

ווילן אין ציל. וועל, איך הער דאָך שוין, אַז איר מיינט טאַקי מיך, טאַ לאָ׳מיר שוין הערן די סאָרט טובה, וואָס איר פאַרלאַנגט פון מיר. אפשר האָב איך אַייך פריער נישט קלאָר פאַרשטאַנען?

— גוט, אַ דאַנק, און איצט הערט! — האָט יענער אַנגעפאַנגען — איך ווייס, אַז איר האָט אומעטום באַקאַנטשאַפט, וויל איך, איר זאָלט מיר טאָן אַ טובה ביים דיסטריקט אַטאַרני!

— אַ, טאַקי ביים „דיסטריקט אַטאַרני״! — האָט מר. לואיסאָן איבערגערעדט — הייסט עס, אַז איך האָב אַייך פריער יאָ פאַרשטאַנען!...

— יעס — האָט יענער דורך׳ן טעלעפאָן ווייטער גערעדט — אָבער מיין פאַרברעכן איז נישט אַזאַ געפערליכער, הערט מיך נאָר אין גאַנצן אויס.

— נו, רעדט, רעדט, איך הער דאָך! — האָט שוין מר. לואיסאָן אָנגעפאַנגען ווערן אַ ביסל אומגעדולדיג.

— די געשיכטע איז אַזאַ: — האָט ווידער גערעדט דער פרעמדער — מיט אַ שטיקל צייט צוריק האָב איך זיך באַקענט מיט אַ שיין מיידל, זעהר אַ שיינע און איך האָב זיך אין איר פאַרליבט און זי אין מיר אויך...

— נו, נו — שלאָגט אים איבער מר. לואיסאָן.

— נו, נו! — רעדט ווידער יענער — האָט זיך ביי אונז אָנגעפאַנגען אַ בענקעניש, אַ האַרץ־נאַגעניש, מיט ליבעס־בריף, טעלעפאָן־קאָלס, ביז די ליבע האָט אונז ביידן באַזיגט...

— נו, איז דאָך גוט וואָס ווילט איר פון מיר? — רופט אויס מר. לואיסאָן אומגעדולדיג וואָס מען דרייט אים אַ קאָפּ מיט אַזעלכע זאַכן.

— יאָ, עס וואָלט געווען גוט! — רעדט יענער ווידער — וויל זי אָבער איצט, איך זאָל מיט איר חתונה האָבן און דער טאַטע אירער סטראַשעט מיך מיט׳ן „דיסטריקט־אַטאַרני״...

— אָבער — רופט אויס מר. לואיסאָן שוין מיט גרויס אומגעדולד — איר זאָגט דאָך, אַז איר האָט דאָס מיידל ליב, טאַ האָט׳זשע מיט איר חתונה!...

— איך האָב אַייך שוין פריער געזאָגט — טענה׳ט יענער — אַז איך קען נישט חתונה האָבן, ווייל איך האָב שוין איין ווייב, אַ ווייב מיט צוויי קינדער און איך האָב ליב מיין ווייב און מיין ווייב האָט מיך ליב, בעט איך אַייך דערפאַר איר זאָלט זיך זען מיט׳ן „דיסטריקט אַטאַרני״, ער זאָל צו־נישט מאַכן די קייס מיט׳ן מיידל. טוט מיר אַ טובה!

— אָבער ווי אַזוי פאַרלאַנגט איר פון מיר, איך זאָל טאָן

אַזאַ נישט־שיינע טובה? — האָט מר. פרענק לואיסאָן אַריינגעשריגן אין טעלעפאָן.

— איך וויל עס נישט נאָר דערפאַר, ווייל איר טוט מענשן טובות, נאָר ווייל מיר קומט איר אַ טובה! — האָט יענער געטענה׳ט.

— וואָס הייסט, איך קום אייך? — איז שוין מר. לואיסאָן געוואָרן גוט בייז — פאַר וואָס קום איך עס אייך טובות?

— ווייל איך האָב אייך אויך אַמאָל געטאָן אַ טובה? — האָט יענער מיט פעסטקייט אַריינגערעדט אין טעלעפאָן.

— איר מיר אַ טובה? — בייזערט זיך מר. לואיסאָן אויף׳ן קול — ווען? וואָס? ווער? ווי אַזוי קען אַזאַ מענש ווי איר, וואָס האָט אַ ווייב און פלאָנטערט זיך מיט מיידלעך און מיט דיסטריקט אַטאַרני׳ס און וועמען איך קען נישט און וויס נישט, מיר גאָר טאָן טובות?

— קאָכט זיך נישט! — שרייט אים איבער יענער — זייט רוהיג, וועל איך אייך אַלעס ערקלערן! איך האָב דאָך אייך שוין פריער געזאָגט, אַז אַ מענש קען קיינמאָל נישט וויסן, פון וואַנען עס פאַלט אים אַמאָל אַראָפּ אַ טובה. דאָס, וואָס איך גיי אייך דערציילן, האָט פּאַסירט מיט אַ סך יאָרן צוריק. איך געטרוי מיך דאָס אייך אויסצו־זאָגן, ווייל איך וויס, אַז איר זייט אַ מענש, וואָס וועט קיינעם נישט טאָן קיין שלעכטס.

— נו, רעדט, רעדט צום פּונקט! — שלאָגט אים איבער מר. לואיסאָן.

— איר זענט שוין דאָן פּונקט ווי היינט געווען זעהר אַ רייכער מאַן! — פאַנגט ווידער אָן דער קול פון יענער זייט טעלעפאָן — אָבער ביים גרעסטן מיליאָנער קען אַמאָל טרעפן, אַז ער דאַרף קעש און האָט עס נישט פּונקט אויף׳ן מאָמענט ווען ער דאַרף.

— וואָס האָט דאָס אַלעס צו טאָן מיט מיר? — רופט אויס מר. פרענק לואיסאָן ווידער אומגעדולדיג.

— עס האָט שוין גאָר! — ענטפערט יענער — דערמאָנט זיך! זענט איר אַמאָל געזעסן מיט פריינד אין אַ רעסטאָראַן און אייער קאַר איז געשטאַנען אין דרויסן נעבן רעסטאָראַן?

— נו, איז וואָס? איך לאָז אַלע מאָל מיין קאַר אויטסאַיד נעבן רעסטאָראַן, ווען איך זיץ אין רעסטאָראַן! — שרייט אויס מר. לואיסאָן מיט כעס.

דער מאַן פון יענער זייט טעלעפאָן רעדט ווייטער:

— דערמאָנט זיך, איר האָט דאָן געזאָגט ביים טיש צו אייערע פריינד, אַז די 900 דאָלער אינשורענס פּאָליסי פאַר אייער קאַר גייט אויס מאָרגן און אַז מיט אַ טאָג שפּעטער וועט שוין די אינשורענס אויף

אַייער קאַר באַטרעפן נישט מער ווי 600 דאָלער און פונקט איצט וואָלט איר געקענט נוצן די 900 דאָלער קעש, אימיצן אַרויסצוהעלפן...

— יעס, יעס! — האָט מר. לואיסאָן זיך דערמאָנט די פּאַסירונג מיט זיין קאַר — יעס, רעדט ווייטער, ווייטער!

דער קול דורך׳ן טעלעפאָן רעדט ווייטער:

— איר האָט זיך דאָן אויסגעשפּראָכן, אַז ווען אימיצער גנב׳ט היינט אַייער קאַר, וואָלט מען אַייך געטאָן אַ טובה!

— יעס, יעס! — רעדט מר. לואיסאָן פאַרוואונדערט — איך האָב זיך טאַקי דאָן אַזוי אַ חכמה געטאָן און ווען איך בין אין אַ פּאָר שעה שפּעטער אַרויס מיט מיינע פריינד פונ׳ם רעסטאָראַן, איז מיין קאַר געווען פאַרשוואונדן אַזוי ווי אין וואַסער אַריין...

— יעס, איך וויים עס! — רעדט דער קול דורך׳ן טעלעפאָן — איך מיט אַ פּאָר פון מיינע פריינט זיינען געזעסן ביי אַ צווייטן טיש און געהערט אייער וואונש, האָבן מיר דאָן באַשלאָסן, אַז איר זענט אַ מענש, וועמען עס קומט, מען זאָל טאָן אַ טובה!... נו, האָב איך עס דאָן גע׳גנב׳ט אייער קאַר... און איצט וויל איך אַ טובה פאַר אַ טובה!...

אויף מר. לואיסאָן׳ס ליפּן האָט זיך ווידער באַוויזן אַ צעטומלטער שמייכל. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי נויטיג ער האָט אינ׳ם דאַמאָלסדיגן מאָמענט געדאַרפט האָבן די 900 דאָלער קעש, דאָס צו גיבן צו אַן אָרימער כלה, וועמעס חתן עס האָט אָן דעם נדן בשום אופן נישט געוואָלט גיין אונטער דער חופה.

— אָך, ווער קען פאַרשטיין די געהיימניסע פונ׳ם לעבן? — האָט ער אַ טראַכט געטאָן — גיי וויים, אַז פון אַ גנבה קען אַמאָל אויך אַרויסקומען אַ „טובה“!...

# ער רעדט צו דער וואַנט

◇

## אַ פּאַסירונג

---

אין דעם גרויסן האָלסעיל סילק געשעפֿט פֿון דער פֿירמע „פֿאַניץ אינקאָרפּאָרייטעד,“ וואָס געפֿינט זיך אויף איינער פֿון די ניו יאָרקער שענסטע און רייכסטע גאַסן, זיינען אין אַ געוויסן פֿאַרנאַכט אַ סך פֿון די דאָרטיגע אָנגעשטעלטע געווען זעהר שטאַרק צוטומעלט. יעדנס בליק איז אין יענעם מאָמענט געווען אָנגעשטרענגט צו איין ריכטונג, צו אַ ווינקל אין דער מזרח־וואַנט.

פֿאַניץ׳ס גרויסער סילק־סקלאַד, וואָס האָט פֿון דער גאָס פֿאַרנומען אַ בלאָק די ברייט און די לענג, איז פֿון אינעווייניג געווען אָנגעפּיקעוועט מיט טישן, שאַפֿעס און אַלערליי פּאָליצעס, אויף וועלכע עס זיינען געלעגן פֿאַרשידענע סאָרטן סילק און סאַמעט.

אייניגע פֿון די הונדערטער אַרשיניגע שטיקער סחורות זיינען געווען געוויקלט ווי גראָבע קיילעכדיגע קלעצלעך, אַנדערע ווי פֿלאַכע ברעטער, אַזוי, אַז די שאַפֿעס און פּאָליצעס מיט סחורות האָבן פֿון זיך אויסגעפֿורעמט און צעטיילט דעם גרויסן צימער אין פֿילפֿאַכע ווענט און ווענטלעך, וואָס האָבן איבערגעלאָזט בלויז שמאָלע שטעגן און וועגן, כדי צו קענען דורכגיין און צוקומען פֿון איין וואַנט סחורה צו דער אַנדערער, צו וועלכער די אָנגעשטעלטע האָבן כסדר געקלעטערט אויף רעדלעך אַרומפֿאָרענדע אייזערנע לייטערס.

אין איינעם פֿון אָט די שמאָלע דורכגאַנגען, אין אַ ווינקל צווישן פּאָליצעס און שאַפֿעס, האָט זיך שטיל און בכבוד׳יג געשאָקלט די יונגע פֿלייצע פֿון דייוו בלום, אויף וועמען אַלעמענס בליקן זיינען איצט געווענדעט.

ביי די לאַנגע טישן זיינען געשטאַנען אַרבייטער פון אַלע סאָרטן. אייניגע האָבן געסטעמפּט די סחורות, אַנדערע האָבן זיי געספּאַנדזשט, נאָך אַנדערע האָבן די סחורות געמאָסטן און געוויקלט. קלוירקס און שיפּינג-באָיעס זיינען געלאָפן אַהין און צוריק מיט שטיקער סחורות אין זייערע אָרעמס. אויף קוואַדראַטנע וועגעלעך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי נח'ס תיבה, האָבן שיפּינג-באָיעס נאָכאַנאַנד געבראַכט און אַוועק-געפירט קלעצלעך און ברעטלעך סחורות.

אינעווייניגסטע און דרויסענדיגע „סיילסלייט" זיינען אַלע ווײלע געקומען און געגאַנגען מיט שטיקער סחורה אין און פון די „שאָו-רומס".

דייוו בלום איז אַלץ געשטאַנען אין זיין ווינקל, אויסגעדרייט מיט'ן פּנים צו דער וואַנט. עס האָט אויסגעזען, אַז ער פילט ניט און ווייסט ניט, וואָס עס גייט פאָר אין דעם מאָמענט הינטער זיינע פּלייצעס און אויף דער גאַנצער וועלט. ער איז זיך רוהיג געשטאַנען פאַרשטעלט אין די שאָטנס פון די הויכע ווענט מיט די סילקען און סאַמעט. אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ ספר'ל, אין וועלכען ער האָט אָפט געוואָרפן זיין בליק, ווי צו זיין זיכער, אַז ער מאַכט ניט קיין טעות. מערסטענס האָבן זיך אָבער זיינע ליפּן באַוועגט אויף אויסווייניג און זיינע פּלייצעס האָבן זיך רוהיג און ריטמיש געשאָקלט צום טאַקט פון דעם שעפּטשען פון זיינע ליפּן.

אַקעגנאיבער זיין פּנים הויך, נאָענט צו דער סטעליע, האָט זיך געפונען אַ קליין לופט-פענסטערל, דורך וועמעס שייבעלעך עס האָט דורכגעזשאַרעיעט אַ רויטער פּאַס זונען-אונטערגאַנג. דער לעצטער קויל-רויט צונטער פון דער זון האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער פיל-פאַרביגקייט פון די סילקען און סאַמעט און האָט זיך ווי אַ רעגנבויגן געשפּרינקלט אויף דייוו'ס שטערן.

דייוו האָט אָבער ניט געקוקט צו די שייבעלעך, זיינע אויגן-דעקלעך זיינען געווען האַלב-פאַרמאַכט און האָבן דורך זייער פאַר-מאַכטקייט געקוקט. אָט דאַכט זיך אין ערגעץ ניט און אָט דאַכט זיך טיף-טיף דורך די ווענט פון די פאַליצעס סחורות און הויך-הויך אַריבער די שייבלעך פונ'ם פענסטערל.

דער באָס, מר. פאַניץ אַליין, האָט זיך זעהר ווייניג געפונען אין זיין געשעפט. ער האָט אויף יעדער זאַך געהאַט גענוג אַנגעשטעלטע. יעדע אָפּטיילונג האָט ביי אים געהאַט אַ מענעדזשער און עטליכע אַסיסטענטס.

מר. פאַניץ פלעגט זיך נאָר ווייזען אין זיין געשעפט צוויי טעג אין דער וואָך צו צוויי שעה, און די שעה'ן, וואָס ער איז געווען אין זיין געשעפט, איז ער מערסטענס געזעסן ביי זיך אין אָפיס.

דערפאַר האָט די מערצאָל פון זיינע אָנגעשטעלטע כמעט ווי ניט געקענט זייער „ביג באָס”, ווי זיי פלעגן אים רופן צווישן זיך. מען האָט אים נאָר באַמערקט פון דערווייטענס דורך דער גלעזערנער שויב פון זיין אָפיס טיר, און אַמאָל־אַמאָל אין אַ זעלטענהיים פלעגט מען אים אויך זעהן דורכשפּאַנען דורך איינעם פון די שמאָלע וועגן צווישן די ווענט סחורות.

יעדער האָט זיך דאַמאָלס מיט גרויס פלייס צוגעכאַפּט צו זיין אַרבייט, כדי דער באָס זאָל זעהן, אַז מען אַרבייט געטריי, און נאָר דורך אַ פּון ווייטן פאַר׳גנב׳טן בליק האָבן די אַרבייטער באַמערקט, אַז זייער באָס איז אַ מיטל־יאָריגער מענש, הויך, ברייט־פּלייציג, איז שוין אַ היבש ביסל גרויליך און האָט שאַרפע דורכדרינגענדע אויגן.

אייניגע פלעגן נאָך זיין אַוועקגיין אַ זאָג טאָן, אַז דער באָס האָט דאַכט זיך, זעהר אַ מילדן שמייכל. אַנדערע, ווידער, האָבן געזאָגט פאַרקערט, אַז דער באָס זעט אויס, צו זיין זעהר אַ בייזער און אַ שטרענגער. קיינער האָט אויף קלאָר ניט געוואוסט צי איז דער באָס אויף אַן אמת אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער. מען האָט אויך ניט געוואוסט, צו ער איז אַ איד אָדער אַ קריסט. מען האָט נאָר געוואוסט וועגן אים איין זאַך, און דאָס איז, אַז ער איז זעהר רייך.

יענעם געוויסן פאַרנאַכט איז דער ביג באָס מר. פּאַניץ אַרויס־געקומען פון זיין אָפיס אין דער באַגלייטונג פון צוויי קאַסטומער, מיט וועמען ער האָט געפירט אימפּאָרט און עקספּאָרט געשעפטן. איין סוחר איז געווען פון זיד־אַמעריקע און דער צווייטער פון קאַלקוטא, אינדיען.

די צוויי קאַסטומער זיינען ביי מר. פּאַניץ געווען זעהר חשוב׳ע, דערפאַר האָט ער אַליין געוואָלט זיי ווייזן דעם מוסטער פון אַ געוויסן סילק, וואָס ווערט געמאַכט אין זיין אייגענער פאַבריק. מר. פּאַניץ האָט זיך אַרומגעקוקט, געוואָלט אַ רוף טאָן איינעם פון זיינע מענע־דזשערס. ער האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט, אַז אַלע זיינע מענע־דזשערס זיינען איצט פאַרנומען אין זייערע אָפיסעס, מוסטער־צימערן און אין די אַנדערע געשעפטס־אָפּטיילונגען.

כאָטש דער באָס האָט זיך אַליין ווייניג געמישט צו זיינע הונדערטער אַרבייטער, און עס האָט אויסגעזעהן, אַז ער קען ניט און ווייסט ניט קיינעם פון זיי. האָט אָבער זיין דורכדרינגענדער בליק און שאַרף אויער אַלץ באַמערקט און דערהערט, און האָט ער איינמאָל געהערט דעם נאָמען פון אַן אַרבייטער, האָט ער עס שוין געוואוסט און געדענקט.

דער באָס האָט דערפאַר געוואוסט, אַז אין דער אָפּטיילונג, וואו ער שטייט איצט, דאַרף זיך געפינען אַן אָנגעשטעלטער, וועמען זיינע

מענעדזשערס האָבן אַ פּאָר מאָל, אין זיין געגענוואַרט גערופן דייוו, דייוו בלום, און יענער דאַרף וויסן אויף וועלכער פּאָליצע עס ליגט דער נאָמבער סילק, וועלכען ער דאַרף איצט.

מר. פּאַניץ האָט דערפּאַר אַליין אַ רוף געטאָן דעם נאָמען „דייוו, דייוו בלום".

ניט־באַקומענדיג קיין ענטפער, האָט זיך מר. פּאַניץ גענומען פאַרוואונדערט אַרומקוקן און דערזען, אַז אַלע זיינע אָנגעשטעלטע פון דער אָפּטיילונג קוקן צו איין ווינקל, און די פּנים׳ער זייערע האָבן אין דעם מאָמענט געהאַט פאַרשידענע אויסדרוקן. אייניגע האָבן אַהין געקוקט מיט רחמנות און שרעק, אַנדערע מיט ביטול און אָפּלאַכעריי און נאָך אַנדערע מיט אַ פריידיגער נקמה, ווי זיי וואָלטן געטראַכט: גוט, גוט אַזוי! ענדליך האָט מען אים געפּאַקט, איצט קומט זיין סוף!..

מר. פּאַניץ האָט אָנגעשטרענגט זיין בליק צו יענעם ווינקל, געוואָלט זעהן, וואָס אַלע קוקן אַזוי אַהין. ווען ער האָט דאָרט דערזען דייוו׳ן, שטייענדיג מיט דער פּלייצע צו אַלעמען, פון צייט צו צייט זיך לאַנגזאַם צושאָקלענדיג, האָט ער אויף אַ סעקונדע גענומען קוקן פון דייוו׳ס פּלייצע, צו אַלעמען און פון אַלעמען צוריק צו דייוו׳ס פּלייצע. נאָכדעם האָט ער געטאָן אַ פּאָר טראָט נענטער צו יענעם פּלאַץ און מיט אַ פעסט הויך קול אַ רוף געטאָן:

— דייוו, דייוו בלום! דייוו!

דייוו איז אַלץ געבליבן שטעהן אין דערזעלבער פּאָזע און אָהן אַן ענטפער.

ווען מר. פּאַניץ האָט דערזען, אַז ער שטייט אַזוי נאָענט און יענער ענטפערט נאָך אַלץ ניט, איז ער אויף׳ן ערשטן אויגענבליק געבליבן שטעהן ווי אַ פאַרשעמטער פאַר זיינע קאַסטומער און אויך פאַר זיך אַליין, וואָס זיינער אַן אַרבייטער האָט אַזוי פיל חוצפה אים ניט צו ענטפערן. זיין פּנים האָט זיך באַגאָסן מיט אַ רויטקייט און זיינע בליקן האָבן גענומען קוקן מיט אַ צעטומעלטן כעס.

דער קאַסטומער פון זיד־אַמעריקע איז דער ערשטער געקומען צו זיך און מיט אַ געלעכטערל זיך אָנגערופן:

— דאָס, מר. פּאַניץ, זיינען שולדיג אייערע ניו יאָרקער „יוניאָנס", וואָס אַייער אַן אַרבייטער האָט אַזוי פיל חוצפה אייך ניט צו ענטפערן!...

מר. פּאַניץ האָט אַ טראָט געטאָן נאָך נענטער און מיט אַ כעס געגעבן אַזאַ געשריי „דייוו!", אַז אַלע האָבן אַזש אַ ציטער געטאָן...

— אפשר איז דער יונג דאָרט געוואָרן פּאַראַליזירט! — האָט זיך אָנגערופן דער סוחר פון קאַלקוטאַ, אינדיען.

דער זיד־אַמעריקאַנער סוחר האָט אַריינגעשטופּט זיין קאָפּ אין

שמאָלן דורכגאַנג, געכאַפּט אַ בליק אויף דייווו׳ס פּראָפיל און אויס־
געדופן :

— ניין, ער איז ניט פּאַראַליזירט דער קערל, ער איז משוגע !
ער רעדט צו דער וואַנט ! נאַ, קוקט, זעהט ! ער שלאָגט זיך מיט דער
פויסט אין האַרצן און רעדט צו דער וואַנט ! כאַ־כאַ ! — האָט ער
זיך הויך צעלאַכט.

עטליכע אַרבייטער האָבן שטיל אין זיך אַריינגעלאַכט, מורמלענדיג
דערביי :

— ער האָט אים דערקענט !

מר. פּאַניץ האָט נאָך אַ טראָט געטאָן צו דייווו׳ן, אים אַ ווײַלע
באַטראַכט און מיט׳ן פינגער אַ טיאָכקע געטאָן דייווו׳ס פּלייצע.

— וואָס איז דאָ געשען מיט דיר ? וואָס ענטפערסטו ניט און
וואָס שטייסטו און רעדסט צו דער וואַנט ?

ער האָט דערביי געוואָלט אויסדרייען דייווו׳ס אַקסל צו זיך.

— מפסיק, מפסיק ! — האָט דייווו אַרויסגעברומט און אָפּציענדיג
פון אים זיין פּלייצע, איז ער ווייטער געבליבן שטיין אויף זיין פּלאַץ.

— הא, וואָס ? — האָט מר. פּאַניץ אַ שטאַרק באַליידיגטער צוריק־
געכאַפּט זיין האַנט און ווידער גענומען קוקן אויף אַלעמען אין גרויס
צעטומעלטקייט.

אין אַ ווינקל ביי אַ טיש איז געשטאַנען אַן עלטערער אַרבייטער
און געסטעמפּט אַ שטיק סאַמעט. ער האָט אַ צעשראָקענער אויפגע־
הויבן זיין קאָפּ פון דער אַרבייט און אנטשלאָסן געשטאמלט :

— מר. באָס, מר. פּאַניץ ! ע, ע, אַנטשולדיגט ! דייוו איז ניט
פּאַראַליזירט און חלילה ניט משוגע ! ער איז נאָר פרום, ער שטייט
דאָרט איצט שמונה־עשרה, קען ער ניט ענטפערן, ער טאָר ניט ריידן.

אַ צווייטער אַרבייטער האָט באַלד אַרויסגעהאָלפן :

— דאָס דאַווענט ער מנחה !

אַ דריטער אַרבייטער האָט דאָס פּאַרטייטשט אויף ענגליש :

— ער זאָגט זיינע פּרעיערס און ער וועט ניט ענטפערן ביז ער
וועט ניט ענדיגן !

— אָ, דאָס איז עס ! — האָט אַרויסגערעדט דער סוחר פון אינדיען.

מר. פּאַניץ האָט פאַררויכערט אַ ציגאַר און דורך דער אָנגעצונ־
דענער שוועבעלע גענומען שטאַרקער באַטראַכטן דייווו׳ס פּלייצע.

דער קאָסטומער פון זיד־אַמעריקע האָט אויסגערופן מיט אַ ברייטן
שמייכל :

— ער זאָגט זיינע פּרעיערס ? דאָס אינגאַנצן ?

ער האָט דערביי געוואָלט צוגיין נענטער צו דייווו׳ן.

דער סוחר פון אינדיען האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין פריינד׳ס אָרעם און אויסגערופן:

— טשעפּע ניט! ער איז איצט טאַבו! זעהסט ניט מיט וואָס פאַר אַ הייליגן ערנסט ער זאָגט זיינע פּרעיערס?

אַן אַרבייטער מיט׳ן נאָמען סעם, וואָס איז געווען דייוו׳ס אַ לאַנג־יאָריגער פריינט, האָט געוואָרפן אונטערטעניגע בליקן צום באָס און געוויספּערט צו אַ צווייטן אַרבייטער:

— איך האָב געוואוסט, אַז דער באָס וועט סוף כל סוף פּאַקן דעם פרומען יאָלד, אַז יעדן טאָג וואַרפט ער אין מיטן דרינגען זיין אַרבייט און שטעלט זיך אַוועק דאַווענען. יעדען טאָג אַ יום־טוב אויף זיין קאָפּ! יעדן טאָג דאָס זעלבע!

— אָ, זיי שטיל, דו טייוול! — האָט געבורטשעט דער אַנדערער אַרבייטער.

מר. פאַניץ האָט רויכערענדיג זיין ציגאַר אַ ווײַלע אַלעמען אָנגעקוקט און ווי ער וואָלט וועלן ווייזען זיינע קאָסטומער, אַז ער איז יאָ דער באָס, האָט ער פּלוצלינג הויך אויסגערופן צו די אַרבייטער:

— נו, וואָס האָט איר אַלע פאַרלייגט די הענט? איר זאָגט דאָך איצט נישט קיין פּרעיערס, טאָ אַרבייטס, אַרבייטס!

מר. פאַניץ האָט זיך דאַן געווענדעט צו סעם׳ן:

— דו, דו דאָרט! סעם, דאַכט זיך, הייסט דו?

סעם איז צוגעלאָפן:

— יעס, מר. פאַניץ! סעם איז מיין נאָמען!

מר. פאַניץ האָט פאַרטגעזעצט:

— דו דאַרפסט דאָך מסתמא אויך וויסן אויף וועלכער שעלוו עס געפינט זיך דער נייער סילק, דער לאָט נאָמבער 860!

סעם האָט פאַר פרייד אָזש אָנגעהויבן שטאַמלען:

— ע, ע, 860? עס איז אין זיין רייע! — האָט ער אַ וויז געטאָן אויף דייוו׳ס פּלייצע — אָבער איך וועל עס געפינען!

— נו, גיך, גיך, געפין! — האָט דער באָס באַפוילן, ווידער אַ וואָרף טוענדיג דעם בליק אויף דייוו׳ן.

סעם איז אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ לייטער, אַ פּאָר געטאָן מיט דער לייטער אַהין און צוריק צווישן די שאַפּעס און פּאָליצעס, פאַרבייפאָרנדיג הארט נעבן דייוו׳ן אַזוי, אַז ער האָט אים אָזש אַ זעץ געטאָן אין פּלייצע. מען האָט געזען, אַז דער קלאַפּ האָט דייוו׳ן וויי געטאָן, נאָר ער האָט זיך אַלץ ניט אַ ריר געטאָן פונ׳ם אָרט.

מר. פאַניץ און זיינע צוויי קאָסטומער האָבן דאָס באַמערקט און אַלע דריי האָבן זיך אָהן אַ וואָרט איבערגעקוקט:

סעם האָט ענדליך אַראָפּגענומען פון אַ פּאָליצע אַ ברעטל הימל־בלויע סילק און מיט פרייד אויסגערופן:

— אָט איז עס, 860!

ער האָט ביי די ווערטער אַראָפּגעקלעטערט מיט אַ שטיק סחורה פונ׳ם לייטער. דערווייל איז צוגעלאָפן אַ שיפּינג־באָי.

— נעם, טראָג עס אריין צו מיר אין אָפיס! — האָט מר. פּאַניץ אָנגעוויזן דעם שיפּינג באָי אויף דעם שטיק סחורה, וואָס סעם האָט געהאַלטן.

דאָס אינגל האָט אַ נעם געטאָן פון סעם׳ס הענט דאָס ברעטל סחורה און זיך אַוועקגעלאָזט מיט דעם אין אָפיס.

מר. פּאַניץ מיט ביידע קאָסטומער ביי זיינע זייטן האָבן זיך גע־לאָזט נאָכ׳ן אינגל.

דער קאָסטומער פון זיד־אַמעריקע האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף דייוו׳ס פּלייצע און האָט אַ לאַך טוענדיג גענומען שטיל עפּעס ריידן צו מר. פּאַניץ.

דער קאָסטומער פון אינדיען האָט אים איבערגעשלאָגן, זאָגנדיג:

— מיין אייגענער טאַטע איז אַמאָל געשטאַנען אין פעלד און געזאָגט זיינע פּרעיערס, האָט זיך דאַן פּלוצים ביי זיינע פיס באַוויזן אַ שלאַנג און מיין טאַטע האָט זיך ניט גערירט פונ׳ם אָרט, פּונקט אַזוי ווי ער! — האָט ער אַ ווייז געטאָן אויף דייוו׳ן.

ביידע קאָסטומער זיינען אַוועק רײדנדיג איינער צום צווייטן און מר. פּאַניץ האָט זיך צוריק אָפּגעשטעלט, געקוקט אַ ווײלע אויף דייוו׳ס שאָקלענדע פּלייצע און זיך דאַן אַ ווענד געטאָן צו די אַרבייטער:

— ווען ער וועט פאַרטיג ווערן, שיקט אים אַריין צו מיר אין אָפיס!...

ער האָט דערביי נאָך אַמאָל אַ וואָרף געטאָן זיין בליק צו דייוו׳ן און איז אַוועק.

סעם האָט אָפּגעוואַרט, ביז דער באָס איז אַריין אין זיין אָפיס, און איז באַלד צוגעלאָפן צום טעלעפאָן.

אַן אַרבייטער אים נאָכקוקנדיג, האָט אויסגערופן:

— איך קען שווערן, אַז דער טייוול סעמעלע לויפט שוין טעלע־פאָנירן צו דייוו׳ס ווייבל, איר אָנזאָגן די גרויסע שמחה, אַז איר מאַן האָט פאַרלוירן דעם דזשאָב...

— איך דענק אויך אַזוי! — האָבן עטליכע אָפּגעענטפערט און באַדויערענדיג געקוקט אויף דייוו׳ס שאָקלענדע פּלייצע.

— רעכט אויף אים! זאָל ער קריגן די סעק דער יאָלד! — האָט

זיך גע'כעס'ט אַן אַנדערער אַרבייטער — ער מיינט, אַז דער רבונו של עולם וועט בדלות ווערן אָהן זיין מנחה...

— דאָס וואָס ער אַרבייט ניט שבת, איז אים נאָך ווייניג — האָט אויסגערופן אַן אַנדערער — ער מוז נאָך פאַרלירן זיין דזשאַב צוליב די שמונה־עשרה'ס.

— און איך פאַרשטיי ניט פון וואַנען עס נעמט זיך צו אַן אַמע־ריקאַנער געבוירענעם מענשן אַזאַ פרומקייט! — האָט אַרויסגעזאָגט נאָך איינער.

— פרום! אַז ניט, ווייסט ער וואָס ער דאַווענט דאָרט דער לאַנגער יאָלד! אָט גלאָט זיך איינגע'עקשנ'ט צו זיין אַנדערש ווי אַלע. און פערטיג! — האָט געזאָגט נאָך איינער.

— פונדעסטוועגן איז אויף אים אַ גרויס רחמנות. ער דאַרף נעבעך אַלע ווילע זוכן נייע דזשאַבס צוליב זיין פרומקייט. אָט פאַרלירט ער דעם דזשאַב צוליב ניט אַרבייטן אום שבת און אָט פאַרלירט ער צוליב שמונה־עשרה. אַ רחמנות, אַ רחמנות! — האָט טרויעריג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ נאָך איינער.

— נו, ווער הייסט אים זיין אַזאַ לאַנגער יאָלד? ווי הויך ער איז, אַזוי לאַנג איז דער יאָלד אין אים! — האָט אַ געשריי געטאָן אַן אַנדערער.

— יאָ, יאָ! — האָט זיך צע'טענה'ט נאָך איינער — אויב ער ווייסט, וואָס ער דאַווענט דאָרט, פאַרוואָס העלפט אים ניט זיין גאָט צו ווערן ער דאַוונט? פאַרוואָס טוט ניט זיין גאָט עפּעס אַזוינס, אַז ער זאָל ניט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג פאַרלירן דעם דזשאַב צוליב אים?

די אַרבייטער האָבן טאַקע געטראָפן. סעם איז גלייך געלאָפן טעלעפאָנירן צו רייטשלען, דייווי'ס יונגע ווייבל. איר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז איר גערעַטענער מאַן, דער פרומער יאָלדאַק, וועט שוין באַלד אין אַ נאָווינע ווידער קומען אַהיים מיט האַק און פאַק!...

אויף רייטשעל'ס געבעט האָט סעם דאָס מאָל אַרויפגענומען דייווי'ן אַרבייטן דאָ אויף דעם פלאַץ, וואו ער אַרבייט איצט. ער האָט דערפאַר מיט'ן אָנזאָגן איר, געוואָלט ווי זיך פאַרענטפערן, אַז ער איז ניט שולדיג, וואָס זי האָט זיך אויסגעקליבן אַ פרומען יאָלד פאַר אַ מאַן.

רייטשלען האָט פון דער גוטער בשורה געגומען שווינדלען אין קאָפּ. טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן, שוין ווידער אויס אַרבייט — האָט זי געטראַכט — אין נאָך איצט, ווען עס קומט באַלד נאָך אַ נפש אויף דער וועלט... וואָס זאָל איך טאָן צו זיין משוגענער

פרומקייט? — האָט זי ווישנדיג אַ טרער געשפּאַנט די טרעפּ צום אונטערשטן עטאַזש, וואו עס האָבן געוואוינט איר טאַטע־מאַמע.

שפּאַנענדיג לאַנגזאַם די טרעפּ, איז דורכגעלאָפן אין איר געדאַנק איר באַקענען זיך און איר חתונה מיט דייוו׳ן. זי האָט זיך דערמאָנט ווי מיט זעקס יאָר צוריק האָט אין איר טאַטן׳ס צוויי־פאַמיליע־הייזקע, טאַקע דאָ אויבן אין די רומס, וואו זי וואוינט איצט, זיך אַריינגעקליבן אַ שכנה, אַ פרומע אלמנה מיט אַ פרומען זוהן.

אַלע ביי זיי אין הויז, סיי איר טאַטע־מאַמע און סיי אירע שוועסטער און ברידער, האָבן דאַמאָלט שטיל געלאַכט פון זייערע שכנים׳ס פרומקייט. מילא, זי די אלמנה, אַן עלטערע פרוי, האָט איר געפּאַסט די פרומקייט. אָבער פון דעם יונגען 22־יאָריגן אַמעריקאַנער בחור, פון זיין פרומקייט האָבן אַלע אין איר הויז געשמייכלט. אמת, אַז איר היים איז אויך ניט געווען קיין גוי׳שע. די מאַמע האָט אָפּגעהיט כשרות, געבענשט ליכט, שטענדיג געהאַט צוויי־ערליי געשיר. אָבער טאַמער האָט אַמאָל פאַר׳ן הויז אויסגעפּעלט אַ פליישיגער לעפל, האָט מען עס דערוויל אויסגעליען ביים מילכיגן געשיר. אויפ׳ן טיש זיינען פרייטאָג נאַכט געשטאַנען די לייכטער מיט בענשליכט. פונדעסטוועגן איז דער טאַטע נאָכן עסן געזעסן ביי די בענשליכט און גערויכערט זיין פּאַפּי־ראָסל. ער האָט זיך נאָר אויסגעהיט ניט אָנצוצינדן דעם פּאַפּיראָס אָן די בענשליכט און ווען עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז אין שטוב איז גראַד ניט געווען קיין שוועבעלע, פלעגט דער טאַטע באַדיי אַרויס־לויפן אין גאַס קויפן, אָבער קיינמאָל ניט געוואָלט פאַרשעמען די הייליגע שבת־ליכט און אָנצינדן אָן זיי דעם פּאַפּיראָס. ראש־השנה און יום־כפּור זיינען סיי דער טאַטע און סיי די מאַמע געגאַנגען אין שוהל דאַוונען און וואָלט מען אין אַמעריקע ניט געאַרבייט אום שבת, וואָלט דער טאַטע זיכער ניט געגאַנגען זוכן אַ דזשאָב, יאָ צו אַרבייטן אום שבת. אָבער ווען אַלע אַרבייטן אום שבת, וועט ער גיין איבערמאַכן אַמעריקע? און איר צרה וויל פון קיין זאַך ניט וויסן. און האַלט זיך ביי זיין פרומקייט...

ווען זי האָט זיך פאַרליבט אין דעם שלאַנקן בלאָסן דייוו מיט זיינע גרויסע שוואַרצע פאַר׳חלומ׳טע אויגן, האָט זי דאַמאָלט געטראַכט, אַז זי וועט אים איבערמאַכן, ביסלעכווייז אָפּגעוואוינען פון זיין איבער־טריבענער פרומקייט און צום סוף האָט ער גאָר אַלעמען איבערגעמאַכט, סיי זי, סיי איר טאַטע־מאַמע. דאָ האָט ער באַלד נאָך דער חתונה ניט געלאָזט פרייטאָג נאַכט אָנצינדן די עלעקטריק, מען האָט געמוזט זיך אויסבעטן און אויסטאָן אין דער פינסטער, אָדער אָנצינדן פרי און אַ גאַנצע נאַכט שלאָפן אין דער ליכטיגקייט. דאָ האָט ער איר

ניט געלאָזט קאָכן אום שבת, אפילו ניט דאַמאָלס ווען איר אינגעלע, איר אוירווינג׳ל, איז נאָך געווען אַ קליין נפש׳ל.

זי האָט צוליב אים געמוזט דאָס קינד פּאָיען מיט זויערע באָטלס. סיי זי און סיי איר משפּחה האָבן דאַמאָלט זיין פרומקייט אַרויפגעוואָרפן אויף זיין פרומער מאַמע, די אלמנה, אָבער עס איז שוין דריי יאָר ווי איר שוויגער איז געשטאָרבן און ער איז זינט דאַמאָלט געוואָרן נאָך פרומער ווי ער איז געווען. ניט נאָר זי, זיין ווייב, האָט ער איבער־געמאַכט, נאָר אפילו איר טאַטע־מאַמע, וועלכע וואוינען דאָ אויף׳ן אונטערשטן עטאזש, אפילו זיי האָט ער אויך ביסלעכווייז איבערגע־מאַכט, כאָטש ער האָט זיי קיינמאָל גאָרניט געזאָגט. ער האָט אָבער אויך קיינמאָל ניט געוואָלט פאַרזוכן עפּעס פון דער שוויגער׳ס מאכלים. האָט די שוויגער אים כסדר געוואָלט ווייזן, אַז זי קען זיין אַזוי כשר ווי ער, ביז זי איז טאַקע געוואָרן כמעט אַזוי פרום ווי ער. זי לאָזט שוין ניט מער לייען קיין מילכיגן לעפל ביי די פליישיגע. דאָס מילכיגע און פליישיגע געשיר שטייען ביי איר ווי צוויי ברוגז׳ע שונאים אין באַזונדערע אַלמערס, און ניט נאָר דאָס, די מאַמע קאָכט אפילו ניט איצט קיין מילכיגס מיט פליישיגס אויף איין אויוון, און דער טאַטע אירער, האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן שעמען פאַר׳ן פרומען איידעם, צו רויכערן אום פרייטאָג־צו־נאַכטס אַ פּאַפּיראָסל.

אין אָנפאַנג פלעגט ער אַוועקגייען מיט׳ן פּאַפּיראָסל אין צווייטן צימער. שפּעטער האָט ער אויפגעהערט אינגאַנצן צו רויכערן אום פרייטאָג נאַכט, און איצט, אַז עס קומט אים אַמאָל אויס אין אַ שבת ניט צו אַרבייטן, כאַפּט ער זיך שוין אפילו מיט דעם איידעם אין שוהל אַריין אויך...

— יאָ — טראַכט רייטשעל ווידער — אַלץ וואָלט מען שוין גע־קענט פון אים אויסהאַלטן, אים נאָכגעבן, אָבער וואָס טוט מען צו דעם, וואָס צוליב זיין פרומקייט פאַרלירט ער כסדר די דזשאַבס? וואָס וועט זיין דער סוף דערפון? ווי לאַנג וועלן טאַטע־מאַמע קענען אַרויס־העלפן? זיי האָבן דאָך אַליין ניט גענוג און איצט קומט נאָך צו נאָך אַ קינד...

מיט די געדאַנקען האָט רייטשעל געעפנט טאַטע מאַמע׳ס טיר. די מאַמע איז געשטאַנען ביים אויוון און געמישט די טעפּ, דער טאַטע איז געזעסן ביים טיש און געלייענט אַ צייטונג. דער קליינער פיר־יאָריגער אוירווינגל איז געשטאַנען נעבן דער באָבע׳ן און עפּעס גענאַשט פון אַ לעפל. דערזעענדיג די מאַמע, איז אוירווינגל צוגע־שפּרונגען און מיט שמחה אויסגערופן: „מאַמע, מאַמע! דעדי האָום?״

— פריי זיך, אוירוויגל, פריי זיך, וועסט שוין באַלד האָבן דיין דעדי׳ן אין הויז פאַר גוט! — האָט רייטשעל אַרויסגעזיפּצט.

— וואָס שוין ווידער? — האָבן טאַטע־מאַמע אויסגערופן אין איין קול.

— וויי־ווי איז מיר! — האָט די מאַמע פאַרבראָכן די הענט — אַזאַ טייערע פּאָזישאָן! — ער האָט דאָך דאָרט אַזוי ליב געהאַט צו אַרבייטן און אויך אויסגעפירט ניט צו אַרבייטן אום שבת. וואָס, וואָס האָט דאָרט געקענט טרעפן פאַר אַ צרה?

— וואָס פאַרשטייסטו ניט, אידענע? — האָט אַרויסגעזיפּצט דער טאַטע — מסתמא האָט אים דער באָס געכאַפּט אַריינ׳גנב׳ענדיג אַ שמונה־עשרה אויף זיין צייט!...

דער טאַטע האָט זיך אויפגעשטעלט, איז דורכגעגאַנגען די שטוב און זיך אָפּגעשטעלט נעבן דער טאָכטער פרעגנדיג:

— ער איז שוין דאָ אויבן?

— ניין! — האָט רייטשעל אַרויסגעזיפּצט — ער איז נאָך ניטאָ! זיין פריינט סעם האָט מיר דורכ׳ן טעלעפאָן אָנגעזאָגט די גוטע בשורה!

— נו — האָט דער טאַטע געזאָגט אַ גלעט טוענדיג זיין טאָכטער׳ס אַקסל — אַנדערע ווייבלעךליידן פון אַ מאַן׳ס געמבלען, שכור׳ן און דו ליידסט נעבעך פון „שמונה־עשרה׳ס״. מילא, שוין בעסער צו ליידן פון שמונה־עשרה׳ס — האָט דער טאַטע אָפּגעזיפּצט, אָפּגעגאַנגען אַ טראָט און צוריק זיך אויסגעדרייט צו דער טאָכטער און ווייב מיט די ווערטער:

— און איר, וויבער, מאַכט נאָר ניט קיין זויערע פּנים׳ער, ווען ער וועט אַהיימקומען! איר הערט? באַפאַלט אים ניט! עס איז אים אַזוי אויך געווּג ביטער!

— הער נאָר, ווי ער רעדט — האָט זיך די מאַמע כלומרשט אַ בייזער געטאָן — איך האָב דיר שוין אַמאָל עפּעס געזאָגט, ווען דו האָסט פאַרלאָרן אַ דזשאַב? פאַרקערט, איך האָב דיר נאָך אָפּגעקאָכט אַ בעסערן סאַפּער! און דו טאָכטער, גיי טאַקע אַרויף און גרייט אים צו אַ גוטן סאַפּער. פאַרזיס אים זיין ביטערקייט! זאָג אים גאָרניט!...

— ווער וועט אים זאָגן אַ וואָרט? — האָט רייטשעל אַרויסגע־זיפּצט — איך וועל זיך מאַכן ניט־וויסנדיג און איר טאַטע־מאַמע זאָגט אים אויך גאָרניט! ס׳איז מיר געווּג אַ רחמנות אויף אים!

זי האָט גענומען גיין און ביי דער טיר זיך אָפּגעשטעלט זאָגנדיג:

— מאַמע, דו גיי ענדיג קאָכן מיין סאַפּער. איך גיי אויספּרעסן פאַר אים אַ ריינע שוירט, ער זאָל האָבן מאָרגן, אין וואָס צו זוכן אַ נייעם דזשאַב.

מיט דעם האָט זיך געענדיגט די ערוואַרטונג פֿאַר דייווו׳ן אין זיין הײם.

ווען דייוו איז דאָס מאָל פֿאַרטיג געוואָרן מיט זיין מנחה און זיך אויסגעדרייט צו אַלעמען מיט׳ן פּנים, האָט מען געזען ווי קאַלטע טראָפּנס שווייס האָבן געבלישטשעט אויף זיין שטערן. אַלע האָבן אים אָנגעקוקט און קיינער האָט אויפ׳ן ערשטן מאָמענט ניט געהאַט דעם מוט אָנצוזאָגן די גוטע בשורה, אַז דער באָס האָט אים געהייסן אַריינקומען צו זיך אין אָפיס...

דייוו האָט שווייגנדיג גענומען פּאַקן זיינע זאַכן.

— אָ! — האָט סעמקע אויסגעשריען — ער פּאַקט זיך שוין דאָך! מען דאַרף אים שוין גאָר ניט זאָגן, ער ווייסט שוין אַליין! הייסט עס, דו יאָלדעוואַטער רב׳ל, אַז דו ביזט ניט געווען אַזוי פֿאַרטיפֿט אין דיינע אנדערע וועלטן! דו האָסט געהערט, אַז דער באָס האָט גערעדט צו דיר!

— יאָ, ניט ווילנדיג האָט זיך זיין קול אַריינגעריסן אין מיין שמונה־עשרה! — האָט דייוו אומעטיג געשעפּטשעט.

— דו האָסט געוואוסט, וואָס עס קומט אויף דיר און דו האָסט געהאַט אַ גוירוו ניט צו ענטפֿערן דעם באָס? — האָט זיך סעם געקאַכט.

נאָך אַן אַרבייטער האָט זיך אַריינגעמישט:

— נו טאַקע, דו מיינסט, אַז ווען דו וואָלסט איינמאָל איבערגעשלאָגן דיין שמונה־עשרה, וואָלט דיך גאָט אַרעסטעט?

סעם האָט זיך ווידער געקאָכט.

— ער מיינט, אַז דער רבונו של עולם ווערט גליקליך פֿון זיינע שמונה־עשרה׳ס, פֿון זיין ריידן צו דער וואַנט! מען בלייבט דאָך צוליב דיר פֿאַרשעמט, טאָמער נעמט מען דיך אַרויף אַרבייטן! — האָט ער אים אין פּנים אַריינגעשריען — איך אַליין האָב אים נאָך אַהער אַרויפֿגענומען! איך וועל זיך איצט צוליב דיר שעמען צו קוקן דעם באָס אין די אויגן.

— אָ, סעמקעלע טייוול, הער אים שוין אויף צו פּייניגן! — האָט אויסגעשריען דער אַלטער לייזער.

— אייך איז גרינג צו ריידן, איר פֿאַרלירט ניט דעם דזשאָב! איר זענט דאָך אויך פֿרום און אַביסל עלטער פֿון אים, פֿאַרוואָס וואַרפֿט איר ניט אין מיטן דרינען די אַרבייט און שטעלט זיך אַוועק שמונה־עשרה? ער איז פֿויל און דאַטס־אָל, ער וויל פֿאַרלירן די דזשאַבס! וואָס האַרט אים, אַז זיין ווייבל פּלאָגט זיך ביי אים? אַז זיין קינד האָט ניט אויף וואָס עס דאַרף? און דאַכט זיך, אַז באַלד קומט נאָך אַ קינד אויך!

דייוו האָט ביי סעם׳ס לעצטע ווערטער אַוועקגעלייגט זיינע לאַנגע בלאַסע פינגער אויף זיין צונויפגעפּאַקט פּעקעלע. ער האָט דערפילט, אַז עס קומען אָן טרערן אין זיינע אויגן, האָט ער אויף גיך זיך ווידער אַ דרעה־געטאָן צו אַלעמען מיט דער פּלייצע און פאַרריסן זיינע פאַר־טרערטע אויגן אין דער הויך צום פענצטערל, ווי ער וואָלט דאָרטן דורך די שייבלעך געזוכט אַן ענטפער, וואָס ער זאָל זאָגן זיין רייטשלען. איצט האָט ער פאַרלאָרן זיין דזשאָב, איצט ווען זי שווענגערט, ווען זי דאַרף אָט־אָט באַלד ווידער ווערן אַ מאַמע.

דער געדאַנק וועגן מאַמע האָט אים דערמאָנט אָן זיין מאַמען און אים האָט זיך געדוכט, אַז ער זעט דורך די שייבלעך דאָס ליבליכע פּנים פון זיין גוטער פרומער מאַמע, וועלכע האָט פאַר אים אין אַלע זיינע נויטן געהאַט אַ טרייסט־וואָרט. ער האָט געקוקט אַלץ ווייטער און טיפער דורך די שייבלעך און האָט הינטער זיין מאַמע׳ס פּנים דערזען נאָך אַ פריינדליך פּנים — זיין טאַטן. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זיין טאַטע, דער פרומער מלמד, האָט אים פאַר זיין טויט אָנגעזאָגט: „זוהן מיינער, באַלד־באַלד ווערסטו בר מצוה, איך פיל, אַז איך וועל שוין ניט דערלעבן דיין בר מצוה, ניט דערלעבן צו זעהן, ווי דו הויבסט אָן לייגן תפילין, ווי דו גייסט אַרויס פון דיין קינדערשער וועלט און גייסט אַריין אין אַן אַנדערער וועלט, ווערסט אַ איד פאַר זיך אַליין״.

— יאָ — טראַכט דייוו ווייטער — פון דעם טאָג אָן, וואָס ער איז געוואָרן בר־מצוה, וואָס ער האָט אַרומגעוויקלט די תפילין אויף זיין האַנט און אויף זיין שטערן, האָט ער זיך מיט אַמאָל דערפילט, אַז ער גייט אַריין אין עפּעס אַ נייער וועלט, אַ פרעמדע און אַן אייגענע, אַ ווייטע און אַ נאָענטע, אַ וועלט עפּעס אַ מיסטישע און אַ יום־טוב׳דיגע. און פון דאַמאָלט אָן, ווען ער שטעלט זיך נאָר אַוועק דאַווענען, ווערט אים עפּעס אַזוי גוט, אַזוי יום־טוב׳דיג אויפ׳ן האַרצן. ער זעהט דורך זיינע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן ווייטע שיינע האָריזאָנטן, וואו אַלע מענשן איז גוט, קיינעם פעלט קיין זאַך ניט. אין זיינע אויערן קלינגען אַריין בעת׳ן דאַווענען הערליך זיסע ניגונים, ניגונים, וואָס זיינען פול גליק און פרידן פון מענש צו מענש.

— ניין! — גיט דייוו אַ קראַמף זיין פויסט — קיינער, קיינער וועט פון אים זיינע יום־טוב׳דיגע מינוטן ניט אַוועקנעמען, מעג ער אפילו פאַרלירן טויזנט דזשאָבס!

ער האָט ביי דעם געדאַנק אַ נעם געטאָן דאָס פּעקעלע, אַ זאָג געטאָן צו אַלעמען אַ „גוטן״ און זיך געלאָזט צום באָס׳ס אָפיס.

מר. פאָביץ איז געזעסן ביי זיין דעסק און אַריינגעקוקט אין פאַר־

שידענע רעכנונגען, ווען דייוו האט מיט זיינע ציטערנדע פינגער אנגע־קלאפט אין טיר.

„קומט אריין!" — האט דער באס א זאג געטאן... דערזעען דעם בלאסן דייוו, האט ער אים א ווײלע באטראכט און דאן אויסגערופן:

— דו, דו האסט ניט געהערט, ווען איך האב פריער גערעדט צו דיר?

— איך האב געהערט, מר. פאניק! — האט דייוו אביסל רויט־ווערענדיג געשטאמלט.

— פארוואס האסטו מיר ניט געענטפערט? — האט ווייטער געפרעגט דער באס.

— ווײ־ווײל — האט שטאמלענדיג דייוו געזוכט אין זיך אן אנטשלאסענעם טאן און ענדליך ארויסגערעדט: — ווײל איך בין געשטאנען פאר עמיצן, וואס איז מעכטיגער פון יעדן באס!...

זיך דערשראקן פאר זיין אייגענעם שטארקן טאן, האט ער אביסל שוואכער פארטגעזעצט:

— איך בין געשטאנען שמונה־עשרה און האב ניט געטארט איבער־רייסן, מפסיק זיין!...

ווי איינער, וואס האט שוין ניט וואס צו פארלירן, האט ער ווייטער גערעדט און מיט שטארקייט ווי צו זיין גלייכן:

— װאלט איך, מר. פאניק, געפעלן, ווען אין מיטן ריידן צו אייך, דרעה איך זיך פון אייך אוועק און הויב אן צו ריידן צו עמיצן אנדערש?

מר. פאניק׳ס קלוגע אויגן האבן א גלאנץ געטאן. דורך זיינע „מאסטעש" האט מען ניט געקענט באמערקן צי זיינע ליפן שמייכלען אדער זיי זיינען אויסגעקרימט אין כעס.

— ווי לאנג ארבייטסטו שוין ביי מיר? — האט מר. פאניק נאך א סעקונדע פון שווייגן געפרעגט דעם שטיל־געווארענעם דייוו.

— שוין באלד א יאר! — האט דייוו געשעפטשעט.

— האסט ליב דיין פאזישאן? איך מיין: געפעלט דיר ביי מיר צו ארבייטן? — האט דער באס ווידער געפרעגט.

— יא, איך האב דא זעהר ליב געהאט צו ארבייטן! — האט דייוו געשעפטשעט מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ.

— דיין רעקארד צייגט — האט מר. פאניק, אריינגעקוקט אין א פאפיר און ווייטער גערעדט — אז דו ביזט זעהר פעהיג אין דיין ארבייט. טא פארוואס איז דיין סאלארי קלענער ווי פון די אנדערע, וואס טוען דיזעלבע ארבייט?

— ווייל איך קום ניט אריין שבת, נעמט דער מענעדזשער מיר אראפ פאר׳ן שבת׳דיגן טאג.

— פאַר אַ גאַנצן טאָג? מען אַרבייט דאָך נאָר אַ האַלבן טאָג! — האָט מר. פאַניץ ווי געמורמעלט צו זיך אַליין.

— איך באַקלאָג זיך ניט! — האָט דייוו געזאָגט — איך האָב אים אַליין געבעטן, אַז מען זאָל מיר אַרונטערנעמען פאַר אַ גאַנצן טאָג, וועט שוין אויך זיין פאַר די עטליכע מינוטן, וואָס איך דאַוון מנחה!

— אַלע טאָג דאַווענסטו? — פרעגט ווידער דער באָס.

— יאָ! — ענטפערט דייוו מיט אַ מינע פון דרייסטקייט און שולדיגקייט — אָבער אין דער פרי קום איך שוין אָן אָפּגעדאַווענטער, מעריב דאַוון איך אין דער היים, נאָר מנחה קומט מיר אויס דאָ!

— וויפל נעמט דיר יעדן טאָג די מנחה? — פרעגט ווידער דער באָס.

— פון 15 ביז צוואַנציג מינוט — ענטפערט דייוו און זעצט פאָרט — אָבער איך קום דערפאַר יעדן טאָג אַריין פריער און בלייב שטענדיג דער לעצטער און אין מיין לאַנטש־שטונדע פּרוביר איך אויך שטענדיג עפּעס צו טאָן.

— וואָס האַלטסטו דאָ פאַר אַ פּעקעלע? — פרעגט ווידער מר. פאַניץ.

— איך נעם אַהיים מיין סדור׳ל, מיין פאַרטוך און נאָך עטליכע מיינע קלייניגקייטן! אָט זעהט! — וויל עס דייוו אויסלייגן אויפן דעסק, צו באַווייזן דעם באָס, אַז ער נעמט גאָר ניט זיינס חלילה.

מר. פאַניץ גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, אַז ער זאָל דאָס פּעקעלע ניט פאַנאַנדערנעמען און ער פרעגט:

— אַלע טאָג נעמסטו די זאַכן אַהיים?

— ניין! צו וואָס דאַרף איך דאָס שלעפּן אַלע טאָג אַהיים? — ענטפערט ער.

— טאָ וואָס־זשע נעמסטו דאָס איצט? — פרעגט דער באָס.

— איר, איר ווילט דאָך מיר געבן די סעק! — שטאַמלט דייוו.

מר. פאַניץ שטעלט זיך אויף פון זיין פּלאַץ, גייט צו נאָענט צו דייוו׳ן, באַטראַכט אים אַ ווײַלע און פרעגט:

— אַלע טאָג דאַווענסטו דאָרט אין יענעם שמאָלן ווינקל?

— יעס! — ענטפערט דייוו.

— פאַרוואָס קלויבסטו ניט אויס פאַר דיין דאַוונען עפּעס אַ פרייערן פּלאַץ?...

— ווייל דאָרט קומט אויס די מזרח וואַנט! — ענטפערט דייוו און קוקט שטאַרק אָן זיין באָס, וואָס ער מאַטערט אים נאָך מיט די אַלע פראַגן.

— שטערן דיר ניט די אַנדערע אַרבייטער מיט זייער ריידן און לאַכן ?

— זיי שטערן יאָ, אָבער וואָס קען איך העלפן ? — זיפצט דייוו.

מר. פּאַניץ גיט אַ שפּאַן דורך זיין אָפיס, שטעלט זיך אָפּ ביי אַ זייטיגער טיר, עפנט זי אויף און ווייזט דייוו׳ן מיט אַ פינגער, ער זאָל צוקומען.

דייוו גייט צו, קוקט אַריין און זעט אַ צימערל, וועלכעס איז צו־געבויט צום באָס׳עס אָפיס און אין וועלכן עס שטייט אַ דעסק, אַ שטול, אָבער אַלץ איז דאָרט פאַרלייגט און פאַרשטעלט מיט שטיקער סחורה און פאַרשידענע קאַסטענס.

— דאָ איז פאַראַנען אַ מזרח־וואַנט ? — פרעגט מר. פּאַניץ.

דייוו גלאַצט אויס אויף זיין באָס זיינע גרויסע פאַר׳חלומ׳טע אויגן און שטאַמלט אין צעטומעלטקייט :

— אוודאי, אויף דער זייט איז די מזרח־זייט !

— ווי לאַנג דענקסטו, דאַרף דיר נעמען איבערצוטראָגן די אַלע סחורות אין אַן אַנדער אָפּטיילונג און אויסרייניגן דאָס צימער, מאַכן פון אים צוריק אַן אָפיס ? — רעדט דער באָס שמייכלענדיג.

— אַרום אַ שטונדע ! — שטאַמלט דייוו אין גרויס צעטומעלטקייט.

— נא — זאָגט מר. פּאַניץ — דערלאַנג דער קעשירין דאָס צע־טעלע, וועט זי איבערמאַכן דיין פּעי אינוועלאָפּ און טעלעפאָניר דיין ווייב, אַז דו אַרבייטסט היינט אַ שטונדע אָווערטיים, ווייל דו דאַרפסט אויפראַמען דיין פּריוואַט־אָפיס, וואו דו וועסט פון מאָרגען אָן זיין דיין באָס׳עס אַסיסטענט־מענעדזשער און וועסט קענען אומגעשטערט זיך שאָקלען ביי דיין שמונה־עשרה !...

# דאָס „דיבוק'ל"

◇

(אַ מעשה'לע, וואָס עס האָט מיר דערציילט מיין באָבע)

געווען איז אַמאָל־אַמאָל אַ שיין קליין שטעטעלע. געלעבט האָבן אין דער שטעטעלע גוטע פרומע לייט. מען האָט געהאַט אַ דאַך איבער'ן קאָפּ, אויף'ן טיש אַ מוציא ברויט, אַ טעלער קרופּניק און אַ בית־המדרש, וואו צו דאַנקען און לויבן זיין ליבען נאָמען. האָט מען זיך באַנוגנט און זיך געלעבט גליקליך און צופרידן.

די ווייבער האָבן געהאָלפן איינע דער אַנדערער קאָכן, באַקן, וואַשן, שטריקן, מיטגעפּירט מיט די אייגענע דער שכנה'ס קינד אין חדר אַריין. די מאַנסבילן האָבן געהאָלפן איינער דעם צווייטן אַרויפ־לייגן דעם סכך אויף די סוכות, מיטגענומען דעם שכן'ס אינגל אין בית־המדרש און להבדיל פרייטאָג ביי טאָג אין מרחץ אַריין. און איז ביי אימיצן אין שטעטעלע אָנגעקומען עפּעס אַ שמחה, אַ חתונה אָדער אַ ברית, איז עס באַלד געוואָרן אַלעמען'ס חתונה אָדער אַלעמען'ס ברית. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך באַלד גענומען קלויבן צו טאַנצן אויף דער חתונה און עסן לעקאַך אויף'ן ברית.

און טאָמער חלילה פאַרקערט, האָט זיך ביי אימיצן געטראָפן אַן אומגליק, אַ קראַנקהייט אָדער נישט־דאָ געדאַכט אַ לויה, איז עס באַלד געוואָרן אַלעמען'ס קראַנקהייט און אַלעמען'ס לויה.

אָט אַזוי האָט זיך דאָס שטעטעלע געלעבט אין אחדות און אין שלום — און אָט צווישן די אַלע גוטע פרומע לייט האָט זיך אין דער שטעטעלע געהאָדעוועט אַ מיידעלע מיט'ן נאָמען ק ר י י נ ד ע ל ע.

קריינדעלע האָט געהאַט אַלע מעלות. זי איז געווען אַ שייניקע, אַ וואָוילינקע און אַ קלוגינקע, זי האָט אין שטעטעלע געהאַט עטליכע

מומעס, פעטערס, שוועסטער־קינדער, אַלעס האָט געהאַט קריינ־דעלע, חוץ אַ טאַטן מיט אַ מאַמע.

קריינדעלע׳ס טאַטע איז געשטאָרבן, ווען זי איז אַלט געווען דריי וואָכן און איר מאַמע איז געשטאָרבן, ווען זי איז אַלט געווען דריי יאָר.

געשטאַמט האָט קריינדעלע פון אַ זעהר שיינער משפחה. איר זיידע איז געווען דער אַמאָליגער רב אין שטעטל און איר טאַטע האָט זיך אויך געקליבן צו ווערן רב, נור דערווייל איז ער געשטאָרבן.

נישט נור קריינדעלע׳ס משפחה, נור דאָס גאַנצע שטעטל האָט געפילט דאָס גרויסע אומגליק פון דער יתומה׳לע און יעדער האָט געהאַלטן סיי פאַר אַ מצוה און סיי פאַר אַ פליכט, צו העלפן זי האָדעווען.

די ערשטע פאַר טעג נאָך איר מאַמע׳ס טויט האָט דאָס גאַנצע שטעטל איבערגעלאָזט זייערע אויוונס, זייערע וועטשערע׳ס, זייערע קינדער אין די וויגן — און געלאָפן אַלע נאַנטשן קריינדעלע׳ן. איינע האָט איר געגעבן עסן, אַ צווייטע האָט זי געלייגט שלאָפן, אַ דריטע האָט זי אָפּגעבאָדן — און אַזוי איז קריינדעלע געווען אַלעמען׳ס יתומה׳לע.

אָט איז זי געווען אַ פאָר וואָכן ביי אַ מומע פון דער מאַמע׳ס צד און באַלד איז די מומע געוואָרן מיד און האָט קריינדעלע׳ן אַוועק־געשיקט צו אַ מומע פון טאַטן׳ס צד. און אָט זיינען אַלע מומעס געוואָרן מיד און האָבן אויף אַ ווילע אַוועקגעשיקט קריינדעלע׳ן צו אַ נאָנטער שכנה. זאָל יענע אויך האָבן אַ חלק מצוה, אַכטונג צו געבן אויף אַ יתומה.

אַזוי איז קריינדעלע אין איר האָדעוואַניע כסדר געוואָרן געטראָגן, גענומען און געפירט, פון מומע צו מומע און פון שכנה צו שכנה.

ווען קריינדעלע איז אַריין אין איר פינפטן יאָהר, האָט זי שוין אַליין געוואוסט, צו וועלכער מומע זי דאַרף קומען עסן וואַרימעס, צו וועלכער וועטשערע, צו וועלכער שכנה דאַרף זי גיין אויסוואַשן איר קעפּל און ביי וועלכער מומע עס איז די וואָך איר געלעגער צו שלאָפן.

די שכנים האָבן אפילו אַ פּאָר מאָל איבערגערעדט, אַז עס איז נישט קיין צו גוט לעבן פאַר דער יתומה׳לע, זיך אַרום צו וואָלגערן, וואו געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיגט. האָט אָבער יעדע פון קריינדעלע׳ס מומעס גע׳טענה׳ט, אַז זי איז פאַרוואָרפן מיט אירע אייגענע קינדער און האָט נישט קיין כח אַליין אין גאַנצן אַכטונג צו געבן אויף דער יתומה׳לע. אַ ביסל יאָ, אָבער נישט אין גאַנצן.

אַנדערע מומעס האָבן ווידער גע׳טענה׳ט, אַז קריינדעלע איז אַזאַ סאָרט קינד, וואָס וויל גאָר נישט זיין לאַנג אין איין היים, ביי איין מומע. זי וויל זיין ביי אַלעמען.

פרייטאָג נאַכט פלעגט קריינדעלע אַלע מאָל עסן וועטשערע ביי דער מומע באַשע, אַ מומע פון טאַטן׳ס צד. אין איינעם אַ פרייטאָג, וואָס איז געווען אַ פּאָר וואָכן פאַר פסח, איז קריינדעלע אויסגעפּוצט אין אַ „נייע״ קליידל, וואָס אַ שכנה האָט איר אוועק געגעבן פון יענער׳ס אויסגעוואַקסענער טעכטערל, געלאָפן מיט שמחה ווייזן דער מומען איר נייע קליידל מיט צוויי קעשענעס, וואָס איז קריינדעלע׳ן זעהר שטאַרק געפעלן.

אויך ביי דער מומע איז דער טאָג געווען אַ פריידיגער. פון איר זוהן, וואָס איז געווען אַזש אין אַמעריקע, איז איר אָנגעקומען אַ מתנה אויף פסח אַ גרין פּאַפּירל, וואָס האָט געהייסן פינף דאָלאַר און אין שטעטל איז עס געוואָרן צען רובל.

ווען קריינדעלע איז אַריינגעלאָפן אין איר מומע באַשע׳ס שטוב, האָט זי געטראָפן איר מומע שטאַרק פאַרטיפט אין איר תחינה. קריינ־דעלע האָט זיך אַ ווײַלע אַרומגעדרייט איבער דער מומע׳ס שטוב, מיט די הענטלעך אַרויסגעשטאַרצט פון ביידע קעשענקעס, געזען, אַז די מומע איז פאַרטיפט און קוקט זיך אויף איר נישט אום און דער פעטער נחמן איז נאָך נישטאָ פון׳ם בית־המדרש, איז זי דערווייל אַרויס אין גאַס, זוכן אַ חבר׳טעלע, צו ווייזן אירע קעשענעס. נישט געפונען אין דרויסן קיין חבר׳טעלע און דער׳זען אָנקומען דעם פעטער נחמן, איז קריינדעלע צוריק אַריין אין שטוב און ווידער געוואָלט אימיצן ווייזן אירע קעשענעס. געפּרופט אַ ציי טאָן די מומע ביים פאַרטוך, דעם פעטער ביי דער פּאָלע, אויסרופנדיג: „זעט, זעט מיינע קעשענעס!״ — אַלע שטוביגע זיינען אָבער געווען פאַרנומען מיט׳ן ריידן וועגן דעם זוהן׳ס מתנה פון אַמעריקע.

קריינדעלע האָט געזען, אַז קיינער קוקט זיך נישט אום אויף אירע קעשענעס, האָט זי שטיל אָפּגעגעסן איר וועטשערע און שטיל אומבאַמערקט אַוועק צו אַן אַנדערע מומע שלאָפן.

שבת אין דער פרי, ווען קריינדעלע האָט געהאַלטן אין אָנטאָן איר קליידעלע און געוואָלט אויף גיך ווייזן די צוויי קעשענעס צו דער מומע פריידע, ביי וועמען זי האָט געשלאָפן, האָט זיך אין דער מינוט אַ פּראַל אויף געגעבן די טיר און עס איז מיט רעש אַריין די מומע באַשע און גלייך גענומען טרייסלען און שאָקלען קריינדעלען, שרייענדיג נאָכאַנאַנד: „וואו, וואו האָסטו דאָס אַהין־געטאָן? גיב עס בעסער אָפּ, זאָג איך דיר, גיב עס אָפּ!״

— נאָ, וואַרף עס אַריין אָט דאָ אין פאַרטוך! — האָט די מומע אָנגעשטעלט איר פאַרטוך, ווייל מען טאָר אים שבת נישט אָנרירן קיין געלט.

באַלד האָט מען זיך אין דער גאַנצער שטעטל דערוואוסט, אַז ביי באַשע נחמן׳ס האָט מען אַוועק־גע׳גנב׳ט איר זוהן׳ס מתנה, דעם גרינעם אַמעריקאַנער פינפער — און קיין שום פרעמדער מענש איז אין שטוב נישט געווען, חוץ דער יתומה׳לע קריינדעלע.

אַ גאַנצן טאָג איז קריינדעלע׳ס משפחה צוזאַמען מיט׳ן גאַנצן שטעטל געגאַנגען אויף רעדלעך. יעדער באַזונדער און אַלע צוזאַמען האָבן גע׳טענה׳ט צו קריינדעלע׳ן, געזוכט און געמאָנט.

— וואו האָסטו אַהין געטאָן די פינף טאָלער, די צען רובל? וואָס האָסטו געטאָן מיט דעם? וואו האָסטו דאָס באַהאַלטן?

שלאָגן זי, האָט מען מורא געהאַט. זי איז אַ יתומה, אָבער זידלען און שרייען האָט מען נישט מורא געהאַט.

— וואָס שטייסטו ווי אַ גולם און ענפערסט נישט? — האָט געשריגן די מומע פריידע.

— איך וועל נישט שווייגן, איך וועל נישט לאָזן דיך אויסוואַקסן אַ גנב! ביזט מיין אייגענע יתומה, איך מוז אויף דיר אַכטונג געבן! גיב עס אָפּ, זאָג איך דיר! גיב עס אַהער! — האָט די מומע באַשע געגוואַלדעוועט, שטאַרק טרייסלענדיג קריינדעלע׳ן ביי אירע אַקסלען.

קריינדעלע איז געשטאַנען אַ צוטומלטע, נישט געוואוסט, וואָס זי האָט געגומען און וואָס זי דאַרף אָפּגעבן. זי האָט נישט געוואוסט, וואָס דאָס מיינט אַזוינס פינף טאָלער אָדער צען רובל. אַ קאָפּיקע, אַ גראָשן האָט זי געוואוסט, אָבער פינף טאָלער אָדער צען רובל האָט זי נישט פאַרשטאַנען. זי האָט אויך נישט פאַרשטאַנען וואָס עס באַטייט דאָס וואָרט „גנב", האָט זי דערפאַר געקוקט אויף יעדן מיט גרויסע צוטומלטע אויגלעך און נישט געוואוסט, צי זאָל זי זיך פרייען, וואָס אַלע קוקן זיך פּלוצלינג אַזוי שטאַרק אום אויף איר, אַלע ריידן צו איר און נישט צו אירע חבר׳טעלעך, אָדער זאָל זי זיך צעוויינען, וואָס אַלע טרייסלען זי און געוואַלדעווען אויף איר?

— לאָזט מיך צו איר ריידן, מיר וועט זי אויסזאָגן! — האָט זיך דורך׳ן עולם געשטופּט העגעך׳קע דער זייגער־מאַכער, וועמען אַלע אין שטעטל האָבן גערופן „דער אַפּיקורס", דערפאַר ווייל ער פלעגט לייענען גוי׳שע ביכלעך.

קריינדעלע האָט אַלע מאָל ליב געהאַט העגעך׳קען, ווייל ער איז געווען גוט צו איר, האָט איר אָפט אונטערגעשטופּט אַ גראָשן אָדער אַ קאָפּיקע אויף צוקערקעס.

העגעך׳קע האָט אַוועקגענומען קריינדעלע׳ן אָן דער זייט, זיך אַראָפּגעבויגן צו איר, אָבער אנשטאט זי עפּעס צו פרעגן, האָט ער אין איר אויערל אַריין־גע׳סוד׳ט:

— ניין, ניין, קריינדעלע, גיב עס טאָקע נישט אָפּ! — דיין מומע איז געגנוג רייך, באַהאַלט עס! ס'איז מעהר מצוה אָן דיר!

יאָ, אפילו דער קלוגער „אַפּיקורס" האָט אויך געגלויבט, אַז קריינדעלע האָט גע'גנב'ט! — האָט מיין באָבע אָפּגעזיפצט און ווייטער דערציילט:

— לאָזט מיך נור צו צו איר! — האָט געשריגן דער פעטער נחמן — ביי מיר וועט זי שוין ריידן! זאָג, קריינדל, איך פרעג דיך מיט גוטן, וואו האָסטו אַהין־געטאָן דאָס פינפערל? זאָג אויס אָדער איך וועל...

ער האָט איר דאָביי אַזאַ טרייסל געטאָן, אַז די יתומה'לע איז שיר נישט אומגעפאַלן און איז געוואָרן בלאַס פאַר שרעק פאַר'ן פעטער'ס ווילדן פּנים.

— שרעק דיך נישט, מען וועט דיך נישט שלאָגן, דו ביזט אַ יתומה! — האָט צו איר געזאָגט די מומע פרומקע — זאָג נור אויס דעם אמת, דו ביזט דאָך נעכטן געווען ביי דער מומע באַשע, האָסטו עס נעכטן געזען?

דאָס וואָרט „געזען" האָט קריינדעלע יאָ פאַרשטאַנען. זי האָט אויגעלעך, זעט זי. אודאי זעט זי מיט אירע אויגעלעך הייגט און זי האָט אויך געזען נעכטן. זי האָט זיך דערפרייט, וואָס ענדליך פאַר־שטייט זי, וואָס מען וויל פון איר און אָנרירנדיג מיט אַ פינגערל אירע אויגעלעך, האָט זי גענומען שאָקלען מיט'ן קעפּל אויף „יאָ".

— יאָ, יאָ! זאָגט זי. זי זאָגט אויס, זי זאָגט אויס! — איז דורכ־געגאַנגען אַ ריידעריי פון מויל צו מויל.

ווען קריינדעלע האָט דערזען, אַז אַלע פרייען זיך, וואָס זי האָט אויגעלעך און זי זעט, האָט זי זיך אויך דערפרייט — און מיט שטאָלץ אַריינגטועגדיג אירע הענטלעך אין אירע צוויי קעשענעס, אַז די אַלע אָנגעלאָפענע חבר'טעלעך זאָלן דאָס זען, האָט זי מיט פרייד אויס־געריפן:

— יאָ־יאָ, איך האָב געזען, יאָ!

— טאָ גיב עס שוין אַהער! — האָט ווידער אָנגעשטעלט דעם פאַרטוך די מומע באַשע — נו גיך, גיך, וואַרף עס אריין אַהער! וואַרף אַריין!

און ווידער האָט קריינדעלע אויסגעגלאָצט די אויגלעך און האָט נישט געוואוסט וואָס זי דאַרף אַריינוואַרפן.

דעם פעטער נחמן'ס בליק איז פּלוצלינג געפאַלן אויף אירע קעשענעס.

— אָ, וואָס מאַכט מען מיט איר אַזוי פיל צערעמאָניעס? — האָט ער זיך צושריגן אויפ׳ן קול — יתומה אָדער נישט־יתומה, אַ גנב איז אַ גנב! אָ, דאָרט האַלט זי דאָס מסתמא ערגיץ באַהאַלטן, דאָרט אין אירע קעשענעס! — און מיט אַ ווילדער רציחה האָט ער גענומען רייסן קריינדעלע׳ס הענטלעך פון אירע קעשענעס, ביז ער האָט די קעשענעס אין גאַנצן אָפּגעריסן.

קריינדעלע האָט נישט געהאַט צו וועמען צו וויינען, ביי וועמען עפּעס צו מאָנען, האָט זי דערפאַר כמעט קיינמאָל נישט געוויינט. אָבער היינט פון די אַלע גוואַלטן אויף איר, פון דעם צופּן און טרייסלען זי און צום סוף דערזען אירע אָפּגעריסענע קעשענעס, האָט זי שוין מעהר נישט געקענט אויסהאַלטן און האָט זיך צוכליפּעט אויפ׳ן קול.

דערזען די יתומה׳לע וויינען, האָט מען זיך דערשראָקן פאַר אירע טויטע טאַטע־מאַמע און מען האָט זי מעהר נישט געטשעפּעט. אָבער פון יענער מינוט אָן איז קריינדעלע געוואָרן אַן איבעריגע ביי איר משפחה און אויך ביי דער גאַנצער שטעטל. די שכנים האָבן אָנגעזאָגט די קינדער, צו באַהאַלטן פון איר זייערע שפּילצייגן, אָדער זיך אין גאַנצן מיט איר נישט שפּילן.

די משפחה האָט מיט ברוגז׳ע פּנימ׳ר איר אונטערגעוואָרפן דאָס ביסל עסן און כסדר זי געשיקט פון איינעם צום אַנדערן שלאָפן.

— אך, אך! — האָט מיין באָבע ווידער שטאַרק אָפּגעזיפצט און זיך אָוועקגעלאָזן אין אַ פילאָזאָפיע — פאַר־וואָס האָבן מיר מענשן אַזוי ליב, צו גלויבן שלעכטס איינער אויפ׳ן אַנדערן? מעג עס זיין אויפ׳ן רב, מעג עס זיין אויפ׳ן גלח, להבדיל, און מעג עס זיין אפילו אויף אַ קליין קינד, אַבי נור שלעכטס, אַבי נור „שושקענעס״, כאַפּט מען דאָס באַלד אויף ווי די טייערסטע מתנה און עס ווערט צובלאָזן ווי אַ וואַלד־פייער. און קיינעם, קיינעם פאַלט גאָר נישט איין, אַז אפשר איז די גאַנצע מעשה נישט אמת, אפשר איז דאָס אַ טעות אָדער אַ בלבול? ניין! עס וויל זיך בעסער גלויבן, עס וויל זיך שושקענען און אַלע, אַלע אַזוי, סיי די גוטע פרומע לייט אין קליינעם שטעטעלע און סיי די גרויסע און קלוגע אין די גרויסע שטעט.

— אָבער באָבעניו! — האָב איך געבעטן מיט נייגיריגקייט — מיר וועלן שוין די וועלט נישט איבערמאַכן, דערציייל מיר בעסער דעם סוף מיט דער יתומה קריינדעלע.

— דער סוף מיט קריינדעלע׳ן — האָט זיך מיין באָבע האַרציג צושמייכלט — איז געווען זעהר אַ טשיקאַווער. די קליינע קריינדעלע האָט איבערגעשראָקן דאָס גאַנצע שטעטל.

— וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט? — בין איך געוואָרן אַלץ מער נייגעריג.

— אָט וואָס — האָט מיין באָבע ווידער אָנגעהויבן — די יתומה׳לע האָט נעביך נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך אַרום איר, אָבער איין זאַך האָט זי יאָ פאַרשטאַנען, אירע חבר׳טעלעך ווילן זיך מיט איר נישט שפּילן. איר הערצעלע האָט זי געקלעמט, האָט זי זיך שטיל פאַררוקט אין אַ ווינקל און געלעגן דאָרט איינגענורעט אויף איר געלעגער. קיינער האָט נישט באַמערקט, צי זי שפּילט זיך, צי זי עסט אָדער זי שלאָפט. קיינער האָט זיך אויף איר נישט אומגעקוקט און פאַר איר זיך נישט אָנגענומען. אַזוי איז אַוועק איין טאָג, נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, ביז עס איז געקומען פרייטאָג און עס האָט זיך פאַר דער יתומה׳לעס קריוודע אָנגענומען די „תחינה״.

— די וואָס? — האָב איך איבערראַשט איבערגעפרעגט.

— די „תחינה״, די מומע באַשע׳ס תחינה! — האָט מיין באָבע שטאַרקער באַטאָנט.

און דערזעענדיג מיין פאַרוואונדערט פּנים, האָט זי אָנגעהויבן דערציילן זעהר פּאַדראָבנע. די מעשה איז געווען אַזוי: ווען עס איז אָנגעקומען פרייטאָג פאַר ליכט־בענשן, איז קריינדעלע׳ס מומע באַשע, אַזוי ווי אַלע פרייטאָג, אַרויפגעקראָכן אויף אַ שטול, אויס־געצויגן איר דאַרע האַנט הויך צו איר אַלמער, האָט פון דאָרטן אַרונטערגענומען איר תחינה און זיך אַוועקגעזעצט מיט דעם ביים טיש, געוואָלט פאַר דער תחינה אויסדערציילן איר ביטער האַרץ, ווי איר שלעכטע קרובה, די יתומה קריינדעלע, האָט ביי איר צוגע׳גנב׳ט...

אָבער ווי די מומע באַשע האָט נור אַן עפן געטאָן די תחינה, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַזאַ געשריי, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז זיך צוזאַמנ־געלאָפן.

די מומע האָט אין דער תחינה דערזען ליגן אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג און ברייט דעם שיינעם אַמעריקאַנער פינפערל. דאָס גרינע פּאַפּירל איז געלעגן פונקט אויף דעמזעלבן תחינה־בלעטל, וואָס די מומע באַשע האָט עס דעם פריערדיגען פרייטאָג אַליין אַוועקגעלייגט.

נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעמינטערט די מומע באַשע, איז מען געגאַנגען זען קריינדעלע׳ן און ערשט דעמאָלט האָט מען זיך געכאַפּט, אַז די יתומה׳לע איז געוואָרן שטאַרק קראַנק.

דאָס גאַנצע שטעטל האָט איבער אַ נייעס גענומען לויפן אויף רעדלעך. מען האָט געבראַכט דעם רופא, געשטעלט קריינדעלע׳ן באַנקעס, איין שכנה האָט איר געבראַכט פרישינקע מילך, אַ צווייטע

האָט געבראַכט אייערלעך, די מומע באַשע האָט אין מיטן וואָך געקוילעט צוליב דער יתומה אַ קורטשענטקעלע, דער שוחט האָט נישט געוואָלט נעמען פאַר דער שחיטה. יעדער האָט געוואָלט עפּעס טאָן פאַר דער יתומה׳לע, ביז קריינדעלע איז דאַנקן גאָט געזונט געוואָרן און דאַמאָלס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די ריכטיגע צרה.

— וואָס נאָך האָט געטראָפן? — האָב איך געפרעגט אין שרעק פאַר דער יתומה.

און מיין באָבע האָט פאַרטגעזעצט:

— אַזוי גיך ווי קריינדעלע איז נור געוואָרן בעסער, איז די מומע באַשע באַלד געקומען צו לויפן, בעטן די יתומה׳לע זי זאָל איר מוחל זיין איר ביטערן טעות. אָבער פונקט ווי קריינדעלע האָט פריער נישט געוואוסט, וואָס עס איז אַזוינס אַ פינפערל אָדער גנבה, האָט זי איצט נישט געוואוסט, וואָס איז אַזוינס „מוחל״.

„זאָג, קריינדעלע, אַז דו ביזט מיר מוחל! — האָט זיך געבעטן די מומע — זאָג יאָ, יאָ!״...

ביים וואָרט „יאָ״ איז קריינדעלע געוואָרן אַ פאַרציטערטע. זי האָט גאַנץ גוט געדענקט, אַז ווען מען האָט זי געפרעגט, צי זי האָט נעכטן געזען און זי האָט נור אַ שאָקל געטאָן מיט׳ן קעפּל אויף יאָ, האָט מען אויף איר געשריגן, געגוואַלדעוועט, אָפּגעריסן אירע קע־שנקעס, די חבר׳טעלעך האָבן זיך נישט געוואָלט מיט איר מער שפּילן. האָט קריינדעלע דערפאַר איצט געציטערט אַרויס צו זאָגן דאָס וואָרט „יאָ״ — און וואָס מער די מומע באַשע האָט זיך געבעטן: „קריינדעלע, זאָג, דו ביזט מוחל, זאָג יאָ, יאָ!״ אַלץ מעהר האָט קריינדעלע געשאָקלט מיט׳ן קעפּל אויף „ניין״.

אויף דער מומע באַשע און דאָס גאַנצע שטעטל האָט געגומען ווירקן, אַז די יתומה׳לע וויל נישט מוחל זיין, האָט יעדע גענומען לויפן צו איר, זי פּרובירט אונטערקויפן מיט אַלערליי מתנות, זיך געבעטן: „קריינדעלע, טייערינקע, ליבינקע! זאָג, אַז דו ביזט אונז מוחל! זאָג „יאָ, יאָ!״ — אָבער קריינדעלע האָט כסדר אויף יעדן „יאָ״ געשריען „ניין!״

מען האָט זיך מיט אַמאָל געכאַפּט, אַז קריינדעלע קען גאָר נישט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט „יאָ״. מען האָט גענומען אויספּרוואוון אויף איר אַלע מיטלען. מען האָט זי געפרעגט: „ווילסט עסן, שלאָפן? צוקער־קעס?״ אויף אַלעס האָט זי געשוויגן אָדער געשריען „ניין!״.

איין מומע האָט געבראַכט לעקאַך, וויסענדיג, אַז קריינדעלע האָט דאָס ליב און זיך געבעטן: קריינדעלע זאָג אַרויס דאָס וואָרט „יאָ״,

דו ווילסט דאָס? יאָ? אַז נישט גיב איך דאָס אַוועק דיין חבר׳טע רייזקע, ווייל זי קען יאָ זאָגן „יאָ!“

רייזקע האָט געשריגן: „איך וויל עס, יאָ יאָ, יאָ!“

מען האָט עס אַוועקגעגעבן רייזקן. קריינדעלע האָט נור אומעטיג געקוקט און געשוויגן.

אַן אַנדערע מומע האָט געבראַכט קאָנפעקטן, געוויקלט אין אַלערליי פאַרביגע פאַפּירעלעך און זיך געבעטן: „קריינדעלע, זאָג יאָ! אַז נישט גיב איך דאָס אַוועק צו דיין חבר׳טע חנה׳לע, ווייל חנה׳לע קען זאָגן יאָ!“...

חנה׳לע האָט געשריגן „יאָ“ און באַקומען די קאָנפעקטן.

קריינדעלע איז מיט פאַרדרוס אַרויסגעלאָפן פון שטוב, אָהן קאָנ־פעקטן און אָן אַ „יאָ“.

אַן אַנדערן טאָג האָט אַ שכנה געוואָלט זיין אַ בריה און געגעבן קריינדעלע׳ן אַ מוציא ברויט מיט שמאַלץ, אַ מאַכל, וואָס קריינדעלע האָט זעהר ליב געהאַט, און זי פלוצלינג אַ פרעג געטאָן:

— קענסט מאַכן אַ „המוציא“, קריינדעלע?

אַלע אַרומיגע האָבן זיך דערפרייט. אָט־אָט קריגט מען פון איר אַרויס דעם „יאָ!“ ווייל אַלע האָבן געוואוסט, אַז זי קען. מען האָט געקוקט אויף אירע ליפּעלעך און געוואַרט געשפּאַנט.

קריינדעלע האָט אַלעמען אָנגעקוקט און שטיל געענטפערט:

— אודאי קען איך מאַכן „המוציא“!

און זי האָט טאַקע אויף׳ן אָרט געמאַכט די „המוציא“ און גלייך אַריינגעביסן די ציינדלעך אין דעם ברויט מיט שמאַלץ — און אַלץ אָהן אַ „יאָ!“

קריינדעלע׳ס משפּחה צוזאַמען מיט דער גאַנצער שטעטל זיינען אַרומגעגאַנגען ווי אָן קעפּ. מען האָט גענומען גלויבן באמונה שלמה, אַז דאָס זיינען קריינדעלע׳ס טאַטע־מאַמע, וואָס ווילן נישט מוחל זיין, אַז אימיצנס פון זייערע נשמות זיינען אַריין אין קריינדעלע׳ן, זיך דאָרט באַזעצט ווי אַ דיבוק — און עס איז נור דער „דיבוק“, וואָס שרייט עס כסדר אַזוי פון איר דעם „ניין און ניין“, ס׳איז נור דער „דיבוק“, וואָס וויל פאַר קיין פאַל נישט אַרויסריידן דאָס וואָרט „יאָ“.

און עס איז דאָס שטעטל באַפאַלן אַן אימה און פּחד. מאַנסבילן ביי זייער דאַוונען, ווייבער ביי זייערע תחינות האָבן נאָכאַנאַנד גאָט געבעטן, ער זאָל פון דער יתומה׳לע אַרויסנעמען דעם „דיבוק“.

מען איז געלאָפן צום רב פון׳ם שטעטל, געבעטן, ער זאָל זיך אַריינמישן. האָט זיך דאָן דער רב גענומען צו קריינדעלע׳ן מיט גוטן

און מיט בייזן, געוואָלט פון איר אַרויסיאָגן דעם דיבוק, אַרויסבאַקומען דאָס וואָרט „יאָ". אָבער אויך דער רב האָט גאָר נישט געקענט מאַכן. קריינדעלע האָט אַלץ געשאָקלט אַהין און צוריק מיט׳ן קעפּל און אויף יעדן זאָג „יאָ" געשריען „ניין און ניין!"

דער רב האָט דאַן געהייסן, מען זאָל מעסטן פעלד און גיבן ליכט אין די בתי־מדרשים פאַר די נשמות פון קריינדעלע׳ס טאַטע־מאַמע, זיידעס־באָבעס.

איז באַלד אין די בתי־מדרשים געוואָרן פּשוטע אילומינאַציעס. מען האָט געטראָגן ליכט נאָך ליכט און ביי יעדן ליכט זיך געבעטן: „קריינדעלע, טרייב אַרויס דעם דיבוק פון זיך און זאָג שוין אַמאָל יאָ! זאָג יאָ, יאָ!"

אָבער דאָס קליינע „דיבוק׳ל" האָט אַלץ געשריגן: „ניין, ניין און נאָך אַמאָל ניין!"

ווען מען האָט דערזען, אַז די ליכט העלפן נישט, האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן צו די קברים פון קריינדעלע׳ס טאַטע־מאַמע. און אויף׳ן בית־עולם איז געוואָרן אַן אמת׳ר „יריד". קינד און קייט איז דאָרט געווען, געוויינט, געקלאָגט און געבעטן „מחילה", אָבער דאָס „דיבוק׳ל" האָט זיי געהערט ווי דעם פאַר־אַ־יאָריגן שניי. זי האָט אַלץ אויף יעדן „יאָ", געשריגן „ניין און ניין!"

— איי, איי! — האָט מיין באָבע ווידער אָנגעהויבן — איי, איי, האָט דאָס „דיבוק׳ל" דעמאָלט אַלעמען אָנגעשראָקן, אַז מענשן וואָלטן אפשר פון דעמאָלט אָן אויפהערן אַזוי גיך און אַזוי גרינג גלויבן איינער אויף׳ן אַנדערן שלעכטס און שושקענעס. וואָס טוט אָבער גאָט? מאַכט ער, אַז די שכנה, וואָס האָט געגעבן קריינדעלע׳ן דאָס קליידעלע, זאָל פּלוצלינג באַמערקן, ווי די יתומה׳לע קוקט אומעטיג אויף אירע אָפּ־געריסענע קעשנקעס, און האַלטנדיג פונקט דעמאָלט אַ נאָדל־פאָדים, האָט די שכנה אויף דער מינוט גאָר נישט מיינענדיג, זי אַ פרעג געטאָן:

„קריינדעלע, ווילסט איך זאָל דיר אַרויפנייהען נייע קעשנקעס?"

— יאָ־יאָ! איך וויל, איך וויל! — איז קריינדעלע פון שמחה אַזש אונטערגעשפּרונגען, שרייענדיג נאָכאַנאַנד „יאָ, יאָ!"

און פון דעמאָלט אָן זאָגט שוין קריינדעלע „יאָ!"

# הרטה

◇

## אַ סצענקע

צעני און פּעני זיינען געווען לאַנגיאָריגע חבר׳טעס, ווען זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט, זיינען זיי ביידע געווען 18־יאָריגע, איינע אַ בלאָנדע, די צווייטע אַ ברונעטקע. צוזאַמען האָבן זיי אָפט געאַרבייט, צוזאַמען פילע מאָל אין איין דירה געוואוינט און צוזאַמען פון „הייליגער ליבע״ גע׳חלומ׳ט.

ווינטערן און זומערן זיינען געגאַנגען און געקומען און האָבן די צוויי חבר׳טעס ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו צושיידן, אַמאָל אויף חדשים און אַמאָל אויף יאָרן. אָט האָט אַ ווינטער פּעני׳ן אַריינגעפירט אין נייע באַקאַנטשאַפטן, אַ נייעם קרייז פריינד און נייע חלומות — און אָט האָט אַ זומער דאָסזעלבע געטאָן צו עני.

פון אָנפאַנג פלעגט טרעפן, אַז נאָך אַ לאַנגן נישט־זען זיך האָבן די חבר׳טעס זיך שטאַרק פאַרבענקט איינע נאָך דער אַנדערער, איבערהויפּט דאַמאָלס ווען עס האָט זיך ביי זיי אָנגעקליבן נייע פּעק איבערלעבונגען, אַ סך פריידיגע און גאָר אַ סך אַנטטוישונגען. האָבן זיך דאַן ביידע אויפגעזוכט און נאָך פילע שטונדן פון אַראָפּריידן זיך פון די הערצער, האָט מען ווי שוין פיל מאָל פריער זיך צוגעזאָגט, אַז פון היינט אָן זאָל מען זיך שוין זען וואָס אָפטער — און באַלד נאָך דעם האָט זיך יעדע פון זיי ווידער אַוועקגעדרייט מיט׳ן ראָד פונ׳ם אייגענעם לעבן, ווידער זיך פאַרגעסנדיק איינע אָן דער אַנדערער.

מיט דער צייט האָבן זיי זיך אָנגעהויבן טרעפן נאָר ביי געלעגנ־הייטן. אַמאָל האָט זיי אַ קאַלטע נאַכט צוזאַמענגעבראַכט צו אַ קאָנצערט, צו אַ לעקטשור אָדער צו אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. אַן אַנדער מאָל האָט

זיי אַ הייסע זומער־וואָך צוזאַמענגעבראַכט צו אַ ברעג־ים אָדער צו אַ קאַונטרי־האָטעל.

דאָס מאָל האָבן זיך די צוויי חבר׳טעס באַגעגנט ווידער נאָך אַ לאַנג־לאַנגער צייט פון זיין צושיידט. און כאָטש זיי האָבן זיך ביידע געדענקט, אַלס איינע אַ בלאָנדינקע, די צווייטע אַ ברונעטע, האָבן זיי ביי זייער איצטיגער באַגעגעניש אין די מאָונטיינס זיך ביידע דערזען אין איין קאָליר האָר, טונקלרויטע. די גלאַנציגע רויטקייט האָט איצט צוגעדעקט די פאַסן גרויקייט, וואָס עס האָט צו זיי מיטגעבראַכט זייערע יאָרן פון איבער די פערציג.

ענני איז שוין אין דעם קאַנטרי־האָטעל געווען צוויי טעג, ווען פעני איז אַהין אָנגעקומען. ביידע חבר׳טעס האָבן זיך דערזען מיט אַ פריידיגן אויסרוף:

— פעני, ענני, וואָס מאַכסטו? ווי קומסטו דאָ אַהער?

דער האָטעל־גלאָק האָט באַלד גערופן צום עסן. ענני האָט געבעטן, מען זאָל איר פריינדין זעצן ביי איר טיש. ביים עסן האָט איינע די צווייטע אויסגעפרעגט וועגן די פאַסירונגען פון זייער לעצטע נישט־געזעענע יאָרן.

צו פיל האָבן זיי זיך נישט געהאַט צו דערציילן, ווייל ביידע האָבן גוט געוואוסט איינע דער צווייטער׳ס לעבן, וועלכעס איז געווען זער ענליך צו איר אייגן לעבן.

פון זייערע גרויסע חלומות און הויכע שטרעבונגען האָט זיך ביי ביידן אויסגעלאָזן פאַרשפּעטיגטע חתונות. ענני האָט נאָך אויספּיעט צו האָבן צוויי קינדער, אָבער פעני האָט נישט געהאַט קיין קינדער. ביידנס מענער זיינען געווען נישט אָרים און נישט רייך. צו שיקן זייערע ווייבער אויף אַ פּאָר וואָכן אין קאַונטרי, איז ביי ביידן געווען אַ מין טראַדיציע. זיי האָבן געוואָלט פילן, אַז זיי האַלטן אויך אויס די מאָדע גלייך מיט אַלע אַנדערע מענער, וועמעס ווייבער עס זיינען אין דער קאַנטרי.

שפּעטליך האָבן חתונה געהאַט די צוויי חבר׳טעס, אָבער נאָך מער פאַרשפּעטיגטע זיינען געווען זייערע מענער. עני׳ס מאַן האָט באַשלאָסן חתונה צו האָבן ערשט דאַמאָלס ווען ער איז שוין געווען אַן אויסגעמוטשעטער אַלטער בחור און געוונען שטאַרק ליידן אויף׳ן מאָגן פון די שלעכטע רעסטאָראַנט־סאָפּערס — און פעני׳ס מאַן האָט באַשלאָסן נאָך אַמאָל חתונה האָבן, נאָכדעם ווי ער איז שוין פילע יאָרן געווען אַן אַלמן און האָט מורא געהאַט, צו דאַרפן בלייבן אויף דער עלטער ביי קינדער.

עני׳ס גוטע סאָפּערס האָבן דעם מאַנ׳ס מאָגן אַ ביסל אויס־

געהיילט, אָבער קיין צו געזונטער מענש איז ער שוין נישט געווען. ער איז אַלעמאָל געווען קרענקליך און קאַפּריזנע. זיין ראָמאַנטישקייט און זיין פאַרליבטקייט האָט ער אַמאָל אָוועקגעגעבן צו יענעם'ס ווייבער. איצט פאַר זיין אייגענעם ווייב האָט ער גאָר פאַרמאָגט פריינדשאַפט...

פעני'ס אינגערקייט קעגן איר מאַן האָט דעם מאַן נאָר אויף אַ ווילע אויפגעלעבט, אָבער מיט'ן גאַנג פון דער צייט האָט ער זיך אונטערגעגעבן צו זיינע אמת'ע יאָרן און איז וואָס אַ טאָג געוואָרן שוואַכער און עלטער. צו זיין ראָמאַנטיש און פאַרליבט, האָט שוין גאָר נישט געפּאַסט צו זיינע יאָרן.

דער האָטעל אין די מאָונטיינס, וואו עני און פעני האָבן זיך איצט צוזאַמענגעטראָפן, איז געווען אַרומגערינגלט פון בערג, טאָלן, בוימער, טייכן און פילפאַרביג שמעקעדיגע בלומען. עס האָט דאָרט געשוויבלט און געגריבלט מיט לעבן, פריילעכקייט און „פאַר'סוד'עטע ליבעס". כמעט אַלע, וואָס זיינען אַהינגעקומען, האָבן געזוכט צו לאָזן זייערע זאָרגן מיט זייער וואָכעדיגקייט ווייט הינטער זיך דאָרט אין זייער היים. דאָ איז מען געקומען זיך אָנשעפּען מיט נייע כחות און זיך פילן יום־טוב'דיג.

די פרישע שמעקעדיגע לופט, די לאַשטשענדע זון און די גרין־וויגנדיגע צווייגן, וואָס טונקען זיך ביי טאָג אין זונען־גאָלד און ביי נאַכט אין לבנה־בלויקייט, כאַפּן דאָ באַלד אַרום די מענשליכע חושים און ווערן אין זיי אַריין אַ בענקנדיגן יום־טוב.

אלפאַרביגע קליידער און האַלב־נאַקעטע לייבער פאַרמעסטן זיך דאָ מיט נאַטור'ס פּאַנאָראַמע און עס גיסט זיך צוזאַמען מענש מיט נאַטור. יונגוואַרג פּאַגנט אַן אין שוים פון נאַטור עלטער צו ווערן — און עלטערע מיט דער הילף פון נאַטור'ס אוצרות דערפילן אין זיך נייע כחות. די שטראַלן פון דער זון און די בלויקייט פון דער לבנה רעפלעקטירן פאַר זיי פונקן פון זייער אַמאָליגער יוגנט און אין יעדן'ס האַרץ צועפּנט זיך באַלד אַ טירעלע פון בענקשאַפט נאָך לעבן און ליבע.

גאָר אַ סך פון די געסט קומען אין דער קאַנטרי נישט נאָר צוליב רו און לופט, נאָר אויך צו געפינען „תכלית און צוקונפט". עס קומען אלמנ'ס און גע'גט'ע, צו זוכן באַלעבאָסטעס פאַר זייערע היימען. עס קומען פאַרזעסענע מיידלעך, צו געפינען נאָך אפשר אַ „באַשערטן". עס קומען גע'גט'ע ווייבלעך צו זוכן צוקונפטן — און גאָר אַ סך קומען יעדן זומער מיט דעם איינעם געדאַנק, צו געפינען אַ „באַנייטן פרילינג"...

און נאָך אַ פּאָר טאָג פון די מענשן'ס פאַרברענגען אין נאַטור'ס אָרעמס, הויבן באַלד אָן אַלטע בוימער אָיינצוזאַפּן אין זיך נייע סודות

און די יונגע צווייגעלעך פאַנגען אָן ווירבלען מיט אַ פריידיגער הו־
זשעריי, ווי זיי וואָלטן זיך מיטפרייען מיט די גליקליכע מענשענקינ־
דער, וועמעס סודות זיי באַהאַלטן אין זייער געדיכטקייט.

אַנדערע צווייגלעך שאָקלען זיך אַהין און צוריק ווי אין אַ
„שמונה־עשרה". זייערע גרינע בלעטלעך זיינען פאַרצויגן מיט אַ
ריין־זילבערנעם אומעט, וואָס קומט פון אַ פאַרגאָסענער טרער פון
אויגן, וואָס בענקען נאָך סודות.

אין אָט דעם פאַר׳כישופטן קאַראַהאַד האָבן זיך איצט גע׳כישופ׳ט
די צוויי חבר׳טעס עני און פעני. אָט האָבן זיך ביידע אַרויסגעלאָזן
פון זייערע צימערן אין אַלערליי פאַרביגע קליידלעך, וואָס האָבן זיך
פאַרמאָסטן געגן די קאָלירן פון די פריש־שמעקעדיגע בלומען — און
אָט זיינען זיי אַרויסגעקומען באַגעגענען די זון מיט האַלב־נאַקעטע
אָרעמס, פלייצעס און קני.

עטליכע טאָג האָבן די חבר׳טעס ליגנדיג אין די הויכע גראָזן,
כסדר געהאַלטן אין איין דערמאָנען איינע דער צווייטער וועגן זייערע
אַמאָליגע באַקאַנטשאַפטן, וועגן די אַמאָליגע שיינע חלומות און גרויסע
שטרעבונגען — און פאַרענדיגט האָבן זיך אַלע דערמאָנונגען פון
דעם האָפנונגספולן אַמאָל מיט היינטיגע אומאינטערעסאַנטע בריוולעך
פון דער איינטאָניג וואָכעדיגער היים.

באַלד האָבן אָבער די גרינע בערג געבראַכט פאַר די חבר׳טעס
אַנדערע סאָרטן טעג, טעג וואָס די לאָקענדע נאַטור האָט זיי אַריינ־
געוואָרפן אין אַן אומעט, אין אַ נאָגענדער בענקשאַפט נאָך עפּיס
אומבאַוואוסטעס, נאָך עפּיס סודות׳דיגס. און צוזאַמענגעפּירט האָט זיי
זייער אומעט מיט נאָך אַנדערע בענקענדע, וואָס האָבן פונקט ווי זיי
מיט קנאה זיך געשושקעט וועגן יענע פאַרברעכערישע געסט, וואָס
ווערן פאַרפאַלן אונטער די געדיכטע צווייגן.

אָט איז עני געקומען צו לויפן צו פעני׳ן מיט אַ קנאה׳דיגן סוד
וועגן יענער מיידל, וואָס איז אויף אַ גאַנצן טאָג ערגיץ אין אַ וואַלד
פאַרפאַלן געוואָרן מיט׳ן נייעם שיינעם גאַסט — און אָט איז פעני
געשטאַנען לעבן אַ גרופּע אַזוי ווי זי בענקענדע ווייבלעך און זיך צוגע־
הערט צו זייער וויספּערן וועגן יענער ווייבל, וואָס זינט עס איז געקומען
דער שלאַנקער מר. סענדערס, פאַרגעסט זי גאַנצענע נעכט, צו פאַר־
ריגלען די טיר פון איר צימער...

און אין בייטאָגיגע וויספּערן און נאַכטיגע זיפצן, וואָס האָבן
זיך צוזאַמענגעמישט מיט „דזשין ראָמיס", זיינען אַוועק די ערשטע
צוויי וואָכן קאַנטרי ביי די צוויי לאַנגיאָריגע חבר׳טעס.

אויף דער דריטער וואָך פון זייער וואַקאַציע אין אַ ווינטלדיגן

פאַר־נאַכט האָבן זיך אויף׳ן גרינעם גראָז אין באַקוועמע וויג־שטולן נאכלעסיג געשאָקלט די צוויי חבר׳טעס, יעדע פאַרטיפט אין אירע אייגענע געדאַנקען. ענדליך האָט עני איבערגעריסן די שטילקייט מיט די ווערטער: „עפּעס בין איך היינט פויל אַפילו צוצוקעמען מיין קאָפּ!״

— און איך בין היינט פויל אפילו אַ קוק צו טאָן אין שפּיגל! —

האָט אָפּגעענטפערט פעני און באַלד צוגעגעבן מיט אַ געניצדיגן זיפץ: — עך, צו וואָס איז סיי־ווי נויטיג דאָס פּוצן זיך? וואָס איז, אַזוי בין איך נישט גוט גענוג פאַר מיין מאַן?...

— פאַר מיינעם איז אויך גענוג, ווי איך בין! — האָט צוגע־זיפצט עני, אַרומקאַפּנדיג דאַביי מיט איר בליק אַ פּאַרל, וואָס איז געזעסן פאַר׳סוד׳עט אונטער אַ געדיכטן בוים און צו־ווינקענדיג צו פעני׳ן האָט זי גענומען וויספּערן: — און צו עפּעס אַנדערש, צו אַזעלכעס ווי דאָרט, טויגן מיר ד׳אָך ביידע נישט!...

— ניין! צו דעם טויגן מיר נישט!

ביידע האָבן אָפּגעזיפצט און פאַרקוקנדיג זיך צום וויטן האָרי־זאָנט, האָט זיך יעדע פון זיי אומעטיג פאַרטראַכט.

ביים אַריינפאַר צום האָטעל האָט זיך מיט אַ גערויש אָפּגעשטעלט דעם האָטעל׳ס סטיישאָן־וואָגען, וואָס האָט פון דער טריין געבראַכט אַ פּאָר צענדלינג נייע געסט. צוליב דעם וואָס עס איז שוין געווען די וואָך פון „לייבאָר דעי״, זיינען די נייע אָנקומענדע געסט געווען מערסטנס מענער.

די ווייבלעך און מיידלעך, וואָס האָבן אַרומגעפּלאַטערט אין און אַרום האָטעל, דערהערנדיג דאָס אָנקומען פון די נייע געסט, האָבן זיך אויף שנעל געכאַפּט צו זייערע ליפּסטיקס.

עני און פעני, וועלכע זיינען געזעסן מיט פאַרגלייזטע אויגן און געקוקט אין דער ווייטקייט, האָבן ביידע געטראַכט פון איינער און דערזעלבער זאַך, אַז אָט קומט שוין די לעצטע וואָך קאַנטרי און וואָס האָט די קאַנטרי געבראַכט? מיט פוסטקייט איז מען געקומען אַהער און צו פוסטקייט פאָרט מען צוריק — און אַלץ דערפאַר ווייל מען קען נישט זיין ווי יענע דאָרט אונטער׳ן בוים, אַלץ דערפאַר ווייל מען איז פיין און ערליך און מען קען בשום אופן נישט זיין ווי פילע אַנדערע פרויען...

דער גערויש פון די אָנקומענדע דרייענדע רעדער האָט איבער־געריסן זייערע געדאַנקען. נאָך דעם גערויש פון די רעדער איז צו זייערע אויערן צוגעקומען דער קלאַנג פון געזונטע פרייליכע מענער־שטימען. ביידע חבר׳טעס האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן צו זייערע שפּיגלעך. פּאָודער און ליפּסטיק.

צו ענני׳ס און פעני׳ס טיש האָט דער העד־וועיטער צום סאָפּער צוגעפירט צוויי נייע געסט, וועלכע האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַלס מילטאָן שוואַרצבערג און בעני זיידען. ביידע מענער זיינען געווען אין די מיטעלע דרייסיגער, שלאַנקע, העלדיש געבויעט. בעני האָט פאַרמאָגט אַ קאָפּ געדיכטע שוואַרצע קרויזן. אײן לאָק פון זיינע קרויזן פלעגט זיך אַלע ווײלע אַראָפּקייקלען צו זיין רעכטער אויג. זיינע ברענענדע שוואַרצע אויגן זיינען געווען פון די וואָס האָבן כסדר אַרומגעזוכט נייע ווינטלעך, וואָס זאָל אויף אַ ווײלע געבן אַ ווײי און באַלד זיך צוריק אָװעקבלאָזן. איצט האָט זיך זיין זוכנדער בליק אָפּגעשטעלט אויף זיין שכנה ענני, ווען עס האָבן אויפגעפלאַמט געגן דעם ברען פון זיין שוואַרצאָפּל.

מילטאָן דאגעגן האָט פאַרמאָגט בלויע פאַר׳חלומ׳טע אויגן און פולע שמייכלענדע ליפּן, וואָס האָבן באַוויזן, אַז זיי ווייסן ווי זיך צו באַגעגענען מיט ליפּן . . . זיין פאַר׳חלומ׳טער בליק האָט איצט באַטראַכט די פאָרמע פון זיין שכנה פעני׳ס ליפּן.

מיט אַ שטורם זיינען אָנגעקומען נייע סאָרטן שטונדן פאַר די צוויי חבר׳טעס, עפּעס האָט מען זיך פלוצלינג גענומען פאַרלירן איינע פון דער אַנדערער. אָט איז עני ערגיץ פאַרפאַלן געוואָרן און אָט האָט דאָסזעלבע פאַסירט מיט פעני.

מילטאָן און בעני, די צוויי זומערפויגלעך, וואָס זיינען כמעט יעדן זומער אַריינגעפלויגן אין אַן אַנדערער פרוי׳ס האַרץ און דאָרט אָנגעמאַכט אַ זאַווירוכע, האָבן איצט אנגעווענדעט אַלע זייערע פעהיגקייטן אויף די ליבע־הונגעריגע הערצער פון עני און פעני, וואָס האָבן אונטער זייערע קאַוואַלערישע אויפמערקזאַמקייטן ניי אויפגעלעבט.

ווען די צוויי העלדן האָבן געזען, אַז זייער ציל קומט זיי נישט אָן צו גרינג, האָבן זיי צווישן זייערע אַנדערע קאַוואַלערישע מאַנירן ווי האַרציגע שמייכלען, וואונדערליכע קאָמפּלימענטן אָנגעפּאַנגען די חבר׳טעס צו מאַכן אייפערזיכטיג איינע אויף דער אַנדערער. אָט האָט מילטאָן פלוצלינג אָנגעשטעלט זיין פאַר׳חלומ׳טן בליק אויף עני׳ן און איר איינגע׳סוד׳עט, אַז זי איז די שענסטע ווייבל אין האָטעל — און אָט האָט בעני אָנשטאָט זיין שכנה פלוצלינג גערופן איר פריינדין פעני, צו גיין זיך מיט אים שיפן.

דאָס האָט געבראַכט צו שווערע שטימונגען און אָפטע שטעכווערטלעך צווישן די לאַנגיאַריגע חבר׳טעס. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט עני אָוועקרופן פעני׳ן אָן דער זייט און מיט בייזקייט אַ זאָג טאָן:

— זע נאָר, פּעסילע, ווי דו שיינסט דאָס היינט, ביזט פּלוצלינג געוואָרן מיט צוואַנציג יאָר איגגער. מען דאַרף שרייבן דיין אַלטן, ער זאָל דיך איצט קומען אָנקוקן, וועט ער זיך נאָך אַמאָל אין דיר פֿאַרליבן.

— און ווען דיין קראַנקער מאַן קוקט איצט אָן דיינע אויפֿגעלעבטע אויגן, וואָלט ער אפשר אין גאַנצן געזונד געוואָרן! — האָט פּעסי צוריק־געקיבעצט.

סיי דער פֿאַר׳חלומ׳טער מילטאָן און סיי דער ברויזענדער בעני האָבן אין דער היים איבערגעלאָזט ווייבלעך, וואָס פֿאַרשטיין זיי נישט און מיט וועמען זיי וועלן זיך סוף־כל־סוף אפשר אַמאָל גט׳ן. דאָס האָבן זיך ביידע חבר׳טעס שנעל דערוואוסט און נאָך שנעלער האָבן זיך די צוויי חברים דערוואוסט דעם מזל פֿון די צוויי חבר׳טעס.

מילטאָן האָט שטאַרק רחמנות געהאַט אויף זיין נייער פֿריינדין פּעסי, וואָס אַזאַ שיינע יונגע פֿרוי וויאַנעט נעביך ביי אַן אַלטן מאַן און ער האָט דערפֿאַר כסדר ארויסגעוויזן צו פּעסי׳ן זיין יונגקייט דורך זינגען צו איר אַלערליי ראָמאַנסן, דורך פֿלינקען אָנקלויבן פֿאַר איר פֿרישע בלומען, דורך צערטליך צוטראָגן אירע פֿינגער צו זיינע ליפּן און אַזוי ווייטער.

דער ברויזענדער בעני האָט שטאַרק רחמנות געהאַט אויף זיין פֿריינדין ענני, וואָס האָט נעביך אַ מאַן מיט אַ קראַנקן מאַגן. האָט ער דערפֿאַר פֿאַר איר כסדר ארויסגעצייגט זיין געזונדקייט. אָט האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן אויף זיינע הענט און געלערנט שווימען. אָן אַנדער מאָל האָט ער זיינע געזונטע ציין איינגעביסן אין אירע אַקסל אַזוי, אַז דאָרט איז געבליבן אַ סימן און אין קאָסינאָ ביי זייער ביידן׳ס טאַנצן האָט זי אין זיינע אָרעמס אַרום איר טאַליע נישט געטאַנצט נאָר געשוועבט.

שנעל ווערט מען אין קאַנטרי באַקאַנט, שנעל באַפֿריינדעט און שנעל פֿאַרליבט. ווען עס האָט שוין געהאַלטן ביי די לעצטע טעג צו זייער אַהיימפֿאָרן, האָבן ענדליך ביידע חבר׳טעס גענומען אויסגיסן די הערצער איינע פֿאַר דער אַנדערער.

— פּעסילע טייערע! דו ווייסט דאָך יאָ פֿון מיין לעבן — רעדט ענני דורך טרערן שפּאַנענדיג ביידע צום ווילעדזש ביוטי פּאַרלאָר — דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן אַזוי נישט געליבט ווי איצט. איך ווער פּשוט משוגע טראַכטנדיג וועגן בעני. איך שלאָף נישט די גאַנצע פֿאַר נעכט, וואָס איך קען אים און ער, בעני, ער איז דאָך נישט קיין קראַנקער ווי מיין

מאַן. ער איז יונג ער איז געזונד, ער וויל זיך נישט באַנוגענען מיט אַ קוש און מיט וואַרטן און האָפן.

— מילטאָן אויך נישט! — זיפצט פעני — ער טענה׳ט, אַז דאָס לעבן שטייט נישט אויף׳ן פלאַץ, אַז יעדע שטונדע, יעדע מינוט, וואָס גייט אַוועק, קומט נישט מער צוריק און עס איז אַ שאָד אַוועקצולאָזן דאָס לעבן מיט גאָר־נישט!

— אַ פונקט מיין בעני׳ס רייד! — כאַפּט אונטער עני און זעצט פאָרט מיט גרויס רחמנות — און איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, פעני־לע, אַז וועגן דיר האָט ער טאַקע רעכט. איך זע נישט איין, פאַר־וואָס דו זאָלסט נישט האָבן עפּעס, אַ שטיקל ליבע, ווייל ווער קען דיר וואָגן דאָס צו פאַרדענקען? דו האָסט נעביך אַן אַלטן מאַן און דו ביזט נאָך פאָרט אַ יונגע. דיר קומט נאָך אַ ביסל לעבן!

— און מיינסטו — זיפצט שוין פעני — דיר וואָלט מען דען געקענט פאַרדענקען? טאַקע דו האָסט פולקאָם רעכט, צו האָבן אַ ביסל ליבע. דו מוטשעסט זיך אָפּ אַ לעבן מיט אַ קראַנקן נערוועזן מאַן, וואָס שטענדיג רעדט ער נאָר וועגן זיין קראַנקן מאָגן.

— נאָר ריידן? — רופט אויס פעני — נאַ, זע זיינע בריוו!

זי כאַפּט אַרויס אַ בריוו פון איר האַנטבייטל און הויבט אָן לייענען:

„מיין ליבע עני! נעכטן האָב איך געהאַט גרויסע צרות פון מיין מאָגן. עס האָט מיר אַ גאַנצע נאַכט געדרייט מיין בויך. היינט אין דער פרי איז שוין מיין מאָגן געוועזן בעסער. אָבער אין מיטן טאָג האָט מיר ווידער געכאַפּט דרייען אַ זייט בויך״...

פעני האָט אַ שטופּ געטאָן עני׳ס האַנד מיט׳ן בריוו און אויס־גערופן: „דאָס איז גאָר נישט! זע מיינע סאָרטן בריוו!״

זי האָט אַרויסגענומען אַ בריוול פון איר האַנדבייטל און אָנגע־הויבן לייענען:

„מיין ליבע פעני! עס האָט היינטיגע נאַכט אין נויאָרק שטאַרק גערעגנט און עס האָט אַריינגערעגנט אין מיין בעט, ווייל דו האָסט געלאָזט אָפן די פענסטער און דו ווייסט זער גוט, אַז איך קען אָן דיר נישט פאַרמאַכן די פענסטער, ווייל זיי פאַרהאַקן זיך און איך האָב עס נישט קיין כח אַליין אַראָפּצוציהען... דו ווייסט דאָך, אַז איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַנטשיק. נו, מיילע, וועלן מיר שוין פאַרמאַכן די פענסטער, ווען דו וועסט צוריקקומען פון קאַנטרי״...

— נו — זיפצט עני — זי דאַרף קומען פון קאַנטרי, אים צו פאַרמאַכן די פענסטער...

— וואַרט, הער נאָך! — רופט אויס פעני און לייענט ווייטער:

— ליבע פענילע! איך האָב געוואָלט זונטאָג אָנטאָן מיינע נייע שיך, ווייל די וואָס איך טראָג, האָבן זיך פון דעם רעגן שטאַרק פאַר־נעצט. אָבער דו האָסט מיינע נייע שיך פאַררוקט ווייט אונטער'ן בעט, קען איך זיי נישט געפינען, ווייל דו ווייסט דאָך, אַז איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַנטשיק, קען איך מיך נידריג נישט אַראָפּבויגן!

צוויי שטאַרקע הענט פוןביידע זייטן האָבן אַ כאַפּ געטאָן די אָרעמס פון די צוויי חבר'טעס, ביידע האָבן מיט שמחה אויסגעשריען: „מילטאָן! בעני! וואָס האָט איר נישט געוואַרט אויף אונז?"

— מיר גייען דאָך אויך צום ווילעדזש! — האָט פאַרסאפּעט אויסגערופן מילטאָן.

— אָבער מיר האָבן אייך דעריאָגט! — האָט אַ דריק טוענדיג שטאַרק עני'ס אָרעם אויסגערופן בעני.

ביידע פּאָרלעך האָבן גענומען גיין באַזונדער, אָפּגעטראָטן אַ פּאָר שפּאַן איינע פון די צווייטע און אין ביידע חבר'טעס אויערן האָט אַריינגעוויספּערט דערזעלבער סוד:

— לאָז היינט ביי נאַכט אָפן דיין טיר!...

עני אויף'ן ערשטן פלאָר און פעני אויף'ן צווייטן ליגן אין מיטן נאַכט אין זייערע בעטן און עס דאַכט זיך זיי, אַז זיי הערן טריט הינטער זייערע פאַרריגעלטע טירן.

ער האָט דאָס אַ ביסל אַ נוירוו דער בעני! — טראַכט עני, קוקנדיג מיט ציטער צו דער טיר, וועלכע גיט אַלע ווײַלע אַ סקריפּ, ווי אימיצער וואָלט דאָס אַ שטופּ געטאָן.

— וואָס מיינט ער, בין איך אים, עפּיס אַ נישט פיינע פרוי? — טראַכט זי ווייטער, קוקנדיג מיט כעס צו דער טיר — נו איז מיין מאַן נישט אַזאַ העלד ווי ער דאָרט הינטער דער טיר, אָבער דערפאַר איז ער מיין פריינט, מיין פאַרזאָרגער!

זי קוקט שטאַרקער צו דער פאַרריגלטער טיר און עס דאַכט זיך איר, אַז זי הערט פון דאָרט שעפּטשן: „ענילע, ענילע, עפן!"

זי גיט זיך אַ דריי אויס זיגעריש מיט דער פּלייצע צו דער טיר און דעקט זיך צו איבער'ן קאָפּ... ליגט אַ ווײַלע מיט נצחון אין איר קלאַפּענדיג האַרץ און דרייט זיך דאַן צוריק אויס מיט'ן פּנים צו דער טיר. זי הערט זיך צו, אַלעס איז שטיל, אפשר איז דאָס גאָר נישט געווען ער! אפשר האָט גאָר דער ווינד געשטופּט די טיר!

אַ בענקנדער אומעט נעמט אַרום איר האַרץ, נשמה און קערפּער. זי גלעט און צערטלט זיך אַליין, ביז זי שלאָפט איין.

מיט אַ פלאָר העכער, פונקט איבער עני'ס סילינג ליגט פעני אין איר בעט און קוקט מיט אָפענע ציטערנדע בליקן צו דער קיילעכיגער

הענטל פון איר פארריגלטער טיר. פאר׳ן שיין פון דער לבנה דאכט זיך איר, אז זי זעט, ווי דאס הענטל גיט זיך אלע ווײלע א דריי, דא רעכטס, דא לינקס. ביי יעדן דריי פונ׳ם הענטל גיט פעני א געמישטער זעץ אין הארצן. אט כאפט איר אן א פרייד. זי איז נאך יונג, זי איז נאך שיין, מען וויל זי נאך — און ווער? דער שענסטער יונגער מאן איב׳ם האטעל, וואס אלע יונגע מיידלעך לויפן אים נאך און ער האט אויס־געקליבן זי, פעני׳ן, ער שטייט דא איצט הינטער איר טיר...

די הענטל פון דער טיר גיט זיך א שטארקן דריי און פעני׳ן גיט אן אנדער סארט זעץ אין הארצן. עס כאפט איר אן א כעס פון זיין שטארקער פאדערונג. זי גיט א טראכט: „זע נאר, ווי ער רייסט דאס די טיר. וואס מיינט ער זיך דארט דער מילטאן? אז איך האב שוין אן אלטן מאן, קען מען שוין מיט מיר טאן וואס מען וויל? וועל איך שוין כאפן און אפן לאזן די טיר פאר יעדן, וואס וועט נאר וועלן!״

די טיר־הענטל דרייט זיך האסטיגער און אירע געדאנקען דרייען זיך נאך האסטיגער...

— נו, און אז מיין מאן איז אן אלטער, אבער ער איז מיין פריינד, מיין אמת׳ר פריינד... און ער דארט אונטער דער טיר, אזוי גיך ווי ער איז געקומען, אזוי גיך וועט ער פון מיר אוועקגיין און איך וועל בלייבן פארשעמט און אפגענארט. ניין! עס וועט אים נישט העלפן אלע זיינע טענות! — באשליסט זי, קוקנדיג שארף צו דער טיר.

די הענטל דרייט זיך שטארקער און זי טראכט האסטיגער: א חוצפה, ער זאגט, אז ער האט גאר רחמנות אויף מיר! איך לאז, זאגט ער, מיין קערפער הונגערן, וויאנען... זאל ער נאר נישט האבן קיין רחמנות אויף מיר. איך קען לעבן אן אזעלכע ליבעס. פאר מיר איז גענוג פריינד־שאפט, אמת׳ע פריינדשאפט!...

זי דרייט אפ דעם פנים פון דער טיר און הייסע טרערן פאר־שלעפערן זי.

דעם נעקסטן פרימארגן און דעם גאנצן טאג זיינען מילטאן און בעני קאלט און פרעמד צו די צוויי חבר׳טעס. בײדע גיבן זיך אפ דעם גאנצן טאג מיט אנדערע ווייבלעך און מיידלעך. אבער ביים סאפער האבן אונטער׳ן טיש אנגעפאנגען פיס צו ריידן, עס האבן טריט אויף טריט געטראטן. עני און פעני האבן אין די טריט דערהערט און דערפילט דעם אלטן וויספער: „לאז היינט אפן די טיר!״

קני און קני האבן זיך אנגערירט און אלע פיר פנימ׳ר האבן אויפגעשיינט מיט האפנונג. און ווידער זיינען געקומען שלאפלאזע שטונדן פאר די צוויי חבר׳טעס, ווען די הענטלעך פון זייערע טירן האבן זיך ווידער געדרייט אין דער שטילקייט פון דער נאכט.

און געקומען איז דער לעצטער טאָג און די לעצטע נאַכט פון די צוויי חבר׳טעס׳ זיין אין קאַנטרי. אויך מילטאָן און בעני האָבן שוין געוואָלט אוועקפאָרן. עס איז געווען די נאַכט פון „לעיבאָר דעי״. דער האָטעל־קיפּער האָט פאַר זיינע געסט געגעבן אַ ספּעציעלע מתנה, אַ מידנאַיט־סאַפּער מיט נאַשערייַ און געטראַנק. די געסט האָבן ביז צום גרויען פרימאָרגן געהוליעט, געטאַנצט, געזונגען, געגעסן און גע־טרונקען.

מילטאָן און בעני טוליענדיג צו זיך פּעני׳ן און עני׳ן האָבן מיט זייערע הייסע האַלב־פאַר׳שיכור׳טע אָטעמס צוביידן ווידער און ווידער אַריינגע׳סוד׳עט דעמזעלבן סוד: „היינט, היינט איז שוין די לעצטע נאַכט, וואָס מיר זיינען צוזאַמען! האָסט דאָך מיך ליב און איך האָב דיך ליב. זיי נישט איינגעשפּאַרט, זיי נישט אַלד פעשאָנט! צו־וואָס וואַרטן? פאַר־וואָס נישט געניסן פונ׳ם לעבן? לאָז היינט אָפן די טיר! דו וועסט זען, ווי גליקליך דו וועסט זיין!״ — מורמלט מילטאָן אין פּעני׳ס אויער.

— אָבער שפּעטער וועל איך דאָך זיין אומגליקליך! — וויספּערט צוטומלט פּעני.

— פאַר־וואָס אומגליקליך? מיר וועלן שפּעטער אויך זיין גליק־ליך! נאַרעלע, נאָר איינמאָל לעבט מען! — סוד׳עט אין איר אויער מילטאָן.

לאָז אָפן די טיר, דו וועסט זען, ווי דו וועסט שפּעטער בענקען נאָך מיר! — וויספּערט בעני אין עני׳ס אויער.

— אָ, דאָס איז עס! איך וויל נישט שפּעטער בענקען! — מורמלט צוריק עני.

— נו, וועסטו נישט בענקען, וועלן מיר זיך אין שטאָדט אויך קענען געפינען! — פּאָדערט קאַפּריזנע בעני און גיט באַלד צו: — גע־דענק, ווען דו לאָזט היינט אויך נישט אָפן די טיר, וועלן מיר זיך קיינמאָל נישט זען מער, קיינמאָל.

— היינט איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך וועל נאָך אויס־פּרובירן דיין טיר! — מורמלט מילטאָן אין פּעני׳ס אויער — געדענק, דאָס לעצטע מאָל!

און ווידער איז געקומען אַ שלאָפלאָזע נאַכט פאַר די צוויי חבר׳־טעס. ביידע שטיין אין זייערע נאַכטהעמדער ביי די טירן פון זייערע צימער, האַלטן די הענד אויף די ריגלען, אין האַרצן זעצט: „די לעצטע נאַכט, די לעצטע שטונדן! דאָס לעבן וועט ווערן ווידער לידיג, ווידער פּוסט, ווידער נישט הערן מער ווי „קראַנקער מאָגן״. ווידער נאָר קאָכן טעפּלעך פאַר׳ן קראַנקן מאַן. און ער, בעני, איז אַזוי שטאַרק, אַזוי געזונד!״ — טראַכט עני.

— ווידער וועט ווערן אַלעס ליידיג, אַלעס פּוסט. ווידער נישט מער ווי זוכן דעם מאַנ׳ס שיך אונטער׳ן בעט און אַליין אַראָפּשלעפּן די פאַרהאַקטע פענסטער און ביי אים, ביי מילטאָן, בין איך אַ צאַרט וועזן. ער דערלאַנגט מיר דעם שטול, בויגט זיך צו קלויבן בלומען פאַר מיר! — טראַכט פעני.

אפשר פאַרט לאָזן די טיר נישט פאַרריגלט? מען קען דאָך אַמאָל פאַרגעסן, צו פאַרריגלען אַ טיר! יאָ, מען קען פאַרגעסן און איינשלאָפן און וואָס עס וועט זיין, מעג זיין! — גיט אַ פלי דורך ביי ביידע חבר׳טעס דערזעלבער געדאַנק.

עס דערהערט זיך טריט הינטער די טירן.

— ניין, ניין! — גיט עס בייביידן אַ זעץ אין קאָפּ און אין האַרץ. זיי פאַרריגלען שנעל די טירן און גיבן זיך אַ לייג אין די בעטן.

די טריט הינטער די טירן ווערן שטילער. די חבר׳טעס צושראָקענע אויגן קוקן ווידער מיט בענקשאַפט צו דעם ריגל. אפשר, אפשר צוריק אָפּריגלען! — טראַכט דאָ די איינע און דאָ די אַנדערע.

— — — — — — — — — — — —

צווישן די ברעקפעסט פאַרשלאָפענע זיינען אויך געווען עני און פעני. מען האָט זיך באַגעגנט אין האָטעל־קיך, אויסבעטלענדיג ביי די קעכינס אַ ביסיל „אָרענדזש־דזשוס" און אַ קאָפּע קאָפּע.

— גוד מאָרנינג, עני!

— גוד מאָרנינג, פעני!

— דו האָסט היינט אויך פאַרשלאָפן דעם ברעקפעסט?

— יע, דו אויך, זע איך!

ביידע האָבן שטייענדיג אויסגעזופּט די קאָפּע און אויסמיידנדיג איינע דער צווייטער׳ס בליקן, איז מען אַרויס אין דרויסן אויפ׳ן גראָז און ביידן׳ס אויגן האָבן גענומען אַרומזוכן.

צוליב דעם, וואָס די מערסטע געסט זיינען שוין איצט צופאָרן אַהיים, האָט אין און אַרום דעם האָטעל געהערשט אַן אומעטיגע צוטומל־טקייט. אייניגע זיינען אהיימגעפאָרן באַלד נאָך ברעקפעסט, אַנדערע זיינען געפאָרן נאָך דינער. זיינען דערפאַר אַ סך וואַליסעס געשטאַנען אויפ׳ן פאָרטש. אַ סך געסט זיינען געגאַנגען פּאַקן זייערע וואַליסעס און אַזוי האָט זיך כסדר געדרודלט מיט אומרוהיגקייט.

פלוצלינג האָבן ביידע חבר׳טעס דערזען ביי אַ מאַשין מיט די וואַליסעס אין די הענט — בעני׳ן און מילטאָנ׳ען.

— זע, זע! — האָט איינע צו דער אַנדערער אויסגערופן, אַנ־ווייזנדיג צו דער מאַשין.

מילטאָן און בעני האָבן אויף זיי דערזען. ביידע האָבן שנעל

אָװעקגעשטעלט די װאַליסעס אין אויטאָמאָביל און צוגעקומען צום פֿאָרטש מיט דעמזעלבן אויסרוף:

— איר גרױסע שלעפּערס, װאָס איר זענט, איר פֿילט זיך גאָר אויפצושטיין צו ברעקפֿעסט! נו, זיי װעלן שוין דערפֿאַר מיט מער אַפּעטיט עסן דעם דינער! — האָט פֿאַרענדיגט בעני.

— און איר פֿאָרט אַהיים בעפֿאָר דינער? — האָבן אַרויסגעשעפּטשעט בײדע פֿרויען.

— יעס! — האָט אָפּגעענפֿערט מילטאָן — אונז האָט זיך גראָד געמאַכט אַ קאַר, אַ פֿריינד דאָרט פֿון צװייטן האָטעל, ער װעט אונז ברענגען גלייך צו דער טיר פֿון אונזער היים.

עס האָט זיך דערהערט דער האָרן פֿון זייער פֿריינד׳ס קאַר.

מילטאָן און בעני האָבן אײנער צום צװייטן אַ זאָג געטאָן:

— נו, זײ רופֿן אונז! װעל, גוד באַי! — האָבן בײדע דערלאַנגט זייערע הענט צו עני און פֿעני.

— אָ יעס, די אַדרעסן און די טעלעפֿאָנען שנעלער! — האָבן זיך בײדע געכאַפּט צו זייערע ביכעלעך און אַרייַנגעשריבן די נאָמבערס, װאָס עס האָבן אַרויסגעשעפּטשעט פֿעני און עני.

אין זייערע פֿאַרגלייזטע צוטומלטע בליקן האָט זיך פֿעני׳ן און עני׳ן אויסגעװיזן, אַז מילטאָן׳ס און בעני׳ס פֿאָנטיין פֿענט האָבן דאַכט זיך געשריבן אָן טינט.

באַלד נאָך דינער זײַנען אויך עני און פֿעני געפֿאָרן צו זייערע היימען. אויך זיי האָט זיך געמאַכט אַ קאַר. די קאָפּל, װאָס האָט זיי מיטגענומען, זײַנען געזעסן אין דער פֿראָנט און בײדע חבר׳טעס זײַנען געזעסן אין די בעק־סיטס און אַרויסגעקוקט דורך׳ן פֿענסטער. אײנע רעכטס, אײנע לינקס.

פֿאַר זייערע אויגן זײַנען געלאָפֿן װעלדער, פֿעלדער און צוזאַמען מיט דעם זײַנען אויך געפֿלויגן בײדע חבר׳טעס׳ מאַטערנדע געדאַנקען.

צו־װאָס פֿאָר איך צוריק און מיט װאָס פֿאָר איך צוריק? גאָר־נישט, גאָר־נישט האָב איך אין מײַן לעבן, פּוסטקייט נאָר פּוסטקייט! פֿאַר־װאָס, פֿאַר־װאָס בין איך אַזאַ פֿייגלינג? פֿאַר־װאָס האָב איך נישט געעפֿנט מײַן טיר? ער קען דאָך מסתמא אַזוי שיין ליבן! ער װאָלט מיך געצערטלט, געקושט, געהאַלזט, און איך װאָלט נאָך אײדער איך װער אַלט, געגאָסן אַ ביסל לעבן. שפּעטער װאָלטן מיר זיך געטראָפֿן אין נויאָרק און איך װאָלט געהאַט אַן אינטערעס אין מײַן לעבן. אָ, װען איך לאָז אָפֿן די טיר, װאָלט נישט געװען אַזאַ קאַלטע צושײדונג. אַזוי האָט ער זיך נאָר געמאַכט, װי ער פֿאַרשרייבט מײַן טעלעפֿאָן, אָבער ער װעט מיך נישט רופֿן, איך װעל אים שוין מער קיינמאָל נישט זען!

פאַר־וואָס, פאַר־וואָס בין איך אַזאַ טרוס און נישט געלאָזט אָפּן מיין טיר? — איך האָב חרטה פאַר׳ן ניין, חרטה!

ביי דער לינקער זייט פענסטער לויפן פאַרביי בערגלעך, טייכלעך. עס שאָקלען זיך דעמבענע בוימער און עס טשימעט אין האַרצן אומעטיגע געדאַנקען.

— ער האָט אפילו אויף אַן אמת נישט פאַרשריבן מיין טעלעפאָן! ער וועט מיך אפילו נישט אָפּרופן! איך בין געבליבן ביי דערזעלבער פוסטקייט ווי געוועזן! צו־וואָס, צו וואָס האָב איך געמאַכט אַ קנייטש אויף מיין נשמה? ער מוז דאָך איצט לאַכן פון מיר! איך האָב חרטה, חרטה, פאַר־וואָס איך האָב געלאָזט אָפּן מיין טיר! — ריידן די טרערן אויף דער לינקער שויב.

חרטה פאַר׳ן „יאָ״... חרטה!... — קאַפּעט אַ בענקשאַפט־טרער אויף דער רעכטער שויב.

# אַן אַמעריקאַנער לוויה

◇

## נקמה פון אַ טאַטע׳ן

---

סעם איז אַריינגעלאָפן אין הויז אַזאַ פריילעכער, אַזאַ גליקלעכער אַז זיין ווייב, איידע, וויסנדיג, אַז קיין לאָטערי־צעטל שפּילן זיי נישט — און אַ רייכן פעטער, וואָס זאָל ערגיץ שטאַרבן און לאָזן זיי אַ ירושה, האָבן זיי אויך נישט, האָט זי דערפאַר בשום אופן נישט געקענט געפינען קיין אַנדערע אורזאַך פאַר זיין פלוצימדיגע שמחה, ווי נאָר אַז ער איז אַראָפּ פון זינען.

פאַר צרות, וואָס ער קען אַזאַ לאַנגע צייט קיין אַרבייט נישט געפינען, האָט זי געקלערט — און אַ צעשראָקענע האָט זי אים אָנגעקוקט.

— וואָס איז, איידע, שענסטע ווייבל מיינס, וואָס האָסטו אויס־געגלאָצט אויף מיר אַזאַ פאַר צושראָקענע אויגן? — האָט סעם זי אַרומגעכאַפּט און געגעבן איר אַ קוש.

איצט איז שוין איידע געווען זיכער, אַז זי דאַרף אָפּרופן אַן אַמבולאַנס... אַפילו דער זעקס־יעריגער סענדי האָט אַרויסגעכאַפּט זיינע אויגלעך פון׳ם „דזשאָוק־בוק״ און האָט זיי אָנגעשטעלט אויף זיין פּאַפּאַ מיט גרויס וואונדער און די פיר־יאָריגע מערעלין האָט אַוועקגעוואָרפן איר לאַלאַ־פּאַפּ און פאַררייסנדיג אירע אויגן צום פּאַפּאַ, האָט זי אָנגעפאַנגען סמאַטשקען איר פינגערל.

איידע, נאָך אַלץ אין וואַקסנדיגע שרעק, האָט געשטאַמלט:

— וואַ־וואַ־וואָס האָט מיט דיר געטראָפן?...

— ווייבל מיינע, פרעג ביט קיין קשיות, טו אָן די קינדער און קום אין טשיינע־רעסטאָראַנט, עסן שאָמיין פאַר סאַפּער, זאָל אַ טשיינע־מאַן אויך הנאה האָבן פון מיין שמחה! — האָט סעם גערעדט ברייט, זוכנדיג דערביי די קינדערשע מענטעלעך און העטקעס.

— סע־סע־סעם, סעמעלע, זאָל איך אפשר רופן אַ דאָקטאָר? — האָט איידע געשטאַמלט, טאַפּנדיק סעמ׳ס שטערן. וואָס פאַר אַ טשיינע־רעסטאָראַנט פלוצלונג? האָסט פאַרגעסן, אַז ס׳איז שוין באַלד פינף וואָכן, ווי דו אַרבעטעסט ניט? — און וועלנדיק אים ברענגען אַלץ מער צו זיין נאָרמאַלן צושטאַנד, זעצט זי פאָרט: — און אַז איך געדענק שוין ניט אפילו, ווי אַזוי עס זעט אויס פאַפּירענע געלט, וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט אַ דאָלאַר!...

— נאַ, קוק! — האָט סעם געזאָגט מיט שטאָלץ — אָט אַזוי זעט אויס אַ דאָלאַר, און אָט אַזוי זעט אויס אַ פינפערל!...

— ווייִ איז מיר! וואו האָסטו פלוצלונג גענומען אַזויפיל געלט?

— האָט איידע איבערראַשט אויסגערופן.

— און אָט איז נאָך אַ דאָלאַר, און אָט איז... אָבער נאַ, צייל אַליין, און האָב אויך אַ הנאה פון דער "לויה"... האָט סעם אָנגעהויבן רחבות׳דיג אַרויסלייגן דאָס געלט אויפ׳ן טיש.

איידע׳ס שרעק איז געוואַקסן. דאָס פלוצלומדיגע געלט און דאָס וואָרט „לויה", ווי איז איר, ווער ווייסט צו וואָס פאַר אַן אומגליק די אַרבעטסלאָזיגקייט האָט געטריבן איר סעמ׳ן? זי געדענקט, אַז היינט אין דער פרי, ווען ער איז אַוועק זוכן ארבעט, איז ער טאַקע געווען זעהר פאַרצווייפלט.

— איך בין שולדיג! — טראַכט זי — איך האָב אים כסדר געיאָדעט, פאַרוואָס געפינט ער ניט קיין אַרבייט...

— יאָ — מורמעלט זי טרויעריג — איך בין שולדיג, איך, סעמעלע, איך!...

— שולדיג? אין וואָס ביזטו שולדיג? — קוקט איר סעם אָן צוטומלט, מורא־האָבנדיג, אַז די איבערראַשונג פונ׳ם פלוצלונגדיגן דערזען געלט, האָט זיין ווייב אַריינגעבראַכט אין אַ פיבער...

— באַרוהיג זיך! — בעט ער זיך ביי איר צערטליך — באַרוהיג זיך! וועסט דאָך איצט קאָנען אַריינוואַרפן אַ פּאָר סענט צום בוטשער, אַ פּאָר סענט אין גראָסערי אויפ׳ן אַלטן חוב!...

— מיר שיכעלעך! כאַפּט אונטער סענדי, אויסשטעלנדיג זיין פיסל מיטן צוריסענעם שוך.

— מיר איי ניו דאלי! יו פּראָמיסט, מאַ! — טענה׳ט מערעלין, אַרויסנעמענדיג פון מויל דאָס פינגער׳ל, כדי צו קאָנען פריי אָנשטעלן די ליפּן צום וויינען...

— קויפן, קויפן, אַלעס קויפן! — באַרוהיגט סעם אויף שנעל די קינדער, און זעענדיג, אַז זיין איידע איז נאָך אַלץ צוטומלט, גיט ער אויף שנעל צו:

— נו, איידעלע, נעם צייל עס שוין איבער, דאָ דאַרף זיין זיבן דאָלער מיט זעכציג סענט, פונקט אַזויפיל ווי מיינער אַ טאָג אַרבייט באַטרעפט.

אַרבייט! הייסט עס. האָסט געקראַגן אַ טאָג אַרבייט? — הויבט שוין איידע אָן קומען צו זיך — טאָ וואָס האָסטו מיך אַזוי איבער־געשראָקן? וואָס האָסטו באַלד ניט געזאָגט, אַז דו קומסט פון דער אַרבעט?

— וואָס פאַר אַן אַרבייט? — האָט סעם אויסגערופן — וואו האָסטו געזען, אַז אַ באָס זאָל גלייך דעם זעלבן טאָג באַצאָלן פאַר דער אַרבייט? מען פרייט זיך, אַז מען קריגט באַצאָלט צו דער וואָך, און דאַן ערשט אַ טשעק, און אַז גאָט העלפט, האָט נאָך דער טשעק „פיס"... און ער מאַכט א „השיבני באזאד!"... הכלל, איך קום איצט ניט פון קיין שאַפּ, נאָר פון אַ סעמעטערי... ניט פון קיין אַרבייט, נאָר פון אַ „לויה"... דאָס געלט האָב איך פאַרדינט ניט פון נייען דרעסקעס ביי דער מאַשין, נאָר פון באַגלייטן אַ טויטן צו זיין פריילעכער „לויה"...

— שוין ווידער! וואָס ביזטו הייגט משוגע געוואָרן? וואָס פראַוועסטו מיט מיר חכמה׳לאַך? — האָט זיך שוין איידע געבייזערט — וואו איז דאָס פאַראַן פריילעכע „לויות"? און ווען צאָלט מען דאָס פאַר גיין צו אַ „לויה"?

— מיר און מיין גאַנצן שאַפּ אַרבעטער! — האָט סעם גערעדט מיט הנאה — און פאַרויכערענדיג אַ סיגאַר, האָט ער צוגעגעבן:

— יאָ, יאָ, געזונד זאָל ער נאָר זיין דער טויטער! איך מיין: גלייך אין גן־עדן זאָל ער אַריין! ווען אפילו נאָר צוליב דעם סיגאַר אַליין, ווייל אָט דער טייערער סיגאַרעלע קומט דאָך אויך פון אים, פון דעם מת, פון דער פריילעכער „לויה"! — האָט סעם פאַרענדיגט, בלאָזנדיג אַ פולן מויל רויך צום באַלקן.

— סעם, איך האָב מורא פאַר דיר! וואָס זיינען דאָס פאַר אַ רייד? וואו איז פאַראַנען פריילעכע „לויות"?... וואו האָסטו אַ מת וואָס זאָל טיילן ציגאַרן?... זע, אפילו די קינדער שטייען דאָך איבערגע־שראָקענע! — האָט איידע גע׳טענה׳ט, זיך אַביסל אָפּרוקנדיג פון אים...

— האָב ניט קיין מורא, ווייבעלע מיינע, איך בין ביי מיין פולן פאַרשטאַנד, און ווען איך זאָג, אַז איך קום פון אַ פריילעכער „לויה", ווייס איך וואָס איך זאָג! הלוואי מאַכט זיך מיר יעדע וואָך אַזאַ פריילעכע לויה! עס זאָלן נאָר ניט שטאַרבן קיין אינגערע, און ניט איבערלאָזן קיין אָרימע יורשים! — האָט סעם אויסגערופן פריילעך, אָבער דער־זעענדיג ווי זיין איידע זיצט נאָך אַלץ מיט אַן אָפענעם מויל און צושראָ־

קענע אויגן, האָט ער זיך שנעל אַוועקגעזעצט, געגנאַיבער איר, פאַר־לאָשן דעם סיגאַר, און אָנגעהויבן דערציילן:

— אַלזאָ הער מיין איבערגעשראָקענע ווייבל, וואָס מיט מיר האָט היינט געטראָפן, די מעשה פאַנגט זיך אָן אַזוי:

— ווען איך בין היינט אין דערפרי אַרויס פון הויז זוכן אַרבייט, האָב איך דערזען ביי אונז אין לעטער־באָקס אַ בריוו, איך לייען איבער, ערשט עס איז פון מיין אַלטן באָס...

פון מר. ליווי? — העלפט אים אַרויס אַידע.

יעס, פון מאַקס ליווי, אַז איך זאָל למען־השם היינט פרי קומען אין שאַפּ! מיין איך, אַז ס׳איז געוואָרן ביזי, און איך לויף... איך קום אַריין אין שאַפּ, ערשט ווייס איך וואָס, פון אַרבייט איז אפילו קיין סימן ניטאָ, די טשערס ליגן נאָך אַלץ איבערגעקערטע אויף די מאַשינען. אָבער דעם שאַפּ האָב איך געטראָפן אָנגעפילט מיט אַרבייטער, וואָס האָבן דאָרט געאַרבייט סיי איצט, סיי יאָרן פריער, אַלע זיינען זיי דאָרט היינט געווען.

— צו וואָס׳זשע? — האָט אַידע שוין ניט געקענט איינהאַלטן איר נייגעריגקייט.

— האָב׳זשע געדולד און הער מיט קאָפּ, וועסטו הערן, וואָס אין אַמעריקע קען אַלץ טרעפן! — האָט סעם ווייטער גערעדט — אַלזאָ, מיין באָס, מר. ליווי, האָט אַן אַלטן טאַטן, עס הייסט, יעצט האָט ער אים שוין ניט מער, נאָר ביז היינט האָט ער אים געהאַט... געוואוינט האָט דער אַלטער טאַטע ביי אַ לאַנדסמאַן, ניט ביי זיינע קינדער, איך זאָג קינדער, ווייל מיין באָס, פאַרשטייסטו מיך, האָט נאָך צוויי ברידער און אַ שוועסטער, און ער, מיין באָס, דער רייכער מר. ליווי, איז דער אָרימסטער צווישן זיי, ווייל ביי זיי גייט עס אַזוי אַרויף ווי אין דער „חד גדיא״, איין ברודער איז רייכער פון מר. ליווי, קומט אַ שוועסטער און איז רייכער פון יענעם רייכן ברודער, קומט נאָך אַ ברודער, איז ער רייכער פון דער רייכער שוועסטער, דער עיקר זיינען זיי געבאָך אַלע געווען אַזוי ביזי מיט זייער רייכקייט, אַז זיי האָבן אַזש ניט געהאַט קיין צייט זיך צו דערמאָנען אָן דעם טאַטען, כמעט אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז ערגיץ איז נאָך פאַראַן אַן אַלטער טאַטע. דער איינציגער, וואָס האָט אָן אים ניט פאַרגעסן, איז געווען מיין באָס, מר. ליווי, ער האָט געוואוסט, אַז ביי דעם אָרימען לאַנדסמאַן, וועלכער איז אַ שמש פון אַ שול אין ווילי־אַמסבורג, וועט זיך זיין טאַטע פילן בעסער ווי ביי דער רייכער שנור מיט די אייניקלעך. נו, האָט ער דעם לאַנדסמאַן געצאָלט פאַר דער רום און עסן, אויסערדעם האָט ער אויך אים אַליין, דעם טאַטן הייסט עס, געגעבן יעדע וואָך אַ פּאָר סענט אין קעשענע אַריין, „ספּענדינג מאָני״, און ער פלעגט אויך אָפט אים קומען זען, אַלץ דער איינער

זוהן, מיין באָס מר. ליווי, די אַנדערע קינדער האָבן געוואוסט, אַז דער ברודער מאַקס „נעמט שוין קער" אויפ'ן טאַטן, האָבן זיי עס אַלץ איבערגעלאָזט צו אים. אַמאָל פלעגן זיי ביים ברודער אַ פרעג טאָן, וואָס עס מאַכט דער טאַטע, אָבער שפּעטער זיינען זיי צוליב קאָנקורענץ אין ביזנעס געוואָרן אַנגע'ברוגז'ט איינע מיט די אַנדערע, האָבן זיי שוין דאַמאָלס אין גאַנצן פאַרגעסן אפילו נאָכצופרעגן אויפ'ן טאַטן. דער אַלטער ר' שמעון, אזוי האָט מען גערופן זייער טאַטן, ער אָבער האָט געדענקט, אַז זיינע קינדער האָבן אַן אים פאַרגעסן, און ער האָט כסדר געזוכט, ווי זיך מיט זיי דערפאַר אָפּצורעכענען... ווי זיי אָפּצוטאָן עפּיס אַ שפּיצל, זיי זאָלן עס האָבן צו געדענקען. ווען ער איז רייך, לאָזט ער זיי בישט איבער קיין ירושה, אָבער אַז זיי זיינען גאָר די רייכע, טאָ וואָס־זשע האָט ער זיי געקענט אָפּטאָן?

— טאַקי, טאַקי וואָס? — האָט אײַדע זיך ניט געקענט איינ־האַלטן.

— שלאָג מיר ניט איבער, איך וועל פאַרגעסן וואו איך האַלט — האָט זיך סעם אַ בייזער געטאָן — איז וואו האַלט איך? יאָ, אַז מען טראַכט, דערטראַכט מען זיך! האָט דער אַלטער אזוי לאַנג געטראַכט, ביז ער איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן, און דער פּלאַן איז געווען, אַז איבער הונדערט יאָר, ווען ער וועט שטאַרבן, זאָלן יענע קינדער זיינע, די צוויי רייכע זיהן מיט דער טאָכטער, ניט טאָרן גיין נאָך זיין לויה, און ער האָט די דאָזיגע צוואה פאַרטרויט צו זיין גוטן זוהן, צו מיין באָס, מר. ליווי הייסט עס, איז אונזער מר. ליווי די נקמה געגאַן זיינע רייכע ברידער און שוועסטער זעהר געפעלן, ער האָט אָבער מורא געהאַט, טאָמער וועלן זיינע ברידער און שוועסטער אים ניט גלויבן, האָט ער געהייסן דעם טאַטן, אַז ער זאָל דאָס אָנזאָגן דעם רב, און אַזוי איז עס טאַקי געווען.

סעם האָט אַ ביסל אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווייטער דערציילט:

— דער טאַטע האָט גענומען אַ וואָרט ביים רב, אַז ער, דער רב, זאָל זיינע צוויי זיהן מיט דער טאָכטער בשום אופן ניט לאָזן נאָכגיין נאָך זיין לויה איבער הונדערט יאָר. אָבער קאָנטיג, אַז דער מלאך־המות האָט זיך צוגעאיילט אויך צו זען די פריילעכע לויה... האָט ער די הונדערט יאָר געמאַכט אין איין יאָר, און נעכטן איז ער געשטאָרבן, אַז לאַנג לעבן זאָל ער, איך מיין, אַז גלייך אין גן־עדן זאָל ער אַריין! — האָט סעם אויסגערופן, אַ גלעט טוענדיג דאָס געלט אויפ'ן טיש...

— אָבער איך פאַרשטיי נאָך אַלץ ניט, ווי אַזוי זיין לויה האָט דיר אַריינגעבראַכט געלט! — האָט אײַדע געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— ניט נאָר מיר אַליין, נאָר פּלענטי אַרבעטסלאָזע האָבן היינט געכאַפּט אַ טאָג ווײַדזשעס... און קוועטש ניט מיט די פליִיצעס — האָט סעם געזאָגט — נאָר הער ווייטער:

— מיין באָס, מר. ליווי, האָט געוואוסט, אַז זיין טאַטע האָט שטאַרק געהאַלטן פון אַ גרויסער שיינער לויה, און דאָ איז ניט געווען מער פון דעם טאַטן׳ס פריינד, ווי נאָך דער שמש און זיין ווייב, דעם טאַטן׳ס אַלע פריינד און לאַנדסלייט זיינען שוין לאַנג אויף דער אמת׳ר וועלט... וואָס־זשע טוט מען? איז ער געפאַלן אויף אַ פּלאַן: ער האָט צוזאַמענגערופן אַלע זיינע אַרבייטער, וואָס האָבן ביי אים נאָר ווען עס איז געאַרבייט און ער האָט אונז אַלעמען באַצאָלט אַ טאָג ווײַדזשעס, אַז מיר זאָלן גיין צו זיין טאַטן׳ס לויה. איצט פאַרשטייסטו שוין?

— אָט דאָס הייסט אַ געטרייער זוהן! מיין סענדעלע זאָל מיר נאָר אויסוואַקסן אַזאַ! — האָט אַיידע מיט פיל האָפענונג געגעבן אַ בליק צו סענדי׳ן, וועלכער איז געווען שטאַרק פאַרטיפט אין זיין „דזשאוק־בוק״...

— אָבער ערשט איצט פאַנגט זיך אָן די ריכטיגע חתונה! — האָט סעם ווייטער גענומען דערציילן.

— יאָ, יאָ, סעמעלע, דערצייל ווייטער, דערצייל! ס׳איז דאָך אַ געוואַלדיג שיינע מעשה, כ׳לעבן! — האָט אַיידע מיט פיל נייגעריג־קייט צוגערוקט איר שטול צו סעמ׳ען.

— אַלזאָ הער! — האָט סעם פאַרטגעזעצט — מיר קומען אַלע אַהין צו דעם מת, עס הייסט צו דער לויה, ערשט אַהאַ! די שמחה פאַנגט זיך ערשט אָן! די אַנדערע קינדער האָבן זיך טאַקי פלוצלינג דערמאַנט, אַז דער טאַטע איז געווען זייער טאַטע אויך און זיי זיינען דאָ געקומען צו דער לויה, און נאָך ווי געקומען! מיט אַ גאַנצן פּאַראַד, מיט טייערע מאַשינען, מיט שאָפערס און די שאָפערס זיינען געווען אויסגעפּוצט אין זייערע יוניפאָרמס, דינסטן האָבן נאָכגעטראָגן חלשות־טראָפּנס... איך זאָג דיר, אַ לויה „כיד המלך״... ס׳איז פּשוט געווען אַ מחיה אָנצוקוקן... און דאָ פאַנגט זיך ערשט אָן די ריכטיגע חתונה: דער זוהן מאַקס, אונזער מר. ליווי, האָט באַלד דערמאָנט דעם רב אָן זיין טאַטן׳ס צוואה, אַז זיינע ברידער און שוועסטער טאָרן בשום אופן ניט גיין צו דער לויה, עס איז זיין טאַטע און זיין לויה! דער רב האָט באַלד איינגעזען, אַז מר. ליווי האָט רעכט, אַז אַ צוואה מוז מען אָפּהיטן, האָט ער טאַקי באַלד פאַרקאָשערט די פּאָלעס און זיך גענומען צו דער אַרבייט, פאַר קיין פאַל ניט צוגעלאָזט די קינדער צום טאַטן... די זיהן מיט די טאָכטער האָבן זיך געבעטן, גע׳טענה׳ט,

סטייטש, זיי זיינען דאָך זיינע קינדער, זיי האָבן אויך אַ רעכט, צו באַגראָבן אַ טאַטן.. אָבער דער רב האָט געזאָגט: לא מיט אַ גרויסער אַלעף!... און ער האָט געֿטענה׳ט זיינס, אַז אַ טויטנ׳ס צוואה מוז מען שטאַרק אָפּהיטן, ווייל אַ טויטער איז דאָך עפּיס ניט קיין קליינִיג־קייט!... ווער פון אונז שטערבליכע מענשן קען זיך וואַגן שטעלן געגן אַ טויטן?... ווען אַ טויטער וויל אָדער ווען ער וויל ניט, איז פאַר־פאַלן! מען קען אים שוין ניט איבעררײדן!... און ער, דער רב, קען זיי גאָר ניט העלפן, עס מוז זיין ווי דער טאַטע האָט געוואָלט, ווייל ער, דער רב, געדענקט זעהר גוט דעם טאַטנ׳ס ווערטער... די קינדער אָבער, די זיהן מיט דער טאָכטער, האָבן געשריגן, אַז דאָס איז זייער ברודערל׳ס אויפטו, זיי גלייבן ניט אין קיין ווערטער, אַפּילו ניט דעם רב.. זיי ווילן זען שוואַרץ אויף ווייס, אַז דאָס איז געווען זייער טאַטנ׳ס וואונש, אַז ניט וועלן זיי ברענגען אַ גרויסן לאַיער, וואָס זאָל זיי העלפן...

דער טויטער אין קאַסטן האָט געקליבן נחת פון זיינע קינדער. ענדליך האָט ער דערלעבט אַ מאָמענט, וואָס זיינע קינדער האָבן זיך אָן אים דערמאָנט... מען שלאָגט זיך פּשוט פאַר אים, און ער האָט זיך געפרייט פון זיין בקמה און געלאַכט פון זייערע לאַיערס, ווייל וואָס קען אים אַ לאַיער איצט טאָן? די קינדער ווידער האָבן געֿטענה׳ט, אַז זיי מיינען נישט צו ברענגען דעם לאַיער פאַר׳ן טויטען טאַטן... נאָר פאַר אים, פאַר׳ן לעבעדיגן רב!... און אַז אויב ער, דער רב, וועט ניט בעסער ווערן, וועלן זיי באַלד ברענגען ניט נאָר אַ לאַיער, נאָר אויך אַ רב, אַ גרעסער׳ן רב, וואָס וועט אויסגעפינען בעסערע דינים!... אַז מען זאָל זיי, די זיהן און טאָכטער, ניט פאַרשטערן דעם טאַטנ׳ס „לויה״... און דער רב אָבער האָט אַלץ געֿטענה׳ט, אַז ער קאָן דאָ גאָר ניט העלפן, ווייל דעם טאַטנ׳ס צוואה קלינגט אין זיינע אויערן.

— נו, נו, וואָס זשע האָבן די קינדער פאָרט געטאָן? — האָט אים איידע אונטערגעאײלט.

— וואַרט, יאָג מיך ניט אַזוי! — האָט סעם געזאָגט, אָפּ־ווישנדיג דעם שווייס פון שטערן — ווילסט הייסט עס וויסן, וואָס זיי האָבן ווייטער געטאָן? איז אָט וואָס! זיי האָבן אײנגעזען, אַז מיט בייזן וועלן זיי דאָ גאָר נישט מאַכן, האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז זיי פאַרמאָגן דאָך עפּיס אַ מאַכט וואָס קלינגט אַריבער אַלע קלאַנגען... האָבן זיי אַריינגעשטופּט דעם רב אין האַנט אַריין אַזאַ מין מטבע. וואָס איר קלאַנג האָט אין גאַנצן פאַרקלונגען דעם טאַטנ׳ס צוואה... ווייל נאָך אַלעמען איז דאָך אַ רב אויך ניט מער ווי אַ שטערבליכער מענש... האָט ער זיך פאַרטראַכט און האָט גענומען מישן די בלעטער

אויף צוריק, זוכן אַנדערע דינים... און אַז מען זוכט, געפינט מען... האָט ער ווידעראַמאָל פאַרקאַשערט די פּאָלעס און האָט זיך אַ נעם געטאָן צום מת, אַלץ הייסט אַ נעם געטאָן, מיט געוואַלדן, מיט קולות:

— מת! — האָט ער געשריען — איך, הרב וועלוועלע, בין אויף דיר גוזר, אַז דו זאָלסט מוחל זיין דיינע צוויי זיהן און טאָכטער, און זיי לאָזן גיין צו דיין „לויה״! אמת, דיינע קינדער האָבן טאַקי געזינדיגט געגן אַ טאַטן, אָבער זיי זיינען נעבעך געווען פאַריאָגטע, פאַרהאָרעוועטע, מיט דאגות פרנסה, האָבן זיי ניט געהאַט קיין צייט פאַר „כבוד אב״; אָבער דו, מת, ליגסט איצט, און האָסט פּלענטי צייט, זיי מוחל צו זיין, זיי מוחל!...

— עס הייסט, אַזוי האָבן מיר, די אַרבייטער פאַרטייטשט די ווערטער, וואָס דער רב האָט געזאָגט אין לשון קודש — האָט סעם דערקלערט זיין איידע׳ן — נאָכדעם האָט דער רב ווידער געשריגן, שוין אויף פּליין מאַמע־לשון:

— פונקט ווי קינדער זיינען פאַראַנטוואָרטליך צום טאַטן, אַזוי איז דער טאַטע פאַראַנטוואָרטליך צו זיינע קינדער!.. מת! האָט ער ווייטער געשריגן — דו האָסט ניט קיין רעכט אָוועקצונעמען פון דיינע זיהן די מצוה פון זאָגן קדיש אויף דיין קבר... דו וועסט דאַרפן אָפּגעבן דין וחשבון צום בית־דין של מעלה!... מת, געדענק, איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, זיי מוחל דיינע קינדער און לאָז זיי גיין צו דיין „לויה״... אַזוי וויל אונזער הייליגע תורה און אַזוי וויל איך, הרב רב וועלוועלע!...

— אָבער דער טויטער, אַזוי ווי נישט אים מיינט מען דאָס, ליגט שטיל און רירט זיך נישט פון אָרט... האָט זיך דער רב ווייטער צושריען, און ווידער אויף לשון־הקודש, וואָס אַן אַרבייטער האָט אונז פאַרטייטשט, אַז דאָס מיינט:

— מת! גענוג צו זיין איינגעשפּאַרט!... מת, זיי נישט קיין עקשן! איך הייס מוחל זיין און לאָזן גיין צו דיין „לויה״, איך הייס! איך באַפעל!...

נו, וואָס האָט שוין נעבעך דער מת געקענט טאָן? אַז דער רב איז דאָך פאָרט שטאַרקער, ער שטייט און דער טויטער ליגט... ער, דער רב, אַ רעדעוודיגער, און דער מת נעבעך אַ שטומער... דער רב אַ פרייער, און דער טויטער אַ געבונדענער, אַ געפּענטעטער אין אַ פאַרקלאַפּטן קאַסטן... איז וואָס האָט ער זיך שוין נעבעך געקענט העלפן? האָט ער זיך אינעווייניג געצאַפּלט און געשוויגן וואָס דאָס האָט געמיינט „יו ווין״, און דער רב האָט געזיגט... נישט נאָר האָט ער צוגעלאָזט די קינדער גיין צו דער „לויה״, נאָר די זיהן מיט׳ן איידעם האָבן נאָך געטראָגן די מטה אויך, און דאָ האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען

אַ נייע חתונה: ווען אונזער באָס, מר. ליווי, האָט דערזען, אַז זיינע ברידער און שוועסטער האָבן אויסגעפּירט, האָט ער זיך צושריגן, אַז ער גייט נישט מיט זיי צו איין „לויה", באַטש נעם און מאַך פאַר אים אַ באַזונדערע לויה!... דער עיקר אויב זיי גייען, גייט ער נישט... דאָ איז שוין אונזערע אַרבייטער גענוואָרן ביטער, ווייל אויב אַזוי, קען ווערן קאַפּוט אונזער טאָג ווייִדזשעס... ווייל ער האָט דאָך אונז נישט באַצאָלט אין פאָראויס...

— ווי איז מיר! — האָט אײַדע אַ דערשראָקענע אַ קוק געטאָן אויפ'ן געלט — איז וואָס איז טאַקי געוואָרן?

— איז ווידער אַמאָל דער רב — האָט זי סעם באַרוהיגט — דאָס מאָל האָט ער שוין געזאָרגט פאַר אונז אַרבייטער, ווייל אימיצער האָט צו אים אַ בורטשע געטאָן וועגן אונזער טאָג ווייִדזשעס. האָט ער אַרויפגערוקט די יאַרמולקע און ער האָט זיך איבעראַנייעס צו־שריגן, דאַסמאָל אויף אונזער מר. ליווי, וואָס הייסט? אַז ער האָט געהאַנדלט ביז איצט אַזוי פיין, אַזוי שיין, טאָ זאָל ער איצט נישט צושטערן קיין „לויה" און נישט פאַרשעמען זיין אייגענעם טאָטן... און אַלס פּסק פאַר יענע קינדער, וואָס האָבן ביז איצט פאַרגעסן אַז טאַטן, און דערפאַר וואָס ער, איין ברודער באַצאָלט די אַלע מענשן פאַר'ן קומען צו דער לויה, זאָלן די אַנדערע באַצאָלן פאַר אַטאָמאָ־בילן, מיר זאָלן אַלע פאָרן באַגלייטן דעם טויטן ביז אויפ'ן סעמעטערי... און אַזוי איז געווען, מיר, די אַרבייטער, האָבן נאָך געכאַפּט אַ ראַיד מיט אַטאָמאָבילן, און דאָרט אויפ'ן סעמעטערי האָט דער רב געזאָגט, אַז דער מת וויל, די קינדער זאָלן ווערן שלום... האָט מען דאַמאָלס ערשט געכאַפּט די גוטע שנעפּסלעך און געטיילט אָט די סיגאַרן... און איצט קום צום „טשיינימען"!...

— וואָס פאַר אַ טשיינימען איז אויף דיין קאָפּ? — האָט אײַדע אויף שנעל באַהאַלטנדיג דאָס געלט, זיך צושריגן — האָסט שוין היינט געהאַט גענוג פּלעזשור! זע נאָר די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס ער האָט אַהיים געבראַכט! — איז אײַדע אַריין אין איר געוויינליכע ווייבערשע ראָלע — איך ווייס דאָך נישט, וואָס פריער צו טאָן מיט די פאַר סענט, צי קויפן שיכלעך, צי געבן אין גראָסערי, צי דעם בוטשער אויף דעם אַלטן חוב... צו אַ טשיינימען גאָר!... איך וועל אָפּקאָכן אַ פאַר פונט פּאַטייטאָס און דו וועסט אַרויפנעמען אַ פרישינקן הערינג, וועלן מיר אַלע האָבן אַ טייערן סאַפּער — און דו לייג זיך בעסער שלאָפן באַלד נאָכ'ן סאַפּער. דו דאַרפסט מאָרגן אופשטיין פרי, זוכן אַ דזשאָב, ווייל נישט אַלע מאָל וועלן זיך דיר טרעפן אַזעלכע פריילי‌כע לוויה'לעך!...

# איך זוך אַ פּנים, צו זאָגן „גוט מאָרגן״

◇

## אַ פראַגמענט פון אַ בריוו

ליבע חבר׳טע!

איך לייען דיין לעצטן בריוול, וואו דו באַקלאָגסט זיך, ווי אומעטיג עס איז דיר צו לעבן אין דיין קליין „היק־שטעטל״, ווי דו רופסט עס, וואו מען זעט קוים אַ מענשן, און ביזט שטאַרק מקנא מיין זיין אין ד׳ער גרויסער וועלט־שטאָט ניו יאָרק, וואו עס קען נישט זיין אומעטיג, זאָגסטו. ווייל דאָס לעבן דאָ קאָכט, רוישט, שוויבלט און גריבלט מיט פאַרשידענע מענשן, אַלערליי פריילעכקייטן, אַלע סאָרטן נייעסטע און לעצטע ערפינדונגען, צו מאַכן דאָס לעבן וואָס גרינגער, וואָס באַקוועמער און ממילא שוין גליקליכער.

טאָ, לייענזשע איצט, מיין ליבע חבר׳טע, מיין בריוול, זע און הער ווי פוסט און אומעטיג עס קען זיך לעבן גראָד אין דער גרויסער לעבעדיקער קאָסמאָפּאָליטאָן שטאָט ניו יאָרק, ווי שרעקליך איינזאַם מען קען זיך געפינען אין אָט דער שיינער וועלט־שטאָט מיט אירע הויכע וואָלקנקראַצערס, גרויסע אַמיוזמענט־פּלעצער און ביליאָנען פינקעלדיקע עלעקטריק־ליכטען.

אמת, די גאַסן זיינען דאָ טאַקע אָנגעפּיקעוועט מיט מענשן, אָבער ווען קיינער פון זיי איז נישט מיינער און איך בין נישט קיינעמס, קענען דאָ אַוועק־גייען אַ סך, אַ סך טעג און נעכט, וואָס מען זאָל זיך אַרומדרייען צווישן דעם גרויסן מענשן קאַראַהאַד און אַזוי נישט האָבן צו וועמען אויסצורייידן אַ וואָרט, אַז מען זאָל אַזש פאַרגעסן, צי מען קען גאָר ריידן.

טאַקע אַ דאַנק דער מאָדערנער טעכניק מיט אירע אַלע גייעסטע און לעצטע ערפינדונגען, וואָס דו דערמאָנסט, איז די שטאָט אַזוי מייסטערהאַפט איינגעריכטעט, אַז מענשן קענען זיך דאָ גאַנץ פיין אויסלעבן זייערע יאָרן גאָר אין גאַנצן אָהן לשון. מען דאַרף דאָ האָבן צו די ערפינדונגען אַמאָל אַן אויג, אַ האַנט, זייטן, פינגער, אַקסלען, אַלץ, אָבער נישט קיין לשון.

יאָ, ליבע חבר'טע! עס טרעפן דאָ ביי מיר טעג, וואָס פון מיין אויפשטיין ביז מיין זיך לייגן רייד איך נישט אַרויס אַ וואָרט, נישט אפילו אַ זילבע. און מיין נישט, אַז איך וויל נישט ריידן, ניין, איך האָב פשוט נישט צו וועמען — און מיין אויך נישט, אַז איך זיץ אין שטוב, ניין! איך גיי אין גאַס, איך פאָר אין סאָבוויי, איך עס אין רעסטאָראַנען, איך זע מואוויס, איך רוף אין טעלעפאָן און אַלעס אָהן אַ וואָרט אויסצוריידן.

איך ווייס, אַז דאָס קען זיך גאָר נישט גלויבן, דו טראַכסט, אַז איך איבערטרייב, ווייל ווי קען אַזעלכעס פּאַסירן?

נו, איז אָט, נעם איך אַרויס איינעם פון מיינע בויאַרקער טעג לעבן און איך ווייז דאָס דיר. מיר וועלן נעמן טאַקע אָט דעם טאָג, איידער איך שרייב דיר דעם בריוו. און נאַ, הער און זע, ווי איך וואַנדער אַרום צווישן מיליאָנען מענשען און זוך אַ פּנים צו זאָגן „גוט מאָרגן".

עס איז געווען אַ שיינער ליכטיגער באַגינען. דער טומל פון די שכנ'שע צימערן, וואָס הינטער מיינע דינע ווענטלעך, האָבן מיך אויפגעוועקט פרי. יאָ, איך הער מענשליכע שטימען, מענשליכע רייד, אָבער נישט צו מיר, נור אין פרעמדע צימערן צו פרעמדע אויערן.

דער טאָג דורכ'ן פענסטער ווערט שטאַרקער, רוישיגער, דורך מיינע שויבן שפּאַרט זיך דורך אַ לאַנגער פּאַס זונען־שטראַל, שעמע־רירט אַריין אין מיינע אויגן און לאָזט מיך נישט מעהר שלאָפן. איך זעץ זיך אויף מיין געלעגער, קוק זיך אַרום אין מיין פוסטן צימערל, עס וויל זיך מיר אַזוי שטאַרק אויסריידן אַ „גוט־מאָרגן", אָבער נישטאָ צו וועמען!

דער זוניגער דרויסן ווינקט, רייצט און גיט האָפענונגען, אַז הינטער מיינע אַיינזאַמע ווענטלעך איז פאַראַנען אַ גרויסע וועלט. כאַפּ איך אויף גיך אַרויף מיינע קליידער, פאַרמאַך מיין צימערל און לאָז זיך צו דעם שיינעם דרויסן, זוכן וועמען צו זאָגן אַ „גוט מאָרגן" — און גלייך ביי מיין ערשטן טראָט באַגעגן איך שוין אַן ערפינדונג, וואָס האָט צוגענומען מיין ערשטן דרויסנדיגן „גוט מאָרגן".

איך גיי צו צום עלעווייטער. אַמאָל איז דאָ געשטאַנען אַ מענש,

אַן עלעוויטער־מאַן, האָט מען איהם געקענט זאָגן „גוט מאָרגן״. היינט איז דאָ אָנשטאָט דעם מענש אַן ערפינדונג, אַ קנעפּל אין וואַנט. איך רייד נישט, איך רוף נישט, איך דאַרף נישט קיין מויל, איך דאַרף נור אַ פינגער, אַ קוועטש דעם קנעפּל, עס עפנט זיך די טיר און דער עלעווייטער איז דאָ!

איך גיי אַריין, גיב ווידער אַ קוועטש אַ קנעפּל, איך פאָר! אָט בין איך שוין אין גאַס — און אָהן אַ „גוט מאָרגן״.

די גאַסן זיינען פול מיט מענשן. איינער לויפט אַהער, דער צווייטער לויפט אַהין. טרובּנדיגע אויטאָמאָבּילן לויפן כסדר נאָך, די מענשליכע טריט ווערן גיכערע, איילענדיגערע, זיך כסדר צו ראַטעווען פון די נאכלויפענדע אויטאָמאָבּילן. איך באַמערק, דאַכט זיך, דורכגעלאָפן באַקאַנטע. איך וויל אַריינכאַפּן אַ „גוט מאָרגן״, אָבער ביז איך גיב אַ ריר מיט אַ ליפּ, האָט זיי שוין אַן אויטאָמאָבּיל פאַרטריבּן.

נו, אַלע לויפן, לויף איך אויך — און פאַרלויף צו אַ רעסטאָראַנט. איך נעם אַרויס אַ טאָלער־ביל, גיי צו צו אַ בּודקעלע, וואו עס זיצט אַ מיידל און בייט אויס געלד. איך וויל איר זאָגן, וואָס איך וויל, כדי אויסצורעדן אַ וואָרט, איך וויל אַ כאַפּ טאָן איר בליק, כדי צו זאָגן „גוט מאָרגן״. אָבער דאָס מיידל ווייסט שוין וואָס איך וויל און אָהן אַ וואָרט און אָהן אַ קוק צו מיין זייט, גיט זי דורך איר שייבל אַ רוק אַרויס איר האַנט, אַ כאַפּ אַוועק מיין ביל, מיט אירע פינגער, אַ שנאַל אַרויס מיין קליינגעלט און איר האַנט כאַפּט שוין אַן אַנדערנ׳ס ביל — און זייטן, אַקסלען, עלענבויגענס, בייכער, וואָס שטייען אין אַ רייע הינטער מיין פּלייצע, שטופּן מיך גיך־גיך אַוועק פון דער מיידל׳ס פענסטער.

איצט וויל איך אַ קאָפע, קען מען דאָך מיינען, אַז איצט וועל איך שוין דאַרפן נוצן מיין מויל, בעטן אַ קאָפע. ווייס איך וואָס! איך גיי צו צו אַ וואַנט, וואַרף דאָרט אין אַ שפּאַרונג אַריין אַ ניקל און עס רינט אַרויס אַ קאָפע. איך וויל אַ סענעווידזש, איך דאַרף ווידער נישט קיין לשון. איך גיי צו צו אַ צווייטער וואַנט, וואַרף אַריין דריי ניקלס און עס שפּרינגט אַרויס אַ סענעווידזש.

אָפּגעגעסן. איך האָב דעם טאָג נישט וואָס צו טאָן, לאָז איך זיך ווידער איבער די גאַסן. איך קוק, איך זוך, איך וויל פאַרט געפינען אַ פּנים, צו זאָגן „גוט מאָרגן״. אָבער נישטאָ! איך דערמאָן זיך, אַז איך דאַרף ערגיץ צופאָרן. איך גיי אַרונטער אין סאָבוויי און נאָך אַמאָל דאָסזעלבע, איך דאַרף אַלץ נישט קיין לשון!

ביים דורכגאַנג צום סאָבוויי באַגעגנט מיך ווידער נישט קיין מענש, נור אַן אייזערנער סלופּ מיט אַ שפּאַרונעדיגן אייזערנעם

מײלעכל, דאָס אײזערנע מײלעכל גיט אַ שלינג אַרײַן מײַן ניקל אָדער דאַים און לאָזט מיך דורך דעם צאַם. די טירען פון דער טרײַן גיבן זיך אָהן לשון אַ צעעפן און הינטער מיר װידער נישט קײן מײלער, נור זײַטן, אַקסלען, עלענבויגנס, שטויסן, שטופּן און קײקלען מיך אַרײַן אינעװײניג. איך פאָר שוין אין טרײַן פון דאָרן טאָן צו אַפּ טאָן און נאָך אַלץ נישט אַרויסגערעדט קײן װאָרט.

אין דעם פּלאַץ, װאו איך בין געפאָרן, האָב איך קײנעם נישט געטראָפן אין הויז און איך פאָר צוריק. איך בין שוין װידער דאָרן טאָן און נאָך אַלץ אָהן אַ װאָרט.

עס פאָלט מיר אײַן אָפּצורופן עטליכע באַקענטע דורך׳ן טעלעפאָן. אַמאָל האָט מען געזאָגט „העלאָו״ צו דער טעלעפאָן אָפּערײטער, בעטן בײַ איר אַ נאָמבער. האָט מען דערװײל געניצט דאָס מויל, אויסגערעדט אַ װאָרט. הײַנט דאַרף מען צום טעלעפאָן אויך נישט קײן מויל, נור אַ פינגער, דרײען דאָס רעדל. נו, האָב איך געדרײט יענעם טאָג דאָס רעדל בײַ אַ זעקס מאָל, געדרײט און געדרײט, קײנעם נישט געטראָפן און מײַנע ליפּן זײַנען נאָך אַלץ פאַרמאַכט.

דערװײל איז שוין צײַט נאָך אַמאָל צו עסן. איך גײ װידער אַרײַן אין אַ רעסטאָראַנט, אַ קאַפעטעריע, די הײמען פון די נױאָרקער אײַנזאַמע.

בײַ דער טיר פון דער קאַפעטעריע שטײט װידער נישט קײן מענש, נור אַ מאַשינדל. דאָס מאַשינדל דערלאַנגט מיר גלײַך אַ טיקעט. גראָד אַ באַקאַנט מאַשינדל. עס דערלאַנגט מיר יעדן טאָג אַ טיקעט. אָבער גײ זאָג צו אַ מאַשינדל: „האָו־דו־יו־דו״ אָדער „אַ דאַנק״, גיב איך אַ נעם דעם טיקעט און גײ צום קאַנטער. בײַם קאַנטער שטײט אַלעס אָנגעשטעלט צום אָנקוקן. בעטן עפּעס, װײס איך אפילו נישט די נעמען פון די מאַכלים — און דער קאַנטערמאַן פון יענער זײַט קען גאָר אפילו נישט הערן, װען איך זאָל רײדן.

נוץ איך װידער נישט קײן מויל, נור אַ פינגער, גיב אַ װײַז װאָס איך װיל אָהן אַ װאָרט. דער קאַנטערמאַן דערלאַנגט עס מיר אָהן אַ װאָרט. איך גיב איהם מײַן טשעק אָהן אַ װאָרט. ער גיט מיט אַ מאַשינקעלע אַ קנאַק דעם פּרײַז אָהן אַ װאָרט. איך עס שוין מיטאָג און נאָך אַלץ נישט אַרויסגערעדט קײן װאָרט.

עסנדיג קוק איך זיך אַרום צו די אַנדערע טישן. עס איז אַ באַ־קאַנטע „קיבעצאַרניע״. אפשר װעל איך פאָרט געפינען אימיצן צו זאָגן „האלאָו״. איך באַטראַכט די פּנימער. מען רויכערט נעכטיגע האַלבע פּאַפּיראָסן, מען ברעכט הײַנטיגע גאַנצע טוטפּיקס, מען היצט זיך װעגן אַמאָל־אַמאָל אויסצוגלײַכן די װעלט פאַר אַלעמען און װעגן הײַנטיגע

גוטע דזשאבס פאַר זיך — און יעדער איז אַזוי פאַרטאָן מיט׳ן זיך, אַז זיין אויג באַמערקט גאָר נישט, צי אימיצער איז אַריין אָדער אַרויס. צי מען זיצט פון היינט אָדער מען זיצט נאָך פון נעכטן. איך זע, אַז איך האָב דאָ נישט קיין פּנים, וואָס זאָל וועלן אָדער צייט האָבן אויס־צודרייען דעם בליק פאַר מיין „העלאָו״.

עס איך אָפּ און גיי צוריק צו דער טיר. די געדרייטע טיר דרייט זיך און דרייט מיך צוריק אַרויס אויף דער גאַס.

מיר פון מיין איינזאַמקייט, באַשליס איך צו גיין זען אַ מוּאווי. דאָרט אין אַ געשריבן און געשפּילט לעבן פאַרטומלען אַ ביסל מיין עלנטקייט. איך קום צו צו דער מוּאווי, איך דאַרף ווידער נישט קיין לשון. די קעשירין רוקט אַרויס דורך איר שייבל די שפּיצן פון אירע דריי פינגער, גיט אָהן אַ וואָרט אַ כאַפּ מיין געלט. איר מאַשינקעלע קנאַקט אַרויס מיין טיקעט. דער דאָרקיפּער אָהן אַ וואָרט רייסט איבער מיין טיקעט און לאָזט מיך דורך. דער אַשער אָהן אַ וואָרט ווייזט מיר מיט אַן עלעקטריק ליכט מיין פּלאַץ.

איך זיץ שוין אין די מוּאווִיס און נישט מיין ליפּ האָט אַרויס־געדערט און נישט מיין אויער האָט געהערט אַ קול צו מיר אַרויס־ריידן „בו״.

אַוועק איז מיין טאָג שוין צוזאַמען מיט אַ שטיקל נאַכט. איך גיי שוין פון די מוּאווִיס און נאָך אַלץ אָהן אַ וואָרט.

איך לאָז זיך צוריק צו מיין איינזאַם צימערל. איך לויף איצט אַהין ווי צו מיין איינציגער רעטונג. איך וויל אין שלאָף פאַרגעסן מיין עלנט. אָבער וואָס מעהר עס דערנענטערן זיך מיינע טריט צו מיין צימערל, אַלץ פוסטער און טרויעריגער ווערט מיר אויף מיין האַרצן. ווען איך טראַכט פון מיין צימערל, דערמאָן איך זיך אָן אַ ליד פון אונזער גרויסן דיכטער אברהם רייזן, וואָס די ווערטער זיינען:

> אומעטיג, פריינד מיינס, איז צו זיין דאָ אַליין,
> קענסט אפשר קומען צו מיר?
> מיין צימער איז אָרים, מיין צימער איז קליין
> נור עס האָט אַ באַזונדערע טיר.
> עס האָט אַ באַזונדערע טיר.
> נור קיינער, אוי, קלאָפּט נישט אין איר.

יאָ, חבר׳טע מיינע, וואָס מעהר עס דערנענטערן זיך מיינע טריט צו מיין איינזאַם צימערל, אַלץ מרה־שחורה׳דיגער ווערט מיין געמיט. נור עלענדע קענען פאַרשטיין דאָס געפיל פון עפענען אַ טיר און זוכן אין דער פוסטער פינסטערקייט אָנצוצינדען דעם לאָמפּ און פאַר דער שיין

פונעם ליכט ערשט דערזען אויף די שמאָלע לאַנגע ווענטלעך נור דעם אייגענעם שאָטן.

אַ ביסל לעבן פאַרמאָגט דאָך מיין פּוסט צימערל, דאָס ביסל לעבן קומט צו מיר אַריין פון מיינע שכנ׳שע צימערן און דאָס איז אויך אַ דאַנק די מאָדערנע ערפינדונגען. יאָ, אַ דאַנק די ערפינדונגען האָט מיין לענדלאָרד פון עטליכע גרויסע צימערן געמאַכט אַ סך קליינע צימערלעך, פּשוט איבערגעצאַמט מיט אַ סך ווענטלעך. די ווענטלעך זיינען אָבער אַזוי דין, אַז איין שכן הערט, ווי דער צווייטער גיט אַ הוסט אָדער אַ גענייץ. אָפטמאָל ווען איך הערריידן הינטער׳ן ווענטל, פאַרגעס איך שיר, אַז עס איז נישט צו מיר און איך וויל ענטפערן.

די שכנים, וואָס וואוינען אין די צימערלעך אַ לענגערע צייט, ווייסן שוין וועגן די דינקייט פון די ווענט און זיי היטן זיך מיט אַלעם. זיי ריידן זעהר שטיל, כמעט סודות׳דיג. די שכנים זיינען אָבער דאָ פאַרשידענע. איינציגע וואוינען פון וואָך, איינציגע פון חודש און אַנדערע פון טאָג.

ווען עס ציהען זיך אַריין נייע שכנים, ווייסן זיי נאָך נישט וועגן די דינקייט פון אונזערע ווענט, מיינען זיי, אַז זיי זיינען אין אמת׳ע היימן און לאָזן זיך וואוילגיין.

אָט אין דעם מזל׳דיגן נישט־געדערטן טאָג מיינעם, האָבן זיך פּונקט אַריינגעצויגן צוויי נייע שכנים הינטער מיינע ביידע ווענט.

ווען איך בין אַריין אין מיין צימערל, איז נאָך געווען פרי אין דער נאַכט, קיינער פון מיינע שכנים איז נאָך נישט געווען אין זייערע צימערן. איך בין געווען מיד פונעם וואַנדערן און האָב זיך גלייך אַ לייג געטאָן אויף׳ן בעט. נאָך אַ היבשע ווילע פון גליווערן מיינע טרערן און זיך וואַרפן אויף מיין געלעגער, בין איך ענדליך איינגעשלאָפן.

פלוצלינג אין מיטן פון מיין שלאָף, עס פליהט אַ פּאַטש, אַ פלאַסק אין באַק! איך צעוויין זיך אויף׳ן קול! — און נאָך איידער איך כאַפּ מיין אָטעם, פליהט אַ צווייטער פלאַסק!... ביים צווייטן פּאַטש האָב איך שוין אָנגעצונדען די עלעקטריק, און דאַן דערזען און דערהערט, אַז די פּעטש און דער געוויין באַלאַנגען גאָר נישט צו מיר, נור צו מיין שכנה, הינטער מיין דינעם ווענטל.

איך זיץ אַ ווילע אויף מיין געלעגער און זע איין, אַז עס איז שלעכט, איך קען נישט שלאָפן, ווייל איך האַלט אין איין קריגן פּאַטש נאָך פּאַטש. איך האָב גענומען זוכן אַן עצה, געטראַכט, געטראַכט און געפאַלן אויף אַ פּלאַן. איך האָב זיך גענומען צום איבערשטעלן מיינע מעבל און נאָך אַ פּאָר שעה פון אַרומשטופּן דעם דרעסער אַהער און

די שאַפּע אָהין, האָב איך ענדליך צוגעשטופּט מיין בעט צו דער צווייטער וואַנט.

פאַרלאָשן דאָס ליכט, איינגעגנורעט מיין קאָפּ אין ווענטל און בין מיט מזל צוריק איינגעשלאָפן.

איך ווייס נישט ווי לאַנג איך האָב געשלאָפן, ווען פּלוצלינג האָט אויף מיר אָפּגעקלונגען אַ שטאַרקער קוש און באַלד נאָך און נאָך אַ קוש און אין מיינע אויערן האָט אַ האַרציג זיס קול אַריינגעשעפּטשעט:

„דאַרלינג, נעם מיך אַרום!"

דער קול איז געווען אַזאַ זיסער, אַזאַ לאַשטשענדער, אַזאַ בעטענדער, אַז איך האָב נישט געקענט זאָגן „ניין".

איך האָב אַרומגענומען און שטאַרק צוגעדריקט צו מיין האַרצן, אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב אַזש אַן עפּן געטון מיינע אויגן און דערזען, אַז דאָס דריק איך שטאַרק מיין קאָלדרע, איך האָב ווידער געמאַכט ליכטיג און דערהערט פון הינטער מיין צווייטער ווענטל דאָס וויספּערן:

„דאַרלינג, גיב מיר נאָך אַ קוש, נאָך אַ קוש!"

ליבע חבר׳טע! איך האָב אַליין נישט געוואוסט, ביי וועלכער ווענטל עס איז מיר געווען ערגער!...

# פיר חתונות

◇

## סצענקע פון אַ סצענע

מר. ליוואי און מר. לינדענבוים, זיינען אַמאָל צוזאַמען געווען חדר־אינגלעך, און כאָטש דער שיקזאַל האָט זיי באַזעצט אין באַזונדערע שטעדט, איז דער גאַנג פון זייערע לעבנס געווען זעהר ענליך איינס צום צווייטן.

ביידע זיינען נאָך זייערע חדר־יאָרן געוואָרן סטודענטן און גלייכצייטיג קעמפער, אויסצוגלייכן די וועלט... אָבער נאָך די קאַמפּס־יאָרן זיינען זיי געוואָרן אַרויפגעאַרבעטע באַלעבאַטים און וויכטיגע מיטגלידער אין געזעלשאַפטליכן לעבן. ביידע האָבן געהייראַט און ביידע האָבן געהאַט צו איינציגע טעכטער.

מר. ליוואי האָט נישט זעהר ליב געהאַט זיין פרוי, ער איז אָבער געווען צו אינטעליגענט און צו פאַרנונפטיג איר דאָס צו לאָזן וויסן, אָדער געבן צו פילן...

זיין פרוי, די מאַדאַם בערטע ליוואי, איז געווען „מאַמע איבער אַלעס”. זי האָט איר גאַנץ האַרץ, נשמה און ליבע אַריינגעגעבן אין איר איינציגער טאָכטער בינא, וועלכע איז געווען באַשאַנקען מיט פיל מעלות און מיט איין גרויסן חסרון...

כאָטש טאַטע־מאַמע זיינען געווען זיכער שיינע, איז די טאָכטער געווען פשוט נישט קיין שיינע... זי איז אויסגעוואַקסן אַ זעהר אינטעליגענטע מיט עטליכע קאָלעדזש־דעגריס, אָבער איר ניט־שיין פּנים האָט איר געשטערט צו דער פרוי'ס הויפּט־דעגרי, צו אַ „שותף” אין איר לעבן...

בינא האָט געזוכט ליבע, און איר מאַמע האָט פאַר איר געזוכט אַ פּאַסיגן שידוך, ווייל בינא, דער גרויסער קאָפּ־מענש, מיט די עטליכע

קאַלעדזש־דעגריס און אין דער מאַמעס אויגן — דאָס שענסטע מיידל, קאָן דאָך גישט נעמען אבי וועמען...

דערווייל האָבן זיך טעג געביטן מיט נעכט. פּריליִנגס מיט הערבסטן — און נינאַ׳ס מאַמע האָט די ערשטע דערזען איר טאָכטער׳ס אַלט־מיידלקייט...

די מאַמע איז צוליב דעם אַרומגעגאַנגען טעג ניט קיין געגעסענע. נעכט געלעגן ניט קיין געשלאָפענע, ביז דער גרויסער צער פון איר טאָכטער׳ס אַלט־מיידלקייט האָט מיסעס ליוואַי׳ס געזונט באַזיגט און זי איז פון האַרץ־ווייטאָג געשטאָרבן...

מיסעס ליוואַי׳ס קראַנקהייט און טויט האָבן אָוועקגענומען ביים טאַטן און טאָכטער אַ סך געזונט, און ביידע צוזאַמען האָבן זיך אָוועק־געלאָזט פאַר אַ רייזע איבער׳ן לאַנד. מר. ליוואַי האָט עס געדאַרפט צוליב געשעפט און אין דערזעלבער צייט האָבן זיך טאָקע ביידע געוואָלט אַביסל באַרוהיגן פון זייער גרויסן צער. און אפשר וועט גאָר די טאָכטער אויפ׳ן וועג ערגעץ געפינען איר באַשערטן. האָט דער טאַטע גלייכצייטיג געהאָפט, ווייל איצטער אָן דער מאַמען איז זי דאָך נעבעך געבליבן אינגאַנצן אַליין, פלעגט ער טראַכטן באַהאַלטענדיג פון איר זיינע רחמנות־בליקן, און וואו זיי זיינען געגאַנגען און געפאָרן, האָט דער פאָטער כסדר געזוכט און געשטעטרט פאַר דער טאָכטער אַ ביסל גליק.

נינאַ האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וואָס און וועמען איר געטרייער פאָטער זוכט אַזוי נייגעריג, אויף אַלע זייערע וועגן, און זי האָט אויף דעם האַפנונגספול געשמייכלט און אויך גאַנץ אָפט אונטער׳ן שמייכל באַהאַלטן אַ טרער.

און איינמאָל אַזוי קוקנדיג און זוכנדיג פאַר זיין טאָכטער אַ באַ־שערטן, האָבן דעם טאַטנ׳ס בליקן דערזען זיינע אַן אַלטע פריינדין. אַן אַלמנה, און נינאַ האָט באַמערקט, אַז אַ יוגענט־פייערל האָט אין זייערע ביידנס אויגן אָנגעהויבן פינקלען...

זי האָט געוואוסט, אַז איר פאָטער האָט נאָך אַ סך געשעפטן צו פאַרזאָרגן אין דער שטאָדט. וואו זיי האָבן זיך דאָן געפונען. זי האָט זיך שוין אויך געפילט אַ ביסל מיד פון דעם אַרומרייזן, האָט זי דעריבער באַשלאָסן איבערצולאָזן דעם טאַטן צו זיינע „געשעפטן" און אַליין זיך אומקערן צוריק אַהיים און אויסדערציילן דער מאַמע׳ן אויפ׳ן קבר די איינדרוקן פון איר רייזע...

דער טאַטע איז, אַלזאָ, פאַרבליבן און די טאָכטער איז צוריקגע־פאָרן. עס זיינען אָוועק וואָכן, חדשים. טאַטע און טאָכטער האָבן זיך

דורך בריף זייערע הערצער אויסגערעט. נינא האָט אויך גוט געדענקט, וואָס פאַר אַ ליכטיג פייערל עס האָט זיך געצונדן אין איר טאַטן׳ס אויגן, ווען ער האָט זיך פּלוצלינג באַגעגנט מיט זיין יוגענד־פריינדין, די אלמנה, מיסעס רייכלין. עס איז איר דערפאַר גאָר קיין וואונדער ניט געווען, ווען דער פאָטער האָט אין איינעם פון זיינע בריף איר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער האָט חתונה געהאַט, און אַז זי וועט שוין לאַנג ניט דאַרפן זיין אַליין, ווייל ער קומט אַהיים און ברענגט איר אַ פריינדין...

די גרויס־געלערנטע קלוגע טאָכטער האָט שטאַרק ליב געהאַט איר שיינעם אינטעליגענטן און פון מענשן געשעצטן טאַטן. זי האָט אויך געוואוסט, אַז כאָטש איר פאָטער איז געווען גוט צו איר מאַמע׳ן, האָט ער אָפּגעלעבט אַ לעבן אָן ליבע...

ליבע, דער געפיל, נאָך וועלכן איר הונגעריג האַרץ האָט אַזוי שטאַרק געבענקט און נאָך וואָס איר טאַטע איז מיט איר אַרומגעפאָרן, צו העלפן דאָס זוכן פאַר איר, האָט גאָר געפונען דעם וועג צו איר טאַטן...

נינא האָט געפילט און פאַרשטאַנען, אַז איר פאָטער איז נישט באַגאַנגען קיין שום עולה. דער מאַמע׳ן איז דאָך שוין אַלץ־איינס, פאַרוואָס זאָל דער טאַטע ניט זיין אַ ביסיל גליקליך? זי האָט אָבער אויך פאַרשטאַנען און געוואוסט, אַז די וועלט, די מענשן, וועלן דאָס אַנדערש פאַרשטיין, אַז מען וועט איצט טייטלען מיט די פינגער אויף איר טאַטן און אַלץ צוליב איר, ווייל מען וועט זאָגן: „זיצט אַ טאָכטער, ניט קיין פאַרהייראַטע, און ער, דער טאַטע איז שוין געלאָפן און ווידער חתונה געהאַט!..."

יעדער טאָג, וואָס האָט זיך דערנענטערט צום טאַטן׳ס אָנקומען, איז דערפאַר געוואָרן פאַר נינאַ׳ן אַלץ שרעקליכער, זי איז אַרומגעגאַנגען און כסדר געזוכט פּלענער, ווי אַזוי צו ראַטעווען איר טאַטן פון לייטישע מיילער. זי האָט איינגעזען, אַז עס איז דאָ נאָר איין פּלאַן, און דאָס איז, אַז זי זאָל שנעל הייראַטן, איידער דער טאַטע קומט אַהיים מיט זיין נייער פרוי...

אַזוי ווי איר חתונה האָט געזאָלט זיין צוליב איין צוועק, נאָר צו באַשיצן איר פאָטער פון לייטישע גערינגשעצונגען, איז איר דערפאַר נישט שווער געווען אַליין צו זוכן דעם חתן, — און אַז מען זוכט, געפינט מען...

עס האָט זיך באַלד אָפּגערופן אירער אַ באַקאַנטער, וועלכער האָט זיך יאָרן־לאַנג אַרומגעפּלאָנטערט נעבן איר היים, און זי האָט אים קיינמאָל נישט באַמערקט...

אָבער איצט, צוליב איר טאַט׳ן, האָט זי אין דעם יונגענמאַן קיין שום חסרון נישט געזען... זי האָט געטראַכט, אַז זי האָט דאָך סיי־ווי נישט וועמען ליב צו האָבן... וואָס׳זשע האָט זי דאָ צו פאַרלירן? אויף׳ן ערגסטן פאַל איז דאָך דאָ אַ גט.

און מיט דריי טעג פריער, איידער מר. ליוואי איז אהיימגעקומען, האָט נינא פאַר אַ פאָר היימישע מענשן געפּראַוועט איר חופּה...

און פריינד, שכנים און באַקאַנטע, וועלכע האָבן פריער כסדר געציילט נינא׳ס יאָרן, האָבן איצט געהאַלטן אין איין טענה׳ן פון דעם נישט־גלייכן שידוך און אַז זי, נינא, איז נאָך גאָר ניט אַזוי אַלט צו כאַפּן אַבי וועמען, כדי נאָר חתונה צו האָבן... ווען דער טאַטע וואָלט געווען אין דער היים, וואָלט ער עס זיכער נישט דערלאָזט...

ווען מר. ליוואי מיט זיין נייער פרוי זיינען געקומען אהיים, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, וואָס זיין טאָכטער האָט דאָ אָפּגעטאָן, אַז איר חתונה איז נאָר צוליב אים... ער האָט זיך דאַריבער געפילט שטאַרק שולדיג געגן זיין ליידענדער טאָכטער און כאָטש זיין חתונה האָט אים און זיין פרוי געגעבן פיל גליק, האָט ער צוליב זיין טאָכטער׳ס אָפּפער כמעט ווי חרטה געהאַט אויף זיין שריט. ווייל ער האָט זיך געשראָקן, אַז אַזאַ ניט גלייכע און געכאַפּטע חתונה ווי זיין טאָכטער׳ס וועט זיכער באַלד פירן צו אַ גט... אָבער ווען אַנשטאָט דעם דערוואַרטעטן גט, איז ער גאָר צום יאָר געוואָרן אַ זיידע, האָט ער, קוקנדיג אויף זיין געליבטע טאָכטער, געשריבן אַ בריף צו זיין יוגענט־פריינד לינדענבוים, און ער האָט אים געראַטן, ער זאָל נאָכטאָן זיין ביישפּיל, ווייל מען דאַרף אָפּט נעמען דאָס לעבן מיט געוואַלט, אויב מען וויל געניסן אַ ביסעלע גליק.

---

לינדענבוים איז שוין אויך זייט עטליכע יאָר געווען אַן אַלמן. זיין איינציגע טאָכטער דאשע, האָט אויך ווי זיין פריינד׳ס טאָכטער נינא, שוין לאַנג איבערגעשפּאַנט דעם גרעניץ פון מיידעלשער יוגענט...

דאשע האָט געליטן פון פונקט דאָס פאַרקערטע ווי איר פריינדין נינא. זי האָט געליטן פון צופיל שיינקייט, ווייל ווען צו דאַשע׳ס רייכער בכבוד׳יגער פאַמיליע און צו אירע אייגענע עטליכע קאַלעדזש־דיפּלאָמאָס איז נאָך צוגעקומען אַ פּרייז־געווינס פאַר איר שיינקייט, איז שוין דאַן גאָר קיינעם קיין וואונדער געווען, וואָס פאַר דאשע׳ן זיינען קיינער פון די באַקאַנטע יונגעלייט ניט געווען גוט־גענוג...

אַלע דריי, סיי די גראַטענע שיינע טאָכטער, סיי טאַטע־מאַמע, זיינען געווען זעהר ראָמאַנטישע מענשן, האָבן זיי דערפאַר אַלע גע־

חלומ׳ט, אַז פּאַר דאַשע׳ן דאַרף אַראָפּקומען עפּעס אַזאַ ליבע, וואָס אפשר נאָר אין די הימלען קאָן מען דאָס געפינען...

און אַט אַזוי האָט אויך די שײנע דאַשע צוליב אירע צופיל מעלות אַרײנגעשפּאַנט אַלײן אין די דרײסיגער... קײן מאַן האָט מיט איר ניט מיטגעשפּאַנט און אַ קינד האָט איר קײן מאַמע׳ס געבורטס־מתנה ניט צו־געבראַכט, ווי דאָס האָט פּאַסירט בײ אירע חבר׳טעס.

און טאַטע־מאַמע האָט דורך באַהאַלטענע זיפצן געזוכט וואָס שנעלער אירע איצטיגע געבורטס־טעג אַריבער צו קומען, ווײל די געבורטס־טעג, וואָס קומען צו אַ מײדל נאָך דרײסיג, זײנען ווי ניט־געשטעלטע יאָר־צײטן... סײ פאַר דער מײדל, וועלכע פּרובירט די צרה פאַרלאַכן און סײ פאַר איר מאַמע, װעלכע באַגלײט אַזעלכע טעג מיט הײסע טרערן...

די לינדענבױם־פאַמיליע, טראָץ איר אינטעליגענץ, איז אין דעם פאַל נישט געווען קײן אויסנאַם. עס האָט זיך זײ געדאַכט, אַז עפּעס ווי אַן „עכאָ" פון גאָר אַלטע צײטן האָט די לופט מיט זיך מיטגעבראַכט פון דעם הײמישן קלײנשטעדטל אַהער אין אַמעריקע און האָט עס אויס־געשפּרײט אויף יעדן פרײנד און באַקאַנטן׳ס פּנים, פון וועמעס „העלאָו" און „גוט־מאָרגן" עס האָבן כּסדר אַרויסגעהויכט די ווערטער: „איר האָט אַ פלעק אין דער משפּחה, אַן אַלטע מויד!..."

אַ קאָמישער פלעק, דאַכט זיך, ווײל וואָס איז עס פאַר אַ חרפּה נישט צו זײן פאַרהײראַט? וועמען האָט מען דערמיט שלעכטס געטאָן? ניט געזנוג די לײדן פון פוסטקײט און אײנזאַמקײט, פילט זיך נאָך אַזאַ אײנע פאַרלוירן, פאַרשעמט, ווי עפּעס אַ שולדיגע, ווי זי וואָלט גאָר דער וועלט געקומען אַ חוב... און די וועלט פאַרגעסט נישט, מאָנט דעם חוב, מאָנט דורך ציניש׳ע שמײכלען און אַלערלײ שושקענישן...

דאַשע׳ס מאַמע איז געשטאָרבן פון אַ שווערער קראַנקהײט. אַזוי האָבן אַלע געוואוסט, אָבער די טאָכטער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אַ גרויסן חלק אין איר מאַמע׳ס טויט האָבן געהאַט אירע געבורטס־טעג, וועלכע איר מאַמע האָט אַמאָל אַזוי ליב געהאַט צו פּראַווען, מיט פיל פּאַראַד און גרויסאַרטיגע פּאַרטיס פלעגט די מאַמע באַגעגענען איר טאָכטער׳ס געבורטס־טאָג ביז דעם צוויי און צוואַנציגסטן יאָר. אָבער פון דאַמאָלס אָן האָט שוין די מאַמע צוליב דער טאָכטער׳ס אונפאַר־הײראַטקײט אָנגעפאַנגען באַהאַלטן די געבורטס־טעג און אָפּדינגען אירע יאָרן.

ווען די מאַמע איז געשטאָרבן, זײנען טאַטע און טאָכטער געוואָרן נאָך מער צוגעבונדן, בײדע האָבן כּסדר רחמנות געהאַט אײנס אויפ׳ן צווײטנס עלענדקײט און האָבן דערפאַר ווי געטרײע שומרים געוואַכט אײנס איבער׳ן אַנדערן.

דאָשע האָט נאָך געהאַט אין זיך פיל פון איר יוגענט־שיינקייט. זי האָט אויך פאַרמאָגט אַ סך געלד, סיי די ירושה פון דער מאַמע, סיי וואָס דער טאַטע האָט פון איר־טוועגן אָוועקגעלייגט, און אויך פון אירע אייגענע פאַרדינסטן, ווייל זי איז געווען אַ מענעדזשערקע פון אַ גרויס געשעפט און האָט דאָרט גוט פאַרדינט. און ווען אימיצער פון די באַקאַנטע האָט זיך איצט צו איר פרובירט שדכ׳נען, האָט זי באַלד פאַרדעכטיגט, אַז דאָס וויל מען נישט זי, נאָר מען מיינט איר געלד. און זי האָט זיך דערפאַר פון יענעם אָפּגעקערט. איר גאַנצער אינטערעס איז איצט געווען איר אַרבייט, וועלכע זי האָט ניט פיינט געהאַט, און איר פאָטער, וועמען זי האָט שטאַרק געליבט און געשעצט.

אומעטום איז נישט אָפּגעטראָטן דער טאַטע פון דער טאָכטער און די טאָכטער פון טאַט׳ן. צוזאַמען איז מען אין טעאַטער געגאַנגען, צוזאַמען צו קאָנצערטן, צוזאַמען אין שטוב געזעסן און צו דער ראַדיאָ זיך צוגעהערט.

מער פון אַלץ האָבן ביידע אָפּגעהיט צו בלייבן צוזאַמען אין די פרייטאַג־צו־נאַכטן. דאָס איז געווען זייער ביידענס „היים־נאַכט״. קיינער און קיין זאַך האָט עס ניט געשטאָרט און ניט געקאָנט פון זיי אַוועקנעמען. די פרייטאָג־דיגע סאַפּערס האָבן זיי געמוזט עסן אין דער היים, ווי אַמאָל מיט דער מאַמען. פלעגט זיך טאַקע דאָשע בריה׳נען און קאָכן דיזעלבע מאכלים, וואָס די מאַמע האָט אַמאָל געקאָכט און זיי האָבן פון די פרייטאָגן ביידע געהאַט גרויס הנאה.

און ווען צו מר. לינדענבוים פלעגט זיך אַמאָל זיין עלטער באַווייזן דורך שוואַכקייט, האָט עס די טאָכטער באַלד אַרויפגעלייגט אויף די רעסטאָראַנטס, און כדי אָפּצוהיטן דעם טאַטן׳ס געזונט, האָט זי שוין גענומען קאָכן יעדן טאָג אַליין. אָט אַזוי האָט דאָשע ביסלעכווייז כמעט איז גאַנצן פאַרנומען איר מאַמע׳ס פּלאַץ. זי האָט זיך געפירט און געפילט ווי אַ באַלעבאָסטע, אַזוי, אַז זי האָט כמעט ווי פאַרגעסן, אַז זי איז נישט פאַרהייראַט . . . און לינדענבוים האָט זיך געפילט באַקוועם און גליקליך, וואָס ער האָט אויף זיין עלטער אַזאַ גוטן קאָמפּאַניאָן.

אַזוי איז אַוועק אַ לאַנגע צייט. ביידע האָבן זיך שוין אין דעם סאָרט לעבן אַזוי איינגעלעבט, אַז זיי האָבן אַזש פאַרגעסן, אַז עס דאַרף זיין אַנדערש, ביז דער פּאָסטמאַן האָט אין איינעם פון די פרי־מאָרגנס געבראַכט מר. ליוואַי׳ס בריוו . . .

דער בריוו האָט געבראַכט מיט זיך אַ שטורם, וואָס האָט אין גאַנצן צעטרייסלט די פאַרגליווערט איינגעזעסענע צוויי לעבנס . . .

„אַ זיידע, אַ זיידע״ — האָט עס כסדר געהאַמערט אין לינדענבוים׳ס מוח. זיין פריינט ליוואַי איז געוואָרן אַ זיידע — און ער, זעט

אויס, וועט שוין צו דעם „טריל״ פון ווערן אַ זיידע קיינמאָל ניט קומען, ווייל ער איז קרענקליך און זיין טאָכטער וועט שוין באַלד, באַלד אַלץ פאַרשפּעטיגן... און וואָס וועט זיין, אַז ער וועט אָוועקשטאַרבן? מיט וועמען בלייבט זי דאַן איבער? — האָט זיך פלוצלינג די פראַגע איינגע־עגבערט אין זיין מוח און האָט פון דאָרט אויף אַ סעקונדע ניט געוואָלט אוועק.

ווען לינדענבוים האָט פּרובירט אַ רייד טאָן מיט דער טאָכטער וועגן עפּעס אַ שידוך, האָט זי אויף דעם קאַפּריזנע געענטפערט, אַז חוץ אים האָט זי פיינט אַלע מענער, וועלכע האָבן אָן איר ביז איצט פאַר־געסן... און איצט פעלן זיי איר שוין ניט. איצט איז זי צופרידן מיט׳ן לעבן, אַזוי ווי עס איז...

אָבער ביי דער נאַכט אין זיין שלאָפלאָזיגקייט פלעגט דער טאַטע הערן פון זיין טאָכטער׳ס צימער דאָס זיפצן פון אַ פאַרשעמט איבער־געברענט האַרץ, און אין דער פרי האָבן די בלעזלעך אונטער דאשע׳ס אויגן עדות געזאָגט, אַז איר קישן ווערט אָפט נאַס דורך די טרערן פון איר בענקשאַפט.

לינדענבוים איז איצט אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטער און כסדר געזוכט פלענער ווי אַזוי אַרויסצורייסן פון׳ם שנעל אָוועקגייענדיגן לעבן כאָטש איין טראָפּן גליק פאַר זיין איינזאַמער טאָכטער — און ער האָט בשום אופן נישט געפונען קיין אַנדערן אויסוועג, ווי נאָר צו פאָלגן זיין יוגענט־פריינט און נאָכטאָן זיין ביישפּיל...

אַזוי האָט לינדענבוים ענדליך באַשלאָסן, און מיט דער האָפענונג, אַז זיין טאָכטער וועט זיכער האַנדלען ווי זיין פריינד׳ס טאָכטער, האָט ער באַלד אָנגעפאַנגען זוכן אַ כלה. און אַז מען זוכט, געפינט מען. אין זיין אייגענעם קרייז האָט זיך באַלד געפונען אַ מיידל, וועלכע איז אויך געווען אַן אַמאָליגע שיינהייט און אין איין עלטער מיט זיין טאָכטער.

אַזוי שנעל ווי דאָס מיידל, די אַמאָליגע שיינהייט, האָט נאָר געענטפערט „יאָ״, האָט לינדענבוים זיך באַלד געשטעלט אונטער דער חופה, כדי מענשן זאָלן ווי צום שנעלסטן אים אָנפאַנגען באַריידן...

דאָ האָט אָבער פּאַסירט אַזעלכעס, וואָס לינדענבוים׳ן האָט גאָר ניט געקאָנט איינפאַלן; קיינער פון זיינע פריינט און באַקאַנטע האָט נישט אַרויסגערעדט קיין איין שלעכט וואָרט געגן זיין שידוך. דאָס מיידל האָבן אַלע געקענט און געגליכן, און יעדער האָט געזאָגט, אַז עס איז אַ גאַנץ פּאַסיגע זאַך, ווייל ווי־פיל איז טאַקי דער שיעור צו היטן די טאָכטער? דער טאַטע פאַרצאַמט דאָך נאָר אירע וועגן מיט דעם, וואָס ער איז איר שטענדיגער קאָמפּאַניאָן... זי האָט גענוג געלד צו מאַכן גליקליך זיך און אַ מאַן — און לינדענבוים איז גענוג רייך צו געבן

אַ ביסל בעקוועמליכקייט צו אַן אָרים מיידל — און זאָלן פיר מענשן זיין גליקליך...

די איינציגע וואָס האָט דאָ געטעדט און בארעדט, איז געווען די טאָכטער אַליין. צום טאַטן׳ס אַלע דערקלערונגען, אַז זיין חתונה איז נאָר צוליב איר, האָט זיך דאָשע אפילו ניט געוואָלט צוהערן. זי איז כסדר אַרומגעגאַנגען ווילד פון צאָרן, האָט צום טאַט׳ן באַלד אויפגעהערט ריידן און אויף די שטיף־מאַמע האָט זי אפילו נישט געוואָלט אַ קוק טאָן, כאָטש יענע האָט מיט אַלע כחות, פּרובירט מיט איר זיין גוט־פריינט.

און האָט דאָשע באַמערקט עפּעס אַ צערטליכקייט פון איר טאַט׳ן צו דער פרעמדער פרוי, וועמעס שיינקייט עס האָט זיך אין איר טאַטן׳ס הויז צוריק פאַנאַנדערגעבליט, פלעגט אין אַזאַ מאָמענט דאָשע פאַרבייסן אירע ליפּן און מיט טרערן אין די אויגן אַנטלויפן אין איר צימער, פאַרריגלענדיג היגטער זיך די טיר.

די מערסטע צייט פלעגט דאָשע איצט ליגן אין איר צימער און וויינען, אָדער גאָר אויף גאַנצענע טעג פון דער היים אַנטלויפן.

צוליב זיין טאָכטער׳ס אויפפירונג, איז צו לינדענבוים׳ס ליידן קיין גלייכן ניט געווען. אַלע פריינט און באַקאַנטע האָבן דאָשע׳ן געגעבן אומגערעכט, געווען בייז אויף איר, וואָס זי פאַרביטערט אַזוי די לעבנס פון איר טאַטן מיט זיין פרוי. זיי פלעגן זיך נאָכאַנאַנד וואונדערן, וואו עס איז אַהינגעקומען דאָשע׳ס פאַרשטאַנד און איר הויכע אינטעליגענץ.

די איינציגע, וואָס האָט דאָשע׳ן פאַרשטאַנען און מיט איר מיטגעפילט, איז געווען דווקא די שטיף מאַמע, די איצטיגע מאַדאַם לינדענבוים און פריערדיגע עלענדע מיידל דינה לאַמפּאַ. זי האָט גוט געדענקט אירע אייגענע פאַרלוירענע חלומות און יאָרן פון איינזאַמקייט, ווי אין אירע פוסטע צימערלעך האָט די שטילקייט אַזוי געשריען, אַז זי האָט זיך אַזש אַנטשלאָסן, צו נעמען אַ מאַן, וועלכער האָט שוין אַ טאָכטער ווי זי, אַבי שוין אַמאָל אַנטלויפן פון דער שטיקענדער איינזאַמקייט.

אויף לינדענבוים׳ס טענות, אַז ער קען ניט באַגרייפן, וואָס זיין טאָכטער איז אַזוי אַנדערש ווי זיין פריינט ליוואַי׳ס טאָכטער. האָט אים זיין פרוי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז יענע איז פון נאַטור אַ ניט שיינע, איז זי שוין געווען געוואוינט צו בלייבן אין הינטערגרונד, אָבער דאָשע איז אַנדערש. זי איז אין דער וועלט אַריינגעקומען מיט אַלע אוצרות, וואָס די נאַטור פאַרמאָגט, און דאָך איז זי געבליבן אַ פאַרגעסענע.

אַזוי האָט די שטיף־מאַמע גערעדט דורך טרערן, זיך דערמאָנענדיג אָן אירע אייגענע אַמאָליגע ליידן... און שפּעטער — האָט די שטיף־

מאַמע ווייטער פאַרטגעזעצט — שפּעטער איז עס שוין געווען די שולד טאַקע פון אים, פון לינדענבוים׳ן אַליין, ווייל אָט דאָס, וואָס מיט אים האָט איצט פּאַסירט, טאַקע זיין חתונה האָבן, מיינט זי, דאָס האָט געדאַרפט פּאַסירן שוין לאַנג, לאַנג צוריק, ווייל דאַשע האָט זיך דורך די יאָרן אַזוי צוגעוואוינט צו זיין די באַלעבאַסטע צום טאַטן, אַז זי האָט זיך שוין כמעט געפילט ווי פאַרהייראַט צו אים. און איצט איז זי פּשוט אייפערזיכטיג... ביי איר האָט מען איצט ניט צוגענומען נאָר אַ טאַטן, נאָר איר חבר, איר קאָמפּאַניאָן, אַלץ, אַלץ... ווייל אַלע אירע בענקענישן האָט זי פאַרקערפּערט אין איר ליבע צום טאַטן...

און איצט פילט זי, אַז ניט נאָר פרעמדע מענער זיינען פאַרביי־געגאַנגען און איר איבערגעלאָזט, נאָר איר אייגענער טאַטע האָט אויך ווי אַלע פרעמדע מענער אויסגעקליבן בעסער אַן אַנדערע, איידער זי...

לינדענבוים האָט איינגעזען, ווי ריכטיג עס זיינען די ווערטער פון זיין קלוגער פרוי — און זיין טאָכטער׳ס ניט־גליקליך זיין האָט פאַר־ביטערט די זיסקייט פון זיינע איצטיגע טעג...

איין טאָג אין דער וואָך האָט ער געליטן מער ווי אין אַלע אַנדערע טעג און נעכט: דאָס איז געווען אין די פרייטאָג׳ן. ווען עס פלעגט קומען דער פרייטאָג־נאַכט, זיין שטענדיגע „היים־נאַכט״ מיט דער טאָכטער, איז ער דאַן איינפאַך פאַרפייניגט געוואָרן פון ערגערניש, ווייל דאַשע איז איצט פּונקט פרייטאָג קיינמאָל ניט געבליבן אין דער היים.

און דאַשע האָט פון דעם נאָך מער געליטן ווי איר פאָטער ווייל די „היים־נאַכט״ מיט׳ן טאַטן האָט איר שרעקליך געפעלט. בלייבן אין הויז ווי אַמאָל איז פאַר איר געווען אונמעגליך, — זי האָט איינפאַך ניט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן איר „שלעכטן״ טאַטן, וועלכער האָט אויסגעביטן איר ליבע אויף אַן אַנדער פרוי... און זי האָט דערפאַר אין די פרייטאָג־נעכט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך און וואו זיך אַהינצוטאָן... זי איז דאַן געלאָפן פון פריינט צו פריינט פון באַקאַנטע צו באַקאַנטע, אָבער קיינער און קיין זאַך האָט ניט געקאָנט אויספילן יענע „היים־נעכט״ מיט׳ן טאַט׳ן.

אין איר גרויסן צער האָט דאַשע פאַרגעסן, אַז יענע „היים־נעכט״ מיט איר טאַט׳ן זיינען געווען נישט מער ווי אַ פאַרטויבונג צו איר בענקשאַפט נאָך אַ ריכטיג לעבן און זי האָט איצט כסדר געזוכט, מיט וואָס צו פאַרטויבן די פאַרטויבונג, ביז פריינט האָבן איר געגעבן אַן עצה צו פרובירן פאַרקליגנען אין מוזיק דעם געזאַנג פון איר הונגעריג און בענקענדע האַרץ.

זי האָט דאָן די עצה געפאָלגט און געקויפט אַ סיזאָן־טיקעט אין דער אָפּערע פאַר פרייטאָג־נאַכט.

און גיי ווייס דאָס געהיימניס פון לעבן — האָבן שפּעטער מענטשן גע׳טענה׳ט — גיי ווייס, אַז פּונקט די פרייטאָג־נעכט, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן ביי זייער בת יחידה אָוועקגענומען, זיינען געווען די אורזאַך פון איר ביז־איצטיקער איינזאַמקייט, ווייל שוין פון יאָרן און יאָרן, ווי דער שיינער העלדישער דענטיסט דר. זיגמונד איז אין די פרייטאָג־נעכט געזעסן אויף זיין באַקוועמען זיץ אין דער אָפּערע און מיט די זיסע מוזיקאַלישע טענער פאַרטריבן זיין בחור׳שע איינזאַמקייט. פאַרשידענע מענער און פרויען זיינען שוין אויסגעזעסן אין שכנות נעבן דר. זיגמונד, אָבער זיין פאַרטיפונג אין די אָפּערע־טענער האָבן דר. זיגמונד׳ן קיינמאָל ניט געגעבן קיין צייט צו באַמערקן, ווער עס זיצט נעבן אים, ביז אין פרייטאָג־נאַכט האָט דער אַשער פון דער אָפּערע צום ליידיגן זיץ אויף זיין רעכטער זייט צוגעפירט דאשע׳ן.

און ווען נאָך די אָפּערע־שטונדן זיינען דר. זיגמונד און דאַשע געזעסן אין אַן עלעגאַנטען בראָדווייער רעסטאָראַנט, האָבן זיי זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן, וואָס ביידע ניו־יאָרקער געבוירן און געהאָדעוועט, אָפט אָפּילו געוואוינט אין איין געגענד, האָבן ביידע ליב דיזעלבע געגענשטאַנדן, אָפּערע, קאָנצערטן, זאָגאַר אין רעסטאָראַנט האָבן ביידע אפילו דיזעלבע מאכלים געקליבן.

— צו זיין אַזוי ענליך אין שטרעבונגען, אין געשמאַק, אין כאַראַק־טער, און דאָך ביז איצט ניט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען — האָבן זיי נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל איבערגערעדט דעם וואונדער און די שולד פון דעם טומלדיגן קאַראהאַד, וואָס הייסט ניו יאָרק.

מיט אַמאָל האָבן זיך זייערע ליפּן אַטעמלאָז פאַרמאַכט און די אויגן געעפנט. טיפער און טיפער האָבן זיך בליקן אין בליקן געטונקען . . . און ביידען האָט זיך פּלוצלינג געדאַכט, אַז זיי קענען זיך שוין זייט לאַנגע, לאַנגע יאָרן. זיי האָבן זיך נאָר ערגעץ פאַרלוירן און איצט צוריקגעפונען . . .

ווען עטליכע חדשים נאָך לינדענבוים׳ס חתונה האָבן פריינד אָנגע־זאָגט דאַשע׳ן, אַז זי וועט שוין לאַנג ניט זיין קיין בת יחידה, ווייל זי וועט באַלד קריגן אַ ברודער׳ל אָדער אַ שוועסטער׳ל, האָט דאַמאָלט דאשע אַ גליקליכע, קושענדיג איר שעמעוודיגן טאַט׳ן, אים געזאָגט, אַז זי האָט פאַר אים אויך אַ בשורה — און דאָס איז, אַז מאָרגן גאַנץ פרי דאַרף ער מיט דער שטיף־מאַמען קומען אין קאָורט אַלס עדות צו איר חתונה מיט דר. זיגמונד, איר אמת׳ן באַשערטן. ווען זי האָט ענדליך געפונען אַ דאַנק אירע פרייע פרייטאָג־נעכט . . .

# דעם זוהן׳ס זמירות

◇

## דערציילונג

פרייטאָג נאַכט איז שטענדיג געווען יעקב־לייב זוסבערג׳ס גליק־ליכסטע נאַכט. אַזוי שנעל ווי די זון האָט זיך גענומען באַהאַלטן אינ׳ם פרייטאָג׳דיגן הימל, האָט יעקב־לייב גלייך אַרונטערגעוואָרפן פון זיך אַלע דאגות, אַלע טראַכטענישן, אַלע קלערענישן, אפילו די זיסע חלומות פון זיינע „ערפינדונגען״, מיט וועלכע זיין מוח איז כמעט שטענדיג געווען אָנגעפילט, האָט ער אויך מיט געוואַלט פון זיך אָוועק־געשטופּט, כדי זיך צו קענען אין גאַנצן אָפּגעבן צום „עונג שבת״.

יעקב־לייב איז שוין אפילו פון לאַנגע־לאַנגע יאָרן אין אַמעריקע, אָבער דער שבת אין זיין שטוב איז נאָך אַלץ געפּראַוועט געוואָרן פּונקט ווי אין דער אַלטער היים, אין זיין געבורטס־שטעדטל. פאַר דעם האָט שוין געזאָרגט שרה, זיין גוטע פרומע ווייב. יעקב־לייב האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגן פונ׳ם שבת׳דיג אויסגעפּוצטן טיש, פון זיין ווייב׳ס אייגן געבאַקענע חלות, פון די קינדער׳ס שבת׳דיגע פּנימ׳ר. אָבער דעם גרעסטן פאַרגעניגן האָט ער געשעפּט פון זיינע זמירות — און געקומען איז דאָס פאַרגעניגן פון דעם, וואָס איינער פון זיינע קינדער, זיין מוזיניקל, ראַלפעלע, פלעגט אים אַזוי האַרציג שיין אַרויסהעלפן אין זיינע זמירות.

דער גליקליכער טאַטע פלעגט אַלע ווײַלע אַ גלעט טאָן ראַלף׳ס קעפּל, אַ קניפּ טון ראַלף׳ס בעקל און מיט שטאָלצער פרייד מורמלען צו דער ווייב: „אַ קעפּל דאָס האָט, ווי ער געדענקט דאָס יעדעס וואָרט פון די זמירות, און ווי דאָס האָט אַ ביסל אַן אויער פאַר נגינה. איך זאָג דיר, שרה, אַז ער וואַקסט אַ רב מיט אַ חזן אין־איינעם !״

— מיינע ביינער זאָל ער נאָר איבערלעבן! — האָט די מאַמע ביי די ווערטער פרום פאַרריסן די אויגן צו דער סטעליע.

— נו־נו, זוהנעלע, נו־נו ראַלפעלע! — פלעגט יעקב־לייב דריי־ענדיג מיט׳ן גראָבן פינגער ווידער און ווידער אַמאָל זיך ווענדן צום קינד — נו, זינגען מיר ווייטער! — און ער פלעגט זיך דאָביי מיט גרויס התלהבות אָוועקלאָזן מיט זיין באַסאָוועו קול:

„צור, צור, צור משלו אכלנו״...

— צור משלו אכלנו, צור משלו אכלנו! — פלעגט זיך דער קליינער ראַלף פאַרגיין אין אַ קינדיש פריידיגן סוויסטשיקל, האָבנדיג שטאַרק הנאה, וואָס טאַטע־מאַמע קוועלן אַזוי אָן פון אים. עס האָט זיך אים דאַמאָלס געוואָלט, אַז אָט די טייערע נאַכט און טאָג, וואָס טאַטע־מאַמע, ריינע אָפּגעוואַשענע, באַפּוצטע זיצן זיך רוהיג ביים טיש און קוועלן פון אים, זאָל זיך ציען לאַנג־לאַנג.

דער גוטער טייערער שבת האָט אָבער דעם קליינעם ראַלפעלען נישט געפאָלגט און ער איז זיך געגאַנגען זיין אייביגן גאַנג און אַזוי גיך ווי דער גוטער שבת פלעגט פון זיך נאָר אויסלעשן זיין לעצטן פונק פון שבת׳דיגקייט, פלעגט זיך שוין ראַלף׳ס טאַטע אויף גיך איינשפאַנען אין שווערן יאָך פון פרנסה.

יעקב־לייב׳ס לעבן איז געווען זעהר אַ שווערער, כסדר געגאַנגען אין אַ זיג־זאַג באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ. געקענט האָט ער פילע מלאכות, פון וואַנען און ווי אַזוי האָט ער אַליין נישט געוואוסט. ער פלעגט זאָגן, אַז ווען אַ איד דאַרף פרנסה, איז פאַר אים קיין זאַך קיין קונץ נישט. אַ איד דאַרף אַלעס קענען, אי קנעטן ליים און אי טראָגן ציגל. און ער האָט טאַקי אַלעס געקענט. ער איז געווען אַ קאַרפּענטער, אַ פלאָמבער, אַ פיינטער, אַן עלעקטרישן און אַזוי ווייטער.

איז ער אַמאָל געוואָרן אַרבייטסלאָז ביי איין טרייד, האָט ער באַלד געפונען ארבייט ביי אַ צווייטער אָדער אַ דריטער טרייד, אַבי זיין הויזגעזינד זאָל גאָר נישט פעלן. און אין יעקב־לייב׳ס הויז וואָלט טאַקי קיינמאָל גאָר נישט געפעלט, ווען נישט זיינע חלומות, ווייל צו דעם וואָס יעקב־לייב האָט געהאַט אַ געזונטן גוף און הענט, וואָס זיינען געווען פעהיג צו אַלערליי אַרבייטן, האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ קאָפּ, וואָס איז געווען פעהיג צו חלומות. אַ קאָפּ, אין וועלכן עס האָט זיך שטענדיג געדרייט אַ מאַשינקעלע, ווי ער אַליין פלעגט אויף זיך זאָגן.

ביי וועלכער טרייד יעקב־לייב האָט נאָר גענומען אַרבייטן, אַזאַ מין סאָרט ערפינדונג האָט זיך באַלד גענומען פלאַנטערן אין זיין מוח. האָט ער געאַרבייט ביי קאַרפּענטעריי, האָט זיך אין זיין קאָפּ גענומען שאַפן אַן ערפינדונג פון אַ נייעם סאָרט בעט, טיש, שטול און דעס־

גלייכן. האָט ער געאַרבעט ביי פּיינטעריי, האָבן זיך אין זיין קאָפּ באַלד גענומען מישן נייע סאָרטן פאַרבן. האָט ער געאַרבעט ביי עלעקטריק, האָט זיך אין זיין קאָפּ באַלד גענומען לייכטן און דרייען אַלערליי שרויפן און רעדער.

אָט אַזוי האָט זיך אין יעקב־לייב׳ס קאָפּ נאָכאַנאַנד געפּלאָנטערט ערפינדונג נאָך ערפינדונג.

נישט אַלע מאָל זיינען זיינע אידעען געווען פּוסטע חלומות, ווייל אין פאַרלויף פון זיין לעבענס־וועג זיינען פילע פון זיינע ערפינדונגען געוועןווירקליך געלונגענע. עס האָט אויך פּאַסירט, אַז נאָך אין זיין פריעסטער יוגענד האָט ער שוין פאַר זיינע אַן ערפינדונג אָט־אָט און שיר־שיר נישט באַקומען אַ סומע פון 30 טויזענד דאָלאַר — און די ערפינדונג איז נאָך געווען פון אַזאַ כאַראַקטער, וואָס נישט נאָר האָט עס געזאָלט יעקב־לייב׳ן ברענגען כבוד און געלד, נאָר אויך ראַטעווען מענשליכע לעבנס.

פּאַסירט האָט דאָן אָט וואָס. עס איז געווען אין דער צייט, ווען אויף נויאָרקער גאַסן זיינען נאָך אַרומגעפאָרן אָמניבוסן מיט פערד. אין איין געוויסן פרימאָרגן, ווען יעקב־לייב איז אויף אַזאַ באָס געפאָרן צו זיין אַרבייט, האָבן זיך די פערד פאַר עפּיס דערשראָקן און זיי האָבן אָנגעהויבן ווילד לויפן. דער קאָנדוקטאָר האָט דאָן אָנגעווענדעט אַלע מעגליכע מיטלען, די פערד איינצוהאַלטן, אָבער גאָר נישט האָט געהאָלפן און די פערד׳ס צעווילדעט לויפן האָט דענסטמאָל פאַראורזאַכט אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע, וואָס פילע פון די פּאַסאַזשירן זיינען פאַר־וואונדעט געוואָרן.

דענטסמאָל האָט יעקב־לייב אָנגעהויבן אַרבייטן אויף אַן ערפינדונג, וועלכע האָט געדאַרפט זיין אַזאַ מין מאַשינעריע, וואָס דער קאָנדוקטאָר האָט מיט איין דריי פון אַן אייזערנער הענטל געקענט אַזוי פאַרצאַמען די פערדישע פּיס, אַז ווי ווילד זיי זאָלן נישט ווערן, האָבן זיי זיך נישט געקענט רירן פונ׳ם אָרט — און ווי שוין געזאָגט האָט ער פאַר יענע ערפינדונג שוין אָט־אָט און שיר־שיר נישט באַקומען קעש 30 טויזענד דאָלאַר.

אָבער דער „שיר" האָט זיך אַריינגעמישט. דאַמאָלס ווי פיל מאָל פריער און שפּעטער. דער „שיר" האָט זיך אַריינגעמישט דערפאַר, ווייל יעקב־לייב האָט נישט געהאַט די ריכטיגע פאַרבינדונגען און אויך נישט גענוג צייט, זיך מיט דעם אָפּצוגעבן. צו דעם נאָך האָט ער קיינמאָל נישט געקענט קאָנטראָלירן זיין באַגייסטערונג און ווען ביי אים אין קאָפּ פלעגט זיך דרייען די מאַשינקע וועגן אַ נייע ערפינדונג, האָט ער דאָס געמוזט פאַר אימיצן אָנפאַרטרויען, אָמאָל פאַר אַ קרוב,

אַמאָל פאַר אַ באַקאַנטען — און גלויבענדיג אין יעדען׳ס ערליכקייט, איז ער זעהר אָפט אָפּגענאַרט געוואָרן, אַזוי אַז עטליכע פון זיינע ערפינדונגען זיינען טאַקי געלונגען, אָבער נישט ער נאָר אַנדערע האָבן פון דעם גענאָסן דעם כבוד און דאָס געלד.

לאַנג האָט יעקב־לייב קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט, צו זיין אומגליקליך, ווען ער איז אָפּגענאַרט געוואָרן. ער פלעגט באַלד אָפּ־טרייסלען דעם טרויער פון זיך מיט די ווערטער, אַז ביז צו די זיבעציג איז נאָך ווייט, וואָס דאָס האָט געמיינט „געבוג גע׳דאגה׳ט און ווייטער געאַרבייט, וועט מען נאָך ביז צו די זיבעציג עטוואָס אויפטאָן!"

כאָטש אין ווינשעוואַניעס האָט יעקב־לייב אָפט געהערט און אויך אַליין אַרויסגעוואונשן דאָס לעבן ביז הונדערט און צוואַנציג, האָט ער אָבער וועגן שאַפן און וועגן עפּעס אויפטאָן אין לעבן, שטענדיג אַרויס־גערעדט און אַרויסגעטראַכט דעם ציפער „זיבעציג". עפּיס פלעגט ער אינסטינקטיוו פילן, אַז ווען הינטער׳ן זיבן שטעלט זיך שוין אַוועק דער „נול", איז שוין נאָך׳ן נול גאָר נישטאָ מעהר... אָבער אָט דער זיבן מיט׳ן נול פלעגט זיך אים שטענדיג אויסווייזן, איז נאָך אַזוי ווייט, ווייט און מען קען נאָך ביז דאַמאָלס פיל אויפטאָן.

און מיט דער האָפנונג, אַז ביז צו דער ווייטער זיבעציג וועט ער נאָך אַ סך גאָר אַ סך אויפטאָן, האָט יעקב־לייב נאָך זיין יעדן לעבנס־דורכפאַל ווידער און ווידער אַמאָל מיט נייעם אימפּעט אַריינגעוואָרפן זיין כח צו נייע האַרעוואַניעס און זיין קאָפּ צו נייע חלומות, צו נייע ערפינדונגען.

צווישן אַלע אַנדערע חלומות האָט יעקב־לייב געהאַט איין גאָר־גאָר שטאַרק באַגערטן חלום — און דאָס איז געווען אַן אייגענע היים פאַר ווייב און קינדער. אָט דעם חלום האָט ער זיך מיט אַלע זיינע כחות אָנגענומען צו פאַרווירקליכן. מיט די נעגל האָט ער זיך אָנגעגראַבלט אָן דעם לעבן, פון דאָרט מיט געוואַלט אַרויסצורייסן אָט דעם הייליגן חלום זיינעם.

יאָרן־לאַנג האָט ער געשפּאָרט אַ מטבע צו אַ מטבע, האָט דאָס פון זיך אַליין באַהאַלטן אין די פאַרבאָרגענסטע ווינקעלעך. ביי יעדער אָפּגעשפּאָרטער מטבע האָבן זיינע ליפּן געשעפּטשעט: „דאָס איז פאַר מיין ווייב און קינדער, פאַר אַן אמת אייגענעם דאַך איבער׳ן קאָפּ, פאַר אַן אמת אייגענעם באָדן אונטער די פיס. איך מוז, איך מוז מיין הויזגעזינד פאַרזאָרגן מיט אַן אייגענער היים!"...

אַלע אין שטוב האָבן געוואוסט פון יעקב־לייב׳ס חלום און האָבן עס צוגערעכנט צו די פילע אַנדערע חלומות זיינע. אָבער איין געוויסן טאָג איז יעקב־לייב געקומען צו ווייב און קינדער און אָנגעזאָגט זיי די

גליקליכע בשורה, אַז זיי פאַרמאָגן אַן אייגענע היים. און צו באַווייזן זיי, אַז עס איז נישט קיין קלום, האָט דער נייער באַלעבאָס געכאַפּט ווייב און קינדער און טאַקע באַלד מיט גרויס שטאָלץ זיי אַלעמען אַוועק־געפירט ווייט אין די בראָנקס צו אַ ליידיגן שטיק לאַט און געהייסן זיי אַלע פאַררייסן די אויגן צו דער הויך.

די משפחה האָט פאַרריסן זייערע בליקן צו אַ הויכן־הויכן באַרג און אויף׳ן סאַמע שפּיץ באַרג דערזעזן אַן אַלטע אָפּגעלאָזענע כאַטקע.

— זעט, זעט קינדערלעך! — האָט יעקב־לייב אויסגעשטרעקט זיין ווייז־פינגער צו דער הויך — זעט ווי אונזער הויז שטייט ווי אַ פּריצה, איינע אליין אויף אַ הויכן באַרג.

און אָנקוקנדיג זיין הויזגעזינד׳ס פּנים׳ר האָט ער אויף גיך צו־געגעבן:

— שרעקט זיך נישט, וואָס עס קוקט איצט אויס אַלט און אָפּ־געלאָזן! פאַרלאָזט זיך אויף יעקב־לייב׳ן... עס וועט באַלד דערפון ווערן אַזאַ פּאַלאַץ, אַז גאַנץ בראָנקס וועט אונז מקנא זיין.

זיין בליק האָט זיך דאַן פינקלענדיג צושטראַלט, ווען ער האָט דערזען, ווי אויף ווייב און קינדער׳ס פּנים׳ר האָבן זיך אויסגעשפּרייט זוניגע שמייכלען פון האָפנונג און גליק.

און יעקב־לייב האָט זיך באַלד גענומען אויסנוצן זיין איינגעבוירענע פעהיגקייט אַלס ערפינדער, עלעקטרישן, פלאָמבער, פּיינטער, קאַר־פּענטער און אזוי ווייטער. ער האָט פאַרקאַשערט זיינע אַרבל, אָנגעשפּיצט מארך, אויג און אויער — און גענומען זיך האַמערן טשוועקעס, שניידן ברעטער, קלעפּן, קלעיען, מישן פאַרבן, שלייפן שויבן און נאָך און נאָך, ביז זיין כאַטקעלע האָט זיך אַזוי צעוואַקסן, צעבליהט, צעשיינט און צעגלאַנצט, אַז ער און זיין הויזגעזינד האָבן אַזש אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר אַ „גוט אויג"...

פון דער אַלטער צובראָכענער כאַטקע איז גאָר גיך געוואָרן אַ צוויי־פאַמילי־הויז מיט פילע קונציגע באַקוועמליכקייטן, אַרומגעצירט מיט אַ גאָרטן פון בלומען און גרינסן.

צו יעקב־לייב׳ס גליק איז נישט געווען קיין גלייכן, ווען ער האָט געזען ווי די קינדער שיינענדע פון פרייד פוצן זייערע אייגענע צימערן, יעדער לויט זיין געשמאַק, אייניגע מיט צאַצקעס און שפּיגלען, אַנדערע מיט ביכער און ביכער־שראַנקען. און דאָס ווייב אַ גליקליכע, פוצט איר קיך מיט אַלערליי פאַרביגע פאַליצקעס. און ביי דער טיר פון איר קיך פלאַנצט זי אַ גאָרטן פון אַלערליי גרינסן און פרוכטן, און פאַר יעקב־לייב׳ן פלאַנצט זי פונקט ביי זיין פענסטער אַ צווייגעלע פון טרויבן פאַר ווייַן אויף פסח.

אָבער פונקט דענסטמאָל ווען יעקב־לייב׳ס היים־חלום אין שוין כמעט אין גאַנצן פאַרווירקליכט געוואָרן, אַלעס און אַלע האָבן זיך שוין מיט אַלע פּיפּטשעקלעך איינגעאָרדנט אין זייער אייגענער היים, האָט יעקב־לייב׳ס לעבנס־וועג זיך ווידער אַ דריי געטאָן באַרג אַראָפּ — און דאָס מאָל אין פאַקטישן זין פונ׳ם וואָרט: באַרג אַראָפּ, ווייל אויף יעקב־לייב׳ס מזל האָט זיך די שטאָט פּלוצים אַרומגעזען, אַז דער באַרג, וואו עס שטייט זיין שיין מאָדערן באַפּוצטע הויז, איז צו הויך, צו שפּיציג, און עס איז אַ גרויסע סכנה, צו האָבן אַזאַ באַרג אין שטאָדט.

אַזוי לאַנג ווי אויף׳ן באַרג איז געשטאַנען אַן אַלטע אָפּגעלאָזענע כאַטקע, האָט זיך קיינער אויף יענע זייט נישט אומגעקוקט, אָבער ווען מען האָט דאָרט דערזען א שיין פאַרפּוצט הויז, פּשוט אַ מין פּאַלאַצל, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז רעגן קען דעם באַרג צעווייקן, שטורם קען אים אומוואַרפן, זון קען אים צובערענען און היץ צוטרייסלען. מיט איין וואָרט, דער באַרג קען יעדע מינוט איינפאַלן און פּלעטן מענשליכע קעפּ. און נאָך פילע אינזשענירסקע צייכענען און מעסטן אהער און אהין, איז סוף־כל־סוף באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער באַרג מוז אומבאַ־דינגט אַרונטערגעוואָרפן ווערן, צוזאַמען מיט יעקב־לייב׳ס מיט שווייס און מי אויסגע׳חלומ׳טע און אויסגעהאָרעוועטע היים.

ווייב און קינדער, וועלכע האָבן שטאַרק רעספּעקטירט און ליב געהאַט יעקב־לייב׳ן חוץ אַלס מאַן און טאַטע אויך פאַר זיינע שטרעבונגען און פעהיגקייטן, זיינען פון דער טרויעריגער בשורה וועגן זייער היים שטאַרק צובראָכן געוואָרן, שוין נישט אַזוי פיל פון דער אייגענער אַנטטוישונג ווי צוליב גרויס מיטגעפיל צו מאַן און טאַטע. דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז אַרומגעגאַנגען צובראָכן און מוטלאָז.

אָבער יעקב־לייב אַליין האָט זיך נישט פאַרלוירן. מיט זיין געווענ־ליכן מורמל אז ביז צו די זיבעציג איז נאָך וויט און מען וועט נאָך עפּיס אויפטאָן, האָט ער זיך מיט נייעם מוט אַריינגעוואָרפן אין געראַנגל פונ׳ם לעבן.

ער האָט באַשלאָסן, נישט צו לאָזן, אַז פרעמדע הענט זאָלן צורייסן און ברעכן דאָס וואָס ער האָט געבויט. האָט ער זיך געבעטן, אַז ער, ער אַליין, אויף זיינע אייגענע פּלייצעס וועט אַרונטערשלעפּן דעם באַרג מיט זיין הויז...

די שטאָדט האָט דאָס אים צוליב געטאָן — און יעקב־לייב האָט זיך מיט נייעם אימפּעט אַריינגעוואָרפן אין דער נייער אַרבייט פון צעוואָרפן און איבערבויען.

ער האָט זיך דאָן אָנגעליען אַ ביסל געלד, געדונגען עטליכע אַרבייטער און ער צוזאַמען מיט ווייב און קינדער האָבן איינגעשפּאַנט

הענט און פיס און געגומען זיך קנעטן ליים און טראָגן ציגל, כדי אויס־צוגלייכן זייער באַרג און איבערבויען זייער היים אויף די לאַטס פון אונטער'ן באַרג.

כאָטש יעקב־לייב האָט געדונגען עטליכע אַרבייטער אים אַרויס־צוהעלפן, איז ער אָבער אַליין געווען דער הויפּט־האַרעפּאַשניק און הויפּט־מייסטער. דאָ געפּלאַנט, דאָרט געמענעדזשט, איין ווינקל צע־וואָרפן, דאָס צווייטע געבויעט, דעם סלופּ אַוועקגעשטעלט דאָרטן, יענע וואַנט געשלעפּט אַהער — און אַזוי כסדר און כסדר.

דאָס ווייב מיט די קינדער, די גרויסע און אַפילו די גאָר קליינע, זיינען אויך נישט געשטאַנען ליידיג. איין געצייג האָט מען דערלאַנגט דעם טאַטע'ן, אַ צווייטע האָט מען פון איהם צוגענומען. אָט האָט מען פון אונטער זיין האַנט אַוועקגענומען דעם האַמער, אָט האָט מען צו אים צוגעשלעפּט די זעג, אַזוי נאָכאַנאַנד, ביז נאָך אַ סך שוויס, צעקאַליעטשעטע פינגער און הענט פון זיך און פון זיין ווייב און קינדער, האָט זיך ענדליך אין אַ שיינעם זומער־טאָג אין די שטראַלן פון דער זון געגומען באַדן יעקב־לייב'ס נייע היים.

און ווידער אַמאָל האָט שוין יעקב־לייב געהאַט אַן אייגענע היים, צו זינגען זמירות מיט זיין מוזיניקל. אַלעס האָט שוין, דאַכט זיך, אויס־געזען גוט און וואויל פאַר יעקב־לייב'ן, האָט זיך אָבער זיין שיקזאַל ווידער אַ שפּיל געטאָן מיט אים און ווידער זיך געשטעלט קעגן אים און זיינע וואונשן.

אָנגעפאַנגען האָט עס זיך אין דער צייט פונ'ם הויז־בויען. דער קליינער ראַלפל האָט איינמאָל באַמערקט, ווי זיין טאַטע האָט זעגענדיג אַ ברעט אַריינגעזעגט זיך אין פינגער — און ווען ער האָט דערזען דאָס בלוט רינען פון טאַטען'ס פינגער, האָט ער ביי קיינעם נישט פרעגענדיג אויף שנעל געבראַכט פון ערגיץ באַנדאַזשן און גיך פאַרבאַנדאַזשירט דעם טאַטן'ס האַנט.

— זע נאָר — האָט דאַמאָלס יעקב־לייב אויסגערופן צו זיין ווייב — זע נאָר, ער מאַכט דאָך עס ווי אַן אמת'ר דאָקטאָר. אָט אַזוי איז דער טאַטע געווען דער ערשטער, צו דערזען אין ראַלף'ן אַ דאָקטאָר.

ווען ראַלף האָט אָבער געזאָגט, אַז ווען ער וועט ווערן גרויס, וועט ער שטודירן אויף דאָקטאָר, איז דער טאַטע נישט געווען שטאַרק צופרידן. איינע פון די אורזאַכן וואָס ער האָט אָנגעגעבן, איז אַז אַלס דאָקטאָר וועט ראַלף נישט קענען אָפּהיטן שבת — און דאָס צווייטע, האָט זיך דעם טאַט'ן נישט געגלויבט, אַז זיין ראַלפל וועט קענען דער־גרייכן אַזאַ ווייטן און שווערן וועג.

דער מוזיניק ראַלף איז אָבער געווען שטאַרק געראָטן אין זיין טאַט׳ן. פונקט ווי דער טאַטע האָט געקענט מיט די אייגענע הענט צעוואָרפן בערג און בויען הייזער, אַזוי האָט אויך ראַלף געהאַט זיין אייגענעם שטאַרקן ווילן און מוט. וואַקסנדיג און אײנזעענדיג, אַז חוץ זיין טאַטן׳ס נישט זיין איינשטימיג מיט זיינע שטרעבונגען, איז אויך דער טאַטע מיט זיין האַרעפּאַשנע האָרעוואַניע און מיט זיינע שטענדיג אָפּגענאַרטע ערפינדונגען נישט בכח, איהם פיל אַרויסצוהעלפן אין זיין גרויסן ציל. האָט ער זיך דערפאַר פאַרנומען מיט זיינע אייגענע כחות זיינס אויסצופירן. ער האָט זיך דאָס ערשטע גענומען צו דעם, וואָס פילע אַנדערע קינדער פון זיין שטאַנד כאַפּן זיך דערצו, אַרומצולויפן נאָך סקול מיט צייטונגען. שפּעטער האָט דער קליינער ראַלף נאָך אַנדערע דזשאָבס געפונען. נאָך שפּעטער האָט ער אין זומער־קעמפּס געאַרבייט, כדי די ווינטערן אין קאָלעדזש צו גיין.

יעקב־לייב׳ן האָט זיך פאָרט געוואָלט דעם פאַר׳עקשנ׳טן מוזיניק אַ ביסל אַרויסהעלפן, גרינגער מאַכן זיין שווערן וועג, האָט ער אין יענע טעג אײנגעשפּאַנט זיין גוף אין אַ ביסיל נאָך שווערערע האָרעוואַניע אויף נאָך אַ שעה צוויי אַ טאָג. זאָל זיך אַרומדרייען אין שטוב נאָך אַ טאָלער. וועט די מאַמע האָבן אויף אָן זיין וויסן אונטערצושטופּן דעם מו־זיניק אויף וואָס ער דאַרף—און די נעכט האָט דער טאַטע אַלץ שטאַרקער אײנגעשפּאַנט זיין קאָפּ אויף נאָך אַ חלום, נאָך אַ פּלאַן פאַר נאָך און נאָך אַן ערפינדונג, ווייל אָט־אָט, אפשר־אפשר וועט שוין אָט די ערפינדונג אָדער די אַנדערע אַרויסהעלפן אים און אויך ראַלפלען אין זיין קאָלעדזש.

אפשר־אפשר, אָט־אָט ! . . .

און אין מיטן פון אפשר־אפשר און אָט־אָט, קומט דער שיקזאַל און גיט ווידער אַ שטאַרקן טרייסל דעם לייטער אונטער יעקב־לייב׳ס מידע טריט. אַנשטאָט אַ סוקסעספול ערפינדונג, וואָס דאַרף אָט־אָט און באַלד־באַלד אַריינקלינגען אין זיינע אויערן און אַרויסהעלפן אים מיט זיין פאַמיליע און אויך ראַטעווען די גאַנצע מענשהייט, גיט גאָר פּלוצים מיט גרויס שטורם אַ גרילץ אַריין אין זיינע אויערן דאָס גרויזאַמע וואָרט „קריזיס“.

אמת, דער קריזיס האָט זיך צעטאַנצט נישט נאָר איבער יעקב־לייב׳ן אליין, נאָר איבער׳ן גאַנצן גרויסן שיינעם לאַנד אַמעריקע, אָבער יעקב־לייב׳ן האָט ווייניג געטרייסט, וואָס דער קריזיס בושעוועט ביי אַלעמען. אים האָט עס געטראָפן אין מיטל־פּונקט פון זיין לעבנס־נערוו, ווייל עס האָט ווידער אַמאָל געגעבן אַ ריס אַרויס מיט׳ן וואָרצל זיין מיט שווייס און בלוט אַליין געבויעטע היים.

יעקב־לייב׳ס אייגן געבויעטע הייזקע, וואָס האָט זיך געבאָדן אין זונען־שטראַלן, האָט זיך דורך די יאָרן פון זיין לעבנס־גאַנג אויך געגומען באָדן אין חובות און אין מאָרטגיידזשעס.

האָט זיך אַ קינד געוואָלט לערנען אָדער געדאַרפט אַ נייעם בגד, האָט די הייזקעלע חנ׳ודיג אונטערגעוואונקען צו יעקב־לייב׳ן: „נו, נעם אַ חוב׳לע, אַ מאָרטגיידזש׳ל אויף מיר! בבקשה, איך וועל דאָס פאַרטראָגן!״ . . .

האָט דאָס ווייב געדאַרפט אַן אָפּעראַציע, האָבן די טירן און פענסטער פון אַלע צימערן געגומען געוואָלדעוועון: „גיך־גיך, פאַר־מאָרטגיידזש אונז און ראַטעווע אונזער באַלעבאָסטע!״ . . .

האָט מען געדאַרפט חתונה מאַכן אַ קינד, איז דאָך אודאי נייטיג אַ מאָרטגיידזש.

אַט אַזוי האָט זי, די אויסברעגגעריק, די הייזקע, אַריינגעבראַכט איר באַלעבאָס אין חובות איבער׳ן קאָפּ — און יעקב־לייב האָט כסדר געהאָרעוועט און געהאָפּט, אַז נישקשה, ביז צו די זיבעציג וועט מען נאָך עטוואָס אויפטאָן. ער וועט האָרעווען נאָך אַ פּאָר שעה מעהר אַ טאָג, וועט מען אַריינוואַרפן דאָ אַ חוב׳לע, דאָרט אַ חוב׳לע און מען וועט נאָך די הייזקע צוריק־מאַכן צו לייטן גלייך . . .

דערווייל האָט דער קריזיס מיט שטורם געגומען בראַזדעגעווען אין גאַסן און הייזער. אָרימע אויסגעהאָרעוועטע היימען האָבן זיך געגומען וויגן און שאָקלען. מאָרטגיידזשירס און באַנקן האָבן כסדר אַוועקגענומען אָרימע היימען, איינע נאָך דער אַנדערער, ביז אויך יעקב־לייב׳ס רייע איז געקומען.

די קינדער שוין דערוואקסענע און פילע פון זיי האָבן זיך שוין לאַנג איבערגעצויגן אין פאַרשידענע ווינקלען פון שטאָדט, האָבן זיך געבעטן ביים טאַט׳ן זיך נישט צו זאָרגן און פאַרלאָזן די הייזקע.

יעקב־לייב האָט זיך אָבער בשום אופן נישט געקענט שיידען פון זיין מיט שווייס און בלוט אויסגע׳חלומ׳טע און אַליין אויסגעבויעטע היים. ער האָט זיך נישט געקענט געזעגענען מיט די ווענט, וואו ער און זיינע קינדער האָבן פיל מאָל צוקלאַפּט און צושטאָכן זייערע פינגער, זעגענדיג די ברעטער און קלאַפּענדיג די טשוועקעס אין יעדען שטיקעלע זייל פון זיין הויז. ער האָט זיך נישט געקענט שיידן פונ׳ם באָדן, אויף וועלכן זיינע קינדער׳ס פיסלעך האָבן געטאַנצט און געשפּרונגען, געלאָפן צו סקול און פון סקול, און שפּעטער צום ערשטן מאָל אהין אַריינגעבראַכט אַ טאָכטער׳ס חתן, אַ זוהן׳ס אַ כלה. ער האָט זיך נישט געקענט שיידן פון דער וואַנט, וואָס זיין ראָלפעלע פלעגט מיט זיין קעפּל

אפרייבן דעם קאלך, ווען ער פלעגט זיך פארגיין מיט זיין קוויטשיקל ביים זמירות־זינגען.

יעקב־לייב האט זיך דערפאר געבעטן ביי זיינע מארטגיידזשירס, זיי זאלן אים לאזן בלייבן כאטש דער דזשעניטאר פון זיין אייגענעם הויז, ער וויל נאר א קליין דירה׳לע אין זיין אמאליגער היים. ער וועט דערפאר אוועקגעבן זיין גאנצע צייט צום אויפפאסן אויף׳ן הויז, ער וועט פאר די טענאנטס פיינטן, פאררוכטן, ווען עס וועט זיך עטוואס צוברעכן. ער וועט טאן אלעס, אלעס, ווייל קיינער, קיינער וועט דאך דאס הויז נישט קענען פיינטן אדער פאררוכטן אזוי ווי ער, ווייל ער קען דאך און ווייסט דאך יעדעס קלעצעלע און יעדעס לייסטעלע פונ׳ם הויז.

פונקט ווי אמאל האט די „שטאדט״ אים געלאזט אליין זיין בארג ארונטערוואַרפן, אזוי האבן אויך די מארטגיידזשירערס נאכגעגעבן יעקב־לייב׳ן און אים ערלויבט צו בלייבן דזשעניטאר אין זיין אמאליגער היים.

און יעקב־לייב האט ווייטער געהארעוועט און ווייטער גע׳חלומ׳ט, אז ביז צו די זיבעציג וועט ער נאך עפיס אויפטאן. אט־אט וועט מען אפשר צוריק אפנעמען די הייזקע, נאר נאך א ביסעלע מער צוהארעווען, נאך־נאך און אט־אט.

אויך דער אין טאט׳ן גערעטענער און פאר׳עקשנ׳טער ראלף האט דערווייל געהארעוועט און געווארט אויף זיין באלד־באלד און אט־אט.

דערווייל האבן די וואכענדיגע הארעוואניע און די פרייטאג־נאכטיגע זמירות די יארן געשטופט, און ווען פאר יעקב־לייב׳ס אויגן האט זיך באוויזן א שמחה׳דיגע שילד „דאקטאר ראלף זוסבערג״, האט זיך אין דערזעלבער צייט אונטער זיין פלייצע שטיל צוגעשארט דער „גול״ הינטער׳ן „זיבן״...

קיין זאך אין זיין גאנצן לעבנס־גאנג האט זיך יעקב־לייב׳ן גרינג נישט איינגעגעבן. יעדע זאך, וואס אים האט זיך געוואלט, האט זיך אים שטענדיג קעגן־געשטעלט, אפט געקעמפט געגן אים. זיינע ערפינדונגען האבן געקעמפט געגען איהם, זיין הייזקע, זיין בארג האט געקעמפט געגן אים. אט אזוי כסדר אלע און אלעס. נאר איינס האט געגן אים נישט געקעמפט, אים גלייך נאכגעגעבן — און דאס איז: דער גול הינטער׳ן זיבן.

יעקב־לייב׳ס ווערטל איז שטענדיג געווען, אז ביז צו די זיבעציג וועט מען נאך עפיס אויפטאן, שטענדיג נאר ביז צו די זיבעציג — און מאדנע, אזוי שנעל ווי ער האט נאר געגעבן איין שפרייז אריין אין דער גול פון זיבעציג, האט דער ציפער אים גלייך נאכגעגעבן, עפיס ווי עס וואלט געזאגט צו אים: „געזונט, אט בין איך שוין דא! דאס

האסטו געוואלט, דאס האסטו, מיך דעם זיבעציג! היינטער מיר איז מער גאר נישטא!"...

עס האט אויסגעוויזן, ווי דער „בול", וואס היינטער'ן זיבן, האט פון זיך געמאכט א גרויס־גרויס ראד און אין גאנצן אין זיך אריינגעזאפט דעם קלוגן פעהיגן שטענדיג שטרעבענדען יעקב־לייב, געמאכט פון זיין גוף און קאפ איין קיילעכיג שטיק „בול".

ווייל יעקב־לייב איז באלד נאך זיינע זיבעציג געבליבן זיצן אן כח און אן ווילן, אן ענערגיע און אן קראפט. פון טאג און פון וואך איז ער אלץ מער און מער הילפלאזער געווארן, דאס ווייב דארף אים דערמאנען עסן, דערמאנען שלאפן, אפט פשוט העלפן דעם לעפל אין מויל אריין און דעם גוף אויף'ן געלעגער.

די קינדער האבן פאר אים געדונגען א דירה לעבן א וואסער, וואו עס איז שטיל רוהיג, געטראכט — זאל ער זיך אפרוהען פון לאנגער הארעוואניע, אפשר וועט עס העלפן, אפשר וועט מען פארט צוריק־קריגן א סימן פון דעם אמאליגן פעהיגן קוועקזילבערדיגן מענש און טאטע'ן!...

אבער גאר נישט העלפט! דער את־את ערשט נישט לאנג צוריק לויפנדער, פליענדער יעקב־לייב ווערט פון שטונדע, פון מינוט אלץ מער און מער „בול". דער גוף ווערט אלץ מידער און שווערער, דער קאפ נאך שווערער.

„די קינדער קומען צו גאסט און פרעגן מיט טרערן: „טאטע, און וואס מאכסטו?"—ווייזט זיך זיי אויס, אז ער דערקענט גאר נישט, ווער עס רעדט צו אים, עס דאכט זיך זיי אויס, אז ער פארבייט גאר זייערע נעמען ביים ענפערן זיי.

אלע און אלעס פון זיין לעבן זיינען ווי אויסגעמעקט געווארן פון זיין זכרון, זיינע ערפינדונגען, זיין אליין אויסגעבויטע הייזקע, קיין זאך אינטערעסירט אים נישט, קיין זאך געדענקט ער נישט, קיין זאך וועקט אין אים נישט אויף קיין ביסל לעבן חוץ איינס...

ווען מען רופט דעם זוהן, דעם דאקטאר, צו געבן דעם טאט'ן אן „אינדזשעקשאן", אפשר וועט דאס אים א ביסל אויפלעבן, גיט דער מוזיניק דעם טאט'ן גאר אן אנדער אינדזשעקשאן, ווי די מעדיצין האט אים געלערנט. ווי ער עפענט נאר די טיר פונ'ם טאטן'ס וואוינונג, הויבט ער באלד אן זינגען:

— צור, צור...

ווי פון א טיפן שלאף גיט זיך א צוק דער האלב באוואוסטלאזער טאטע, זיינע טרערן־פולע אויגן פאנגען אן פריידיג פינטלען און זיינע ציטעריגע ליפן פאנגען אן צו שעפטשען מיט אימפעט:

— צור, צור, צור, צור משלי אכלנו!...

— ראַלף, ראַלפעלע, וואו ביזטו?... נאָך, נאָך!

— יאָ, יאָ, טאַטע! — רופט אויס ראַלף פרייליך — ביז צו די זיבעציג וועט מען נאָך זינגען און זינגען!...

ער לאָזט זיך דאַן אַוועק מיט זיין באסאָווער שטימע:

— צור, צור...

— משלו אכלנו! — פישטשעט נאָך דער טאַטע מיט אַ ציטערדיג דינער שטימע...

# זי זוכט איר מאַמע'ס לייכטער

◇

## אַ שטריך

טאַני איז שוין אין אַמעריקע אַ סך יאָרן. געקומען איז זי אַהער זוכן איר גליק, ווען זי איז נאָך געווען גאָר אַ יונג מיידל. די ניו־יאָרקער פאַרשידענע שעפּער מיט זייערע פאַרשידענע פאכן האָבן באַלד גענומען אַריישלינגן אין זיך טאַני'ס יונגע כחות, און געבליבן איז טאַני ביים מילינערי־פאַך, זיך אויסגעלערנט שטעפּן אויף דער מאַשין אַלערליי היט פאַר אַלערליי קעפּ, אַריין אין דער יוניע און אָנגעהויבן פאַרדינען גאַנץ גוט. פיל מאָל נאָך בעסער ווי גוט. ביז זי איז ביי דעם פאַך געוואָרן זעהר אַ גוטע אַרבייטערין, ווי מען רופט דאָס אין די שעפּער — אַ זעהר שנעלע האַנט.

פאַרדינענדיג גוטע שכירות, האָט זי אַליין גענומען כסדר אונטעריאָגן אירע שטונדן, טעג און וואָכן, אַוועקגעשטופּט מיט דער הילף פון דער לויפענדיגער מאַשין נאָך אַ שטונדע און פאַרדינט נאָך אַ טאָלער — און אַמאָל ווען די שטרוי פון די היט האָט זיך געשטעפּט אַ ביסל גרינגלעך, האָט זי אפילו פאַרדינט אַ צוויי־דאָלאַרדיגן אויך אין איין שעה.

האָט טאַני דערפאַר אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געטראָטן מיט׳ פוס דעם טרעטער פון דער מאַשין, אַלץ פעסטער און פעסטער געשטופּט מיט די פינגער די שורות שטרוי אונטער דער שפּרינגענדער מאַשין־נאָדל און אזוי כסדר אַוועקגעשטופּט נאָך אַ שטונדע, נאָך אַ טאָג, נאָך אַ וואָך און נאָך אַ „פּעי אינווילאָפּ" געטראָגן אין דער באַנק אַריין.

דאָרט אין די „פּעי אינווילאָפּס" אין די בענק איז געלעגן איר האָפנונג, אירע חלומות פאַר אַ צוקונפט, אַ צוקונפט, וועלכע האָט זיך כסדר געקניפּט און געבונדן מיט צוריק אַהיים, אַזוי גיך ווי זי וועט

נור צונויף־קלויבן געגוג געלט פאַר איר שטעדטל, ווייל דאָרט אין איר היימישער שטעטל האָט זי איבערגעלאָזט איר גאַנצע וועלט, איר גרויסע משפחה: פעטערס, מומעס, קאָזינס, חוץ אַזוינע נאָנטסטע ווי טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער און קינדערליבעס. פון אַלעמען, אַלעמען, איז זי אַנטלאָפן.

אָבער נייך, נישט פון איר משפחה, נישט פון פריינט איז טאַני אַנטלאָפן, נור פונ׳ם היימישן דלות. זי האָט מעהר נישט געקענט אַריבערטראָגן די ליידן פון נויט און אָרימקייט אין איר שטוב. רחמנות געהאַט אויף טאַטע־מאַמע, קלענערע שוועסטערלעך און ברידערלעך — און מער ווי אויף אַלעמען האָט טאַני אָפט רחמנות געהאַט אויף איר מאַמע׳ס זילבערנע לייכטער.

זיי, דער מאַמע׳ס לייכטער, זיינען כמעט געווען די שטאַרקסטע אורזאַך פון איר אַנטלויפן קיין אַמעריקע.

אַלס גאָר אַ קליין קינד האָט נאָך טאַני זיך געקענט דערמאָנען פון אַ ביסל רייכקייט ביי זיי אין שטוב. דאָס האָט איר מאַמע מיט־געבראַכט אַ רייכן נדן פונ׳ם זיידן, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ פאַרמעגליכער איד. און כאָטש דער זיידע איז געווען אַ ביסל געגען דעם שדוך, ווייל זיין ליבלינג־טאָכטער האָט זיך פלוצים פאַרליבט אין אַן אָרימען בחור, האָט ער פון דעסטוועגן איר מיטגעגעבן אַ שיינעם נדן.

איין זאַך האָט טאַני געדענקט מעהר פון אַלעמען, פון דער מאַמע׳ס נדן: דעם זיידען׳ס ספּעציעלען דרשה־געשאַנק — צוויי זילבערנע לייכטער.

דער זיידע, פלעגט די מאַמע איר דערציילן, האָט אַלס יונגער בחור אַליין געאַרבייט ביי לייכטער, האָט ער דער מאַמע׳ס לייכטער כמעט אַליין געמאַכט. ער איז צוליב דעם ספּעציעל געפאָרן אין אַ גרויסע שטאָט און האָט דאָרט אין פאַבריק אַליין געהאָלפן די בעלי־מלאכות אויספורעמען די לייכטער לויט זיין געשמאַק — און זיי זיינען אַרויסגעקומען ווי אַן אמת׳ע קונסטווערק. זיי זיינען געווען געגאָסן פון ריינעם זילבער, באַפּוצט מיט גאָלד און אַרום די גריבלעך, וואו עס דאַרפן שטעקן די ליכט, איז געווען אויסגראַווירט אין מאָנאָגראַמען דער מאַמע׳ס נאָמען.

די מאַמע האָט זעהר ליב געהאַט איהרע לייכטער, אַז זי פלעגט פרייטאָג צו נאַכטס אַנצינדן די ליכט, פלעגן די בלוי־רויטע פלעמלעך אין די בלישטשענדיגע לייכטער פאַרשטראָלען די גאַנצע שטוב. די מאַמע האָט זיך אַלע יאָרען איינפאַך געשפּיגעלט אין דעם דרשה־געשאַנק פון אירע עלטערן, וועלכע זיינען שוין געווען אויסגעשטאָרבען.

און אַז די מאַמע האָט די לייכטער זעהר ליב געהאַט, זיינען זיי שוין במילא ביים גאַנצן הויזגעזינד געווען ליב און טייער.

אָבער די שיינע בלישטשענדע לייכטער האָבן נעביך ביי זיי אין שטוב געהאַט אַ ביטערן מזל, ווייל זיי האָבן כסדר געדאַרפט שלעפן אויף זיך דעם יאָך פון דער שטוביגער חיונה.

ווען עס האָט נור אַמאָל געטראָפן אַ גרויסע נויט אין הויז, איז עס באַלד אויסגעגאַנגען צו די לייכטער׳ס קעפּ. זיי האָבן באַלד געמוזט אונטערשטעלן דעם קאַרק און ברענגען הילף.

אַמאָל האָבען זיי געדאַרפט העלפן באַצאָלען דעם מלמד שכר לימוד, אַמאָל באַצאָלען דעם דאָקטער, אַן אַנדער מאָל האָבען זיי געהאָלפען קויפן טאָקע פאַר איר, פאַר טאַני׳ן, די עלטסטע טאָכטער אַ פּאָר שיך אָדער אַ קלייד. יאָ, זייט זי האָט נור געקענט געדענקען, האָט זי געוואוסט, אַז ווי עס איז נור געקומען עפּעס אַ שטאַרקע נויט אין שטוב, האָבן זיך באַלד שטיל און באַשיידן די לייכטער אָוועקשפּאַצירט צום שטעטלדיגן פּראָצענטניק. אַמאָל האָט זיי דער טאַטע אין אַ שבת־צו־נאַכטס אַראָפּגענומען פון טיש און אַ פּאָר־שעמטער זיי געטראָגן באַהאַלטן אונטער דער פּאָלע פון זיין שבת׳־דיגער קאַפּאָטע. אַן אַנדער מאָל האָט זיי די מאַמע אין אַ זונטאָגדיגן פרימאָרגן אַראָפּגענומען פון זייער פּאָליצקע און באַהאַלטנדיג זיי אונטער איר פאַטשיילע, אָוועקגעשפּאַנט מיט זיי דורך זייטיגע געסלעך גלייך צום פּראָצענטניק, באַגיסענדיג יעדן טראָט מיט אַ פרישער טרער.

אין אַן אַנדער נויט האָט טאָקע זי, טאַני אַליין, זיי געטראָגן איבערגעדעקט מיט דער מאַמע׳ס פאַטשיילע און צוגעטוליעט צו איר פאַרקלעמט הערצל, טראַכטנדיג דעם גאַנצן וועג, וואָס וועט זיין, ווען עס וועט קומען פרייטאָג, אין וואָס וועט די מאַמע בענשן איר׳ע ליכט?

אין די טעג, וואָס די צירונג פון דער שטוב, די בלישטשענדיגע לייכטער, זיינען אָוועק נע־ונד, איז אין שטוב געווען אַ שטילער „תשעה־באב". די מאַמע איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטרויערטע און מיט נאַסע אויגן אַלע ווילע געכאַפּט אַ בליק צו דער ליידיגער פּאָליצקע. די קינדער זיינען אַרומגעגאַנגען שטילע, אומעטיגע, אָפּט וואָר־פענדיג אַן אויגל צו דער ליידיגער פּאָליצקע. דער טאַטע אַ פּאָר־שעמטער, אַ דערשלאָגענער האָט כסדר אויסגעמיטן זיין בליק פון דער פּאָליצקע. יעדער האָט געוואוסט, אַז דער אַנדערער טראַכט אייגנס און דאָסזעלבע, וואָס וועט זיין פרייטאָג צו נאַכטס? ווי וועט דאָס קענען שטיין דער טיש מיט׳ן ווייסן טישטוך אָהן די לייכטער?

אָבער דער גרעסטער וואונדער איז געווען, אַז ווי נור עס איז אָנגעקומען פרייטאָג פאַר־נאַכט האָט שטענדיג געטראָפן עפּעס אַ נס

און דער מאַמע׳ס לייכטער זיינען צוריק געקומען אַהיים. אָדער דעם טאַטען האָט זיך אין דער לעצטער מינוט געמאַכט עפּעס אַ פאַרדינסט, אָדער אַ גמילת חסד, אפילו אַ קליינעם געווינסט אין אַ לאָטערי האָט זיך שוין אויך אַמאָל דעם טאַטען אין אַ פרייטאָג געטראָפן.

אָפט האָט אויך פּאַסירט, אַז אַ קישען פון צו־קאָפּנס האָט זיך אויף איבער׳ן שבת געביטן פלעצער מיט די לייכטער. דאָס קישען איז אַוועק און די לייכטער זיינען געקומען און ווידער געשטאַנען אויף׳ן שבת׳דיגן טיש.

און איינמאָל האָט געטראָפן גאָר אַן אויסערגעוועגליכער נס — דערמאָנט זיך טאַני די גאַנצע פּאַסירונג — עס איז אָנגעקומען דער פרייטאָג און דאָסמאָל האָט זיך שוין נישט געזען קיין שום עצה, ווי אַזוי צו ברענגען די לייכטער אַהיים. די גרויסע קישען, די לייכטער׳ס אָפטע שטעלפאַרטרעטערין, איז יענע וואָך אויך געווען אין שכנות מיט די לייכטער. איז דערפאַר, ווען עס איז אָנגעקומען דער פרייטאָג׳־דיגער פרימאָרגען, געלאָפן דער טאַטע צום פּראָצענטניק, געגעבן זיין וואָרט, זיין שבועה, אַז באַלד שבת צו נאַכטס אם־ירצה־השם וועט ער אַליין די לייכטער צוריק־ברענגען. דער פּראָצענטניק זאָל זיי נור אויסלייען אויף ליכט־בענשן. אַ פּאָר שעה שפּעטער איז אַהין געלאָפן די מאַמע און געגעבן אירע טרערן. אָבער גאָר נישט האָט געהאָלפן.

און זי, טאַני, איז שפּעטער שוין געגאַנגען אויף די הויפן אויפזוכען אַ גלאַטן ציגל, אויף וועלכען די מאַמע זאָל דאָסמאָל אָנשמעלצן די ליכט. אָבער ווידער האָט געטראָפן אַ נס. פאַרנאַכט, אין דער סעקונדע וואָס טאַני האָט אַן אומעטיגע גענומען אַרויפלייגן דעם ציגעל אויף׳ן טיש, האָט זיך זייער טיר פלוצלינג געגעבן אַן עפן. אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן דער פּראָצענטניק און פון אונטער זיין פאָלע האָבן חנ׳ודיג אַרויסגעוואונקען דער מאַמע׳ס לייכטער. עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי זאָגן:

„שלום עליכם! גיך וואַרפט אַרונטער די ציגעל! מיר זיינען דאָ!״

דער פּראָצענטניק האָט אַ שטעל געטאָן די לייכטער אויף׳ן טיש, און אַ וויש טוענדיג מיט אַ פינגער אַן אויג, האָט ער צוגעזאָגט, אַז באַלד נאָך הבדלה וועט ער אַליין דאָ זיין, די לייכטער צוריק צו נעמען.

און ווי נור די לייכטער זיינען אַהיים־געקומען און פאַרנומען זייער שבת׳דיגען אויבען־אָן, האָט זיך באַלד די גאַנצע שטוב גענומען פילען יום־טוב׳דיג. דער טאַטע האָט געקוקט אויף זיי מיט אַ שטאָלצן שמייכל, אויף דער מאַמע׳ס פּנים, האָט בענשנדיג די ליכט גערוט די שכינה. ביי די קינדער האָבן די אויגעלעך מיט פרייד געפינקעלט, ווען זיי האָבן נאָך׳ן עסן לעבן די לייכטער אין יאָדרעס געשפּילט.

עס האָט זיך געדוכט, אַז אפילו די ווענט מיט דער סטעליע שפּיגלען זיך מיט שמחה אין די פּלעמלעך, וואָס שעמערירן פון דער מאַמע׳ס לייכטער.

טאַני איז געווען דאָס עלטסטע קינד אין איר היים און שוין באַלד אַ דערוואַקסענע מיידל און צוזאַמען מיט׳ן חלומ׳ן וועגן אַן אייגענעם תכלית, האָט זי אויך גענומען טראַכטן, ווי צו העלפן טאַטע־מאַמע, שוועסטערלעך, ברידערלעך, און אויך דער מאַמע׳ס לייכטער. אַז זיי זאָלען שוין איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויפהערן אַרום צו וואָגלען אַהין און צוריק פון דער מאַמע׳ס טיש צום פּראַצענטניק׳ס אלמער. און ווען אַ פּאָר פון טאַני׳ס חבר׳טעס און חברים זיינען געפאָרן זוכן זייער גליק אין דער רייכער אַמעריקע, איז טאַני אויך מיט זיי מיטגעפאָרן, מיט דער האָפנונג, אָדער אויף גיך צונויף־קלויבן אַ סך געלט און אַלעמען ברענגען צו זיך, אָדער האָבן גענוג געלט צו פאָרן צוריק צו זיי, צו איר היים, צו איר שטעטעלע.

און אַזוי האָט טאַני אין דער האַרי־אָפּנער אַמעריקע גענומען האָרי־אָפּ זוכן אַרבייט, האָרי־אָפּ געפינען אַרבייט, און האָרי־אָפּ פון זיך יאָגן די שעה׳ן, טעג, וואָכן און די „פּעי אינווילאָפּס" אין די בענק אַריין — און זי האָט אַזוי יאָגענדיג אַליין נישט באַמערקט, ווי עס האָבן זיך שוין אַוועקגעיאָגט אַ היבש ביסל פון אירע יאָרען, כאָטש דורך די גייענדע יאָרן האָט איר האַרץ אָפּט געלעכצט און געבענקט נאָך ליבע און לעבן, האָט זי אָבער אין איר געיעג קיינעם פאַר איר האַרץ נישט געפונען. און עס האָט זיך עפּעס אַזוי געמאַכט, אַז אין דער גרויסער אַמעריקע מיט די מיליאָנען מענשען האָט אויך קיינער זי נישט באַמערקט. און מיט איר יעדן אַוועקגעיאָגטן יאָר האָט זיך אין איר גענומען אַלץ שטאַרקער יאָגן דאָס שטרעבן און האָפן צוריק אַהיים, צוריק צו יענע, וואָס פלעגן זי יאָ באַמערקן, צוריק צו איר משפחה, צו טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער און אויך צוריק צו אירע אַמאָליגע יוגענט־פאַרעהרערס, צו די, וואָס האָבן זי נאָך געדענקט, ווען אירע באַקן זיינען נאָך געווען ראָזעווע און מיט חן־גריבלעך — און טאַני האָט זיך גענומען קלויבן אין וועג אַריין. אָנגעפּאַנגען איינצוקויפן פאַר זיך אַ גאַרדעראָבע און מתנות פאַר איר משפחה און פריינט.

אָבער אין מיטן פון דעם אויפקויפן האָט דער קאַלענדער פון צייט אַ מיש געטאָן אַ שוואַרץ בלאַט. אויף דער „וועלט־אַרענע" האָט זיך באַוויזן אַ געשפּענסט מיט׳ן נאָמען היטלער. טאַני האָט געמוזט צוריק אויספּאַקן אירע וואַליסעס און אָנפאַנגען לייענען אין די

ציטונגען, ווי עס ווערט חרוב שטעטל נאָך שטעטל, ביז זי האָט אויך איר שטעטל געפונען אין פאַרבלוטיגטע שורות.

נישטאָ מעהר צו ווענען צו פאָרן, נישטאָ מעהר קיין טאַטע, קיין מאַמע, קיין פריינט און קיין קרוב.

נישטאָ, נישטאָ! נישטאָ אפילו פון ווענען צו חלומ׳ן! די מענשן צוזאַמען מיט זייערע היימען זיינען מעהר נישטאָ, נישטאָ! פון דעם העכסטען באַרג ביז דעם טיפסטען טאָל איז דאָס שטעטל אַרונטער־געשווענקט געוואָרן אין אַ מבול פון פייער און בלוט!

פוסט, פוסט איז געוואָרן אין און אַרום טאַני׳ן. זי איז טאַקע אויף דער זייט ים אין אַ שיינער רייכער וועלט, אָבער איינע אַליין, אַליין! נישטאָ אין ערגיץ קיין אַדרעס, צו ווענען אפילו אַ בריוול צו שרייבן, נישט געבליבן איר פון קיינעם קיין זכר, אפילו עפּעס אַן אָנדענקונג, אַז זי האָט אַמאָל אימיצען געהאַט.

פאַרזונקען אין איר איינזאַמקייט, שלעפּט זיך איצט טאַני אין שאַפּ און פון שאַפּ, אָהן האָפנונגען, אָהן חלומות און אָהן ערגיצוואוהין.

פלוצים דערהערט זי אין שאַפּ ארום זיך, אַז די „אירא" האָט געמאַכט אַ באַזאַר, אַן אָוקשאָן פון פאַרשידענע חפצים, צוזאַמען־געקליבענע פון דייטשלאַנד און פון פוילען, וואָס די נאַציס האָבן אַוועקגערויבט ביי די אידן.

אַ סך פון אירע באַקאַנטע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אָהין צו קויפן מציאות. איין פרימאָרגן האָט אַ פרוי, וואָס אַרבייט מיט טאַני׳ן אין שאַפּ, דערציילט פון די גרויסע מציאות, וואָס זי האָט דאָרט נעכטן אָנגעקויפט — אויסדערציילענדיג פון די פאַרשידענע אידישע האָב און גוטס, וואָס זי האָט דאָרט געזען, האָט יענע אויך דערמאָנט, וואָס פאַר אַ שיינע „בענטש־לייכטער" עס זיינען דאָרט פאַראַנען.

טאַני׳ן האָט אַ זעץ געטאָן אין האַרצן. זי האָט גלייך געוואָרפן איר אַרבייט און זיך געלאָזט לויפן צום „באַזאַר" מיט דער האָפנונג, אַז אפשר, אפשר וועט זי דאָרט געפינען עפּעס אַ סימן, עפּעס אַ גרוס פון איר אַמאָליגער וועלט.

אַריין אינעווייניג האָט טאַני גענומען אַרום־לויפן פון טיש צו טיש, פון פּאָליצע צו פּאָליצע, צו זוכן דער מאַמע׳ס לייכטער.

הונדערטער לייכטער האָט טאַני איבערגעקוקט, לייכטער, אין וועלכע אידישע מאַמעס האָבן אַמאָל געבענטשט זייערע ליכט. זיי זיינען געשטאַנען ווי פאַראומערטע, ווי זיי וואָלטן וועלן אויסדערציילן וואָס זיי האָבן אַלץ געזעהן און געהערט, געזעהן ווי מען האָט זייערע ליכט־בענשערינס דערשאָסן און פאַרברענט.

מיט פאַרגליווערטע טרערן אין אירע אויסגעוויינטע אויגן האָט שוין טאַני געגומען אַוועקגעהן, ווען פּלוצלינג האָט זי זיך געגעבן אַ דריי אויס צו אַ זייטיגער פּאָליצע, ווי אימיצער וואָלט איר דאָרט אַ רוף געטאָן. זי האָט אַהין אָנגעשטרענגט איר בליק און דערזען ווי עס זיינען דאָרט אין אַ ווינקל אומעטיג און עלענד געשטאַנען צוויי זילבערנע לייכטער.

מיט אַ ווילדן זעצן אין האַרצן, האָט טאַני גענומען שפּאַנען צו דער פּאָליצע, אַ כאַפּ געטאָן די לייכטער אין אירע הענט — און כאָטש זי האָט זיי באַלד דערקענט, האָט זי אויף זיי עפּעס געזוכט, געזוכט און געפונען, שטאַרק אָפּגעקריצט, אָבער טאַני האָט איבער־געלייענט אויף די לייכטער איר מאַמע׳ס נאָמען...

# „געטרייע" קינדער

◇

## סקיצע

---

דאָס טיר־גלעקל פון אַ קאָוני אײַלענדער רומינג־האַוז האָט אַ שטאַרקן קלונג געטאָן. מרס. ווינער, אַ גוטמוטיגע פרוי מיט אַ פּעטליכן פּנים, האָט אָפּגעשטעלט איר פּרעסן און מורמלנדיג „אַך, ווי מען לאָזט דאָס הײַנט נישט אויסענדיגן מײַן פּרעסן", האָט זי זיך מיט שאַרענדע טריט געלאָזט איבער'ן לאַנגן שמאָלן פּאַרהויז. דאָס גלעקל האָט נאָך אַמאָל אַ קלונג געטאָן און די מיסעס ווינער האָט הויך אויסגערופן:

— שאַ, קלינגט נישט, איך קום, איך קום! ווי זיי האָבן דאָס קיין צײַט נישט, צו וואַרטן אַ סעקונדע!

זי האָט אָפּגעריגלט די טיר און זיך אַ כאַפּ געטאָן איבערראַשט:

— אָ, דאָס זענט איר, סילוויע, פרעדי?

און האַלב־באַדויערנדיג, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, האָט זי פאַרט־געזעצט:

— מיט אײַך איז נאָך אַלץ דאָסזעלבע, האַ? איר קומט נאָך אַלץ צו מיר, צו מײַנע צימערן?

ביידע האָבן אומעטיג אַראָפּגעלאָזט זייערע קעפּ און אין זיך אַרײַנגעזיפצט.

מרס. ווינער האָט ווייטער גערעדט:

— הייסט עס, אַז די מלחמה האָט אײַך אויך נישט געהאָלפן! איך מיין, אַז ביי אײַך האָט נישט געהאָלפן נישט די מלחמה און נישט דער שלום! דו ביזט דאָך, דאַכט זיך, געווען פאַרוואונדעט? האַ, פרעדי?

— האָט מיסעס ווינער געהאַלטן אין איין ריידן.

פרעדי האָט אומגעדולדיג אַ שמייכל געטאָן און אַרויסגעמורמלט:

— יעס, איך בין געווען לייכט פאַרוואונדעט! אָבער עס איז יעצט אַלראַיט, איך בין שוין צוריק אין דערהיים.

ביי דעם וואָרט „היים“ האָט ער אַ קוק געטאָן אויף סילוויען און זי צוריק אויף אים.ביידנס בליקן זיינען געוואָרן אַנגעשטרענגט און אומעטיג.

פאַרשטייענדיג זייערע אומעטיגע בליקן, האָט מיסעס ווינער ווידער אָנגעפאַנגען:

— אַך, וואָס מאַכט עס אויס? אַ היים איז אַ היים! מיין צימער איז אויך אַ גוטע היים! ס׳איז ציכטיג, ריין, דער מאַטראַץ איז אַ גוטער!

ביים וואָרט „מאַטראַץ“ האָט זי צוגעוואָרפן אַ שעלמישן ווונק און באַלד צוגעגעבן:

— אָבער וואָס האַלט איך אייך דאָ?

אויף ביידן׳ס באַקן האָט אַ רויטקייט אַ פלאַם געטאָן. זייערע בליקן האָבן אומבאַוואוסט זיך געגעבן אַ ציי אַרויף צו די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו די צימער.

— נו, גייט שוין, גייט! — האָט מרס. ווינער אַ וויז געטאָן מיט׳ן פינגער — גייט אין דעמזעלבן צימער, וואו אַלעמאָל! די טיר איז דאָרט אָפן! איר האָט דאָס אַ ביסל אַ מזל, דאָס צימער איז אַלעמאָל ליידיג פונקט ווען איר קומט אָן!

ביידע האָבן צו איר דאַנקבאַר אַ שמייכל געטאָן און מיט גיכע טריט אַרויפגעלאָפן די טרעפּ וואָס פירט צום ערשטן עטאַזש.

מרס ווינער האָט זיי מיטפילנד נאָכגעקוקט.

פרעדי און סילוויא האָבן האַסטיג פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.

איינע פון די מיסעס ווינער׳ס שכנות, וואָס וואוינט ביי איר זייט עטליכע חדשים, האָט דורך איר האַלב־אָפענע טיר באַמערקט די סצענע און האָט זיך מיט אַ שמייכל געווענדעט צו דער באַלעבאַסטע:

— וואָס קוקט איר זיי נאָך מיט אַזוי פיל רחמנות? מרס ווינער! אין אייערע ביזנעס זענט איר דאָך שוין געוואוינט צו אַלערליי טענערס, מסתמא, אַ לינקע ליבעלע, האַ?

— ניין, ס׳איז גראַד נישט דאָס, וואָס איר מיינט! — האָט מרס ווינער כמעט ארויסגעזיפצט — זיי זיינען נעביך אַן אומגליקליך פּאָרל! איך ווייס עס, זיי קומען שוין אַזוי צו מיר פאַר די לעצטע זעקס יאָר.

— צוויי מענטשן האָבן זיך ליב, איז וואָס איז דאָ פאַר אַן אומ־גליק? — האָט זיך אָנגערופן די שכנה.

— זיי זיינען אומגליקליך, ווייל זיי זיינען געטרייע קינדער!

— האָט אַרויסגעזיפּצט מרס ווינער אַרויף־קוקנדיג צו דער טיר, הינטער וועלכער דאָס פּאָרל איז פאַרשוואונדן.

נאָך אַ שכנה האָט דורך דער צייט אַרויסגעשטעקט איר קאָפּ דורך אַ האַלב־אָפענע טיר.

— וואָס? — האָבן ביידע שכנות פאַרוואונדערט אויסגערופן — אומגליקליך, ווייל זיי זיינען געטרייע קינדער? נו, מרס ווינער — האָבן זיך ביידע גענומען ביי איר בעטן — דערציילט שוין, דערציילט! איר האָט דאָך אַלעמאָל צו דערציילן עפּיס אינטערעסאַנטעס פון אייערע באָרדערס...

אַ דריטע שכנה האָט צוגעגעבן:

— טאַקי, טאַקי! ס׳איז גראָד איצט דאָ אַ ביסל צייט, טאָ לאָמיר טאַקי אַ ביסל פאַרברענגען און באַרעדן.

מיסעס ווינער האָט דאַן בייז אַ זאָג געטאָן:

— איך באַרעד קיינעם נישט!

די שכנה האָט זיך פאַרענפערט:

— איר ווייסט דאָך, אַז איך שפּאָס! איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז מיר האָבן ליב צו הערן אייך דערציילן!

די צווייטע האָט אונטערגעכאַפּט:

— יאָ, יאָ! איר דערציילט שטענדיג עפּעס אינטערעסאַנטס!

— טאָ דערציילט׳זשע דערציילט! — האָבן די שכנות ווידער אַז מען האָט 21 יאָר אַ רומינג־הויז, זעט מען און מען הערט זיך אָן פאַרשידענעס.

— טאָ דערציילט׳זשע דערציילט! — האָבן ביידע שכנות ווידער גענומען בעטן.

— נו, גוט, גוט! קומט אַריין פונ׳ם פאָרהויז, קומט אין קיך אַריין, וועל איך דערציילן און אין־איינוועג טאָן עפּעס אויך! אוי־ווי, דאַכט זיך, איך האָב איבערגעלאָזט מיין פּרעס־אייזן ברענען.

זי האָט זיך אויף גיך געלאָזט צו דער קיך און די שכנות נאָך איר.

מרס ווינער האָט אַ נעץ געטאָן איר פינגער אָן איר צונג, אַ טאַפּ געטאָן דעם אייזן און גענומען זיך צום פּרעסן און דערציילן:

— איר האָט קיינער נישט באַמערקט, ווי דאָס פּאָרל זעט אויס! — האָט די מרס. ווינער אָנגעפאַנגען.

די שכנ׳טעס האָבן זיך אויסגעזעצט אין ווינקלען פון קיך, איינע האָט זיך גענומען צום רויכערן, די אַנדערע צום שטריקן זייערע סוועטער. אַנדערע האָבן אַ שאָקל געטאָן מיט׳ן קאָפּ אויף „ניין", אַז זיי האָבן דאָס פּאָרל נישט באַטראַכט.

— איר פאַרשטייט? — האָט מרס ווינער אָנגעפאַנגען — איך פרעג עס דערפאַר, ווייל ווען איך האָב זיי צום ערשטן מאָל דערזען, זיינען זיי געווען בליהענד, יונג, שיין, און איצט קוקן זיי אויס אויס־געמאַטערט, אויסגעקרענקט, זעהן אויס, ווי זיי וואָלטן שוין געווען עלטערע מענשן און אין דער אמת'ן זיינען זיי נאָך גאָר יונגע, ער דאַרף ערשט זיין אַ יאָר זעקס און צוואַנציג און זי איז גאַנצן אַרום פיר און צוואַנציג. איך ווייס, ווייל צו מיר אין דעם צימער, וואו זיי זיינען איצט, אין דעמזעלבן צימער האָבן זיי געפראַוועט זייער „האָני־מון“.

— האָני־מון? — האָבן די שכנ'טעס אויסגערופן און זיינען געבליבן זיצן דערשטוינט, אַנטוישט און כמעט פאַרלוירן דעם אינ־טערעס, ווייטער צו הערן.

— יאָ, „האָני־מון“! זיי זיינען שוין זעקס יאָר פאַרהייראַט — האָט מרס. ווינער שטאָלץ גערעדט, ווי זי וואָלט געוואָלט ווייזן, אַז ביי איר איז אַ רעספּעקטאַבל רומינג־הויז...

— פאַרהייראַט? — האָט איין שכנה אַן אַנטוישטע געפרעגט — איז וואָס זיינען זיי עפּעס אַזוי סודות'דיג, אַזוי באַהאַלטן?

— זיי זיינען סודות'דיג באַהאַלטן אַלץ דערפאַר, ווייל זיי זיינען צווײ „געטרייע“ קינדער — האָט איצט אָנגעהויבן צו פילאָזאָפירן די איינפאַכע אָבער פיל אָנגעזעענע און אָנגעהערטע פרוי — ווייל פאַרשטייט איר מיך, מען קען אפשר באַקעמפפן רייכקייט, אָרימקייט, מאַכן סטרייקס, רעוואָלוציעס געגן שלעכטע באַלעבאַטים, געגן שלעכטע קייזארים, מען וועט אפשר פאָרט אויך אַמאָל קענען באַקעמפפן פּאָגראָמען, אַנטי־סעמיטיזם, האַס, אָבער קיינמאָל נישט די ליבע, קיינמאָל וועט מען נישט קענען אויסלעשן די אויפגעפלאַמטע ליבע־בלוטן — האָט זי דריקנדיג דעם פּרעס־אייזן אויסגעשריגן מיט פּאַטאָס און פאָרט־געזעצט: — פרעגט מיך, פרעגט די ווענט פון מיינע צימערן, זיי קענען דערציילן! ... אָט טראַכט דאָרט סילוויע, אַזוי הייסט זי דאָרט אויבן, אַז וואָס איז נעביך איר פרעדי שולדיג, אַז זיין לאַנדס־מאַן, דער גענעראַל פּעטעין האָט אין פראַנקרייך געשלאָגן אידן? ער, פרעדי, האָט גראָד זעהר ליב אידן! ...

די שכנ'טעס האָבן אַ וויספּער געטאָן:

— אָ, ער איז אַ פראַנצויזישער גוי און זי איז אַ אידישקע!...

מרס ווינער זעצט פאָרט:

— ביי פרעד'ן זיינען אידן, פראַנצויזן אַלע גלייך! סילוויע ווייסט, הערט און לייענט, ווי גוים שלאָגן אידן, נו, טראַכט סילוויע, זיינען יענע שלעכטע מענשן. איז וואָס איז שולדיג איר פרעדי? מיט זיינע

שיינע מאַניערען, וואָס קען אַזוי שיין ליב האָבן? דאָס האָט זי אָבער קיינמאָל נישט געקענט זאָגן צו איר פרומען טאַטן — זיפצט אַרויס מרס ווינער און זעצט פאָרט: — זי, די טאָכטער האָט זעהר ליב איר פרומען טאַטן. זי ווייסט אַז ווען איר טאַטע וואָלט זיך דערוואוסט, אַז זיין מוזינקעלע, זיין אויג אין קאָפּ, האָט זיך ליב מיט אַ גוי, וואָלט ער דאָס נישט איבערגעלעבט.

— יאָ, די אַלטע צרות פון געמישטע חתונות — האָט איין שכנ׳טע אויסגערופן און מרס ווינער האָט ווייטער דערציילט:

— אויך ער דאָרט, פרעדי, האָט זעהר אַ פרומע מאַמע, אַ קאַטאָליטשקע, וואָס האָט איר גאַנץ לעבן געלעבט נאָר פאַר איר איינציגן זוהן. אויך זי וואָלט עס נישט איבערגעלעבט, ווען זי דער־וויסט זיך, אַז איר פרעדי האָט זיך פאַרליבט אין אַ אידיש מיידל. נו, האָבן דערפאַרביידע קינדער פיל מאָל געפּרופט צו פאַרגעסן איינע אן דער אַנדערער, געפּרופט זיך נישט צו זען וואָכן, חדשים, האַלבע יאָרן. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. זיי האָבן דאָס נישט געקענט אויסהאַלטן. זיי זיינען ביידע אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט, געצאנקט ווי אויסגייענדע ליכט, ביז זיי האָבן באַשלאָסן, קיינעמן ניט אויסצו־זאָגן און חתונה האָבן, נישט אויף אידיש, נישט אויף גוי׳ש, נאָר פשוט אויף אַמעריקאַניש. זיינען זיי אַוועק אין קאָורט, חתונה געהאַט און געטראַכט, אַז וואָס שפּעטער וועט זיין, זאָל זיין, אפשר וועלן זיי זיך נאָך דער חתונה נישט מעהר אַזוי שטאַרק ליב האָבן. עס טרעפט דאָך אַזעלכע זאַכן, וועלן זיי זיך שפּעטער שטילערהייד אָפּ׳גט׳ן. און טאַטע־מאַמע וועלן גאָר נישט וויסן און נישט ליידן.

— העד נאָר געדאַנקען און פּלענער! — האָט זיך אָפּגערופן איין שכנה.

— יע, יע, אַזוי האָבן זיי בעביך געפּלאַנט — האָט מרס ווינער ווייטער דערציילט — אָבער עס האָט גאָר נישט געהאָלפן! ווייל נאָך דער חתונה, נאָך זייער האַני־מון, האָבן זיי זיך נאָך מעהר פאַרליבט. צוויי וואָכן זיינען זיי דאָ ביי מיר געוווען, ביידע האָבן געזאָגט אין זייערע היימען, אַז זיי זיינען געפאָרן אין קאַנטרי פאַר אַ וואַקאַציע. און ווען די צוויי וואָכן האָבן זיך געענדיגט און זיי האָבן זיך געדאַרפט צושיידן, צוריקגיין יעדער צו זיין באַזונדערער היים, האָט זיך דאַן ערשט אָנגעפאַנגען זייער אומגליק. זיי האָבן זיך נישט געקענט אָפּרייסן איינע פון דעם אַנדערן און דאָך האָבן זיי עס געמוזט און אַזוי האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַר זיי אַ צווייענדיגער לעבן, אין דער שטיל מאַן און ווייב און פאַר זייערע היימען מיידל און בחור. איר טאַטע מאַנט כסדר, זי זאָל חתונה האָבן, די משפחה ברענגט איר נאָכאַנאַנד חתנים,

און זי דאַרף זוכן אַלערליי תירוצים. זיין מאַמע האָט פּאַר אים רייכע כלות און ער דאַרף אויך זוכן תירוצים. ביידע האָבן גאַנצע וואָכן נאָכאַנאַנד געלעבט נאָר דורך טעלעפאָן. נאָר אין די זונטאָגן פלעגן זיך ביידע אַרויס־גנב׳ענען און קומען אַהער צו מיר. דעם אמת האָב איך שוין אַלע מאָל געזען, אַז זיי זאָלן האָבן זייער האַני־מון־צימער ליידיג. איך האָב שטענדיק אויף זיי רחמנות געהאַט, זיי האָבן אַזוי געבענקט נאָך אַ היים. דערווייל איז אָנגעקומען די מלחמה. ער איז דאָרט פאַר־וואונדעט געוואָרן, האָט זי מיר איינמאָל דערציילט און באָכדעם האָב איך זיי שוין נישט געזען אַ לאַנגע צייט ביז היינט. און אַט איז שוין נאָך דער מלחמה און זיי זיינען ווידער דאָ, ווידער דאָסזעלבע!

— איז וואָסזשע וועט זיין זייער סוף? — האָט איין שכנה אַ פרעג געטאָן.

— אויף וואָס וואַרטן זיי פאָרט? — האָט די צווייטע אַ פרעג געטאָן.

— איך ווייס? — האָט מרס ווינער אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען — זיי ליידן און וואַרטן אַלץ דערפאַר, ווייל זיי זיינען געטרייע קינדער.

— — — — — — — — — — — —

ווען סילוויע און פרעדי האָבן פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך זיינען ביידע פאַר אַ סעקונדע געבליבן שטיין אין מיטן צימער אָן אַ וואָרט אויסצורעדן. פרעדי איז דער ערשטער געקומען צו זיך און זיך אויסגעדרייט צו דער טיר, זי בעסער צו פאַרמאַכן. סילוויע איז דערווייל צוגעגאַנגען צום פענסטער און אָנשפּארנדיג איר וואַרימע באַק אָן דער קילער שויב, האָט זי ציעללאָז געגומען שטאַרען אירע אויגן ווייט איבער די דעכער. פרעדי איז צוגעגאַנגען צו דער צווייטער פענסטער, וועלכע איז געווען אַ פּאָר טריט אַוועק פון סילוויע, און ער האָט נערוועז גענומען קלאַפּן מיט די שפּיצן פינגער אין אַ ווינקל פון אַ שויב.

ביידע האָבן איצט געטראַכט פון דערזעלבער זאַך, פון דעם פאַרדרוס, וואָס עס זיינען אַוועקגעגאַנגען גאַנצע פינף וואָכן און זיי האָבן זיך נישט געזען, כאָטש זיי האָבן ביידע גוט געוואוסט, אַז קיינער פון זיי איז אין דעם נישט שולדיג. דאָך האָבן זיי מיט אַלע כחות זיך איינגעהאַלטן, נישט אויסצולאָזן איינער צום צווייטן דעם כעס פון זייער בענקשאַפט, ווי אימעצער וואָלט דאָס זיי אומיסנע אָפּגעטאָן. האָט זיך אַזוי געמאַכט אַז עס איז זיי אין וועג געקומען איין שטערונג נאָך דער אַנדערער. פריער איז איר טאַטע שטאַרק קראַנק געווען און דאָס האָט פאַר אַ ווײַלע געשטערט זייער באַגעגעניש. אַרומלויפנדיג

אַרום איר טאַטן, האָט זי זיך אַליין שטאַרק פאַרקילט און געמוזט בלייבן אין בעט. דורך דער צייט איז זיין שוואַכע מאַמע געוואָרן שטאַרק קראַנק אויף׳ן האַרץ. לויפנדיק כסדר צו און פון דאָקטוירים, האָט ער זיך אויסגעלונקען אַ פוס און האָט זיך פאַר אַ פולע וואָך נישט געקענט רירן פונ׳ם אָרט. און אַזוי איז אַוועק גאַנצע פינף וואָכן פון נישט־זען זיך. פונקט אין אַזעלכע מאָמענטן פון שווערע הערצער און קראַנק־הייטן, ווען זיי האָבן זיך אַזוי גענויטיגט איינער אינ׳ם צווייטן, האָבן זיי קוים אַ פאַר מאָל דורכן טעלעפאָן געקענט ריידן.

די בענקשאַפט אין די פינף וואָכן איז ביי זיי געוואַקסן ביז׳ן העכסטן עקסטאַז, זיי האָבן שוין ניט געקענט דערלעבן די מינוט, צו זיין נאָענט איינע נעבן דעם אַנדערן. דורך׳ן טעלעפאָן האָבן זיי זיך אָפּגערעדט צו טרעפן ביים קאָרנער אײלענדער סאַבוועי־סטיישאָן און זיינען פון דאָרט מיט האַסטיגע טריט געלאָפן צו דער מרס ווינער׳ס רומינג־הויז, אָבער פונקט אויף׳ן שוועל האָט דער מרס ווינער׳ס דער־מאָנען זיי, אַז זיי האָבן נאָך אַלץ נישט קיין היים, אַז זיי קענען נאָך אַלץ נישט זיין צוזאַמען, אַז זיי דאַרפן נאָך אַלץ אַרומזוכן אַ באַהאַלטענעם ווינקל פאַר זייער ליבע, האָט זיי איצט אַריינגעוואָרפן אין אַזאַ טרויער, אין אַזאַ רחמנות צו זיך, אַז זיי האָבן זיך פאַר אַ היבשע ווײַלע נישט געקענט רירן פונ׳ם אָרט.

ענדליך האָט סילוויע איבערגעריסן די דריקענדע שטימונג מיט אַ שטילן שלוכצן.

— וואָס איז? וואָס וויינסטו? — האָט פרעדי אויסגערופן מיט אַ מין פאַרוואורף, האַסטיג אַוועקכאַפּנדיג זיין פינגער פון דער שויב און אַ טראָט טוענדיג נענטער צו איר.

— איך בין געלעגן אַזוי קראַנק, געלעגן מיט אַזאַ הויכן פיבער און גאָר־נישט, קיינעם האַרט נישט! — האָט סילוויע שלינגנדיג די טרערן געגערעדט אַלץ שטילער און שטילער, וויסנדיג ביי זיך, אַז זי באַשולדיגט אים אומזיסט, נאָר עס האָט זיך איר גלאַט געוואָלט איצט אַ ביסל אויסוויינען דאָס האַרץ.

— בין איך שולדיג? — האָט פרעדי כמעט אויסגעשריען — איך האָב דען געקענט קומען צו דיר? דו האָסט דאָך אַ טאַטן אויף מיין קאָפּ! דו ציטערסט דאָך נאָר, דיין טאַטע זאָל מיך נישט דערזען! איך האָב זיך געדאַרפט אַרומדרייען ווי אַ הונט אַרום דיין הויז, נאַכלויפן אַלע דיינע שכנים, אויסצוגעפינען, וואָס דו מאַכסט?...

— וואָס קען איך העלפן, וואָס קען איך טאָן? — האָט סילוויע געמורמלט ווי אַ שולדיגע.

— און אַז איך האָב אויסגעלונקן אַ פּוס און נישט געקענט גיין זוכן אַ טעלעפאָן, האָט מען מיך אין גאַנצן פאַרגעסן! — האָט פרעדי מיט ביטערקייט זיינע פינגער ווידער אַנגעהויבן קלאַפּן אין דער שויב.

— פאַרגעסן? — האָט שוין איצט סילוויע אויסגעשריען — פאַרגעסן האָב איך דיך? איך קען דען קומען צו דיין מאַמע? ביי דיר איז דאָך דיין מאַמע טייערער פון מיר!

— ביי דיר איז דיין טאַטע אַ סך וויכטיגער ווי איך! — האָט פרעדי אַריינגעשריגן אין איר פּנים.

— איך האָב געהאַלטן אין איין טעלעפאָנירן אין ביידע קענדי־סטאָרס אויף דיין בלאָק און אין דעם קאָרנער דראַג סטאָר. קוים האָט זיך דער דראַגיס־מאַן דערמאָנט ווער דו ביזט און מיר דערציילט, אַז דו האָסט אויסגעלונקן אַ פוס. איך בין שיר משוגע געוואָרן פון שרעק! — האָט שוין סילוויע איצט געוויינט אויף זיין ברוסט.

— סילוויע, דאַרלינג, סוויטהאַרט, טייערינקע! — האָט פרעדי, קושנדיג אירע טרערן זיך געבעטן — מיר מוזן איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן אַ סוף צו אונזער מאַמעריגיש, מיר טאָרן נישט פטר׳ן אונזערע לעבנס צוליב די קאַפּריזן פון דיין טאַ...

— דיין מאַמע — האָט סילוויע אונטערגעכאַפּט.

— יע, יע! איך מיין ביידן, ביידן! — האָט פרעדי געשריען — איך מיין ביידע, מיין מאַמע און דיין טאַטע׳ן. מיר זיינען יונג, מיר דאַרפן נאָך לעבן! דיין טאַטע איז שוין אַן אַלטער מאַן...

— דיין מאַמע איז עלטער פון מיין טאַט׳ן! — האָט סילוויע אויסגעשריען.

— אָט קריגן מיר זיך שוין ווידער צוליב דיין טאַט׳ן! — האָט זיך פרעדי אָפּגעקערט אַ ביסיל ברוגז.

— ניין, צוליב דיין מאַמע קריגן מיר זיך! — האָט זיך שוין סילוויע אַנגעצונדן.

— איך ווייס, איך ווייס, אַז דו וואַרטסט אויף מיין מאַמע׳ס טויט! — האָט פרעדי ווידער גענומען קלאַפּן מיט די פינגער אין די שויבן.

— און דו וואַרטסט אויף מיין טאַטן׳ס טויט! — האָט סילוויע רחמנות׳דיג געשעפּטשעט, אַנשפאַרנדיג איר שטערן אויף׳ן פענסטער און גרויסע טראָפּנס טרערן האָבן זיך געקייקלט אויף דער שויב.

פרעדי האָט נישט געקענט זען אירע טרערן און זיך אַנכאַפּאַדיג פאַר׳ן קאָפּ גענומען שרייען:

— הער אויף וויינען, הער אויף, ווייל איך וועל אַנטלויפן, וואו מיינע אויגן וועלן מיך טראָגן! איך בין געווען אין מלחמה אונטער

שווערד און פייער, צו־וואָס האָב איך געדאַרפט צוריק־קומען אַ לעבעדיגער, צו־וואָס?

— אָ פרעדי, טייערינקער, רייד נישט אַזוי, רייד נישט! — איז סילוויע צוגעפאַלן צו אים מיט קושן און טרערן — זאָג אַדרבה, וואָס זאָלן מיר טאָן וואָס?

— איך זאָג — האָט פרעדי גענומען ריידן זעהר אַנטשלאָסן — אַז מיר זאָלן איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן אַן ענדע צו אונזער סאָרט לעבן, מיר זאָלן נישט מעהר קומען אַהער! מעהר נישט גנב׳נען אונזער ליבע. אַ היים זאָלן מיר מאַכן, אַ היים, לעבן ווי אַלע מענשן. אויף וואָס וואַרטן מיר, אויף וואָס? מיר מיינען, אַז מיר זיינען געטרייע קינדער, אַז מיר האָבן זעהר ליב אונזער טאַטע־מאַמע און אין דער אמת׳ן זיינען מיר גאָר זייערע שונאים, אויף וואָס דען אַנדערש וואַרטן מיר, אויב נישט אויף זייער טויט?...

— נישט אמת! — האָט סילוויע אַרויסגעזיפצט מיט אַ ציטער — נישט אמת! איך וואַרט נישט אויף דיין מאַמע׳ס טויט!

— ס׳איז יאָ אמת, סילוויע! לאָמיר זיך ביידע אויסזאָגן דעם אמת אין די אויגן אַריין, נישט נאָר וואַרטן מיר אויף שווער און שוויגער׳ס טויט, נאָר אפילו אויף די אייגענע טאַטע־מאַמע! פילע מאָל, ווען מיין מאַמע ווערט שטאַרק קראַנק אויף איר האַרץ, איז צוזאַמען מיט׳ן שרעק פאַר איר טויט קומט מיר אויך אַ באַהאַלטענע האָפנונג, אַז אָט־אָט וועל איך שוין קענען האָבן אַ היים מיט דיר צוזאַמען!...

ביי די ווערטער האָט ער צוגעדריקט זיין שטערן צו אַ וואַנט, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוואָלט שלאָגן פאַר זיינע באַהאַלטענע פאַר־ברעכערישע געדאַנקען געגן זיין גוטע מאַמע.

סילוויע האָט זיך צוזאַמען־געקאָרטשעט פון פיין, ווען זי האָט זיך פאַרטראַכט, ווי אמת פרעדי׳ס ווערטער זיינען. זי האָט זיך דער־מאָנט, אַז פילע מאָל, ווען איר טאַטע איז געוואָרן קראַנק און זי איז געלאָפן נאָך אַ דאָקטאָר, האָט זי אין דערזעלבער צייט שטאַרק אַריינ־געקוקט אין דעם פענסטער פון דעם מעבל־געשעפט נעבן דעם דאָקטאָר׳ס אָפיס, געהאָפט דאָן, אַזעלכע מעבל צו קויפן פאַר איר היים...

זי איז צוגעפאַלן צו פרעדי׳ן מיט אַ געוויין:

— אָ, פרעדי, פרעדי, וואָס וועט זיין? וואָס זאָלן מיר פאַרט טאָן?

— אויפהערן וואַרטן זאָלן מיר! — האָט פרעדי אַנטשלאָסן אויסגערופן — אויפהערן וואַרטן אויף זייער טויט! אויסזאָגן דעם אמת און זאָלן זיי טאָן, וואָס זיי ווילן! זיי האָבן שוין זייערס אָפגעלעבט און מיר דאַרפן נאָך לעבן! דאַטסאָל! אַ היים וועלן מיר מאַכן, נישט מעהר

אַהער־קומען, גישט מעהר! אַ היים וועלן מיר ביידע מאַכן, צוזאַמען וועלן מיר זיין!

— יאָ, היינט זאָל זיין דאָס לעצטע מאָל, וואָס מיר קומען אַהער אין אַ פרעמדן צימער, אַ פרעמדער טיש, אַ פרעמדער שטול, גענוג! גענוג געליטן! — האָט סילוויע איצט אַנטשלאָסן גע׳טענה׳ט — גענוג געליטן צוליב אַלטע טאַטע־מאַמע! מיר זיינען שוין באַלד אַליין אַלט געוואָרן, מיר האָבן שוין באַלד נישט אַליין ווען צו לעבן!...

— נאָך היינט, היינט! — האָט פרעדי מיט אימפּעט גערעדט — נאָך היינט וועל איך אַלעס אויסזאָגן מיין מאַמע׳ן, היינט, באַלד ווי איך וועל נאָר אין שטוב אַריינקומען, וועל איך זאָגן: „מאַמע, גענוג מיר דרייען אַ קאָפּ מיט שדוכים, ווייל איך בין שוין לאַנג, לאַנג פאַרהייראַט!"

ביי די ווערטער האָט ער אַ הויב געטאָן סילוויע׳ן אין דער לופט און געוואָרפן אַ בליק אויף די ווייטע אויסגעפּרעסטע קישן־ציכלעך...

— יאָ, איך וועל אויך נאָך היינט דער גאַנצער וועלט אויסזאָגן, אַז איך האָב אַ מאַן און איך האָב אים ליב, ליב! — האָט סילוויע גע־וויספּערט אין פרעדי׳ס הייסע ליפּן.

— — — — — — — — — — —

די נאַכט האָט זיך אַריינגעשטופּט אין פענסטער און האָט מיט איר געדיכטער טונקלקייט אַנגעזאָגט פרעדי׳ן און סילוויע׳ן, אַז עס איז שוין שפּעט. ביידע הענט האָבן זיך אַ גלייכן צי געטאָן צום עלעק־טריק־קנאָפּ, פינגער אויף פינגער האָט דעם קנאָפּ אַ דריק געטאָן. ס׳איז געוואָרן ליכטיג. ביידע האָבן זיך יונג און קלינגענד צולאַכט פון זייער קונציגן ליכטיג־מאַכן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און דערזען, אַז זייערע ליפּן האָבן שוין לאַנג אויסגעטרוקנט איינער דעם צווייטנס טרערן. זייערע אויגן זיינען איצט געווען ליכטיגע, פריילעכע. גליקלעכע שמייכלען זיינען געווען אויסגעשפּרייט אויף זייערע פּנים׳ער. אָן ווערטער האָט איינער דעם צווייטן גענומען העלפן זיך שנעל אָנצוטאָן. זי האָט אים אויף שנעל דערלאַנגט זיין טאַי, ער איר די שיך. ביידע האָבן געוואוסט, אַז זיי אײַלן זיך אַזוי, ווייל איר טאַטע און זיין מאַמע וועלן זיך זאָרגן, וואו זיי זיינען אַזוי שפּעט.

זייער פריערער פעסטער באַשלוס גלייך אויסצוזאָגן טאַטע־מאַמע דעם סוד, איז — ווי שוין פילע מאָל פריער — באַלד פאַר־שוואונדן. צו גליקליך זיינען ביידע איצט געווען, צו קענען אימיצן ווי טאָן, איבערהויפּט נאָך זייער טאַטע־מאַמע. זי האָט גוט געוואוסט, ווי ליב ער האָט זיין אַלטע שוואַכע מאַמע, איז ווי טאָר זי איצט דערמאָנען,

ער זאָל איר ווײ טאָן? נײן, זי וועט אים נישט טשעפּן! זאָל נאָך זײן הײנט! זי וועט וואַרטן נאָך אַ ביסל, וואַרטן, וואַרטן!

פרעדי קוקט אויף איר פון דער זײט און טראַכט בײ זיך: זי קוקט איצט אויס אַזוי גליקליך! זי האָט פאַר אַ װײלע פאַרגעסן די צרות. נײן, ער וועט עס איר נישט דערמאָנען! ער ווײסט, ווי ליב זי האָט איר פרומן טאַטן! ער ווײסט, וואָס פאַר אַן אומגליק דאָרט אין שטוב וועט ווערן פון אַזאַ מין נײעס! נײן, זאָל נאָך זײן דערווײל, ער וועט נאָך וואַרטן, וואַרטן!...

בײדע מײדן אויס אַ וואָרט, מײדן אויס זיך אָנצוקוקן און גײען לאַנגזאַם אַראָפּ די טרעפּ. בײ דער שוועל באַגעגנט זײ מרס װינער מיט אַ שעפּטשענדער פראַגע:

— זאָל איך האַלטן לײדיג פאַר אײַך דעם צימער פאַר דער קומענדער וואָך אין דערזעלבער צײט?

פון בײדנ׳ס העלזער רײסט זיך אַרויס אײן „יאָ!״...

אין דער אָפענער קיך־טיר באַווײזן זיך צוויי שכנות און קוקן פאַר׳גנב׳ט נאָך דעם אַוועקגײענדיגן גליקליכן פּאָרל. אײנע מורמלט אַרויס: „צוויי געטרײע קינדער! זײ וואַרטן נעביך מיט זײער לעבן אויף טאַטע־מאַמע׳ס טויט!״...

די צווײטע שכנה אַרויסלאָזנדיג אַ קנויל רויך פון איר פּאַפּיראָס, זיפּצט אַרויס:

— אָך, נאַראָנים! זײ מײנען, אַז נאָר די טאַטע־מאַמע זײנען די שטערונג צו זײער גליק! נישט ריכטיג! די אמת׳ע שטערונג ליגט אין זײ אַלײן... ווי שטאַרק זײ זאָלן זיך נישט ליב האָבן, בלײבן זײ אַלץ צוויי פרעמדע וועלטן, איך ווײס עס! איך ווײס! — שעפּטשעט זי טרויעריג און ציט שטאַרקער און שטאַרקער דעם רויך פונ׳ם פּאַפּיראָס...

# דאָס לעבן וויל נישט וואַרטן

◇

## אַ סאַטירקע

דײַן אַמאָליגער געקרויזטער שוואַרצער קאָפּ האָר איז געווען זײַן שונא, זײַן אמת'ר שונא, אים געלאָזט אַליין, אַליין! — טראַכט העגרי ליכטמאַן, דרייענדיק זיך צוזאַמען מיט די געדרייטע שטעגן און וועגן פון שיינעם פּראָספּעקט פּאַרק. אַ הערבסט־ווינטל קומט פון ערגיץ אָן און גיט אַלע ווײַלע אַ ריס אַראָפּ אַ געל איבערגעטרוקנט בלעטל פון אַ צווײַג און טוט אים דערמיט אַ שמייס אין פּנים. ביי יעדן מאָל פון אַזאַ שמיץ גיט העגרי אַ בליק אַרויף צו די צווײַגן פון די אַראָפּ־געפאַלענע בלעטלעך און עס דאַכט זיך אים, אַז די גרין־געל־רויטליך געפאַלענע בלעטער זײַנען יאָרן, די אַוועקפליענדע יאָרן פון די בוימער. זײַן בליק עסט זיך אַיין שטאַרקער און די צווײַגן, זיי הענגען אַראָפּ אַזעלכע אומעטיגע, ליידיגע, אָפּגעשיילטע, וואו נישט וואו נאָר אַ שטעכיק ריטל אַנשטאָט אַ גרין בלעטל. פּונקט ווי זײַן קאָפּ — טראַכט ער — איז געוואָרן אָפּגעשיילט פון זײַנע אַמאָליגע שוואַרצע געדיכטע קרויזן און וואו נישט וואו איז נאָר געבליבן אַ וואָרצעלע גלייכע גרויע האָר. זײַן האַנד גיט דאַביי נישט־ווילנדיק אַ גלעט זײַן פּליך.

אַ האַלב פאַרגעלט און אַ האַלב פון די לעצטע זונען־שטראַלן רויטליך בלעטל רײַסט זיך ווידער אָפּ פון אַ צווײַג און טוט אַ פאַל פּונקט אויף דער מיט פון זײַן פּליך. עס גיט אים דאָרט אַ מאָדנעם קיצל, ער גיט אַ האַסטיגן טרייסל אָפּ דעם קאָפּ פון'ם בלעטל און קוקט ווידער צו די צווײַגן. פאַרביי־לויפענדע ווינטן, פליענדיק זייער אייגענעם וועג, פאַר־טשעפּען די צווײַגן, גיבן זיי אַ טרייסל, אַ וויג, אַ הוידע, אַהין און אהער און פליען זיך ווייטער זייער וועג, איבערלאָזנדיק די צווײַגלעך אין אַ טרויעריגער הוזשעריי, וועלכע זשומעט אַרײַן אין העגרי'ס אויערן, ווי

אַ קול, וואָס זאָגט אים: „זע, קוק, אָט ווערן מיר אויך אָפּגעשיילט, לײדיג! זע ווי מיר וויגן און טרייסלען זיך פון עלנד און אומעט!"

— יאָ, אָבער! — דאַכט זיך העגרי'ן, אַז ער שרייט אַזש אויס, פאַררייסנדיג זיין בליק צו די בוימער — פאַר אייך קומט באַלד צוריק אַ פרילינג, איר ווערט נאָר אויף אַ ווייל פאַרגליווערט פון קעלטן, ווינטן און פרעסט, אָבער באַלד־באַלד קומט צוריק אייער צייט, אייער מאָרגן, איר בליט באַלד צוריק אויף מיט נייער פרישקייט, גרינקייט און יוגנט. איר ווערט ווידער באַצירט מיט טויזנטער, טויזנטער חנ'עז, אָבער נישט איך, נישט איך! איך בלייב שוין אַזוי ווי איך בין און ווער וואָס אַ טאָג נאָך ערגער!

ער ווישט אָפּ דעם קאַלטן שווייס פונ'ם שטערן, גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט זאָגן „שוואָם דאַריבער". ער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, זעצט זיך אויף אַ מיט געלע און רויטע בלעטער באַוואָר־פענע באַנק און נעמט זיך לייענען אַ צייטונג.

ער קוקט אין איין זייט צייטונג, אין דער צווייטער, שטרענגט אָן זיין בליק איין מאָל און נאָך אַמאָל, אָבער עס לייענט זיך נישט. די בוכשטאַבן טאַנצן, שפּרינגען אין די אויגן אַריין און לאָזן זיך נישט פאַר קיין פאַל צוזאַמענעמען. ער לייגט צוריק צוזאַמען די צייטונג, בלאָזט לאַנגזאַם דעם רויך פונ'ם פּאַפּיראָסל און לאָזט ציללאַז וואַנדערן זייך אויסגעלאָשענעם בליק פון בוים צו בוים, פון בערגל צו בערגל און שטעלט זיך אָפּ אויף אַ דערבייאיגער אַלייע. די אַלייע זעט אים אויס עפּיס אַזוי מאָדנע באַקאַנט.

— יאָ — דערמאָנט ער זיך — עס איז טאַקע דיזעלבע אַלייע. דאָרט אונטער יענעם בוים, אויף יענער באַנק, איז ער אַמאָל געזעסן מיט סילוויע'ן. אַ, ווי שטאַרק סילוויע האָט דאָס ליב געהאַט צו קרייזלען זיינע שוואַרצע קרויזן מיט אירע צאַרטע פינגער און ווי ער פלעגט זיך עס דאַן איבערנעמען מיט זיינע שוואַרצע קרויזן.

— רייס מיר נישט מיינע האָר! — פלעגט ער זיך פּיעשטשען און זי פלעגט דאַן נאָך צערטליכער נעמן פלאָנטערן אירע געטאָקטע פינגערלעך אין זיינע געדיכטע לאָקן און דאַביי זיך פאַרגיין אין אַ טרעלן מיט איר „סאָפּראַנגעלע".

— אך, קאַק ליובליו טעביא טאַמנאיא נאָטש! — גיט ער דאַביי אַ זינג און אך — דערמאָנט ער זיך ווידער — אין וואָס פאַר אויסער־געוועגליכע בלויקייט די לבנה האָט אָפּגעשפּיגלט איר פּנים. יענע נאַכט, ווען ער האָט איר געזאָגט, זי זאָל נישט דענקען פון קיין חתונה, ווייל ער איז נישט די „מערינג קאַינד", וועלכעס מיינט, אַז ער איז נישט קיין בחור צום חתונה־האָבן, ער דענקט גאָר נישט פון אַזעלכעס...

זי וועט וואַרטן ווי לאַנג ער וועט וועלן! — האָבן אירע ליפּן ציטעריג געשעפּטשעט, זי איז זיכער, אַז ער וועט נישט בלייבן אייביג קיין בחור, ער וועט אַמאָל בייטן זיין מיינונג, וויל זי וואַרטן אויף אים אפילו ביז׳ן טויט — און די וואָך האָט ער באַקומען פון איר אַן איינלאַדונג צו דער „בר־מצוה״ פון איר ערשטן זוהן.

אַ סאַרקאַסטיש שמייכעלע האָט זיך פאַרשפּרייט אויף זיינע ליפּן, ער האָט צוטראָטן זיין אויסגעלאָשענעם סיגאַרעט און אַ מורמל געטאָן:

— זי וועט וואַרטן, אַפילו ביז׳ן טויט וועט זי וואַרטן!!!...

ער האָט גענומען אָנצינדן אַן אַנדערן סיגאַרעט, אַ ווינטל האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן די ליידיגע צווייגן און פאַרלאָשן דאָס אָנגעצונדענע שוועבעלע. ער האָט אַ רייב געטאָן אַ צווייטע, אַ דריטע שוועבעלע און ווידער האָט עס אַ ווינטל אויסגעלאָשן.

די זיך רייצנדע ווינטן האָבן פאַר הענדרי׳ס אויגן איצט אוועקגעשטעלט די פלאַם־רויטע בעטי׳ן, ווי זי פלעגט מיט אירע פולע ליפּעלעך נאָר ליב האָבן אויסצולעשן דאָס אָנגעצונדענע „צינדהעלצל״, ווי זי פלעגט דאָס רופן.

פונקט אין דעם מאָמענט, ווען דער סיגאַרעט האָט שוין אָט־אָט געהאַלטן ביים אָנכאַפּן דאָס פלעמל, פלעגן אירע ליפּלעך געבן אַ בלאָז איינמאָל, געלאָזט נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל. ביידע האָבן דאַביי שטאַרק געלאַכט און ווען אים פלעגט דאָס שפּיל נמאס ווערן און ער פלעגט דערפאַר כלומרשט אַוועקדרייען פון איר דעם קאָפּ, פלעגט זי אים באַלד נעמען דרייען זיין געדיכטע טשאַפּרינע, ביז זי האָט האַלטנדיג אַ זשמוד קרויזן אין איר הויפן, אויסגעדרייט זיין פנים צו אירע ליפּלעך.

— דו וועסט זען, הענדי, אַז איך וועל נאָך מיט דיר חתונה האָבן, צי דו וועסט וועלן אָדער נישט! — פלעגט זי אים שעלמיש אַריינלאַכן אין פנים.

— צו־וואָס חתונה האָבן? — פלעגט ער זיך דאַן צעפילאָזאָפירן — צו־וואָס אַרויסנעמען פון אַ בלומען־גאָרטן נאָר איין בלומעלע? אַז איך האָב ליב אַלע בלומען, אַלערליי קאָלירן. אַלע, אַלע בלומען האָב איך ליב! — פלעגט ער ביי די ווערטער איינעסן זיינע ליפּן אין אירע און ער פאַרשטשימעט ביי דער דערמאָנונג די ליפּן, ווי ער וואָלט איצט אימיצן געקושט.

ער כאַפּט זיך אַז ער קושט די לופט. מיט אַ פאַרשעמטקייט פאַר זיך אַליין גיט ער אַ טראַכט:

— וואו איז זי ערגיץ אַהין־געקומען, די בעטי? — זיין האַנט רירט אָן דאָס ביכעלע מיט די טעלעפאָן־נאַמבערס, וואָס דרימלען שוין פון אַ לאַנגער צייט אין זיין קעשענע.

אַ צופרידענער שמייכל צושפרייט זיך אויף זיין פנים. זיינע פינגער־שפּיצן גיבן אַ גלעט דעם ביכעלע אין זיין קעשענע, ווי עפּיס אַ באַהאַלטענעם אוצר.

ער גיט זיך אַ הויב אויף פון באַנק און לאָזט זיך ווידער שפּאַנען אין די געדרייטע אַלייען. זיינע וואַנדערנדע טריט שטעלן זיך איצט אָפּ לעבן דעם שיינעם טייך פונ׳ם פּראָספּעקט פּאַרק.

ביי די ברעגן פונ׳ם טייך שווימען אַרום ווייסע שוואַנען, בולקענדיג מיט זייערע רויטע שנאָבלען אין דעם הימל־קאָלאָר וואַסער. פאַרביי די שוואַנען שיפן זיך דורך פאַרליבטע פּאָרלעך.

העגרי׳ס בליק עסט זיך איצט איין אין אַ שיפל, וואו עס זיצט אַ יונג פּאָרל. די בלאָנדע מיידל, וואָס וויגט זיך ביי איין עק שיפל, ווערט ביי אים פאַרוואַנדלט אין דער ברונעטער מלכה. ביים צווייטן עק שיפל מיט די וויעסלעס אין די הענד, וואו עס רודערט אַ יונג־שמייכלענדיג רויטער בחור, ווערט איצט אין העגרי׳ס פאַרוואָרטע אויגן דער רויטליכער בחור פאַרוואַנדלט אין אים, דעם אַמאָליגן שוואַרץ־גע־קרויזטן העגרי ליכטמאַן. דאָס זיצט ער, העגרי, אַנטקעגן מלכה׳ן.

דאָס רודערט ער מיט קראַפט דאָס שיפל און מלכה וואַרפט עסן פאַר די שוואַנען און קוקט אויף אים מיט טיף־פאַרליבטע אויגן.

און שפּעטער, שפּעטער... עס ווערט נאַכט. טרערן, גרויסע טראָפּנס טרערן גלאַנצן אַראָפּ פון מלכה׳ס אויגן, פונקט ווי די שטערן, וואָס קוקט אַראָפּ צו זייער שיפל. עס ווערט נאָך שפּעטער. זיי זיצן ביידע אויף׳ן גרינעם גראָז, איר קאָפּ ליגט אויף זיינע קני, זיינע פינגער גליטשן זיך איבער אירע אַנטבלויזטע שולטערן. זי כליפּעט שטיל פון זיין שויס אַרויס.

— איך וועל נישט לעבן אָן דיר, העגרי, איך וועל קיינמאָל מער אַזוי נישט ליבן, ווי איך ליב דיך! גיין, איך קען נישט און וועל נישט לעבן אָן דיר! — דאַכט זיך אים, אַז ער הערט נאָך איצט איר שטאַרק כליפּען.

— וואָס איז טאַקי געוואָרן פון איר? — לויפט ביי אים דורך אַ געדאַנק, אָפּשטעלנדיג זיין טראָט. ער רירט ווידער אָן זיין בוזעם־קעשענע מיט׳ן אַדרעסן־ביכעלע.

— יאָ! — באַשליסט ער — מען דאַרף מלכה׳ן אָפּרופן! איך האָב נאָך זיכער ערגיץ איר טעלעפאָן־נאָמבער. אפשר איז זי נאָך טאַקי אויף׳ן אַלטן אַדרעס! דאַכט זיך — דערמאָנט ער זיך ווידער — אַז עס איז געווען אירע עלטערן׳ס אייגענע הויז. און אויב אפילו נישט, וועל איך אפשר דורך דעם נאָמבער אויסגעפינען, וואו זי געפינט זיך איצט.

— יאָ, מלכּה האָט געוויס די אַלע יאָרן אויף אים געוואַרט! — טראַכט ער ווידער מיט פאַרגעניגן — און איך האָב דאָרט אין מיין ביכעלע נאָך און נאָך אַזעלכע מלכּה׳ס, וואָס וואַרטן, וואָס ווילן זיין גליקליך, ווען זיי וועלן דאָרט אויף יענער זייט טעלעפאָן דערהערן מיין שטימע. איז וואָסזשע איז ער היינט אַזוי פאַרצווייפלט? וואָס איז אויף אים היינט אָנגעפאַלן אַזאַ הערבסטיגער אומעט? — פאַנגט ער זיך אַליין אָן צו מאַכן פאָרווירפע.

וואָס איז דאָ אַזוינס געשען? די קורצע לינע מיט אירע גראָבע פיס און באַרישע אויגן האָט אים גענכטן דיסאַפּאָינטעט, געלאָזט אים שטיין און אַוועק מיט אַן אַנדערן, איז וואָסזשע איז? ער האָט זי דען ליב? ס׳איז דאָך נאָר זיין „עגאָ״, וואָס קרענקט אים. עס שטייט אים נישט אָן, צו בלייבן דער איבערגעלאָזענער, אָבער ווייטער: ווער איז עס אַזוינס די גאַנצע לינע? זי איז דאָך נישט ווערט אפילו אַ שמייכל פון די אַלע דאַמען, וואָס ער האָט אַפילו אין זיין אַלטן ביכעלע.

— יאָ, בלייבט ער שטיין, לאָמיר זיך טאַקי אַ נעם טאָן צו מיינע ביכעלעך מיט די טעלעפאָן־נאַמבערס.

ער נעמט אַרויס פון דער בוזעם־קעשענע אײן ביכעלע, אַ צווייטן, גיט אַ מיש די בלעטלעך, פאַנגט אָן זוכן קליינגעלד אין די קעשענעס. זעט, אַז ער האָט נישט.

— יאָ! — רופט ער אויס אויף׳ן קול — מען דאַרף צובייטן עטליכע דאָלאַר אויף דאַימס און ניקלס. ער נעמט אַרויס פון אַ קעשענע אַ צוויי־דאָלאַר ביל קוקט זיך אַרום, צייגט זיך אַליין מיט׳ן פינגער: דאָרט ביי יענעם אַרויסגאַנג פונ׳ם פּאַרק, איז דאַכט זיך אַ דראַג־סטאָר. איך האָב טאַקי פיל דייטס געמאַכט פון יענע טעלעפאָן־בוטס — גיט ער א שמייכל ביים דערמאַנען זיך און אַ הייסער שטראָם צוגיסט זיך איבער זיינע גלידער.

מיט האַסטיגע טריט גייט ער אַריין אין דראַג סטאָר, צובייט אַ קנאַקעדיגן צוויי־דאָלאַר ביל, טוט אַ שמייכל צו אַ באַקאַנטן טעלעפאָן־בוט, ווי צו אַן אַלטן פריינט און גייט אַריין אינעווייניג.

ער טוט אָן זיינע גלעזער, פאַנגט אָן זוכן נאַמבערס אין זיינע ביכעלעך. זיין פינגער בלייבט שטיין אויף אַ נאַמבער. אַ זוניגע פריידּ צושפרייט זיך אויף זיין פּנים, ער וואַרפט אַריין אַ ניקל אין דעם קיילעכ־דיגן מויל פון דער מאַשין און פאַנגט אָן דרייען די מעטאַלענע רעדל.

מיט יעדן דריי, וואָס זיין פינגער גיט דעם רעדל, דרייט זיך פאַר אים צוריק זיין אַמאָל. אָט זעט ער אויף די רויטע טעלעפאָן־ציפערן די פולע ליפּן פון דער רויטער בעטי. דאָס דרייענדיג טעלעפאָן־רעדל דאָס איז זיין שוואַרצער קאָפּ קרויזן, זיינע מענער־פינגער ווערן

דרייענדיג דאָס רעדל קלענער און קלענער, ביז זיי ווערן בעטי׳ס קליינע קיצעלדיגע פינגער, וועלכע פּלאָנטערן זיך דאָ איצט אויף זיין קאָפּ שוואַרצע קרויזן. אָט־אָט באַלד־באַלד וועט ער דערהערן פון אירע ליפּעלעך דעם פריילעכן „העלאָ״.

— העלאָ! — האָט זיך דערהערט אַ הייזעריג־גראָבע שטימע פון יענער זייט טרייבל.

— העי, העי, העלאָ! — האָט העגרי געגומען שטאַמלען — העלאָ, בעטי, הא? ס׳איז נישט בעטי? אָ, וועלכע בעטי? איר צווייטן נאָמען? בעטי וואַקסמאַן! הא, דאָס רעדט בעטי׳ס אַ שוועגערין? און וואו איז בעטי? וואָס, אין קאַליפאָרניע? הא? זי איז דאָרט ענגעיידזשט צו אַ רייכן אַלמן? די וואָך איז איר חתונה? איך הער, איך הער, די וואָך איז איר חתונה! מזל־טוב מיר! — האָט ער אַ בורטשע געטאָן און האַסטיג געגעבן אַ הענג אויף דעם רעסיווער. ער האָט אַ בלאָז געטאָן פון זיך, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט אָוועקבלאָזן די נישט־גוטקייט פון זיין געמיט.

ער האָט ווידער גענומען מישן די בלעטלעך. זיין בליק האָט אַ פינקל געטאָן אויף אַ נאָמבער. זיין פינגער האָט ווידער גענומען דרייען דאָס טעלעפאָן־ריידל.

— העלאָ! — האָט ער אויסגערופן — איך וויל ריידן צו סיידי׳ן. ווער איז עס? אָ, טאָקי סיידי? העלאָ סיידי דאַרלינג, דאָס רעדט העגרי! וואָס? מיינסט דאָס ערנסט? דו דערקענסט נישט מיין קול? העגרי, העגרי ליכטמאַן! יאָ, דערזעלבער העגרי! אָט מען לעבט און וואָס מאַכט עפּיס מיין שטיפערין סיידילע? הא? פאַר־וואָס איך האָב זיך עפּעס איצט דערמאָנט אָן דיר? ווייסט דאָך ווי מען זאָגט בעסער שפּעטער ווי קיינמאָל נישט! הער סיידילע, דער אמת איז, אַז איך האָב מיך טאָקי שטאַרק פאַרבענקט, צו זען דיין שטיפעריש פּנימל. יאָ, יאָ, אמת׳דיג פאַרבענקט! און הער סיידילע, איך האָב צוויי טיקעטס פאַר׳ן טעאַטער, היינט, וואו זאָל איך דיך טרעפן? צו שפּעט? וואָס מיינסטו צו שפּעט? וואָס? דו האָסט שוין מיט וועמען צו גיין אין טעאַטער? וואָס? מיט דיין אייגענעם מאַן? הייסט דאָס, אַז דו האָסט שוין חתונה געהאַט? וואָס? שוין צום צווייטן מאָל? נו, מזל־טוב דיר צוויי מאָל! — האָט ער דאַביי געגעבן אַ זעץ דעם רעסיווער, דערהערנדיג פון יענער זייט אַ שטאַרקן געלעכטער.

העגרי האָט אָפּגעווישט דעם שוויס, פאַררויכערט אַ סיגאַרעטל און ווידער גענומען זוכן די נאָמבערס.

ער קוקט אָן אַן אַלט צוקנייטש בלעטל און רופט אויס אויף׳ן

קול: „מלכה״. „מלכה״ גיט ער דערנאָך האַלב זיפצנדיק אַ שעפּטשע און פאַנגט אָן דרייען דאָס רעדל מיט אַ ביסל ציטעריקע פינגער.

„העלאָ!״ — דערהערט העגרי פון יענער זייט טרייבל אַ פריי־ליכן מענער־קול — העלאָ, איך וויל ריידן צו מלכה׳ן! מלכה שטיין — שרייט אויס העגרי נערוועז און הויך אויף אַ קול, ווי ער וואָלט מאַגען עפּיס, וואָס באַלאַנגט צו אים — האַ, וואָס? זי הייסט נישט מער מלכה שטיין? נאָר ווי דען הייסט זי? וואָס? מלכה גאַרטנער? האַ? דאָס רעדט איר מאַ־מאַן? וועל, שטאַמלט העגרי, איך, איך בין אַ באַקאַנטער! יעס, אַן אַלטער באַקאַנטער! קען איך איר זאָגן העלאָ! ניין? פאַר־וואָס נישט? האַ? זי איז אין האָספּיטאַל? וואָס איז איר? וואָס איז מיט איר געשען? וואָס? זי ליגט אין קינפּעט? געהאַט אַ צווילינג? איך הער, איך הער, אַ מיידל מיט אַ אינגל? וואָס? די מיידל איז אַ שיינהייט, אַ בלאָנדע פּרינצעסין און דער אינגל האָט אַ קאָפּ שוואַרצע קרויזן, איך הער, שוואַרצע קרויזן! איך הער! יעס, אַ דאַנק, איך וועל קומען צום ברית, איך וועל קומען! — שטאַמלט העגרי אויפהענגנדיק דעם רעסיוועד.

אַלע זיינע צוביטענע ניקלס און דאַימס זיינען אַריינגעשלונגען געוואָרן אין דעם קאַלטן מעטאַלענעם מויל און קיין איין קול פון וואַרימקייט און נאָהנטקייט נישט געפונען. לויפט העגרי צוריק אין די געדרייטע אַלייען פון׳ם פּראָספּעקט פּאַרק. אַ רויטע פּאַס זון לאָזט זיך אַראָפּ פון׳ם הימל און בלייבט הענגען איבער די שפּיצן פון די האַלב־ליידיקע בוימער. די פאַרנאַכטיקע הערבסט־ווינטן פליען אַהין און צוריק אין אַ ווילדן געיעג, ווי זיי וואָלטן זיך ערגיץ געאײלט. אין זייער געלויף רייסן זיי מיט רציחה די בלעטלעך פון די צווייגן און טרייבן זיי מיט אַ הוזשערײַ אַראָפּ און אַרויף אין דער לענג און אין דער ברייט.

העגרי׳ס ציללאָזע טריט, פון אומעט געיאָגט, שפּאַנען האַסטיגער און האַסטיגער. די פון ווינט געטריבענע גרין־געל־רויטליכע בלעטלעך יאָגן אים נאָך און פאַרלויפן אים דעם וועג, שמייסן אים אין פּנים, אין פּלייצע, אין פּליך, און ער הערט פון זייער הוזשעריי אַ ווילדן געלעכטער:

— חאַ, חאַ, חאַ, דו אַלטער בחור, דו האָסט געמיינט, אַז אייביג וועט מען אויף דיר וואַרטן, וואַרטן, ביז דו וועסט זיך אַמאָל אויסקלויבן, צו דערמאָנען אין זיי, וואַרטן, ביז דיר וועט ווערן אומעטיג, וואַרטן ביז פון דיינע שוואַרצע קרויזן וועלן ווערן גרויע וואָרצעלעך. דו האָסט געשפּאַנט דיין וועג, איבערלאָזנדיק הינטער זיך זיפצן און טרערן, האָסט שטאָלץ פאַררייסן דיין געקרויזטן קאָפּ צו יעדן זיפץ, צו יעדע טרער, געטראַכט: זיי וועלן וואַרטן! חאַ־חאַ־חאַ, שמייסט דער ווינד

אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער די פּאַרוויאַנעטע בלעטלעך גלייך אין זיין פּנים אַריין. האַ־האַ־האַ! דאָס לעבן וויל נישט וואַרטן!...

פון דיזעלבע הערבסט־ווינטן געטריבן, איז אַ מיטליעריגע פרוי געלאָפן, די פליענדע בלעטלעך האָבן איר געשמיסן אין פּנים און דער ווינט האָט געריסן איר קלייד.

מיט אַ פאַרשעמטקייט האָט זיך די פרוי געגן ווינט געראַנגלט. מיט איין האַנט האָט זי די בלעטלעך פון פּנים געקליבן, מיט דער צווייטער האַנט דאָס קליידל ביי אירע קניען איינגעהאַלטן.

הענרי׳ס בליקן זיינען געפאַלן אויף דער מיטליעריגער פרוי׳ס ראַנגלענדע הענט, אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך מיט אַמאָל פאַר־שפרייט אויף זיין פּנים.

— וואָס איז דאָ היינט מיט אים געשען? — האָט זיך פלוצלינג אין איהם גענומען שטופּן געדאַנק נאָך געדאַנק — וואָס איז? שוין אויס וועלט, אויס לעבן? וואָס איז ער מיט אַמאָל אַזוי געפאַלן ביי זיך? וואָס איז? עס מוזן זיין נור יונגע נאַרישע ציגן? און מיטליעריגע אלמנות זיינען שלעכט? און מיט גע׳גט׳ע ווייבלעך קען מען זיך פאַר־סמ׳ן? זיי זיינען נאָך מעהר אינטערעסאַנט, ווייסן נאָך מעהר, וואָס עס טוט זיך אין לעבן!...

— — — — — — — — — — — —

זיינע טריט האָבן אָנגעהויבן שפּאַנען אַלץ האַסטיגער און האַסטיגער אַרויס פונ׳ם פּאַרק...

# אַ טרער אין צייט

◇

סקיצע

---

די מחותנים און געסט זיינען געווען אַזוי פאַרנומען מיט'ן באַ־גריסן איינער דעם צווייטן, מיט פרעגן און דערציילן וועגן ביזנעס, די פרויען מיט ווייזן און באַוואונדערן זייערע שיינע רייכע קליידער, אַזוי אַז מען האָט זיך אַזש פאַרגעסן וועגן דער גאַנצער חתונה, צוליב וועלכער מען איז זיך דאָ היינט צוזאַמען־געקומען.

אָבער אָט האָט די מוזיק אָנגעהויבן שפּילן דעם צו דער חופּה־פירענס. די געסט האָבן זיך צושטעלט אין צוויי שורות. דער חתן, אַ מאַן פון אַ יאָר עטליכע פופציג, איז געגאַנגען אין מיטן, ביי זיין רעכטער האַנט איז געגאַנגען אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און זיבציג.

דאָס איז דעם חתן'ס פאָטער! — האָבן די געסט צווישן זיך אַ מורמל געטאָן.

ביים חתן'ס לינקע האַנט איז אַ שמייכלענדע געגאַנגען אַ בלאָנדע שיינהייט פון אַ יאָר צוואַנציג.

— די טאָכטער, די טאָכטער! — האָט זיך פון אַלע זייטן דער־הערט אַ שושקעניש.

— זעט, זעט, די טאָכטער איז דעם טאַטן'ס אונטערפירערין!

און פון דער מינוט אָן האָבן זיך אַלע מיט אַמאָל דערמאָנט אויף וואָס פאַר אַ מין חתונה זיי געפינען זיך דאָ. זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז דער חתן איז דער רייכער דאָקטאָר בענדשאַמין סיימאָנס, וועמעס פרוי עס איז געשטאָרבן מיט דריי יאָר צוריק און האָט אים איבער־געלאָזט אַן איינציגע טאָכטער, נינאַ, וועלכע איז געווען דער שוואַרצ־אַפּעל פון דער מאַמע'ס אויג.

די געסט האָבן זיך אויך דערמאָנט, אַז די כלה איז מאַלווינע דיימאָנד, אַן עלטערע מיידל, וועלכע איז שוין פון אַ סך יאָרן אַ

הויזפריינט ביי די סיימאָנס. עס איז דערפאַר ביי קיינעם נישט געווען קיין וואונדער, ווען מען האָט באַקומען אַן איינלאַדונג צו דער חתונה. אַלעס איז פאַר אַלעמען געווען זעהר אײַנפאַך. ווען מען האָט אָבער דערזעהן די טאָכטער פירן דעם טאַטן צו דער חופה, האָט זיך פון אַלע ווינקלען פון דעם רייכן זאַל גענומען טראָגן אַ געמישטע מורמלעריי.

— צו־וואָס אַזאַ פאַראַדנע חתונה? צו־וואָס אַזאַ רייכער זאַל? ווער זיינען זיי, אַ מיידעלע מיט אַ אינגעלע? אַזעלכע מענשן דאַרפן אַריינגיין אין קאָורט, דאָרט חתונה האָבן און פערטיג!...

דאָס זיינען אַלץ געווען שטילע שעפטשעענישן וועגען חתן־כלה. העכער האָט זיך אַלע ווילע דערהערט בלויז דאָס וואָרט „טאָכטער". די טאָכטער לאַכט, די טאָכטער איז צופרידן, די טאָכטער האַלט אין איין טאַנצן!...

— און פאַר־וואָס נישט? פאַר־וואָס זאָל די טאָכטער נישט זיין צופרידן? — האָט זיך צו׳טענה׳ט אַ פרוי, וואָס האָט נישט לאַנג חתונה געהאַט מיט אַ צווייטן מאַן — וואָס, איך בעט אײַך, איז די שטיף־מאַמע שולדיג, אַז נינא׳ס מאַמע איז געשטאָרבן? און צום פאָטער טאָר זי אויך גאָר נישט האָבן. ער איז נאָך יונג, ער דאַרף נאָך לעבן!

— ווער רעדט דאָ פון חתן־כלה? ווער האָט צו זיי? מען רעדט דאָ פון דער טאָכטער, ווי זי קוועלט עס! — האָט זיפצענדיג גע׳טענה׳ט אַ מיטל־יאָריגע פרוי — עס לוינט זיך טאַקע אַוועק־צולייגן דאָס לעבן פאַר קינדער! — האָט זי פאַרענדיגט, אַ וויש טוענדיג די אויגן.

פילע פרויען האָבן עס איר באַלד נאָכגעטאָן.

— דער פאָטער איז גוט צו דער טאָכטער, ער פאַרזאָרגט זי מיט אַלעם גוטן, טאָ פאַר־וואָסזשע זאָל די טאָכטער זיין ברוגז מיט אים? פאַרקערט, זי וויל ווייזן דעם טאַט׳ן, אַז זי איז אויך גליקליך מיט זיין גליק! — האָט זיך אַריינגעמישט אַ נישט־לאַנג געוואָרענער אַלמן, פאַרענדיגנדיג דערביי מיט גרויס פּאַטאָס: — איך זאָג, אַז זי האַנדלט זעהר ריכטיג. אַזוי דאַרפן האַנדלען מאָדערנע מענשן!...

— יאָ, יאָ, זי איז זעהר מאָדערנע, די טאָכטער. זי האָט ליב פרייליכקייט, פּאַרטיס, טאַנצן, ווען עס איז אַפילו אויף דער מאַמע׳ס קבר! — האָט זיך בייז צוברומט אַ הוסטנדיגע פרוי און ביי יעדן הוסט געגעבן אַ קרומען בליק אויף איר מאַן, וועלכער האָט דאַן געטאַנצט און אויף אירע צוויי שיינע טעכטער, וואָס זיינען געשטאַנען ווי שולדיגע ביי איר זייט און שטיל געשעפּטשעט:

— אָבער מאַמע טייערע, נישט אַלע זיינען דאָך אַזוי מאָדערנע ווי נינאַ!...

נינאַ איז גראָד זעהר אַ וואויל קינד און אַ וואוילער מענש, זי איז גאָר נישט קיין סענטימענטאַלער קוואַטש! — האָט זיך אַריינגעמישט אַן אַנדערע פרוי.

— און איך זאָג, אַז עס וואָלט גאָר נישט געשאַדט, ווען זי איז יאָ אַ ביסל סענטימענטאַל! אַ טאָכטער האָט געמעגט האָבן אַ ביסל מעהר רעספּעקט פאַר איר טויטער מאַמע און נישט זיין דאָ היינט! — האָט הויך אויסגערופן אַ יונגער מאַן.

— ווען נינאַ האָט רעספּעקט פאַר איר טויטער מאַמע און זי איז דאָ היינט נישטאָ, וואָלט עס געווען נישט קיין רעספּעקט פאַר איר לעבעדיגן טאַט'ן! דאַמאָלס וואָלט דער טאַטע און דעם טאַטן'ס פריינד געווען אויף איר ברוגז! ניין, מען קען מענשן נישט צופרידן שטעלן, ווי מען זאָל נישט האַנדלען! — האָט זיך בייז צו'טענה'ט אַן אַנדערער מאַן.

צווישן דעם עולם טאַנצענדע און ריידענדע האָט זיך געמאַטערט דורכצושטופּן אַ וועג נינאַ'ס אַלטער זיידע. מיט אַלע כחות האָט ער געמאַכאיעט מיט די הענט, געשטופּט מיט די עלענבויגנס, געזוכט וואָס גיכער זיך אַרויס צו ראַטעווען פון די טאַנצענדע, ווי ער וואָלט מורא האָבן, מען זאָל אים דאָ נישט איבערפאָרן. פלוצים האָט דער אַלטער דערפילט, ווי אַ יונגע צאַרטע האַנט האָט אַ נעם געטאָן זיין אָרעם, צוגעפירט צו אַ שטול און אים דאָרט אַוועקגעזעצט.

— זיץ, זיידע! — האָט זיין אויער דערהערט אַ צערטליך קלינגענדיג קול.

— אָ, דאָס ביזטו, ניניטשקו! — האָט דער זיידע אויסגערופן, אָבער איידער ער האָט צייט געהאַט צו פאַרענדיגן איר נאָמען, האָט שוין נינאַ פון איהם אַוועקגעטאַנצט.

דעם זיידן'ס אויגן האָבן נאָכגעקוקט זיין ליב אייניקל.

— אַ טייער קינד — האָט ער געטראַכט — פרייט זיך, וואָס דער טאַטע איז אַ ביסעלע גליקליך. אָבער ווי שנעל, ווי שנעל זי האָט פאַרגעסן איר מאַמע!...

דער זיידע האָט זיך פאַרטראַכט און טיף אַרויסגעזיפצט:

— אַז מען פאַרגעסט אַזוי שנעל אַ יונגע מאַמע, היינט ווי נאָך שנעלער וועט מען פאַרגעסן אַן אַלטן טאַט'ן!...

זיינע אַלטע אויגן האָבן אומעטיג געגומען אַרומזוכן דעם גליקליכן חתן, זיין איינציגן זוהן, וואָס איז אַזוי גוט צו אים, אָבער וועלכער וועט אים אַזוי שנעל פאַרגעסן, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר

קיינמאָל קיין טאַטע נישט געווען אויף דער וועלט — און אונטער די פריילעכע קלאַנגען פון דער חתונה־מוזיק, זיינען דעם זיידן׳ס אויגן געוואָרן אַלץ אומעטיגער און אומעטיגער.

אויף דער כלה׳ס בליקן האָבן שטאַרק נאָכגעקוקט דער טאַנצענ־דער נינא און פאַרשידענע געפילן האָבן ביי איר אַרויסגערופן אירע אייגענע בליקן. אַט האָט זי געקוקט אויף דער טאַנצענדער נינא און געטראַכט: „זי איז אַ טייער קינד, זי האַנדלט ווי אַן אמת אינטעלי־גענטער מענש דאַרף האַנדלען!" — און אַט האָט זי ווידער געוואָרפן אַ בליק אויף דערזעלבער נינא און געגן איר אייגענעם ווילן און וויסן האָט זיך פון איר אַרויסגעריסן די „שטיף־מאַמע" און געזשומעט אין איר קאָפּ מיט בייזקייט:

— נינא איבערטרייבט מיט איר פריילעכקייט! דאָס וויל זי אַזוי געווינען דעם טאַטן׳ס ליבע אין גאַנצן פאַר זיך!

ביי אַט דעם געדאַנק טוט זיך דאָס נייע ווייבל אַ צערטליכן טוליע צו איר ערשט געוואָרענעם מאַן.

דאָקטאָר בענדזשאמין סיימאָנס ענטפערט אָפּ זיין נייער ווייבל מיט אַ שטילן צערטל. זיינע בליקן וואַנדערן אַוועק איבער׳ן טאַנצענדן עולם און שטעלן זיך אָפּ אויף זיין שיינע טאָכטער. ער דערזעהט איר פריילעך פּנים און דערמאָנט זיך, ווי איר מאַמע פלעגט מיט שטאָלץ וועגן איר זאָגן, אַז איר טאָכטער איז שטענדיג „די לאַיף און אַ פּאַרטי".

אַט דער דורכלויפענדער געדאַנק דערמאָנט אים אָן איר מאַמע׳ן, אין וועמען נינא איז געווען שטאַרק געראָטן, כמעט אינגאַנצן איר פּנים.

און דאָקטאָר בענדזשאַמין סיימאָנס פאַרגעסט זיך גאָר אינגאַנצן אויף אַ מאָמענט, אַז דאָס איז זיין צווייטע חתונה. אים שטעלט זיך פאָר, אַז ער איז דער אַמאָליגער יונגערמאַנטשיק און די טאַנצענדע נינא איז איר מאַמע, זיין כלה ליזע.

מאַלווינע׳ס אַ טוליע צו אים גיט אים אַ וועק אויף פון זיין חלום. ער קוקט זיך שטאַרק צו צו זיין טאָכטער און ער דערמאָנט זיך, אַז זיין ליזע האָט גאָר דאַמאָלס געטראָגן אַ ווייס קלייד, אַזאַ ווי עס טראָגט איצט מאַלווינע — און זי, זיין נינא טראָגט גאָר אַ בלוי קלייד. ער קוקט ווידער אויף דער טאָכטער און טראַכט: „זי שמייכלט, זי אַמוזירט זיך, זיין ניניטשקע, גוט אַזוי, גענוג געטרויערט!... ער טוט דאָך אַלעס אין דער וועלט, זי אַרויסצונעמען פון איר טרויער, און זי, דאָס טייערע קינד, טוט דאָך אַלעס צוליב אים. יאָ, צוליב זיין גליק טאַנצט זי, צוליב זיין גליק איז זי פריילעך. גוט אַזוי, זאָל זי טאַנצן, זאָל זי זיין פריילעך!"...

אַט אַזוי טראַכט זיין קאָפּ, אָבער אין זיינע אויגן ציט זיך דורך אַ דינער אומעט און דער אומעט שעפּטשעט אין זיין האַרצן: „מען פאַרגעסט, מען פאַרגעסט! אפילו אַ קינד פאַרגעסט!”...

אַ שלאַנקע, אַ בויגיגע ווי אַ יונג צווייגעלע, געווייט פון פרילינגס-ווינטן, שוועבט נינא פון איין טאַנצענדען צום אַנדערן. איר גראַציעז דין פיגורל איז ווי איינגעפריימט אין אַ קלייד פון הימלבלויען קאָליר, וואָס שפּיגלט אָפּ די בלויקייט פון אירע פאַר׳חלומ׳טע אויגן, אין וועמעס טיפעניש עס ליגט באַהאַלטענער אומעט. אָבער אַט דער אומעט גיט צו אַ סך חן צו איר שיינקייט. אירע בלאָנדע לאָקן, געפלאָכטן אין ווייסע לעבעדיגע בלומען, קרייזלען זיך שטיפעריש איבער אירע סאַמעט-גלאַטע אַנטבלויזטע שולטערן — און אירע געטאָקטע ליפּן שמייכלען ליבליך צו די בליקן פון דאָקטאָר סטענלי ראַבינס, מיט וועמען זי שוועבט אַרום ווי אַ פּוך-פעדערל איבער דעם גלאַנצענדיגן דיל פון דעם העל-באַלויכטענעם זאַל.

נינא איז נישט געווען גלייכגילטיג צו דאָקטאָר סטענלי ראַבינס, אַן „אינטערן” פון איר טאַטנ׳ס האָספּיטאַל, מיט אַ פאַרשפּרעכענדער צוקונפט, דערצו אַ שיינער יונגער מאַן און אַ גוטער טענצער. אויך דאָקטאָר ראַבינס איז נישט געווען גלייכגילטיג צו דער שיינער נינא.

אַ גאַנצן אָוונט איז נינא געווען פאַרנומען, צו זען, אַז אַלעס זאָל זיין אין אָרדנונג, די געסט זאָלן זיך גוט אַמוזירן. אָבער אַזוי שנעל ווי דאָקטאָר ראַבינס איז אַריין אין זאַל, האָט זי כמעט ווי פאַר-געסן אין אַלעמען און זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן נאָר מיט אים. אָבער עס האָט זיך איר כסדר געדאַכט, אַז אויף איר האַרציגן שמייכלען צו אים ענטפערט ער עפּעס מיט אַ מאָדנער צוטומעלטקייט און אַט דאַכט זיך איר, אַז ער קוקט אָפט צו אימיצן איבער אירע שולטערן, נישט קענענדיג קאָנטראָלירן איר אייפערזוכט, כאַפּט זי אַ בליק, צו וועמען ער קוקט דאָס דאָרט אַזוי אָפט, און דערזעט, אַז דאָס קוקט ער אַזוי אויף זיין אייגענע מאַמע.

זי גיט דאַן אַ ליבליכן שמייכל צו סטענלי ראַבינס׳ מאַמע, דער שמייכל בלייבט אָבער הענגען אויף אירע ליפּן פון צוטומלטקייט, וואָס סטענלי׳ס מוטער ענפערט איר מיט אַ מאָדנעם קאַלטן בליק.

נינא דערפילט מיט אַמאָל, ווי קאַלטע ווינטן וואָלטן זי אַ הויב געטאָן אין דער לופטן און געבלאָזן אויף איר פון אַלע זייטן. זי האָט אַזש אַרויפגעצויגן איר דינעם שאַל אויף אירע אַנטבלויזטע שולטערן און אירע בליקן האָבן געגומען וואַנדערן איבער׳ן גרויסן זאַל אויף אַלע אירע פריינד און באַקאַנטע, ווי זי וואָלט ביי אימיצן געוואָלט פרעגן, פאַר-וואָס זי פילט עפּיס היינט אַזוי מאָדנע, אַזוי אומהיימליך?

איר בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף איר טאַט׳ן.

— זע, סטעגלי, ווי פיין מיין פּאַפּאַ זעט היינט אויס! — האָט זי זיך געווענדעט צו איר מיטטענצער.

— יאָ, דיר, פיין־פיין! — האָט יענער אַ מורמל געטאָן, כמעט אָפּווענדענדיג זיין בליק פון איר און זיינע פיס האָבן אַוועקגעטאַנצט אַליין האַסטיגער און האַסטיגער, ווי זיי וואָלטן געוואָלט דעריאָגן דעם ריטם פון זיינע פליענדע געדאַנקען...

די געדאַנקען, צי זיין מאַמע איז גערעכט מיט איר מיינונג, אַז נינא האָט דאָ איצט נישט געדאַרפט זיין און איבערהויפּט וואָלט זי נישט געדאַרפט זיין אַזוי פריילעך, אַזוי גליקלעך...

— אַזוי האַנדלט אַ שלעכטע טאָכטער און אַ נאַר! — האָט זיין מאַמע אַריינגעמורמלט אין זיין אויער.

ער האָט אַליין נישט געקענט אָפּמאַכן ביי זיך, צי איז נינא׳ס האַנדלונג אַ גערעכטע, צי איז זיין מאַמע גערעכט. און וואָס מער ער האָט זיך נישט געקענט אָפּשטעלן אויף אַ באַשלוס, אַלץ מער האָבן זיך זיינע פיס נישט געקענט אָפּשטעלן פונ׳ם טאַנצן.

נינא, שוין כמעט אַ פאַרמאַטערטע, האָט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער נאָכגעטאַנצט אין זיין ריטם און די געסט האָבן אַלץ שטאַר־קער אויף איר געקוקט און געמורמלט. און די נאַכט איז זיך געגאַנגען איר גאַנג, נעמענדיג נאָך זיך טאַנץ נאָך טאַנץ, בליק נאָך בליק און מורמל נאָך געמורמל, ביז ענדליך האָט מען זיך געזעצט צום סאָפּער.

די טישן זיינען געווען באַצירט מיט בלומען, משקאות, פאַר־שידענע זיסיגקייטן, פרוכטן און קייק. באַלד האָט מען גענומען דער־לאַנגען איין געריכט און אַ צווייטן. מען האָט זיך צו דעם לייכט צו־גערירט און ווייטער געקוקט אויף דער טאָכטער.

נינא האָט צו אַלעמען פריינדליך געשמייכלט און באַרימעריש אָנגעוויזן, אַז אָט די קייק האָט זי אַליין באַשטעלט און יענע קייק האָט זי אַליין געהאָלפן באַקן.

די געסט האָבן זי נאָך שטאַרקער אָנגעקוקט און פילע פון זיי האָבן אָפּעטיט־לאָז אָפּגערוקט די טעלער.

נינא האָט געגעסן און ווידער געשמייכלט צו יעדען און כסדר געפילט ווי איר שמייכל פראָסטיגט אַיין אויף אירע ליפּן פון די מאָדנע בליקן אַרום זיך. ענדליך האָט מען דערלאַנגט די זופּ. נינא האָט אַ נעם געטאָן אַ לעפל זופּ און שוין צוטראָגענדיג דעם לעפל צו די ליפּן, האָט עס איר פלוצים אַ צוק געטאָן, ווי אימיצער וואָלט זי אַן עפּיס דערמאָנט. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי האַלט דעם לעפל אין איר לינקע האַנט.

מיט אַ פאַרבענקטן שמייכל האָבן נינאַ׳ס אומעטיגע אויגן גענומען קוקן אויף׳ן לעפל און דורך׳ן לעפל ערגיץ אין דער ווייטער ווייטקייט אַריין. אירע ליפּן האָבן זיך קינדעריש גענומען צוקן און אירע אויגן זיינען געוואָרן אַלץ פאַרבענקטער און אומעטיגער.

זי האָט פאַר זיך פּלוצים דערזען איר מאַמע.

כאָטש אויבערפלעכליך האָט נינאַ אויסגעקוקט צו זיין אַ לוסטיג פריילעכע און זאָרגלאָזע, האָט זי אָבער אין דער אמתן פיל געטראַכט און זעהר אָפט האָבן אירע געדאַנקען אין איר אַרויסגערופן אַ סך אומעט, אַן אומעט וואָס האָט דורכגעוועבט איר גאַנץ וועזן און מערסטנס איז דאָס אַלעס געווען איבער איר מאַמע. די מאַמע, וואָס וואָלט מיט איר אָטעם אַריינגעהויכט פרייד אין איר קינד׳ס אויגן, האָט דורך איר צו־פיל מאַמע־ליבע איבערגעלאָזט אַן אומעט אין איר קינד׳ס האַרץ.

ליזע, נינאַ׳ס מאַמע, איז געווען אַ זעהר שוואַכע פרוי. זי האָט זיך אין איר יוגענד פיל אָנגעפּלאָגט, צו העלפן איר מאַן אין זיין קאַריערע און איז שפּעטער געבליבן פאַרמאַטערט און קראַנק. געליטן אויף פאַרשידענע קאָמפּליקאַציעס. דאָס האָט איר אָבער נישט געשטערט, צו זיין אַן אויסערגעווענליכע איבערגעבענע מאַמע צו איר איינציג קינד. זייענדיג אַליין קראַנק, האָט זי געציטערט און געפלאַטערט איבער׳ן געזונד פון איר קינד, געהאַלטן איבער איר קינד דאָסזעלבע מאַמע־אויג, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד פון חדשים, ביז זי איז שוין געווען באַלד אַ כלה־מיידל.

ווען איר, דער מאַמע׳ן איז געווען קיל צוליב איר שוואַכקייט, האָט זיך איר געדאַכט, אַז איר נינאַ איז נישט גענוג וואַרם אָנגעטאָן. ווען זי פלעגט נישט קענען עסן צוליב קראַנקהייט, האָט זיך איר געדאַכט, אַז איר נינאַ עסט נישט גענוג. די מאַמע פלעגט אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז ניניטשקע איז שוין נישט מער קיין קינד, נאָר אַ דערוואַקסענער מענש מיט אייגענע געדאַנקען און געפילן. איר, דער מאַמע׳ן האָט זיך געוואָלט, אַז ניניטשקע זאָל זי נאָך אַלץ פאָלגן, ווי זי וואָלט נאָך געווען אַ קליין קינד.

כאָטש נינאַ האָט געוואוסט, אַז איר מאַמע מיינט אַלעס אויס ליבע צו איר, האָט זי דאָך אָפט פּראָטעסטירט געגן דער מאַמע׳ס וואונשן און פלעגט איר זעהר אָפט אַריינזאָגן: „מאַמע, לאָז צו־רו, ביזט אַלד פעשאַנד!״ ...

אַזעלכע קאָנפליקטן פלעגן זעהר אָפט פאָרקומען צווישן מאַמע און טאָכטער, ביז איינמאָל האָט דאָס געפירט צו נינאַ׳ס גרויסן טרויער.

אין איינעם אַ פראָסטיגן טאָג האָט זיך נינאַ אָנגעטאָן צו גיין

אויף׳ן אייז גליטשן. דער מאַמע׳ן האָט זיך דאַן אויסגעוויזן, אַז איר נינא טוט זיך נישט אָן װאַרם גענוג פאַר אַזאַ פראָסט און זי האָט זיך געבעטן ביי דער טאַטער, זי זאָל אַנטאָן אַ שאַל אויף׳ן האַלז.

נינא האָט אָבער געפאָדערט פון דער מאַמע׳ן, זי זאָל זי שוין אויפהערן באַטראַכטן ווי אַ קליין קינד. ס׳איז איר קערפער — האָט זי גע׳טענה׳ט — און זי איז שוין גרויס גענוג, צו פילן צי עס איז איר װאַרם אָדער קאַלט — און זי איז אײַלענדיק אַרויסגעלאָפן פונ׳ם הויז.

די מאַמע מיט׳ן שאַל אין האַנט איז איר נאָכגעלאָפן דרויסן, געפאָדערט מיט גוטן און מיט בייזן, אַז די טאָכטער זאָל עס אַנטאָן, ווייל זי קען זיך פאַרקילן.

און נינא האָט גע׳טענה׳ט, אַז עס איז איר װאַרם און זי וועט זיך נישט פאַרקילן. אַזוי האָט מען גע׳טענה׳ט און גע׳טענה׳ט און נינא האָט אויסגעפירט. זי איז אַוועק אָן אַ שאַל.

זי האָט אויך געהאַט רעכט. זי האָט זיך טאַקי נישט פאַרקילט, אָבער איר מאַמע האָט זיך יאָ פאַרקילט, ווייל נישט נינא און נישט די מאַמע האָבן אין זייער היציגן אַרגומענט געזען און געפילט, אַז די מאַמע אַליין שטייט אין פראָסט אָן אַ מאַנטל, און ווען נינא איז אַהיימגעקומען פון איר טאָג אַמוזירן, האָט זי שוין געטראָפן די מאַמע אין בעט מיט אַ הויכן פיבער.

קיינער פון די שטוביגע האָט דאַן נישט געזאָגט נינא׳ן קיין שלעכט וואָרט. מען האָט נישט געוואָלט, זי זאָל זיך ערגערן. אָבער זי האָט ווי פון דער לופט אויפגעכאַפּט, ווי איר פאַמיליע האָט צווישן זיך געוויספּערט, אַז דאָס האָט די מאַמע געקראָגן לונגען־ענטצינדונג נאָכלויפנדיק אין אַזאַ קעלט נאָך איר מיט׳ן שאַל.

אַלס צוגאָב צו נינאַ׳ס ליידן, וואָס איר מאַמע ווערט פון מינוט צו מינוט ערגער, האָט זיך איר נאָך געדאַכט, אַז דער פאַפּאַ, די טאַנטע פּעני, דער מאַמע׳ס שוועסטער, וועלכע איז נישט אָפּגעטראָטן פון דער מאַמע׳ס קראַנקן־בעט, קוקן אויף איר מיט פאַרוואורף. אָבער מער ווי געגן אַלעמען האָט זי זיך געפילט שולדיג געגן דער מאַמע אַליין. עס האָט זיך איר נאָר געדאַכט, אַז די מאַמע קוקט אויף איר מיט כעס, ווען זי קומט צו צו איר בעט.

און די קראַנקע מאַמע, קוקנדיג אויף איר טאָכטער, האָט מיט אירע לעצטע כחות געשעפּטשעט צו איר שוועסטער: „זע, פּעני, אַז מיין ניניטשקע זאָל עפּיס עסן, זאָל זיך אויסשלאָפן. זי זעט דאָך אויס אַזוי בלאַס, אַזוי אָפּגעצערט!״ . . .

אַזוי איז מיט נינאַ׳ס נאָמען אויף אירע ליפּן געשטאָרבן די מאַמע.

נינא איז מיט אַמאָל אַריינגעלאָפן אין תהום פון פוסטקייט. אויף יעדן שריט און טריט האָט געפעלט די מאַמע. צי זי האָט זי יאָ געפאָלגט אָדער פילע מאָל נישט געפאָלגט. פון אַלעמען האָט די מאַמע ביי איר געוואוסט. זי פלעגט זיך מיט דער מאַמע וועגן אַלעס בּאַראָטן, דער־ציילן איר פון יעדן ביסעלע פאַרגעניגן, פון יעדן קלענסטן ווייטאָג — און מיט אַמאָל איז אַלעס אַרום איר געוואָרן וויסט און פוסט. נישטאָ ביי וועמען צו פרעגן, וועמען אַלעס צו דערציילן, ביי וועמען צו מאָנען און צו וועמען צו האָבן טענות. נישטאָ, פוסט!... און צו דעם נאָך האָט אַ וואָרם כסדר געגריזעט איר האַרץ, אַז זי אַליין איז שולדיג אין דעם, אַז צוליב איר האָט זיך די מאַמע פאַרקילט. עס האָט זיך איר איצט געדאַכט, אַז אַלע אירע חבר׳טעס און באַקאַנטע זיינען בעסערע טעכטער צו זייערע מאַמעס, ווי זי איז געווען.

טעג אויף׳ן וואָר און נעכט אין חלומות איז זי געווען אָנגעפולט מיט רחמנות צו דער מאַמע, אַמאָל אויך מיט מורא, ווייל זעהר אָפט פלעגט די מאַמע דאָן קומען אין איר חלום, אַמאָל מיט צערטליכקייט און קושן און גאַנץ אָפט אַ ברוגז׳ע און מיט כעס אויף איר שרייען און זידלען.

אָט די כסדר׳דיגע פיין פון פילן זיך שולדיג האָט נינא׳ס קאָפּ אומטערטעניג געבויגן און גרויע כמאַרעס האָבן אַרומגערינגלט איר גאַנצע וועלט.

און ווען דאָס לעבן, געטריבן פון יוגענד, האָט זיך דורך טויזענטער שפּאַרונעס גענומען שטופּן צו איר, האָט זי זיך געגן דעם געראַנגלט און געזוכט אַלץ מער זיך איינוויקלען אין טרויער.

וויפיל זי האָט געטרויערט, האָט זי אַלץ געמיינט, אַז עס איז נאָך נישט גענוג, ווייל אָט האָט זיך איר געדאַכט, אַז איר טאַנטע פּעני טרויערט מעהר ווי זי, זי האָט געפילט, אַז עס ציהט זי שוין צו זיין, צו לויפן, צו פאַרברענגען, ווערענד די טאַנטע איז נאָך אַלץ איינגעוויקלט אין טרויער.

ווי קען דאָס זיין? ווי טאָר דאָס זיין? — האָט זי זיך געגריבלט אין אירע געפילן. ביי דער טאַנטע איז דאָך נאָר געשטאָרבן אַ שוועסטער און ביי איר — אַ מאַמע, נישט אַנדערש, נאָר זי איז אַ שלעכטע, אַ נישט־געטרייע טאָכטער.

זי האָט דעמאָלט אין ביכער פון דעם אינהאַלט געזוכט צו גע־פינען אַן ענטפער אויף אירע אומעטיגע געדאַנקען. האָט זי דאָן גע־טראָפן אַ בוך, וואָס האָט דערציילט, אַז קינדער דערמאָנען זיך אָן זייערע טויטע טאַטע־מאַמע נאָר דאַמאָלס ווען עס איז זיי שלעכט, ווען זיי דאַרפן זיי. אָבער חוץ אַזעלכע מאָמענטן איז ווי שניידנד עס זאָל

נישט זיין דער ווייטאָג ביי פאַרלירן טאַטע־מאַמע, איז עס אַלץ אַ נאַטירליכע זאַך, אַז קינדער זאָלן זיין די פריעסטע פון דער משפחה, זיי צו פאַרגעסן, ווייל אַזוי איז אַ געזעץ פון דער נאַטור, עלטערן דאַרפן אַוועקגיין און קינדער דאַרפן בלייבן נאָך זיי. זיי, די קינדער, וואָס וואַקסן פון די עלטערן, פאַרנעמען אין גאַנצן דעם פּלאַץ פון די געווע־זענע, פונקט ווי, למשל, פון אַ קליין קינדערש הענטל וואַקסט אַרויס אַ גרויסע מענשליכע האַנט.

נינא האָט דאַן מיט כעס אַוועקגעוואָרפן דעם בוך, מורמלענדיג צו זיך אַליין, אַז דער בוך שרייבט נאַרישקייטן, ווייל „איך וועל קיינמאָל מיין מאַמע נישט פאַרגעסן, קיינמאָל נישט!״ — האָט זי דאַמאָלס באַשלאָסן.

אָבער כאָטש נינא׳ס אויגן האָבן זיך נאָך אַלץ געטונקען אין טיפן אומעט, האָט זיך דאָס לעבן געשטעלט אין קאַמפּף געגן טויט, האָט מיט טויזענטער כחות גענומען יאָגן און שטופּן די שוואַרצע שאָטנס אין זייער רו אַריין.

זוניגע פרילינג׳ס פרימאָרגנס מיט דופטענדיגע בלומען־ריחות האָבן גענומען פאַרכאַפּן נינא׳ס יונגן אָטעם. בלויע לבנה׳ס אין באַ־גלייטונג פון מיליאָנען פינקלענדע שטערנלעך האָבן ראָמאַנטיש אַרויס־שפּאַצירט אויף די נאַכטיגע הימלען, צו פאַריאָגן און פאַרטרייבן נינא׳ס בייזע חלומות — און וואָס האַרטער עס איז געוואָרן די ערד אויף דער מאַמע׳ס קבר, אַלץ מער האָט דאָס לעבן אָנגעפאַנגען נינא׳ן צו באַרוהיגן.

דאָס ערשטע, וואָס איז צו איר געקומען נאָך דער מאַמע׳ס אַוועק־גיין, איז געווען דאָס גרויסע פאַרגעניגן פון פרייהייט. זי איז מיט אַמאָל געוואָרן פריי. פריי, צו גיין וואו־אַהין זי וויל, פריי צו פאָרן וואו זי ווּיל. פריי, אַרויס פונ׳ם געשפּאַן . . .

אָט דאָס געפיל פון פרייהייט האָט איר אַריינגעגעבן מוט, זיכער־קייט און נייע געדאַנקען האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר׳גנב׳ענען אין איר האַרץ און מוח. זי האָט מיט אַמאָל דערזען, אַז קיינער פון אירע חבר׳טעס און באַקאַנטע זיינען נישט בעסער צו זייערע מאַמעס, ווי זי איז געווען — און זי האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהערט פילן שולדיג געגן דער מאַמע׳ן. זי האָט גאָר איצט גענומען טראַכטן, אַז די מאַמע איז שולדיג, ווייל מיט איר צו־פיל מאַמע־ליבע האָט זי אַליין נישט געלעבט און האָט אויך זי נישט געלאָזט לעבן.

— מען דאַרף נישט זיין אַזוי! ס׳איז נאַריש, ס׳איז אָלד־פע־שאָנד! . . .

וואָס מער אַ טאָג איז אַוועק, אַלץ מער איז נינא געוואָרן ביי זיך זיכער, אַז זי איז גערעכט. צוזאַמען מיט איר „גערעכט־זיין״ איז אויך דער ווייטאָג און בענקשאַפט נאָך דער מאַמע׳ן געוואָרן אַלץ שוואַכער

און קלענער. נאָר אין מינוטן, ווען עס איז איר וועגן עפּיס געווען שלעכט אויף׳ן האַרצן, פלעגט זי זיך דערמאָנען אָן דער מאַמע׳ן.

דער גאַנג פון צייט האָט אויסגעוואַקסן די גראָזן אויף דער מאַמע׳ס קבר העכער און העכער. דאָס לעבן האָט גענומען פאָדערן מעהר און מעהר און האָט מיט שטורם אַ קלאַפּ געטאָן אין בינאַ׳ס טיר, איר אָנ־צוזאָגן, אַז איר טאַטע ווערט אַ פרעמדער צו דער מאַמע.

איר טאַטן׳ס גרייטן זיך צום חתונה האָבן, האָט בינאַ׳ן פון אָנפאַנג שטאַרק דערשיטערט. דער טיפער אומעט פון אירע אויגן, וועלכער האָט זיך שוין אַ ביסל געהאַט באַהאַלטן, איז ווידער אַרויסגעקראָכן פון דעם באַהעלטעניש און דורך דעם אומעט איז די פאַרהאַרטעוועטע ערד אויף דער מאַמע׳ס קבר געוואָרן מעהר דורכזיכטיג. זי האָט מיט אַמאָל דערזען איר מאַמע׳ן אין פאַרשידענע צייטן: יונג, שיין און מיד — און אין אַלע אַזעלכע צייטן איז דער טאַטע געווען אירער, דער מאַמע׳ס, טאָ ווי קען ער פּאָרט ווערן איר אַ פרעמדער?

די ווייזערס אויף די זייגערס האָבן זיך געדרייט און דעם טאַטן׳ס ווערטער און גוטסקייט האָבן בינאַ׳ן אַנדערע שטונדן געבראַכט, שטונדן, וואָס האָבן איר אויפגעקלערט, אַז אינטעליגענטע מענשן דאַרפן זיין מאָדערן געגנוג, צו וויסן און פאַרשטיין, אַז די לעבעדיגע מוזן לעבן.

מיט גוטסקייט און צערטליכקייט האָט איר דער טאַטע דערקלערט, אַז ווען ער קומט פון די האָספּיטאַלס פון אַ גאַנצן טאָג קראַנקע און טויטע, מוז ער געפינען אַ לעבעדיגן מענשן אין הויז, צו וועמען אויס־צוריידן אַ וואָרט.

דיך, מיין טאָכטער — האָט ער געזאָגט — וויל איך נישט פאַר־שקלאַפן, צו זיצן מיט מיר אין הויז. איך ווייס, אַז דו דאַרפסט האָבן דיין פרייהייט, דיין לעבן און דו וועסט אויך באַלד חתונה האָבן. איז מיט וועמען וועל איך דאָ בלייבן? חוץ דעם, האָט איר דער טאַטע אויפגעוויזן, אַז פאַר איר אַליין וועט זיין חתונה האָבן אויך זיין פיל בעסער, ווייל דאָס הויז וועט נישט מעהר זיין אַזוי איינזאַם, אַזוי פּוסט...

וואָס מעהר אַ טאָג דאָקטאָר בענדזשאַמין סיימאָנס האָט פאַרבראַכט מיט זיין כלה, אַלץ מעהר האָט בינאַ דערפילט, ווי דער פּאַפּאַ ווערט אַלץ ווייניגער און ווייניגער אירער. האָט זי דערפאַר מיט אַלע כחות געזוכט נישט אָפּצולאָזן די נאָנטקייט פונ׳ם טאַטן. געטראַכט, אַז אפשר איז זי מיט עפּעס געווען שלעכט צו דער מאַמע׳ן, וועט זי דערפאַר כאָטש איצט זיין גוט צום פּאַפּאַ, נישט לאָזן אים מיינען, אַז יענע, די פרעמדע, האָט אים מעהר ליב ווי זי — און זי האָט דערפאַר באַ־שלאָסן, אים צו ווייזן, אַז זי איז אַ געטרייע טאָכטער און איז גליקליך מיט זיין גליק.

נינא האט זיך אזוי ארייגעלעבט אין איר באשלוס, אז זי איז ווירקליך געווארן א ביסל גליקליך. דער טאטע איז געווען פרייליך. אין הויז איז געווארן לעבעדיג און זי אליין איז אויך געווארן פרייליך, אזוי פרייליך, אז זי האט כמעט ווי פארגעסן, אז דעם טאטן׳ס חתונה האט עטוואס צו טאן מיט דער מאמע׳ן. זי האט גענומען פילן, ווי דאס וואלט געווען א „פארטי" אדער א „באנקעט" פאר׳ן טאטן.

אבער אין מיטן פון איר פרייליכקייט, אין מיטן פון איר טאנצן, האט זי גענומען פילן, ווי פרעמדע ווינטן בלאזן אויף איר. אליין, נישט־וויסנדיג פאר־וואס, האט זי יעדע מינוט גענומען פילן אלץ מעהר און מעהר מאדנע, אלץ מעהר און מעהר אומהיימליך און אומעטיג, און ווי אלע מאל ווען עס פלעגט איר ווערן שלעכט אויף׳ן הארצן, פלעגט זי זיך באלד דערמאנען אן דער מאמע׳ן.

דאס מאל איז איר די מאמע געקומען אויף׳ן זינען ביים נעמען דעם לעפל אין דער לינקער האנט, ווייל די מאמע האט שטענדיג אכטונג געגעבן, זי זאל נישט זיין קיין „געלינקטע".

זי האט דאן געקוקט אויף׳ן לעפל און עס איז איר אלץ געווארן אומעטיגער און אומעטיגער. עס האבן זי גענומען מאטערן פארשידענע געדאנקען, פאר־וואס איז דאקטאר ראבינס אזוי מאדנע צו איר? און פאר־וואס איז זיין מאמע עפיס א האלב ברוגז׳ע? און פאר־וואס איז טאנטע פעני אוועק א ברוגז׳ע, ווען זי האט איר געוויזן דאס קלייד, וואס זי האט זיך געמאכט צום טאטן׳ס חתונה?

אך, ווי עס האט זיך איר איצט געוואלט פאר אימיצען אויס־ריידן דאס הארץ!... אבער פאר וועמען? נאר איינע, איינע האט זי אלע מאל פארשטאנען, געוואוסט און געפילט איר קלענסטן ווייטאג, איר יעדן באהאלטענעם זיפץ.

זי האט דאן אוועקגעלייגט דעם לעפל און איז אוועק פונ׳ם טיש...

נינא׳ס חבר׳טעס האבן זיך נישט געקענט דערווארטן אויף איר צוריק־קומען און זיינען געגאנגען זען, וואו זי איז. באלד האט זיך דערהערט צווישן די געסט א געמורמל: „די טאכטער ליגט אין דרעסינג־רום און וויינט!" — און פון איר שלוכצן הערט זיך כסדר: „מאמע, מיין מאמע!"

פון אויער צו אויער האט אנגעהויבן ארומגיין דאס ווארט: „די טאכטער וויינט! די טאכטער וויינט! זי איז א טייער קינד, א וואויל קינד, זי וויינט!"...

אלע געסט און מחותנים האבן מורמלענדיג „זי וויינט, זי וויינט!" מיט צופרידנהייט גענומען צורוקן די טעלער נענטער צו זיך און עסן מיט אפעטיט...

# די „פיר קשיות״ — דורכ׳ן טעלעפאָן

◇

### אַ פּאַסירונג

די צוויי שוועסטער ראָזי און סאָפי און זייער ברודער סידני זיינען מאָדערנע מענשן, אָבער זיי ליבן און שעצן שטאַרק זייערע פרומע טאַטע־מאַמע — און כדי צו פאַרזיסן די אַלטע יאָרן פון טאַטע־מאַמע, גיבן זיי שטענדיג נאָך זייער פרומקייט.

זיי שפּאַסן נאָר אַמאָל לייכט פון טאַטע־מאַמע׳ס אַלטמאָדישקייט, וואָס עס איז זיי געוואַלדיג שווער, זיך צוצוגעוויינען צו יעדע נייע ערפינדונג און מאָדערנע איינריכטונג.

אַט, למשל, האָט זייער טאַטע, דער אַלטער ר׳ הערץ, קיינמאָל נישט ליב געהאַט צו ריידן דורך׳ן טעלעפאָן. עס האָט זיך אים נאָר געדאַכט, אַז ער מאַכט זיך נאַריש און רעדט צו דער וואַנט. אָבער זינט דער פּאַסירונג פון יענעם „סדר״, וואָס זיין סידני איז געווען אין דער מלחמה, טראַכט דער אַלטער ר׳ הערץ, אַז געבענשט דאַרפן זיין אַזעלכע קעפּ ווי דער ערפינדער פונ׳ם טעלעפאָן. און היטנדיג פאַרשעמט, אַז קיינער פון די שטוביגע זאָל דאָס נישט באַמערקן, גייט ער אַלע ווייִלע צו צום טעלעפאָן און קוקט מיט דאַנקבאַרע בליקן אויף דעם שטיקל מעטאַל, וואָס האָט אים פאַרזיסט יענעם טרויעריגן „סדר״. זיינע ציטעריגע פינגער גלעטן דאָס ריירל פונ׳ם טעלעפאָן, ווייל עס שטעלט זיך אים פאָר, אַז דאָס גלעט ער אַזוי דאָס בלאָנדע קעפּל פון זיין סידני.

כאָטש סידני׳ס האָר זענען גאָר איצט פעף־שוואַרץ, געדענקט ווי דער טאַטע נאָך אַלץ, ווען זיי זיינען געווען אַלס קינד בלאָנד — און דאָס איז געווען דאַמאָלס, ווען זיין סידנעלע האָט אים געפרעגט

צום ערשטן מאָל די „פיר קשיות". יענעם פסח איז סידני קוים פינף יאָר אַלט געווען און ער האָט שוין אַזוי שיין און אַזוי גוט געפרעגט די קשיות אויף אויסנווייניג — טראַכט דער טאַטע מיט שטאָלץ, גלעטנדיג אַלץ צערטליכער דאָס ריירל פונ׳ם טעלעפאָן.

איבער צוואַנציג פסח׳ן זיינען שוין אַוועק זינט סידנעלע — אָדער שלמה׳לע, ווי זיין טאַטע פלעגט אים ליב האָבן צו רופן, האָט צום ערשטן מאָל געפרעגט די קשיות, און זינט דאַמאָלס האָט סידני, וועלכער האָט זעהר ליב געהאַט זיין פרומן טאַטן, שטענדיג אים נאָכגעגעבן, אין רעגן אָדער שניי, היץ אָדער קעלט, ביזנעס אָדער ליבע, קיין זאַך האָט סידני׳ן נישט אָפּגעהאַלטן צו זיין ביים טאַטן׳ס „סדר". יעדן פסח האָט ער געגעבן זיין פרומן טאַט׳ן דאָס פאַר־געניגן און געפראַוועט דעם „סדר" מיט אַלע פּישטשעווקעס, געפרעגט די „פיר קשיות" ווי אַן אמת קליין אינגל, געזאָגט די הגדה ביז׳ן סוף און טאַטע מאַמע פלעגן פון דעם אָנקוועלן.

אָבער אָט איז געקומען די מלחמה און דער מאַמעס סידנעלע, דעם טאַטן׳ס שלמה׳לע איז געוואָרן אַ סאָלדאַט.

סידנעלע שרייבט אַהיים פרייליכע בריף, וואו ער בעט, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן נישט זאָרגן, ווייל עס איז אים גוט ביי „אַנקל סעם", עס פעלט אים גאָרנישט. ער בעט נאָר, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן אים העלפן גאָט בעטן און האָפן, צו באַזיגן דעם שונא.

האָפט די מאַמע, בעט גאָט דער טאַטע, אַז זייער סידנעלע זייער שלמה׳לע זאָל צוזאַמען מיט אַלע אַמעריקאַנער זיהן וואָס גיכער באַזיגן דעם שונא און קומען אַהיים אַזוי שיין, אַזוי געזונד, ווי ער איז פון זייער נעסט אַוועק.

דערווייל האָבן די בענקענדע טעג און די זיפצענדע נעכט דעם פסח געבראַכט. אַלעס איז געוואָרן פערטיג צום „סדר", פונקט ווי אַלע יאָרן, חוץ וואָס יעדן מאכל, וואָס סידנעלע האָט ליב, האָט די מאַמע געקאָכט מיט אַ טרער.

און אָנגעקומען איז די שטונדע פונ׳ם „סדר". אָנגעטאָן האָט דער אַלטער ר׳ הערץ זיין ווייסן קיטל. דער טיש איז געווען פאַרפּוצט, די מאַמע מיט די טעכטער האָבן זיך צוזעצט אויף זייערע פלעצער און דער טאַטע האָט אָנגעהויבן פראַווען דעם „סדר".

און אָנגעקומען איז די מינוט פון פרעגן ביים טאַטן די „פיר קשיות".

אַלעמענ׳ס אויגן, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט אויסגעמיטן, אַ קוק צו טאָן אין יענעם ווינקל, וואו סידני פלעגט זיצן, האָבן זיך איצט מיט אַמאָל דורך פינקלדיגע טרערן אַ ווענד געטאָן צו סידני׳ס

שטול — און אין יעדנס מוח איז געוועז איין געדאַנק: סידנעלע, שלמה'לע, וואָס טוט ער איצט? איז ער געזונד? איז ער נישט חלילה פאַרוואונדעט? אויף וועלכן פינסטערן פעלד ליגט ער איצט?...

**
*

אין אַ ווייטן ברייטן פעלד באַלויכט איצט די לבנה צווישן גלאַנ־ציגע ביקס און שווערד סידני'ס בלייכן פּנים, וועלכער שטייט איצט אויף דער וואַך, צו באַשיצן פונ'ם שונא זיינע ברידער און זיין לאַנד. פאַרכאַפּט אַ שאַרף סידני'ס אָנגעשפּיצטער אויער און זיין האַנט פאַלט אויף דער ביקס. דערוויסט זיך באַלד דער מידער סידני, אַז דאָס קומט אַ „ברודער סאָלדזשער", זיך צו בייטן מיט דער וואַך, כדי ער זאָל זיינע מידע גלידער גיין וואָס גיכער שוין אויסרוהען.

שפּאַנען לאַנגזאַם סידני'ס טריט צו זיין „טענט", וואָס הייסט ביי אים איצט היים, דער געדאַנק פון וואָרט „היים" טוט אַ וועק אויף זיין זכרון און זיינע בליקן הויבן אָן וואַנדערן אין דעם ווייטן האָריזאָנט און שטעלן זיך אָפּ אויף'ן ליכט פון דער לבנה.

דערזעט ער אין דער האַלב־בלויער לבנה זיין טאַטנס ווייסן קיטל און אין דעם עכאָ פון די סאָלדאַטסקע טריט דערהערט דער זוהן דעם טאַטנס קול: „היינט איז פּסח, שלמה'לע!"

און אומעטיג פאַרבענקט זיך דער אידישער סאָלדאַט נאָך די מנהגים דעם טאַטן'ס די הייליגע און עס נאָגט אין האַרצן די בענק־שאַפט נאָך דעם פּסח'דיגן טיש דעם ווייסן, נאָך דעם טאַטן'ס גרויע באָרד, נאָך דער מאַמעס ליבליכן שמייכל, נאָך דער שיינער היים די ווייטע.

פאַלט אַ טרער אויף זיין ביקס, ווען ער דערמאָנט זיך, ווי טאַטע־מאַמע'ס אויגן קוקן איצט דאָרט אויף זיין ליידיגן שטול און אויף זיין הגדה מיט'ן בלויען איינבאַנד, וואָס זיין טאַטע האָט פאַר זיינעט וועגן אויסגעקליבן.

קוקט סידני אויף די ווייזערס פון זיין זייגער, וואָס דערמאָנען אים, אַז באַלד־באַלד דאַרף זיין טאַטע אַ זאָג טאָן: „נו, שלמה'לע, די קשיות"...

זוכט דער אומעט, זוכט די בענקשאַפט אַן עצה, צו דערפרייען דעם טאַטן'ס האַרץ, אָפּצעווישן דער מאַמע'ס טרער. צושפּינען זיך פּלענער אין זיין מוח, שעפּטשען זיינע ליפּן: „באַלד־באַלד שוין דאָרט דער „סדר"!

**
*

פאַרגעסן זיינע טריט די מידקייט און זיי שפּאַנען פעסטער, פעסטער, גיכער צוצוקומען צו דעם פּלאַן, וואָס איז אים איינגעפאַלן.

דאָ ביים „סדר״ שטיל און שטום קוקן די שוועסטער אויף סידני׳ס ליידיגן שטול. אויף זיין טעלער פינקלט דער מאַמע׳ס זילבער־טרער און דעם טאַטן׳ס פינגער מישן ציטעריג די בלעטלעך אין סידני׳ס הגדה מיט׳ן בלויען איינבאַנד.

פּלוצלינג האָט זיך דער טעלעפאָן שרייענדיג צוקלונגען:

— סידני, סידני׳ס שטימע! — שרייט די שוועסטער — ער וויל דעם טאַטן, נאָר דעם טאַט׳ן!...

דער אַלטער ר׳ הערץ האָט גענומען דאָס ריירל צו זיין אויער און האָט פון דער ווייטער ווייטקייט דערהערט דעם זוהן׳ס נאָנטן קול:

— טאַטע, איך וועל דיך פרעגן „פיר קשיות״!...

# צוויי חברים'לעך

◇

(אַ סצענקע)

---

שפּילן זיך אין מעשה'לעך
חברים'לעך צוויי,
דערציילן וואונדער איבער וואונדער
וואָס געשען איז מיט זיי.

דערציילט איינער,
אַז געוועזן, געוועזן איז ער;
זאָגט באַלד צו דער צווייטער,
אַז זיין וועט ער נאָך מעהר.

דערציילט דער ערשטער,
אַז געזען, געזען האָט ער;
כאַפּט דער צווייטער אונטער,
אַז נאָך זען און זען וועט ער.

גייט דער ערשטער לאַנגזאַם צו צום שטול —
און זעצט זיך שטילערהייט אַוועק;
שפּרינגט דער צווייטער אונטער פלינק,
שטעלט זיך נעבן אים אַוועק.

קוקט דער ערשטער אויף די פונקן פון קאַמין —
אין דערציילט פאַרטראַכט
פון אַ רבי'ן און חברים אין חדר
פון פרימאָרגן ביז שפּעט ביי נאַכט.

ווי דער רבי מיט אַ קאַנטשיק אין דער לופט
האָט געשריגן: „לערן, לערן גיך,
וועסטו וויסן און פאַרשטיין
אַלעס, פונקט אַזוי ווי איך!"

„און מיין לערער זאָגט מיר,
שפּרינגט דער צווייטער לוסטיג אונטער
און רופט פריידיג אויס:
אַז איך לערן גוט זיך,
איך שפּרינג קלאַס נאָך קלאַס אַריבער —
און וועל נאָך וואַקסן גרויס.

קוקט דער ערשטער ווידער אויף די פונקן און דערציילט,
אַז ווען געקומען איז דער זומער,
פלעגט ער ווי אַ וויכער, גיכער גיכער,
שווימען, שווימען איבער טייכער —
פון איין ברעג אַזש ביז'ן צווייטן איבער.

וואַרפט דער צווייטער אין קאַמין קליינע שייטלעך האָלץ,
קנאַקט צו מיט'ן צינגל און רופט אויס מיט שטאָלץ:
ווען קומען וועט דער זומער,
וועל איך נישט נור איבער ברייטע טייכן שווימען,
נור איבער ים, דעם ים דעם גרויסן,
וועל איך פון איין ברעג אַזש ביז'ן צווייטן קומען!

קוקט דער ערשטער טיפער, טיפער
אין די פלעמלעך פון קאַמין —

אוּן דערציילט:
מיט אַ שנעלצוג, וואָס געפלויגן
פייל פון בויגן,
איז ער אויסגעפאָרן
פילע לענדער און מדינות.

קוקט דער צווייטער צו די פליענדיקע
שנייעלעך אין פענסטער
אוּן זאָגט צו:
איך וועל פליען ניט מיט באַהנען,
נור מיט אָדלער־עראָפּלאַנען,
שנעלער שנעלער ווי די פויגל פון די בוימער,
שנעלער שנעלער ווי די שנייעלעך פון הימל.
איך וועל פליען איבער וועלטן, ווייטע וועלטן!
ניט אין טעג און ניט אין שטונדען,
נור אין מינוטען און סעקונדען.

דרעמלען דעם ערשטן׳ס אויגן־דעקלעך
אוּן די ליפּן שעפּטשן שעפּטשן,
אַז געוועבט האָט ער אַמאָל חלומות
פון אַ פריינדשאַפט פון אַ שלום
צווישן פעלקער, צווישן שטאַמען,
זאָל לעבן ווי די קינדער פון איין מאַמען.

קראַמפּט דער צווייטער איין זיין פויסטל
אוּן רופט אויס אַנטשלאָסן:
„איך וועל שפּאַנען, שווימען, פליען,
דורך טונעלן, ימים, הימלען,
איך וועל טרובן, פייפן און טרומייטן
אויף פידלען, האַרפן און אויף פלייטן,
ביז פאַרניכטן וועט מען אַלע אַלע שלעכטע
און זיגן, זיגן וועלן די גערעכטע!"

דרייען זיך די ווייזערס אויף דעם זייגער
און זיי סוד׳ן זיך אין שמייכל:
„אַלץ געזען שוין, אַלץ געהערט שוין,
אַלטע ווערטער, אַלטער שכל!״

דערהערן די חברים׳לעך דעם זייגער שלאָגן —
און דערזען, אַז עס איז שוין שפּעט;
נעמען ביידע ביי די הענט זיך
און זיי לאָזן זיך צום בעט.

קוקט דער אַלטער קלוגער זייגער,
ווי עס שפּאַנען לאַנגזאַם־לאַנגזאַם
די קליינע מידע טריטעלעך פון ביידן,
פון דעם אַכטיאָריגן אייניקל
מיט דעם אַכציג־יאָריגן זיידן...

# פּיוול דאָס גוטע קינד

◇

## עלעגיע

שניידט די מאַמע ברויט אין מוציא'ס,
קאַפּן טרערן אויף'ן מעסער;
גלאַנצט אָפּ אין די טרערן
פּיוול'ס קינדיש פּנים.

פינף יאָר אַלט איז פּיוול קוים געווען,
ווען באַהאַלטן האָט ער זיין חלק ברויט
אונטערן קישן פון זיין קראַנקן-בעטל
און מיט פיבערדיגע ליפּלעך
האָט ער שטיל געשעפּטשעט:
„לאָזט דאָס, לאָזט דאָס,
ס'איז פאַר מיין מאַמע, פאַר מיין שוועסטער!
זיי זיינען הונגעריג!
מאַמע זאָגט: „ס'איז מלחמה,
שלעכטע מענשן צוגעכאַפּט
האָבן די ברויט פון שטוב!"...
און ווען געקומען איז די מאַמע
אין שפּיטאָל פּיוול'ן זען,

האָבן זיינע שוואַכע הענטלעך,
ציטערנדיג פון אונטער׳ן קישן,
זיין באַהאַלטן שטיקל ברויט אַרויסגעצויגן —
און דורך זיינע טרייסלענדיקע ציינדלעך
האָט ער פיבעריג געבעטן :
„נעם דאָס, מאַמע, נעם, ס׳איז פאַר דיר
און פאַר חייקע׳ן,
איר זענט הונגעריג,
מיר איז דאָ גוט,
אין שפּיטאל גיט מען ברויט אַ סך
און אויך מילך צום טרינקן !
נעם דאָס, מאַמע, עס, עס !״...

פייפן אויס די טעפּלעך אויף׳ן אויוון
אין מאַמע׳ס אויער פּייוול׳ס קינדיש קול׳כל —
און ווען ברויט צעשניידט זי,
זעט זי דורך די מוציא׳ס
פּייוול׳ס פּנים קראַנק פון הונגער.

מיט די נעגל אײַיגעגראבלט אין דעם לעבן
האָט די מאַמע אירע קינדער
פון נויט און טויט געראַטעוועט —
און געבראַכט זיי צו זייער טאַטן
אין דער פרייער פריינדלעכער אַמעריקע.

אָבער דעם מלחמה־פאַרהונגערט צאַרטן קינד,
איר פּייוול׳ן דעם גוטן,
האָט די זאַטע אַמעריקע
נישט געקענט פאַרגיטיגן
און צו זיין זיבעצעטן געבורטסטאָג
האָט די מאַמע דאָס גוטע קינד באַגלייט
צו זיין לעצטער היים...

עלטער ווערט די מאַמע, שוואַכער ווערט די מאַמע,
בעטן זיך די קינדער און דער טאַטע,
אַלע, אַלע בעטן זיך ביי מאַמע׳ן,
עס זאָגט אויך דער דאָקטאָר:
„די לופט דאָ איז נישט גוט פאַר דיר,
פאָר אין אַן אַנדער שטאָט!
פאַר־וואָס מוזטו זיין נאָר דאָ?״
אָבער עס פאַרשטייט נישט קיינער מאַמע׳ס גרויסן סוד,
ס׳קען אַ מאַמע נישט אַוועקגיין און איבערלאָזן אַליין
אויף אַ פרעמדן בית־עולם
איר טייערן גוטן זוהן.
עס דאַכט זיך איר, אַז טאַקע נאָר ער,
איר גוטער פייוול,
פאַרשטייט פאַר־וואָס זי וויל
נישט אַוועקפאָרן פון דער שטאָט,
ווייל אָפט קומט ער איר צו חלום,
הייסט איר גיין דאָ און דאָ,
הייסט איר טאָן דאָס און דאָס,
און ווען זי גייט דאָ און דאָ,
ווען זי טוט דאָס און דאָס,
ווערט פרנסה בעסער, ווערט פרנסה גרעסער...
מוז די היים שוין בלייבן דאָ,
אין דער שטאָט,
וואו עס איז פייוול׳ס היים...

און ווען ברויט שניידט איצט די מאַמע,
אַ סך, אַ סך פון אַלערליי סאָרטן,
גלאַנצן אירע טרערן אויף׳ן מעסער
און זיי ריידן:
„איצט ווען ס׳איז שוין דאָ ברויט אַ סך
און מיין פייוול וואָלט געקענט שוין זאַט זיין,
איז ער נישטאָ, נישטאָ!״...

פאַרשטייט דער טאַטע און די קינדער
מאַמע'ס שטענדיג פאַרטראַכטע טרערן
און עס בעט זיך יעדער:
„ווען וועט שוין אַמאָל זיין אַ סוף
צו די אייביגע טראָפּנס טרערן?
קען אַ מאַמע'ס טרער
קיינמאָל נישט פאַרטרוקנט ווערן?"
פרעגט אַ יעדערער ביי איר
און אויך ביי זיך...

עס קומט אָבער אָן אַ נייער שטורעם
און פאַרענפערט יעדן'ס פראַגע.
נישט קיין רייכקייט, נישט קיין שמחה
האָבן פייוול'ס טרערן
פון מאַמע'ס אויג געקענט פאַריאָגן,
נאָר נייער שטורם, נייער טרער
האָט זיך מיט אַלטען טרער באַגעגנט.

דורך נויט, דורך פרייד
יאָרן געקומען און געגאַנגען —
און ווידער האַמערט שטורם אין דער טיר
און קלינגט אָפּ אין מאַמע'ס האַרץ.
מלחמה, ווידער אַ מלחמה,
און איר קליינער לייזערל שטייט שוין אין מונדיר —
און פליט אַוועק אין ווייטע, ווייטע הימלן...

שניידט די מאַמע ברויט אין מוציא'ס,
קאַפּן טרערן אויף'ן מעסער
און עס רעדט טרער צו טרער:
„זאָל איך און אַנדערע מאַמעס
פון אַזאַ צער
נישט וויסן מעהר!"...

# װען אײנע פֿאַרשפּעטיגט...

### סקיצע

אויף דער פּלאַטפֿאָרמע פֿון אַ קלײנער קאַונטרי־סטײשאָן אין די מאַונטײנס האָט אַהין און צוריק אַרומגעשפּאַנט די שײנע לאָרא, װעלכע האָט מיט אומגעדולד געװאַרט אויף אַ טרײן.

געמאַטערט זיך נאָכצושפּאַנען אין אירע שנעלע טריט האָט דער 65־יעריגער מר. לױרנער און לאָרא׳ס אַװעקלױפֿענדיגער אויער האָט אַלע װײלע אויפֿגעכאַפּט זײנע נאָכיאָגענדיגע װערטער:

— איך בעט אַײך, לאָרא טײערע, פֿאָרט נישט אַװעק! װאָס װעט איר טאָן אין אַזױנע היצן אין דער שטיקענדיגער נױאָרק? איר זענט דאָך אַזאַ מידע, אַזאַ אויסגעמאַטערטע פֿונ׳ם שװערן לעבן!... בײ מיר װעט איר זיך פֿון אַלעמען אויסרוען, בײ מיר װעט אײך גאָר נישט פֿעלן! װאָס אַײערע ליפּן װעלן נאָר אַרױסרײדן, װעט איר בײ מיר האָבן! איך קען אַפֿאָרדן, איך בין רײך!...

לאָרא האָט זיך האַסטיג אָפּגעשטעלט און שאַרף אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, יאָ, מר. לױרנער, איך װײס, אַז איר זענט אַ קאַפּיטאַליסט אין געלד, דערפֿאַר זענט איר אָבער אויך אַ „קאַפּיטאַליסט” אין יאָרן!... און אַז איר װילט דוקא אויף דער עלטער חתונה האָבן, טאָ זוכט זיך אויס אײערסגלײכן!... װאָס האָט איר זיך עפּעס אָנגעטשעפּעט אָן מיר? אַז מען האָט געלט, מײנט איר, דאַרף מען שױן אַלעס װעלן אויספֿירן?... נײן, מר. לױרנער, דאָסמאָל װעט איר נישט אויספֿירן!...

האַסטיג אָפּגערעדט די שאַרפֿע װערטער, איז לאָרא מיט כּעס אָפּגעלאָפֿן פֿון אים עטליכע שפּאַן און זיך אַװעקגעזעצט אויף דער אײנציגער גרין־געפֿאַרבטער אײַזערנער באַנק, װאָס איז געשטאַנען

אויף דער פלאַטפאָרמע — און אנשפּארענדיג איר עלנבויגן אויף׳ן
ווענטל פון דער באַנק, האָבן אירע בליקן געקוקט אויף די הויכע
בערג און אויף אירע באַקן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט גרויסע פּערל־
דיגע טרערן.

עס האָט גענומען עטליכע סעקונדן, ביז מר. לווירנער איז מיט
זיינע לאַנגזאַמע טריט צוגעקומען צו איר באַנק — און אין עטליכע
סעקונדן האָט לאָרא דורכגעטראַכט און צוריק־געבלעטערט די בלעטער
פון איר לעבן.

— וואָס איז דאָ מיט איר? — טראַכט זי מיט שרעק — פאַר־
וואָס האָט זי דאָס לעבן אַזוי אָפּגענאַרט?

איר מאַמע האָט זי צו דער וועלט אַרויסגעשיקט מיט אַלערליי
מתנות, וואָס די נאַטור פאַרמאָגט: שיין, געזונד, קלוג... איז זי
פון דער מאַמע׳ס נעסט אין דער וועלט אַרויס — און די וועלט, דאָס
לעבן, האָט זי כסדר באַגעגנט מיט אַנטטוישונגען נאָך אַנטטוישונגען...
ווען זי האָט געליבט, האָט איר נישט געוואָלט, און ווער עס האָט
זי געליבט, האָט זי נישט געקענט ליבן... און האָט אַמאָל די ליבע
אין ברענענדיגער יוגענד ביידן אַ פּאַק געטאָן, אי איר, אי יענעם, האָבן
זיך באַלד „פּרינציפּן" אַריינגעמישט... האָבן ביידע אין באַזונדערע
„איזמען" געגלויבט — און די היציגע דעבאַטן פון יעדן פאַר זיין
„איזם" האָט יעדעס מאָל זייער ליבע פאַרטריבן.

זי איז געווען ביזי מיט אירע „איזמוסן" און די יאָרן זיינען
דערווייל געווען „ביזי" מיט זייער אייביגן גאַנג, נישט איבערלאַזנדיג
איר אפילו קיין סימן פון גליק...

טרערן פאַרשטעלן אירע אויגן פון דער צוקונפט און דריבלען
אַלץ מער פאַנאַנדער איר אומעטיגע פאַרגאַנגנהייט.

כאָטש עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי איז נאָך אַלץ דיזעלבע,
ווי זי איז געווען צו 18 און צו 20 יאָר, דאָך ווי זי איז נאָר אַריבער
איר 25־טען יאָר, האָבן זיך צו איר גענומען יאָווען אַזעלכע סאָרטן
„שדוכים" וואָס האָבן פריער נישט געוואַגט צו איר אפילו צוגיין
נאָהנט. אָבער מיט איר יעדן פאַרשפּעטיגטן יאָר זיינען זיי געוואָרן אַלץ
דרייסטער און וואַגענדיגער... עס האָבן זיך גענומען שדכ׳נען
עלטערע בחורים, גע׳גט׳ע, אַלמן׳ס און „פרייע־ליבע־פּרעדיגערס"...

און איצט אויף דער גרעניץ פון איר דרייסיגסטן יאָר האָט זי
זיך באַגעגנט מיט הערי׳ן.

ביים דערמאָנען זיך אָן דעם שיינעם העלדישן הערי, טוט אַ
פינקל אַ לעבעדיג פייער׳ל אין לאָראַ׳ס פאַרטרערטע אויגן. זי פאַר־
בייסט די ליפּן, ווי זי וואָלט דאָרט געוואָלט באַהאַלטן הערי׳ס לעצטן

קוש . . . דאָס פייער׳ל פאַרשווינדט אָבער באַלד און זיין פּלאַץ פאַר־נעמט אַ שטילער אומעט . . .

מיט טרויעריגע בליקן קוקט זי אַריבער די שפּיצן פון די בערג, דאָרט ווייט, ווייט, ערגיץ צו די הימלען, ווי זי וואָלט דאָרט איר הערי׳ן געזוכט. אירע עראינערונגען זאָגן איר אָבער באַלד אונטער, וואָס מיט איר און הערי׳ן האָט פּאַסירט.

זי איז געווען זיכער, אַז הערי איז שוין איר אמת׳ע ליבע . . . זי האָט אים געליבט מיט׳ן גאַנצן פייער פון איר נישט־אויסגעלעבטער יוגנט... אָבער דער שיינער הערי האָט געהאַט איין חסרון: ער איז פּרינציפּיעל געווען געגן „געזעצליכע הייראַטן״ . . .

— עס איז זיין האַרץ, זיין ליבע — האָט ער גע׳טענה׳ט — און דאַרף נישט קיין ערלויבניס פון אַ דזשאַדזש אָדער פון אַ ראַבאַי . . .

הערי׳ס פּרינציפּן האָבן צושטערט לאָרא׳ס ניי־געפונענעם גליק, ווייל זי האָט פון פרייער ליבע קיינמאָל נישט געהאַלטן און איצט צוליב איר דרייסיג־יאָריגקייט האָט זי אוודאי מורא געהאַט, צו פאַר־לאָזן זיך אויף איר אייגענעם כח און זי האָט דערפאַר געוואָלט נעמען צו הילף דאָס געזעץ... נישט נאָר האָט זי געהאַלטן פון אַ געזעצליכער הייראַט, נאָר זי האָט אויך געוואָלט דורכלעבן דעם „טריל״ פון שטיין אונטער דער חופּה.

אָבער הערי האָט פון דעם אַלעמען נישט געוואָלט הערן. ער איז דורכאויס באַשטאַנען אויף דער „הייליגקייט״ פון פרייער ליבע . . .

לאָרא איז געווען צו שוואַך פאַר נייע און שווערע אַנטטוישונגען, האָט זי דעריבער מורא געהאַט צו ריזיקירן און זי האָט בעסער באַשלאָסן, דעם שיינעם הערי אין גאַנצן צו פאַרגעסן. איז זי דערפאַר אַנטלאָפן פון נויאָרק אַהער אין קאַנטרי, זיך דאָ פּרובירן אויסהיילן פון איר ווייטאַגדיגער ליבע.

דאָ האָט זי דערזען דער אַלמן מר. לוירנער, וועמעס רייכע היים עס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דעם האָטעל, וואו זי איז איינ־געשטאַנען. זי איז שוין אפילו געווען געוואויר, אַז אלמן׳ס און גע׳גט׳ע זאָלן זיך צו איר שדכ׳נען. אָבער יענע זיינען געווען אין אירע יאָרן אָדער אַ פינף יאָר עלטער, אָבער אַ מאַן, וואָס איז שוין אַריין אין די ווייטע זעכציגער זאָל זיך צו איר שדכ׳נען, אַזאַ באַליידיגונג האָט זי ניט געקענט אַריבערטראָגן. עס האָט זיך איר נאָר געדאַכט, אַז מען לאַכט פון איר . . . און נישט נאָר מענשן לאַכן, נאָר אַלעס לאַכט, די בערג, די גרינע גראָזן, די שמעקענדיגע בלומען, די קלאָרע טייכלעך, אין וועמעס שפּיגלען זי האָט דערזען, אַז זי איז נאָך גענוג שיין און יונג, צו קענען קריגן אירסגלייכן . . . זי האָט געוואָלט פון אַזאַ באַליי־

דיגונג וואָס שנעלער אַנטלויפן... און אין דער פרי, ווען אַלע האָבן נאָך געשלאָפן, איז זי געקומען צו לויפן אַהער צום סטיישאָן. אָבער דער „חוצפּא׳דיגער קאַפּיטאַליסט״, ווי זי האָט מר. לוירנער׳ן אין געדאַנק גערופן, האָט זיך דערוואוסט פון איר אַנטלויפן — און ער איז איר נאָכגעלאָפן.

ביי אָט די געדאַנקען האָט זי דערפילט, ווי אימיצער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר.

— לאָרא! — האָט מר. לוירנער ציטערנדיג אַרויסגערעדט איר נאָמען — איך בעט אייך, פאָרט נישט אַוועק! קומט צוריק, קומט גלייך צו מיר אהיים!...

לאָרא האָט אַזש אַ צאַפּל געטאָן. „וואָס פאַר אַ חוצפּא עס פאַר־מאָגן די, וואָס האָבן געלד!״ — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און זי האָט זיך געוואָלט אויפהויבן פון דער באַנק, אָבער מר. לוירנער, אַנכאַפּנ־דיג איר האַנט, האָט ווייטער גערעדט:

— איר ווייסט דאָך, וואָס פאַר אַ שיינע היים איך האָב, איר האָט זי דאָך געזען, ווען איר זענט געווען צו מיין פּאַרטי מיט די אנדערע געסט פונ׳ם האָטעל... דעם אמת געזאָגט, האָב איך די גאַנצע פּאַרטי געמאַכט נאָר צוליב אייך... איר געדענקט יענע צימערן, וואָס איר האָט אַזוי באַוואונדערט? איך מיין די צימערן, וואו די פענסטער זיינען איינגעטונקען אין בוימער און בלומען, דאָס האָלט איך אָנגע־גרייט פאַר מיין צוקונפטיגע פרוי, פאַר אייך!...

לאָרא האָט אַ ציטער געטאָן און זיך אָפּרוקנדיג פון אים, האָט זי געוואָלט עפּעס זאָגן. אָבער מר. לוירנער האָט ווייטער גערעדט:

— איך בעט אייך, לאָרא, קומט צוריק, קומט מיט מיר! היינט איז זונטאַג, איז די קאָורט פאַרמאַכט, אָבער מאָרגן גאַנץ פרי וועלן מיר צופאָרן אין קאָורט חתונה האָבן!...

לאָרא האָט זיך ווידער געוואָלט אַ הויב טאָן פון דער באַנק, אָבער זיין „נעביך־טאָן״ האָט זי איצט אָפּגעהאַלטן.

— איך ווייס, איר טראַכט פון מיין עלטער, פון מיינע יאָרן! — האָט ער אַ זאָג געטאָן אין אַ ביסל אַ געבראָכענעם טאָן, אָבער באַלד האָט ער צוריק־געקראָגן זיין מוט און פאָרטגעזעצט: — אָבער צו־וואָס חשבונ׳ען יאָרן, ווען דאָס האַרץ איז יונג מיט ליבע?... איר וועט זען, ווי גליקליך איר וועט זיין ביי מיר, קיין זאַך וועט אייך נישט פעלן, רייכע קליידער, דזשולערי, אוטאָמאָבילן...

לאָרא האָט מיט אַ ווינקל פון איר אויג אַ קוק געטאָן אויף אים. זיין ווייסער קאָפּ האָט צוליב דער אַרומיגער גרינקייט אויסגעזען אַ סך ווייסער.

גליקליך זיין ביי איהם! — האָט זי שמייכלענדיג געטראַכט — ער וועט איר געבן שיינע קליידער, דזשולערי, אוטאָמאָבילן... אָבער פֿאַר ווען וועט זי זיך פּוצן?

פֿאַר אירע אויגן האָבן אַ שוועב געטאָן הערי׳ס פּעך־שוואַרצע האָר — און אָפּווישנדיג אַ טרער, האָט זי זיך פֿון דער באַנק אויפֿ־געהויבן און מיט אומגעדולד גענומען אַרויסקוקן אויף דער טריין...

— הייסט עס, איר פֿאַרט דאָך! — האָט מר. לוירנער אויס־געדופֿן מיט אַ טיפֿן זיפֿץ. דער זיפֿץ האָט ביי לאָרא׳ן אַרויסגערופֿן אַ ביסל רחמנות.

און אַז ער איז אַלט, האָט ער שוין נישט קיין רעכט, ליב צו האָבן? אפשר האָט ער מיך אַזוי אמת׳דיג ליב, ווי איך הערי׳ן! — האָט לאָרא איצט גענומען טראַכטן, קוקנדיג אויף אים מילד און זי האָט כאַשלאָסן, זיך כאָטש זעגענען מיט אים פֿריינטליך, און אפשר אים אויך זאָגן אַן אומשולדיגן ליגן, פּשוט אים צו טרייסטן, ביז ער וועט זי אין גאַנצן פֿאַרגעסן!...

וואָס מער זי האָט פֿון דעם געטראַכט, אַלץ מער רחמנות האָט זי אויף אים געקראָגן און זי האָט אָנגעפֿאַנגען אין אַ זעהר האַרצי־גן טאָן:

— הערט מיך אויס, מר. לוירנער! ערשטנס, דאַנק איך אייך פֿאַר אייער ליבע און איך רעכן נישט אייערע יאָרן, נאָר איך בין גאַנץ איינפֿאַך פֿאַרליבט אין אַן אַנדערן!... איר וואָלט דאָך נישט געוואָלט מיינע ליפּן ביי אייך און מיין האַרץ ביי אַ צווייטן!...

— איך ווייס אָבער, אַז איר זענט געקומען אַהער, צו פֿאַרגעסן אָן יענעם צווייטן! — האָט ברוגז׳ליך געברומט מר. לוירנער.

— אמת! אָבער עס איז מיר נישט געלונגען! — האָט לאָרא גערעדט דורך באַהאַלטענע טרערן.

— איך, איך וועל אייך מאַכן אַלע אייערע פֿריערדיגע צייטן פֿאַרגעסן! — האָט מר. לוירנער אויסגערופֿן מיט פֿיל פֿייער.

אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען איבער לאָרא׳ס לייב.

— ווער וויל דען אַמאָל פֿאַרגעסן הערי׳ס הייסע קושן?... ניין, ניין! — טראַכט זי. זי האָט נאָך צייט פֿאַר אַזעלכע גליקן ווי חתונה־האָבן מיט אַן אַלטן מאַן!... אָבער זי וויל אים נישט לאָזן מיט קיין צובראָכן האַרץ, ווייל זי ווייסט דעם טעם דערפֿון, רעדט זי צו אים דערפֿאַר אין אַ צאַרטן טאָן:

— אַלענפֿאַלס, מר. לוירנער, וועלן מיר נאָך זען! גיט מיר דערווייל צייט, יענעם צו פֿאַרגעסן... גיט מיר כאָטש אַ דריי מאָנאַטן

צייט, און איך וועל צוריק־קומען צו אייך! — זאָגט זי אים צו, האָפנ־דיג, אַז דורך דער צייט וועט ער זי פאַרגעסן און זיך באַרוהיגן.

די טריין איז אָנגעקומען און לאָרא האָט מיט פרייד זיך אויפ־געשטעלט פון דער באַנק.

— הייסט עס, אַז איר פאָרט טאַקע! — האָט מר. לוירנער ווייטער אָנגעפאַנגען — נו, איך האָב דאָך נישט קיין אַנדערע ברירה ווי נאָר זיך געזעגענען מיט אייך. איר זאָלט אָבער וויסן, אַז דאָ וואַרט פאַר אייך אַ פריינט, אַן אמת׳ר פריינט, אַ האַרץ וואָס ליבט אייך אויף אַן אמת... און ווען איר וועט גאָר נישט געפינען אויף אייערע אַלטע און נייע וועגן, זאָלט איר געדענקען, אַז דאָ וואַרט פאַר אייך די אמת׳ע ליבע, אַז עס וועט זיין איר און נאָר איר! ווייל נישט נאָר אַ פאָר חדשים וועל איך פאַר אייך וואַרטן, נאָר ביז צו דער ענדע פון מיין לעבן!...

עס האָט זיך לאָרא׳ן געדאַכט, אַז זי זעט טרערן אין מר. לויר־נער׳ס אויגן און זי איז אויף שנעל אין דער טריין אַריינגעלאָפן.

טעג און וואָכן האָט לאָרא איצט געזוכט, זיך צו באַגעגענען מיט הערי׳ן. ס׳איז פאַר איר אָבער פשוט געווען אוממעגליך, אים צו טרעפן אַליין... אָט האָט זי אים באַגעגנט געאָרעמט מיט אַ בלאָנדער און אָט מיט אַ ברונעטקע...

און אַזוי זוכענדיג צו טרעפן הערי׳ן אַליין, כדי זיך מיט אים איבערצובעטן, האָט זיך לאָרא פלוצים צווישן באַקאַנטע דערוואוסט, אַז הערי מופט פון זיין צימער אין אַ „צוויי־רום־אַפּאַרטמענט", וועלכעס מיינט, אַז ער האָט חתונה...

זיין חתונה איז טאַקע נישט אַזאַ ווי לאָרא האָט געוואָלט — מיט אַלע דינים און געזעצן, נאָר פונקט אַזאַ ווי הערי האָט אַלע מאָל געפּרעדיקט: אַ חתונה אויף פרייע ליבע, און דאָס מיינט, אַז מען באַצאָלט פאַר אַ חודש רענט, מען רופט זיך מאַן־און־פרוי... און וואָס ווייטער וועט זיין, זאָל גאָט זאָרגן!...

אַן אַנטוישטע, אַן אײנזאַמע וואַנדערט איצט לאָרא איבער נויאָרק און מיט פאַרווירטע אויגן קוקנדיג אויף די גאַסן, געפּאַקטע מיט מענשן, טראַכט זי: אַזוי פיל מענשן און אַלע פרעמדע! קיינער איז נישט אירער און זי איז נישט קיינעמס!... טאָ ווער׳זשע איז פאָרט אירער און וועמעס איז זי?...

און זי דערמאָנט זיך פלוצלינג אָן מר. לוירנער׳ן, אָן זיינע האַרציגע ווערטער, ווי ער האָט געזאָגט: „איך זאָלט וויסן, לאָרא, אַז דאָ וואַרט אויף אייך אַן אמת׳ר פריינט, אַ פריינט, וועלכער וועט שוין אָפּלעבן זיינע יאָרן וואַרטנדיג נאָר פאַר אייך!"...

— נאָר אמת׳ע ליבע קען אַזוי ריידן! — טראַכט איצט לאָרא — יאָ, זי ועט איצט גאַנץ קלאָר, אַז ער, מר. לוירנער, איז איר אמת׳ר באַשערטער און זי דערמאָנט זיך איצט, אַז זי האָט ביי קיינעם נישט געזען אַזעלכע קלוגע אויגן, ווי עס האָט דער מר. לוירנער... און זיינע ווייסע האָר פּאַסן אַזוי שיין צו זיין הויכן שטערן. מען דערקענט באַלד, אַז ער איז אַן „עפּעס", אַ וויכטיגער מענש, נישט אַזאַ „גאָר־נישט" ווי הערי...

יאָ, באַשליסט זי, זי וועט איר אמת׳ן פריינט, איר אמת׳ן באַ־שערטן מאַכן אַ סורפּראַיז, נישט נאָר וועט זי אים נישט לאָזן וואַרטן אַלע זיינע איבעריגע יאָרן, ווי ער האָט איר צוגעזאָגט, נאָר אפילו נישט די עטליכע חדשים, וואָס זי האָט אים געבעטן וואַרטן, נאָר טאַקי שוין, באַלד איצט צו דער פּערטער וואָך וועט זי צו אים צוריק־קומען — און זאָל דער גוטהאַרציגער פריינט האָבן אַ „סורפּראַיז"!...

אויסגעפּוצט אין אירע בעסטע קליידער, איז לאָרא געזעסן אין אַ טריין, וועלכע האָט געשניטן די לופט, זי צו ברענגען וואָס שנעלער צו אירע נייע האָפנונגען...

די טריין לויפט און לאָרא׳ס געדאַנקען לויפן פאָראויס. אַ גאַנץ לעבן — טראַכט זי — זייט זי געדענקט, האָט זי שטענדיג געוואוינט אין איין צימערל, אַ קליינס און אַ שמאָלס... און איצט, איצט וועט זי האָבן אַ היים מיט פיל צימערן. אין איין צימער וועט זי לייענען, אין אַ צווייטן צימער וועט זי עסן, אין אַ דריטן צימער וועט זי אויפנעמען געסט און אַזוי ווייטער און אַז זי וועט אַרויסקוקן דורך׳ן פענסטער, וועט זי אַנשטאַט בארלס־שמוץ זען אַ גאָרטן מיט שמעקעדיגע בלומען...

דער געדאַנק פון דעם גאָרטן מיט בלומען דערמאָנט זי, אַז דאָרט פּאַסט זיך אַריין ליבע... אָך, ווי גוט עס איז, אַרומצושפּאַצירן אין אַזאַ פּלאַץ מיט דעם, וואָס מען האָט ליב! — האָט זי אַרויסגעזיפצט. זי האָט אָבער באַלד באַשלאָסן, אַז פאַר גוטסקייט קען מען אויך ליב האָבן!...

יאָ, זי ווייסט, זי איז זיכער, אַז זי וועט מר. לוירנער׳ן ליב האָבן, ווייל ער איז דאָך אַזאַ גוטער, אַזאַ האַרציגער!...

אָך, ווי דערלעבט זי שוין צו זיין נאָהנט נעבן אים. זי וועט וואַרפן איר קאָפּ אויף זיין ברוסט און בעטן ביי אים פאַרצייהונג, וואָס זי האָט אים פריער נישט פאַרשטאַנען.

מיט אָט די געדאַנקען האָט לאָרא אָנגעקלונגען אין מר. לוירנער׳ס טיר. זי האָט געקלונגען איין מאָל און נאָך אַמאָל. און ווען קיין ענטפער איז אַזוי שנעל נישט געקומען, האָט זי נישט געהאַט קיין געדולד

מער צו וואַרטן, און זיך פילנדיג, אַז דאָס שטייט זי שוין נעבן איר אייגענעם הויז, האָט זי געוואָלט וואָס גיכער אויסגעפינען, וואָס האָט פּאַסירט דאָרט אינעווייניג אין איר היים...

און נישט־איבערטראַכטנדיג, צי זי טוט ריכטיג אָדער נישט, האָט זי אָנגעפאַנגען זוכן אין די פענסטער, געקוקט אין איינעם, אין אַ צווייטן, אַ דריטן, ביז זי איז צוגעקומען צום פענסטער פון יענעם צימער, וואָס האָט געדאַרפט זיין אירער... און ווען זי האָט דאָרט אַריינגעקוקט, איז זי צוריק געשפּרונגען אַ טויט־בלאַסע...

לאָרא האָט דערזען דאָרט אין איר שיר געוואָרענעם צימער אין אַ ווייכן אָרעם־שטול זיצן דעם מר. לוירנער און אויף זיין שויס — אַ שיינע פרוי, וועמעס יונגע הענט עס גלעטן מר. לוירנער׳ס זילבערנע האָר, אין דער צייט וואָס זיינע ליפּן זיינען באַהאַלטן אויף איר האַלז...

— — — — — — — — — — — — —

און ווען לאָרא האָט מיט איר געבויגענעם קאָפּ און ציטערנדיגע טריט זיך צוריקגעשאַרט פונ׳ם הויז, איז אַרויסגעקומען אַ דינסט און זי האָט געפרעגט, וועמען לאָרא וויל זען, דעם מר. לוירנער אָדער די מיסעס לוירנער?...

# אַ נאַכט „ארץ־ישראל״ אין לייקוואוד

◇

## אַ „סדר״ אין 1948

די פריי געזאַנגען מיר זאָלן נישט זיין און ווי ווייט מיר זאָלן נישט זיין אַרויס־געוואַקסן פונעם בית־המדרש, פון תחינות־לייענען און פון אַלע אַנדערע סאָרטן פרומקייט, בלייבט אַלץ אין יעדן פון אונדז שטאַרק איינגעוואָרצלט דאָס דורות אַלטע „פּינטעלע איד״. די מנהגים און טראַדיציעס פון אונדזערע זיידעס און באָבעס קניפּן און בינדן אונדז מיט טויזנטער פעדים און ביי יעדער געלעגנהייט גיט זיך עס ווילנדיג אָדער נישט־ווילנדיג אַ שטאַרקן ריס אַרויס אין סאַמע פאָדער־גרונד פון אונזער גאַנצן וועזן, איבערהויפּט שטופּט עס זיך ביי אונדז אַרויס, ווען עס קומט אַ טראַדיציאָנעלער יום־טוב.

פּסח אין דעם אַמאָליגן שטעטל איז שטענדיג גאָר אַ גרויסער יחסן. וואָכן און וואָכן פריער גרייט מען זיך פאַרן גרויסן גאַסט. מען גרייט זיך, מען קליידט זיך, מען וואַרפט אַרויס דאָס אַלטע און מען קויפט נייעס. בעטן, טישן, שטולן, גראַטקעס שטייען אין דרויסן ביי די טירן פון די שטיבער, מען בריט זיי מיט הייסן, מען שווענקט זיי מיט קאַלטן. עפּעס אַ קלייניקייט, פּסח! — די סדרים, די הגדה, די קשיות, די קניידלעך! היינט דאָס לעגענדאַרע וואַרטן מיטן אָנגעגרייטן כוס און אָנגעשטרענגטן בליק צו דער טיר פאַר אליהו הנביא, וועלכער וועט אונדז „לשנה הבאה״ זיכער ברענגען קיין ארץ־ישראל...

דאָ אין דער שיינער גרויסער אַמעריקע, אין דעם הו־האַ פון דעם זינדיק־קאָכיגן ניו־יאָרק, אין דעם מיש־מאַש פון גרויסע ביזנעס און קליינע ביזנעס, פון סאָבוויס אונטן און עלעווייטאָרס אויבן, פון יאָגנדיגע שעפּער און פאַרהאָרעוועטע אַרבעטער מיט סטרייקס, יוניעס, סאָסייעטיס, מיטינגס, פון טרובעדיגע אויטאָמאָבילן פאַרביי פענצטער,

פליענדיגע ערא̈פּלא̈נען איבער דעכער, פּא̈ליטישע „ספּיטשעס״ איבער וועלטלעכע רא̈דיא̈ס און א̈ט אין מיטן פון דעם טא̈ג־טעגלעכן גא̈לא̈פּ ברענגט זיך רואיג דער קא̈לענדא̈ר דעם א̈לטן בכבוד׳יגן גא̈סט „פּסח״ — און דא̈ס פּינטעלע ייד הויבט זיך א̈ן פון אונז א̈רויסרוקן, געשעפטן ווערן רירעוודיגער, איילנדיגער, מסחר ווערט גרעסער, א̈רבעטער יא̈גנדיגער, ווענט פון היימען הויבן זיך א̈ן קא̈לעכן, מעבל בייטן זיך, קליידער בא̈נייען זיך...

און ווען דער טא̈ג פון פּסח דערנענטערט זיך, רוקט זיך דא̈ס „פּינטעלע ייד״ ביי אונז א̈רויס א̈לץ שטא̈רקער און שטא̈רקער. מען בא̈נוגנט זיך נישט מיט דעם א̈לעמען, איבערהויפּט מיט דעם „סדר״, וואָס מען פּרא̈וועט ביי זיך אין דער היים, ווייל אין דער אייגענער היים דא̈ אין ניו־יא̈רק איז דער סדר א̈ צו הא̈ריא̈פּנער. דער ביזנעסמא̈ן פון געשעפט, פּונקט ווי דער א̈רבעטער פון שא̈פּ, קומט א̈היים מיד און הונ־געריג, וויל מען אויף גיך א̈פּעסן און גיין רוען אין בעט מיט א̈ צייטונג א̈דער אין „דא̈יינינג־רום״ מיט א̈ פּינא̈קל.

די בא̈לעבא̈סטע, צוליב דעם צוגרייטן און קא̈כן און דערלא̈נגען, איז אוודאי מיד און וויל וואָס גיכער א̈לץ א̈רא̈פּ׳פּטר׳ן און א̈ריינגיין זיך א̈פּרוען אין א̈ דערבייא̈יגער מוא̈ווי. די יונגע זין און טעכטער, נישט פּא̈רשטייענדיג גוט וואָס דער טא̈טע זא̈גט דא̈רט איילנדיג אין זיין „הגדה״, הא̈בן „דעיטס״ צו קא̈נצערטן, בא̈ל־געימס, סימפּא̈ניס און בראָדווייער נייעסטע מוא̈וויס. יא̈גן זיי דערפּא̈ר אונטער דעם טא̈טנס הגדה מיטן שנעלן אויסזופּן דעם וויין און עסן די קנײדלעך — און דערפּא̈ר זיינען די סדרים אין די ניו־יא̈רקער היימען נישט גענוג „סדר׳דיג״...

הא̈בן אידן געפונען א̈ן עצה. ניט ווייט פון ניו־יא̈רק איז פּא̈ר־הא̈נען א̈ שטעטל מיטן נא̈מען „לייקוואוד״, וואָס צוליב דער גוטער לופט פון די דא̈רטיגע פּא̈ין־בוימער פּא̈רן א̈הין א̈ גא̈נצן ווינטער שווא̈־כע, מידע מענשען, זיך צו ערהא̈לן. א̈בער פּסח לא̈זן זיך אידן א̈הין א̈רונטער צוליב א̈ גא̈נץ א̈נדערן צוועק, צוליבן פּרא̈וועון די „סדרים״.

די פרויען, די בא̈לעבא̈סטעס ווילן אויסמיידן די הא̈רעווא̈ניע, די גרויסע „חד גדיא״ פון א̈רא̈פּנעמען דעם חמץ און א̈ריינברענגען דעם פּסח און שפּעטער ווידער צוריק א̈רויסנעמען דעם פּסח און א̈ריינ־ברענגען דעם חמץ — און טא̈מער, ווידער, זיינען פּא̈רא̈ן א̈זעלכע פריי־געזא̈נענע בא̈לעבא̈סטעס, וואָס ווילן זיך נישט בא̈דערן מיטן א̈רויס־ברענגען און א̈ריינברענגען דעם חמץ און בייטן „דישעס״, קומען צו פילע פון זיי זייערע א̈מעריקא̈נער קינדערלעך און מא̈נען דא̈ס ביי זיי.

— מאַמע, קויף פּסח'דיגע „דישעס"!... מאַמע, קויף פּסח'דיגע מצות!... מאַמע, איך וויל אַ „סדר"!...

אַ סך מאַמעס ווייסן אַפילו נישט, פון וואַנען זייערע קינדערלעך דערוויסן זיך דאָס אַלץ, אָבער זיי ווילן נישט בלייבן פאַרשעמט געגן זייערע קינדערשע פראַגעס, פאַרשליסט מען די חמצדיגע היימען און מען לויפט קיין לייקוואוד צו די פּאַרטיגע „סדרים".

אויך די מענער האָבן ליב צו זיצן רואיג און האָבן הנאה פון זייערע אויסגעפּוצטע מלכה'דיגע ווייבער און פון די שיינענדיגע פּנימ־לעך פון זייערע קינדער, ווען מען זיי ווייזן כסדר אָן, אַז פּונקט אַזוי און נאָך שענער האָט אויסגעזען אַ סדר ביי זייערע זיידעס און באָבעס.

די האָטעל־קיפּערס אין לייקוואוד ווייסן, אַז זייערע פּסח'דיגע געסט קומען צו זיי מערסטנס צוליב די „סדרים", ווערן זיי דאָרט עטלעכע וואָכן פאַר פּסח שטאַרק באַשעפטיגט מיט זוכן און געפינען רבנים, חזנים, בעלי־תפילות, הגדה־זאָגערס, קשיות־פרעגערס — מיט איין וואָרט: „סדרים־פּראַוועדס"...

דרייענדיג זיך אָדער בעסער געזאָגט ווערנדיג געשטופּט איבער די ניו־יאָרקער רוישיגע גאַסן, האָט מיר עפּעס אַ ווינט אין אויער אַריינגעהוישעט, אַז היינט ביינאַכט איז דער ערשטער סדר. איך האָב געקוקט אויף די פאַרביילויפנדיגע שוי־פענצטער און דאָס „פּיג־טעלע איד" האָט זיך אין מיר אַרויסגערוקט. איך האָב פּלוצלונג אין אַלערליי פאַרביגע קליידער דערזען נאָר איינס: מיין טאַטנס ווייסן קיטל — און אַ נאַגנדע בענקשאַפט האָט מיך אַרומגענומען צו מיין טאַטנס אַמאָליגן סדר! האָב איך אין מיין בענקשאַפט אַ טראַכט געטאָן, וואו איך קען דאָס געפינען און איך האָב זיך באַלד דערמאָנט אין דעם שטעטעלע לייקוואוד.

איך האָב געוואָרפן גורל, וואו צו פאַרפאָרן, און מיין גורל האָט מיך געבראַכט אין דעם האָטעל פון מאַני מאַראָוו און לייבוש גאָלד־בערג. אָנגעקומען אַהין בין איך, ווען דער „מלך" איז שוין געזעסן אין זיין ווייסן קיטל.

אַריין אין דאַיינינג־רום, האָט מיך פאַרכאַפּט דאָס אויג און דאָס האַרץ. אַרום אַ הונדערט פאַמיליעס זיינען געזעסן אויסגעזעצט ביי רייך־פאַרפּוצטע טישן. אויף יעדן טיש זיינען געשטאַנען לייכטנדיגע ליכט, וויין, מצות, חרוסת, מרור, אלץ פּונקט ווי ביי מיין טאַטן. אָבער מער פון אַלעמען האָט פאַרכאַפּט אויג און האַרץ אַ דערשיינונג, וואָס איך האָב ביי מיין טאַטן נישט געזען. כאָטש דאָס איז געווען אַן איינפאַכע זאַך, אַ קליי־ניקייט, האָט אָט־די קליי־ניקייט באַלד אַלעמען אַריינגעפירט אין אַן אַנדער וועלט...

צווישן די מצות און ווײַן איז בײַ איטלעכנס טעלער געלעגן אַן אַרענדזש — און אין יעדער אַרענדזש האָט ווי אַ צווײַגעלע אַרויס־געשטעקט אַ קלײנע אידישע פֿאָן. אָט די פּאַנאָראַמע פֿון אידישע פֿאָנען האָט אַ צופּ געטאָן דאָס האַרץ און אַרײַנגעפֿירט אין אַ שטימונג, אַז הײַנטיגס יאָר איז אַ גאַנץ אַנדערער סאָרט סדר, אַז הײַנט איז נישט נאָר אַ סדר וועגן אַ נעכטן, אַ געשיכטע וואָס ציט זיך אויף דרײַ טויזנט יאָר צוריק, נאָר אַ סדר פֿון מאָרגן, וואָס שטייט אָט־אָט אונטער דער טיר, אָט־אָט באַלד אָנצוקומען.

יעדער האָט געקוקט אויפֿן באַשײדענעם דורך ימים בלוט באַ־צײכנטן אידישן פֿאָן — און עפּעס ווי אַן ווערטער האָט מען דערפֿילט, אַז אָט דאָס פּלאַטערנדע פֿאָנעלע בײַ יעדנס טעלער מײנט אַ גרוס פֿון אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער קעמפֿער אין די בערג פֿון ישראל.

עפּעס ווי בולט׳ער אַרויסצורופֿן יעדנס מאָמענטאַנען געפֿיל, האָט דער „מלך״, דער באַלעבאָס לײביש גאָלדבערג, פֿון אונטער זײַן ווײַסן קיטל אַרויסגעזאָגט: „אײדער מיר הייבן אָן לײענען די הגדה, וויל איך אַנאָנסירן, אַז ווער פֿון אײַך עס וועט בײַ מיר געפֿינען דעם אַפּיקומן, גיב איך אין זײַן נאָמען אַ הונדערטער פֿאַר דער הגנה״!...

נאָך אַ גרויסן אַפּלאָדז האָבן די מוזיקער געשפּילט די „התקוה״. דער עולם האָט זיך אויפֿגעשטעלט און מיט גרויס כוונה מיטגעזונגען, קוקנדיק מיט פֿינקלענדיגע טרערן צו די פֿענצטער, ווי עס וואָלט זיך געזאָגט צו די דרויסן ווינגנדיגע צווײַגן, וואָס האָבן אַרײַנגעקוקט אין די שויבן: „זאָגט זיי דאָרט אָן אונזערע קעמפֿער, אונזערע שוועסטער און ברידער, אַז זיי זײַנען נישט אַלײן, אַז וואו נאָר עס קלאַפּט ערגעץ אַ אידיש האַרץ, איז עס איצט דאָרט מיט זיי!״ — און עס האָט זיך גע־דוכט, אַז דער מילדער ווינט האָט אויפֿגעכאַפּט דאָס הושען פֿון די העלדישע קעמפֿער.

דער „מלך״ מיטן „שני למלך״, דער ביהנע־אַרטיסט מיכל גיבסאָן, האָבן אָנגעהויבן זאָגן די הגדה. דער עולם, גרויס און קלײן, אַלט און יונג, האָט מיט גרויס כוונה נאָכגעזאָגט. עפּעס האָט זיך יעדן געדאַכט, אַז וואָס בעסער, וואָס שאַרפֿער און וואָס העכער מען וועט הײַנט זאָגן די הגדה, אַלץ גיכער און אַלץ בעסער וועט דאָס צוהעלפֿן זיי דאָרטן, זיי — די קעמפֿער אין ארץ־ישראל.

מען האָט געזאָגט, געמישט די בלעטלעך און עס איז געקומען צו טרינקען די כוסות רויטן ווײַן, זײַנען ווידער אַלעמענס אויגן פֿאַר־שטאַרט געוואָרן. דער רויטער ווײַן האָט דערמאָנט דאָס רויטע בלוט, וואָס איז שוין אַזוי פֿיל פֿאַרגאָסן געוואָרן און עס חזרט זיך נאָך אַלץ איבער די זעלבע הגדה, נאָך אַלץ נישטאָ קײן זיכערער ווינקל, נאָך אַלץ „לשנה הבאה״!...

דער „מלך" האָט פון אונטער זיין ווייסן קיטל מיט טרערן אַרויס־געזיפצט: „איך זיץ טאַקע ווי אַ מלך אין דער וואָרעם און אין דער ליכטיג און לייען וועגן די נסים פון אַמאָל און מיין משפחה, אַרום צען פלימעניקעס און פלימעניצעס זיינען איצט דאָרט אויפן פראָנט צווישן באַרג און טאָל, אין קאַמף פאַר אונזער אייגענער מלוכה!"

פון יעדן טיש האָט ווי אַן עכאָ, צום מלך'ס ווערטער אָפּגעקלונגען אַ זיפץ: „אויך מיין ברודער, מיין זון, מיין קאָזין, מיין שוועסטער, זיי קעמפן ווי העלדן!... איך האָב געשיקט... איך האָב געגעבן... איך שיק מאָרגן!... — דערנאָך האָט מען ווייטער מיט גרויס התמדה פאָרט־געזעצט די „הגדה", בלעטל נאָך בלעטל, שורה נאָך שורה, נישט גע־איילט, נישט געיאָגט...

אַ שיין יונג מיידל האָט געפרעגט אויף אַ האַרציקן אידיש די פיר קשיות — און ווען עס איז שפּעטער געקומען צו די ווערטער „לשנה הבאה בירושלים", האָט נישט דער מלך און נישט די פאַרזאַמלטע דאָס געקענט אַרויסריידן. עפּעס האָבן זיך ביי אַלעמען די ווערטער געשטעלט אין האַלדז און פון אַלע ווינקלען האָט זיך דערהערט:

— גענוג געזאָגט „לשנה הבאה", זאָל עס שוין טאַקע זיין „הלילה הזה"...

אויך דאַן, ווען דער „מלך" האָט אָנגעגאָסן דעם כוס של אליהו און געהייסן עפענען די טיר פאַר אליהו הנביא און אַלע האָבן זיך שמייכ־לענדיק אויסגעדרייט צו דער טיר, איז באַלד דער נישט־גלויביגער שמייכל פאַרשוואונדן און אויף אַלעמענס פּנימער האָט זיך פּלוצים פאַר־שפּרייט אַ גליקלעכע און זיכערע האָפענונג, ווייל קיינער האָט נישט מער געזען פאַר זיך דעם לעגענדאַרן אליהו הנביא מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד, נאָר יעדער האָט דערפילט, אַז אָט־אָט באַלד־באַלד וועט זיך אין דער טיר באַווייזן אַ יונגער בחור מיט ברענענדיקע אויגן און מיט אַ ביקס אין איין האַנט און אַ אידישער פאָן אין דער צווייטער האַנט וועט ער אויסרופן:

— שלום, ברידער! גענוג אייך זאָגן „לשנה הבאה", ווייל אָט בין איך אליהו הנביא שוין איצט דאָ!...

דער „מלך" אינ'ם ווייסן קיטל איז באַלד נאָך די „חד גדיאס" צו־געגאַנגען צום „מאַיק" און אָנגעהויבן זינגען ארץ־ישראל'דיקע לידער, וועלכע אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט...

דער גרויסער דיכטער זלמן שניאור, וועלכער האָט זיך אויך געפו־נען צווישן די סדרים־געסט און וועמען דער עולם האָט אַרויסגעפאָ־דערט, צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער פון גוטער האָפענונג, האָט מיט פייער דערקלערט, אַז עס וועלן נישט העלפן קיינע שטערונגען פון אונזערע

שונאים. ער פילט, ער ווייסט, ער זעט, ער איז זיכער, אַז אונזערע יונגע קעמפער וועלן זיגן און אַז אָט־אָט, באַלד־באַלד וועלן אידן האָבן אַ מלוכה מיט אַלע מלוכות צוגלייך!...

ביי אַ טיש לעבן פענצטער איז געזעסן אַ משפחה פון אַ טאַטן, אַ מאַמע און צוויי זין.

די מאַמע, פון בענקשאַפט שוואַך געוואָרן אין געזונט, האָט כסדר ביי יעדן ביס און ביי יעדן זופּ פאַרטראַכט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער ערגעץ אין דער ווייטקייט אַריין. דאָס האָט זי מיט פּחד און האָפענונג נאָכאַנאַנד געשיקט איר מאַמעשע ברכה צו דעם דריטן זון, דעם „חלוץ" אין ארץ־ישראל.

דער טאַטע, אַ איד מיטן נאָמען אליהו גרענט, פאַרשטייענדיק וואָס זיין ווייב קוקט אַלע ווייַלע דורכן פענצטער, איז צוגעגאַנגען צום „מאַיק" און מיט אַ זיכערן קול האָט ער הויך געזאָגט, אַז מיר, עס הייסט זיי דאָרטן, אונזערע זין די חלוצים, מוזן זיגן, מוזן געווינען, ווייל דאָס איז אונזער איינציקע ברירה, בישטאָ קיין וועג אויף צוריק! מיר מוזן געווינען, דאָס איז אונזער איינציקע ברירה!...

די צוויי זין האָבן אויך געוואָלט טרייסטן דער מאַמען — און דערמאָנענדיק זיך אין זייער ברודערס טאַנצן, האָבן זיי אויסגערופן:

— זאָרג נישט, מאַמע, ער לעבט און דאָס טוט ער דאָרט איצט!...

דערביי האָבן זיי אַ וואונק געטאָן צו די מוזיקער, וועלכע האָבן באַלד אָנגעהויבן זינגען און שפּילן אַן ארץ־ישראלדיקן „האָראַ". ביידע זין האָבן זיך דאַן גענומען פאַר די הענט און צעלאָזט זיך אין אַ טאַנץ. באַלד איז אויך די מאַמע אַריין אין קאַראַהאָד פון אירע צוויי זין און מיטגעטאַנצט דעם חלוצים־טאַנץ.

לייביש גאָלדבערג, דער „מלך" אין זיין ווייסן קיטל, האָט דאַן אַ כאַפּ געטאָן זיין „מלכה" און זיין שותף מאַראָוו האָט געכאַפּט זיין „מלכה", עס האָבן זיך אויך די טישן צערוקט — און דער גאַנצער עולם זינגענדיק הויך האָט זיך אַוועקגעלאָזט אינ'ם חלוצים־טאַנץ.

דורך די פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַ שמייכלענדיק־ליכטיקע לבנה, ווי זי וואָלט צו אַלעמען געזאָגט:

— טאַנצט, קינדערלעך, ס'וועט מוזן ווערן פריילעך!...

און מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס בין איך די נאַכט נישט אין לייקוואוד, נאָר די לבנה האָט אונז אַלעמען אין דער דאַזיקער סדר־נאַכט אַ נעם געשאָן אין דער לופטן און האָט מיט אונדז אַוועקגעשוועבט קיין ארץ־ישראל.

# וועמעס אַמעריקע?

### אַ „טראַקטאַט" וועגן אימיגראַנטן

אין אַ רעסטאָראַנט אַרום אַ טיש זיינען געזעסן עטלעכע מענער פון פאַרשידענעם עלטער און זיך צוגעהערט צו דעם היציגען געשפּרעך פון אַן עלטערן מאַן, וועלכער איז געווען הויך און ברייט־פּלייציג געבויעט. די ווייסע האָר אויף זיין קאָפּ זיינען געווען שטאַרק געדיכט, דער שטערן הויך און כמעט אָן קנייטשן. די אויגן בלויע און פינקעלדיגע. ס'איז געווען קענטיג, אַז די רייד פון די מענשן זיינען זייער אינטערעסאַנט, וויל אַלע ווײַלע האָט זיך צו יענעם טיש צוגעזעצט נאָך און נאָך אַ באַקאַנטער.

דער עלטערער מאַן, וועמעס נאָמען עס איז געווען לייזער גרינשפּאַן, האָט אַ האַסטיגן זופּ געטאָן זיין קאָפּע קאָפּע און מיט פייער אויסגערופן:

— יעס מיינע פריינד, ווי נאָר עפּעס איז באַלד „פּאָריינערס"! אַפילו אַ שידוך ווערט אָפּט צושטערט צוליב דעם, וויל איין צד איז אַן אַמעריקאַנער און דער אַנדערער צד איז אַ „פּאָריינער". איי וואָס? אָט די „פּאָריינערס" האָבן אויסגעבויעט די גאַנצע אַמעריקע, דאָס ווילן די „פּיור אַמעריקאַנער" נישט וויסן. אדרבה, זאָגט מיר, וואָס מער קענען די „פּיור אַמעריקאַנער" חוץ באָל שפּילן, פּרייז־פּייט אָדער פישינג? האַ, וואָס מער?

די אנוועזענדע האָבן זיך צולאַכט און גרינשפּאַן האָט היציג פאָרטגעזעצט:

— און ווער, איך בעט איך, מאַכט פאַר זיי אָט די אַלע געצייג, די באָלס צום וואַרפן, די גלאָווס צום פייטען, די נעצן צום פיש כאַפּן, האָ? ווער מאַכט דאָס אַלעס? אַלץ מיר, די „פּאָריינער"! זיי, די „פּיור אַמעריקאַנער" נעמען זיך איבער, וואָס זיי זיינען געבוירן גע־

וואָרן אין אַמעריקאַנער האָספּיטאַלס און ווער האָט געבויעט די האָס־פּיטאַלס ?

ביים טיש איז מסתמא אין יענעם מאָמענט נישט געווען קיין איין אַמעריקאַנער געבוירענער, ווייל אַלע האָבן ווי אין אַ כאָר אויסגערופן :

— מיר, מיר די „פאָריינערס״ !

— נו, זעט איר שוין, אַז איך האָב רעכט ! — האָט גרינשפּאַן גע׳טענה׳ט מיט מער און מער אימפעט — מיר שאַפן, מיר בויען און ווי נאָר עפּעס וואַרפן זיי אונז אין פּנים אַריין דאָס וואָרט „פאָריינער״ ! מען קען זיין זיבעציג יאָר אַ „סיטיזן״ און אַ הי געבוירענער אינגל שרייט „פאָריינער ! גאָו בעק טו יור אָלד קאַנטרי !״ (פאָריינערס, גייט צוריק פון וואַנען איר זיינט געקומען !) איי, וואָס אַ „פאָריינער״ קען זיין טויזנט מאָל פעהיגער פון זיי, פון די „פּיור אַמעריקאַנער״. דאָס מאַכן זיי זיך נישט ווייסנדיג !

— ע, טויזנט מאָל פעהיגער ! — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון דער גרופּע צוהערערס, אַ מאַן אין די טיפע פופציגער, וועמעס נאָמען עס איז געווען רייזבערג — ע, מר. גרינשפּאַן, איר כאַפּט שוין אַ ביסל איבער די מאָס, מאַכט נאָר נישט אַזוי אַוועק מיט דער האַנט די אַמע־ריקאַנער געבוירענע !

— איי, מר. רייזבערג, לאָזט ריידן ! — האָט זיך נאָך שטאַרקער צוהיצט דער אַלטער גרינשפּאַן — ווער מאַכט זיי אַוועק מיט דער האַנט ? ווער ? זאָלן זיי נאָר אונז אַזוי נישט אַוועקמאַכן, ווי מיר מאַכן זיי נישט אַוועק ! פאַרקערט, ווען עס קומט זיי קרעדיט, קומט זיי ! און מיר גיבן זיי דאָס אויך, די „יענקי׳ס״. נישט נאָר קרעדיט גיבן מיר זיי, נאָר אויך גרויס כבוד ! יאָ, מיר זיי אנערקענען שוין גאָר, אָבער נישט זיי אונז ! אַ ניין ! ווי נאָר עפּעס זיינען מיר ביי זיי „קאַיקס״, „פאָריינערס״ און טאָמער חלילה זיינען מיר נאָך עלטערע דערצו, דאַמאָלס טויגען מיר שוין ביי זיי גאָר אין גאַנצן נישט ! אויף ווי ווייט מיינע רייד זיינען ריכטיג, וועל איך אייך ווייזן אַ ביישפּיל פון מיר מיט מיינע אייגענע אַמעריקאַנער געבוירענע קינדער.

— איך האָב געהערט, אַז אייערע קינדער זיינען שטאַרק דזשע־לאָס אויף אייך ! — האָט איינער שמייכלדיג אַ זאָג געטאָן.

— נישט דזשעלאָס, נאָר זיי שעמען זיך שוין איצט פאַר מיר ! — האָט גרינשפּאַן דערקלערט מיט אַ צופרידענעם שמייכל.

— איר האָט וואוילע קינדער, איך קען זיי דאָך אַלע ! — האָט אַריינגערעדט מר. רייזבערג.

— טייערע ליבע און גוטע קינדער ! — האָט גרינשפּאַן גערעדט מיט שטאָלץ — אָבער ווען עס קומט צו „פאָריינערס״, דאַמאָלס זיינען

מיינע קינדער נישט בעסער פון פילע אַמעריקאַנער געבוירענע, וואָס מיינען, אַז אַמעריקע איז אין גאַנצן זייערע! אַז נאָר זיי האָבן דאָ אין לאַנד דעם גאַנצן חלק! איז לאָמיר טאַקע זען, ווער עס האָט געבראַכט מער נוצען אין לאַנד, מיינע אַמעריקאַנער געבוירענע קינדער אָדער זייער פאַריינער טאַטע?

— אדרבה, אדרבה, דערציילט, לאָ'מיר טאַקע הערן! — האָבן זיך אַלע אַ כאַפּ געטאָן.

— פריער וועלן מיר אָקאָרשט אָרדערן נאָך קאָפע! וועיטער, קאָפע פאַר אַלעמען! — האָט מר. גרינשפאַן אויסגערופן מיט אַ ברייטן זשעסט און דאַן זיך געווענדעט צו די מענשן אַרום אים: — איז וואו זיינען מיר שטיין געבליבן? יע, וועגן מיר מיט מיינע קינדער! פאַרשטייט איר מיך? — האָט ער ווידער אָנגעפאַנגען — ווען איך בין געקומען אין דעם אַמעריקע אַזוי מיט אַ 55 יאָר צוריק, בין איך דאַמאָלס געווען אַ רעגעלער „רעפּיודזשי״, געטריבן פון גלות און גע־לאָפן פון דלות.

— נו יאָ! אַזוי ווי מיר אַלע אימיגראַנטן! — האָט איינער אַריינ־גערעדט.

מר. גרינשפאַן האָט נישט געוואָלט, מען זאָל אים איבערשלאָגען און האָט הויך אַריבערגערעדט: — אַרונטערגעקומען בין איך אין דעם אַמעריקאַנער קעסל גאָרדן מיט דריי רובל אין מיין צוריסענער קעשענע, פון וואַנען זיי זיינען באַלד אַרויסגעפאַלן.

אַלע ביים טיש האָבן זיך צולאַכט.

— לאַכט נישט, איך האָב דאָס נישט פאַרלוירן! לייזער גרינ־שפאַן פאַרלירט נישט אַזוי גיך! איך האָב נאָר אויפהויבנדיג דאָס, זיך אויף אַ ווײַלע אומזיסט דערפרייט, מיינענדיג, אַז איך האָב געפונען אַ דרייערל און איך האָב מיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז דאָס איז אַרויס־געפאַלן פון מיין אייגענער צוריסענער קעשענע.

דאָס געלעכטער פון די צוהערער און דער וועיטער מיט די צוגע־בראַכטע קאָפע'ס האָט מר. גרינשפאַנען אויף אַ סעקונדע אונטער־בראָכן. נאָכדעם ווי אַלע האָבן זיך גוט אויסגעלאַכט און גענומען זופּן פרישע קאָפע, האָט גרינשפאַן ווידער אָנגעהויבן דערציילן:

געקומען אַהער בין איך צו אַ פרעמדן לאַנדסמאַן, וועלכער האָט פאַרמאָגט נאָך פיל ווייניגער פון מיר. און די קענטעניס מיינע, איך מיין מיין בילדונגס־באַגאַזש, וואָס איך האָב אין זיך פאַרמאָגט, איז געווען נישט מער ווי אַ ביסל דאַוונען און דאָך איז נישט אַוועק קיין פולע וואָך פון מיין זיין דאָ און איך האָב שוין געבראַכט נוצן צו אַמע־ריקע. איך האָב באַלד גענייהט קליידלעך פאַר אַמעריקאַנער סקול־

מיידלעך! יאָ, דאָס איז געווען מיין ערשטער דזשאָב, און אין פאַרלויף פון נישט קיין פולע דריי יאָר בין איך שוין אַליין געווען אַ באָס פון אַ קליין שאַפּקעלע. מאַכן די געשיכטע קורץ, אין מיינע 55 יאָר, וואָס איך בין אין אַמעריקע, האָב איך דורכגעלעבט אַלערליי צייטן, בין גע־ווען אַן אַרבעטער און אַ באָס, געהאַט אַלערליי געשעפטן, קליינינקע און גאָר גרויסע, געווען אויפן פערד און אונטערן פערד. פילע מאָל געווען שוין אויפן סאַמע שפּיץ באַרג פון ערפאָלג, פילע מאָל זיך ארונ־טערגעקייקלט אַראָפּ־אַראָפּ ביז׳ן סאַמע אונטער׳ן באַרג און נאָכהער ווידער צוריק אַרויף־געקלעטערט אויפ׳ן סאַמע שפּיץ. געפירט פעק־טאָריס, וואו הונדערטער אָדער בעסער געזאָגט טויזנטער מענשן האָבן געמאַכט אַ לעבן דורך מיר און פון מיר. אמת, איך האָב געהאַט צו טאָן מיט יוניעס, מיט סטרייקס. האָט מען זיך אַ ביסל געפּאַיט, נו איז וואָס? אַזוי דאַרף זיין. דאָס איז לעבן!

מר. גרינשפּאַן האָט אַ שטאַרקן זופּ געטאָן זיין קאַפע און ווייטער גערעדט:

— פאַרשטייט איר מיך? איך רייד פון ערפאַרונג און זאָג, אַז נישט קיין פעאיגע מענשן וואַרפן אַלעס אַרויף אויף אַ צווייטן. נישט קיין פעאיגע ביזנעס־לייט וואַרפן כסדר די שולד פון זייער מיסער־פאָלג אויף דער שטאַרקייט פון די יוניעס. נישט קיין גוט אָרגאַני־זירטע יוניעס וואַרפן די שולד אויף דער שטאַרקייט פון די באַלעבאַטים. און די נישט־פעאיגע אַמעריקאַנער געבוירענע וואַרפן כסדר די שולד אויף די „פּאַריינערס״. די פּאַריינערס, טענהן זיי, כאַפּן ביי זיי כסדר אויס אַלע זייערע טשענסעס.

אייניגע ביים טיש גיבן צו:

— אמת, אמת, אַזוי זאָגן טאַקע די אַמעריקאַנער.

גרינשפּאַן רעדט ווייטער:

— איך זאָג אָבער, אַז ביי פעאיגע מענשן קען מען גאָר נישט אויסכאַפּן, ניין! דורכ׳ן גאַנג פון מיינע יאָרן האָט פיל מאָל געטראָפן, אַז אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין מיינע שעפּער, זיינען אַליין געוואָרן באָסעס און איך האָב שפּעטער געאַרבעט ביי זיי, ביי מיינע געוועזענע אַרבעטער! איז וואָס? גוד לאַק צו זיי! דאָס באַווייזט, אַז זיי זיינען געווען פעאיגע מענשן! שפּעטער האָט זיך דורך מיינע אייגענע פעאיגקייט מיין רעדל ווידער אַ דריי געטאָן און איך האָב ווידער אַמאָל געהאַט אייגענע פעקטאָריס און מענשן האָבן ווידער ביי מיר פאַרדינט און איך האָב ווידער פון מיינע מענשן פאַרדינט.

מר. גרינשפּאַן האָט מיט אַ לאַנגען זופּ אַרונטערגעשלונגען זיין קאַלט געוואָרענע קאַפע און ווייטער פאָרטגעזעצט:

— אַלץ הייסט פאַרדינט! מיט דער ווייב צוויי מאָל וועלט־רייזעס געמאַכט, די קינדער געשיקט אין די בעסטע קאָלעדזשעס, צדקה גע־געבן, נישט גלאַט געגעבן, נאָר טאַקע פלענטי געגעבן פאַר כלות, אלמנות, יתומים, קראַנקע, געזונטע, פאַר אַמעריקאַנער סקולס, פאַר אַמעריקאַנער לאַיברעריס, האָספיטאַלס, שיינע ברייטע סטריטן, בלו־מען געפלאַנצטע פאַרקס, פאַר דעם אַלעמען האָב איך געצאָלט טעק־סעס, איך דער „פאָריינער", און איצט נעמט מיינע אַמעריקאַנער קינ־דער! וואָס פאַר אַ נוצן האָבן זיי דערוויַיל געבראַכט דעם לאַנד? איר ווייסט שוין אַלע, ווי אַזוי איך בין געקומען קיין אַמעריקע!

— מיט דריי טאָלער, נייַן מיט דריי רובל אין אייער צוריסענער קעשענע! — האָט איינער פון די צוהערער אַריינגערעדט און אַלע האָבן זיך צולאַכט.

— אָ, ער האָט טאַקע אַ גוטן זכרון! — האָט גרינשפּאַן אַ וויַיז געטאָן אויף יענעם מענשן און ווייטער פאָרטגעזעצט:

— און איצט לאָ'מיר זען, ווי מיינע קינדערלעך זיינען אַהער־גע־קומען! אנשטאט אַ פרעמדן פאַר'ברוגז'טן לאַנדסמאַן, האָבן זיי דאָ געטראָפן אַ צערטלעך ליבנדע מאַמע, אנשטאט דריי רובל אין אַ צו־ריסענער קעשענע האָבן זיי דאָ געטראָפן אַ טאַטן מיט אַ פעטן באַנק־ביכל. אנשטאט נישט צו קענען מער ווי נאָר אַ ביסל דאַוונען, איז פאַר זיי געשטאַנען אָנגעגרייט סקולס, קאָלעדזשעס, אוניווערזיטעטן, און ווען זיי זיינען אונטערגעוואַקסן, איז שוין געווען פאַר זיי אָנגעגרייט אַ גרויסע פערטיגע ביזנעס. נאַט, קומט אַריין, רירט נאָר צו אַ האַנט, אַ פינגער, און נעמט געלד! זאָגן זיי אָבער „ניין!" דעם טאַטנ'ס ביזנעס איז נישט פאַר זיי! אַ שאַפּ פון קליידלעך פאַסט פאַר „פאָריינערס", נישט פאַר אַמעריקאַנער געבוירענע! איז פיין, גוט, קינדערלעך, נעמט זיך צו־וואָס אייער האַרץ גלוסט. איז וואָס מיינט איר, האָט פאַסירט?

עטלעכע ביים טיש האָבן אויסגערופן:

— יאָ, טאַקע, וואָס? וואָס?

— אָט וואָס! — האָט מר. גרינשפּאַן ווידער אָנגעפאַנגען — מיין איין זון איז אַ לאַיער און פאַרדינט קוים 50 טאָלער אַ וואָך ביי יענעם אין אַן אָפיס און מיינט נישט, אַז דעם טאַטן האָט שוין נישט געקאָסט עטלעכע מאָל אים איינצופיקסן אייגענע אָפיסעס, אָבער איך קען דאָך אים נישט איינפיקסן קיין אייגענע קליענטן!

אייניגע האָבן אַ לאַך געטאָן און גרינשפּאַן האָט פאָרטגעזעצט:

— אַ צווייטער זון מיינער איז שוין פון עטלעכע יאָר אַ פערטיגער אַקאַונטענט. איז, וואָס מיינט איר, חשבונ'ט ער? נאָך אַלץ די פאָר טאָלער, וואָס ער נעמט ביים טאַטן!

אַלע האָבן איינגעהאַלטן דאָס לאַכן און גרינשפּאַן האָט ווייטער גערעדט:

— גאָר דער עלטסטער זון מיינער איז שוין אַ סך יאָרן לאָיער, ער פאַרדינט שוין אַ ביסל מער. ווייסט איר אָבער ווי אַזוי? ווייל דער שווער זיינער דאַרף אַן אייגענעם לאָיער, ווייל ער, דער שווער פאַרמאָגט אַן אייגענע באַנק און אַ סך „טשעין סטאָרס" איבער אַמע־ריקע. און וועך מיינט איר איז דער שווער? אַן אַמעריקאַנער געבוי־רענער? ווייס איך וואָס! אַ לאַנדסמאַן פון זיין מחותן! — גיט ער דער־ביי אַ וויינ אויף זיך.

אַלע ביים טיש האָבן זיך האַרציק צולאַכט. און איינער האָט זיך לאַכנדיק אָפּגערופן:

— נו, דערציילט נאָך מר. גרינשפּאַן, דערציילט! ס'איז דאָך פּשוט אַ פאַרגעניגן צו זיצן ביי אייער טיש! איר זיינט דאָך נאָך אַזוי אינטערעסאַנט, איר זיינט נאָך...

— נאָך, נאָך! — האָט מיט כעס אויסגעשריען מר. גרינשפּאַן — אדרבה זאָגט — האָט ער זיך מיט אַ בייזקייט אַ ווענד געטאָן צו דעם מאַן, וואָס האָט דאָס וואָרט אַרויסגערעדט — זאָגט, פאַרוואָס עפּעס „נאָך" אינטערעסאַנט? צו־וואָס איז דער „נאָך"? זאָגט, שעמט זיך נישט! צוליב די יאָרן, האָ? ווייל איר זייט אַ ביסל אינגער? ווי איז אָבער דער דין, אַז אַן עלטערער טוט אַ סך מאָל אויף מער ווי אַ אינגערער? פּונקט ווי מיט די „פּאַרינערס", אַזוי איז אויך מיט דער עלטער, ווי באַלד עפּעס, איז אויך „גיי פון וואַנען דו ביזט געקומען!"... דער מלאך־המוות האָט אונז נאָך גאָר נישט אין זינען און איר, די אינגערע, ציילט אונזערע יאָרן און שטופּט אונז אַרויס פונ׳ם לעבן. און ווידער אַמאָל דאָסזעלבע: פאַר'ן אַמעריקאַנער אַלטן האָט מען נאָך אין אַמעריקע אַ ביסל דרך־ארץ, אָדער ער האָט ערגעץ אַ הויכן שטאַטישן אַמט און מען קומט ביי אים פרעגן עצות וועגן ביזנעס, פּאָליטיק, אָדער ער זיצט מיט קאָלעגן אין זיין רייכן קלאָב, שפּילט „טשעס" און דערציילט וויצן, צו וועלכע אַלע הערן זיך צו מיט פאַרגעניגן. אָבער דעם „פּאַריינער" אַלטן איז אָדער מען וואַרפט אים באַלד אַריין אין אַ „האָום" אָדער מען שטופּט אים גלאַט אַוועק אין דער זייט, אַרויס פונ׳ם לעבן. און אַלע זיינט איר אַזוי, אַלע! מיינע קינדער האָב איך שוין איבערצייגט זייער טעות!...

אָבער וואָס פאַר אַ טעות האָבן געמאַכט אייערע קינדער? — פרעגט איבער איינער פון דער גרופּע.

— דעמזעלבן טעות, וואָס עס מאַכן אַ סך אַמעריקאַנער קינדער! — רופט אויס גרינשפּאַן מיט בייזקייט — אַזוי שנעל ווי דער „פּאַריי־

נער" טאַטע ווערט אַ ביסל עלטער, זאָגט מען אים באַלד „ריטייער!",
כלומרשט „רו זיך אָפּ!" אָבער אין אמת'ן מיינט מען: „זיץ שוין
אין אַ זייט, מיש זיך נישט מער צו אונז און צו אונזער אַמעריקע!
ווייל וואָס ווייסטו שוין אַלטער, איבערהויפּט „פּאַריינער", וואָס עס
טוט זיך היינט אין אונזער אַמעריקע?" נו, האָב איך מיינע קינדער
באַוויזן זייער טעות. ווייל פּונקט דאַן, ווען זיי האָבן געפּראַוועט מיין
זיבעציק־יאָריגן יובילעאום און מיר געהייסן „ריטייערן", רוען, זיצן
אין דער זייט, הייסט עס, האָב איך גאָר דאַמאָלס באַשלאָסן, צו גיין
אויפ'ס ניי אין ביזנעס און נאָך גאָר אין אַ נייע ביזנעס. זיי האָבן
געשריען, געגוואַלדעוועט, אַז איך וועל נאָר פּטר'ן דאָס געלד, ווייל
וואָס ווייס איך איצט אויף דער עלטער און נאָך אַ „פּאַריינער" דער־
צו, וואָס עס טוט זיך היינט אין אַמעריקע? עס זיינען אין אַמעריקע
אויפגעקומען נייע צייטן, האָבן זיי גע'טענה'ט, נייע וועגן און איך
בין דאָך נישט מער ווי אַ „פּאַריינער". איז מילא די טענות וועגן
אַלטקייט, קען איך שוין מוחל זיין, געגען דעם קען מען נישט קעמפן!
אַלט איז פאַרט נישט יונג, אָבער געגען דער טענה „פּאַריינערס",
פאַר דעם וועל איך פּאַיטען יעדן איינעם, סיי פרעמדע און סיי מיינע
אייגענע קינדער. שוין געהערט אַזוינס? איך האָב שוין כמעט פאַר־
געסן דעם נאָמען פון דער שיף, מיט וועלכער איך בין געקומען און
ביי די אַמעריקאַנער געבוירענע איז ווי נאָר עפּעס איז מען אַלץ אַ
„פּאַריינער".

עטלעכע רופן אויס:

— ס'איז אמת, אמת!

גרינשפּאַן רעדט ווייטער:

— נו, האָב איך זיי געצייגט מיינע קינדער, וואָס אַ „פּאַריינער"
קען אויפטאָן אַפילו אויף דער עלטער. זיי האָבן געגוואַלדעוועט און
איך בין צו מיין זיבעציקסטן יאָר ווידער אַריין אין ביזנעס, און
וואָס זאָל איך אייך זאָגן? ס'איז שוין דאָס דריטע יאָר, ווי איך בין
ווידער באָס און מיין פּעקטאָרי קיין עין־הרע, שטייגט יעדן טאָג
גרעסער און בעסער. מיינע פריינד זאָגן טאַקע, אַז מיינע אייגענע
קינדער זיינען אויף מיר דזשעלאָס, אָבער ס'איז נישט אמת. ס'איז
נישט קיין דזשעלאָסי, נאָר זיי שעמען זיך פּשוט. זיי האָבן מיך שוין
געוואָלט לעבעדיגערהייט אַרויסשטויסן פונ'ם לעבן. ביזט אַלט און
נאָך אַ „פּאַריינער" דערצו, טויגסט דו שוין צו גאָר נישט! און דאָ
לאָזט זיך אויס, אַז זיי, די יונגע, די אַמעריקאַנער קענען זיך נאָך
אַלץ נישט צו עפּעס רעכטס דערשלאָגן און איך, דער אַלטער און
דער „פּאַריינער", פיר ווידער אַמאָל אַ גרויסע ביזנעס. נו, פרעג

איך אייך — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו אַלעמען — ווער האָט מער בייגעטראָגן צום לאַנד, זיי, די אַמעריקאַנער, צי איך, דער „פאָריינער״ ?

— וועל, מר. גרינשפּאַן! — האָט זיך אָפּגערופן רייזבערג מיט אַ געלאַסענעם טאָן — נישט אַלע „פאָריינערס״ זיינען אַזעלכע בריות ווי איר!

— וואָס איך? ווער איך? — האָט זיך גרינשפּאַן אַזש צושריען — איך ווײַל אייך וויַזן הונדערטער, טויזנטער, בעסער געזאָגט כמעט גאַנץ אַמעריקע באַשטייט פון אַזעלכע, ווייל נאָר מיר, די אימיגראַנטן, האָבן אויפגעבויעט אַמעריקע. אמת טאַקע, אַז דאָ אין אונזער געבענשטער אַמעריקע האָבן מיר געפונען די מעגלעכקייטן דערצו, אָבער יעדער אָנקומענדער אימיגראַנט האָט צום לאַנד בייגעשטייערט זיין אייגענע מתנה: שכל, מוטה, קאַמף־פעאיגקייט, וויסנשאַפט, מעדיצין, טעכניק, טאַלאַנט, אַט די אַלע כחות, וואָס זיינען אָנגעקומען אַהער פון אַלע וועלט־ווינקלען, האָבן געבויעט און בויען ווייטער אַמעריקע.

— וועל! — האָט איינער פון דער גרופּע אַ זאָג געטאָן.

— וואָס וועל? — שרייט גרינשפּאַן — כאַפּט אָן עני גרויסן דעפּאַרטמענט־סטאָר אין יונייטעד סטייטס און גיט אים אַ גוטן טרייסל, וועט פון דאָרט אַרויסשפּרינגען אַן אַמאָליגער „קאַסטומער פּעדלער״.

אַלע צולאַכן זיך.

— יעס, יעס, לאַכט נישט! — שרייט גרינשפּאַן — איר וועט באַלד אויסגעפינען, אַז דער אָנפאַנגער פון יענער סטאָר, דער טאַטע אָדער דער זיידע איז געווען אַן אימיגראַנט, אַ „קאַסטומער פּעדלער״.

ביי אַ טישל דערנעבן איז געזעסן אַ בלאָנד שיין מיידל פון אַ יאָר צוואַנציג. אַקעגן איר איז געזעסן אַ בחור פון אַ יאָר פיר און צוואַנציג. די הויט פון זיין פּנים איז געווען ברוינלעך ווי אָפּגע־ברענט פון ווינט און זון. דאָס פּאָרל האָט נאָך זייער עסן געררויכערט ציגאַרעטלעך און דורך ליבלעכע שמייכלען אינטים גערעדט צווישן זיך, אָנרופנדיג איינס דעם צווייטן „ראָזלין״ און „עליקס״. ביי גרינ־שפּאַנ׳ס אויסגעשריי האָבן ביידע אַ ווענד געטאָן זייערע בליקן צו אים און זיך אויך צוגעהערט, ווי רייזבערג האָט אים צוריק געענט־פערט:

— אָך מר. גרינשפּאַן, דאָס איז שוין אַ ביסל איבערטריבן! איך בין אויך אַן אימיגראַנט, האָב זיך דאָ אויך פיין אַרויפגעאַרבעט, צאָל אויך גאַנץ גרויסע אינקאַם־טעקסעס צו אַמעריקע, דאָך ווײַל איך נישט זאָגן, אַז איך בין מער בריה פון די אַמעריקאַנער געבוירענע!

— דאָס איז דערפאַר, זאָלט איר מיר מוחל זיין, מר. רייזבערג, ווייל איר זיינט אַן אונטערטעניגער מענש, דאַטסאָל! — האָט זיך גרינשפּאַן געקאָכט — כאַפּט מיר נאָר אימיצן אָן, וועל איך אייך ווייזן, כאַפּט מיר נאָר אָן...

— כאַפּט אַליין אָן! — האָט זיך צוהיצט רייזבערג.

— אַליין אָנכאַפּן! נו גוט! — האָט גרינשפּאַן באַלד אַ קלאַפּ טוענדיג זיין האַנט אין שטערן אויסגערופן: — גוט! לאָ'מיר אָנכאַפּן גאָר די לעצטע אויפטואונגען אין אַמעריקע. אַט די ערפינדונג, וואָס האָט געראַטעוועט אונזער מלחמה.

עטלעכע פון דער גרופּע רופן אויס:

— די „אַטאָם־באָמבע" מיינט איר?

— יאָ! — ענטפערט שטאָלץ גרינשפּאַן — יאָ טאַקע די „באָמבעלע". ווער האָט דאָס אַנטדעקט? אַמעריקאַנער געבוירענע אָדער אימיגראַנטן? און צווישן די אימיגראַנטן ווער איז געווען? „אַמכאָ", ווי שלום־עליכם זאָגט, איינער אַ האַלבער איד, די צווייטע אַ אידישע פרוי! און וואָס הערט זיך עפּעס מכח אונזער אייגענעם איינשטיינקע? ער האָט דאָך דער ערשטער געשריבן צו פּרעזידענט רוזוועלט וועגן דער „באָמבעלע"! נו, איר זעט שוין? אַ גרויסע ערפינדונג, האָ? און די ערפינדונג איז נישט פון קיין אַמעריקאַנער געבוירענעם, ניין!

ביים טיש איז אַ ווײַלע געבליבן שטיל. עליקס האָט זיך אַנטשולדיגט פאַר ראָזלין און מיט אַ שמייכל זיך אַ רוק טוענדיג מיט זיין שטול צו דער גרופּע, אויסגערופן:

— אַנטשולדיגט מיסטער! איך האָב זיך פון דער ווייטענס צוגעהערט צו אייער געשפּרעך! און איר האָט שוין געזיגט, האָ? מיר, די אַמעריקאַנער געבוירענע, טויגן שוין צו גאָר־נישט! און איר האָט אָנגעכאַפּט אַ קלייניגקייט, די אַטאָם־באָמבע. נו, וועל איך אויך אָנכאַפּן נאָך קלייניגקייטן: „עלעקטריסיטי" אָדער „טעלעפאָן". ווער האָט אַנטדעקט טעלעפאָן? בעל! אַן אַמעריקאַנער געבוירענער! ווער האָט אַנטדעקט עלעקטריסיטי? עדיסאָן, אַן אַמעריקאַנער געבוירענער.

— נו, מר. גרינשפּאַן, וואָס זאָגט איר איצט? — האָט זיך רייזבערג ברייט צושמייכעלט.

— וואָס איך זאָג? גוט, זאָג איך! — האָט זיך גרינשפּאַן אַ ווענד געטאָן צו עליקסן — איך האָב ליב, אַז אַן אַמעריקאַנער פּאַרטיידיגט זיינס. דאָס איז שוין עפּעס אַן אויפטו! אָבער, יונגער מאַן, איר זייט דאָך געלערנט, איר ווייסט דאָך מער פון מיר. טאָ זאָגט מיר נאָר, איך בעט אייך, האָט אָט דער עדיסאָן איינער אַליין געאַרבעט אויף זיין ערפינדונג?

— ניין! — האָט געענטפערט עליקס, שמייכלענדיג, האַלב באַ־זיגט — ניין, ער האָט געהאַט מיטהעלפערס!

— אַזוי? מיטהעלפערס? — האָט גרינשפאַן מיט אַ ברייטן זיגע־רישן שמייכל ווידער גערעדט — און ווער זיינען געווען די מיט־העלפערס? הונדערט־פּראָצענטיגע אַמעריקאַנער? האַ? אָדער ווי־דער אַמאָל „פּאַריינערס"? זאָגט, זאָגט, שעמט זיך נישט! עדיסאָן האָט געהאַט איין אַרויסהעלפער, וואָס איז געקומען ערגעץ פון בולגאַריע. ער האָט, דאַכט זיך, געהייסן ע...

— טעסלער" איז געווען דער נאָמען פון יענעם בולגאַר! — האָט האַלב פאַרשעמט אַרויסגעהאָלפן עליקס.

— און ס'איז געווען נאָך איינער! — האָט מיט נאָך אַ שטאַרקערן שטאָלץ גערעדט גרינשפאַן — ווידער אַמאָל אַן אימיגראַנט, אַ „פּאַריי־נער" און אַן „אַמכאַ" דערצו, ווי האָט ער געהייסן אָט דער האַרבאַטער פּראָפעסאָר?

שמייכלענדיג גוטמוטיג זאָגט עליקס:

— יאָ, מיסטער, איר געווינט ווידער! דעם אידישן אימיגראַנט שטיינמעץ מיינט איר, יע, שטיינמעץ איז געווען עדיסאָנ'ס רעכטע האַנט. איר געווינט! — שמייכלט עליקס מיט פאַרלוירנקייט צו ראָזלין און זי שמייכלט צוריק.

— נו? — רעדט שטאָלץ גרינשפאַן — איר זעט שוין? ווער בויעט אַמעריקע? האַ? ווידער אַ „פּאַריינער"! און אַ איד דערצו!

— און — האָט ער זיך צו'טענה'ט מיט אַלץ מער און מער אימ־פעט — וואָס דאַרף איך עפּעס ריידן פון טויטע? איך וועל אייך וויזן פלענטי לעבעדיגע! וואָס הערט זיך עפּעס מיט אַזאַ גרויסן שטאַאַטסמאַן ווי לאַ'מיר אָנכאַפּן אַ מאָרגענטוי אָדער אַ בערנאַרד באַרוך!

— ע, ע, מיסטער! איצט האָב איך אייך געכאַפּט — האָט אים איבערגעשלאָגן עליקס — ביידע, סיי מאָרגענטוי און סיי באַרוך זיינען אַמעריקאַנער געבוירענע!

— אַמעריקאַנער! אַזוי? — האָט זיך אויף אַ סעקונדע פאַרלוירן דער אַלטער גרינשפאַן, איז אָבער באַלד צוריק שטאַרק געוואָרן — נו, נו, איז וואָס? זיינען זייערע טאַטעס אימיגראַנטן!

אַלע האָבן זיך צולאַכט.

— ע, דאָס איז שוין נישט קיין חכמה! — האָט עליקס נישט אָפּגעלאָזן — אויב אַזוי איז דאָך לינקאָלנ'ס טאַטע אויך געווען אַן אימיגראַנט און קאָלאָמבוס אַליין איז דאָך אויך געווען אַן אימיגראַנט!...

ביים טיש האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער.

— נו טאַקע, יאַ־יאַ! — האָט ווידער שטאַלץ גערעדט גרינ־שפּאַן — אַט האָט איר, קאָלאָמבוס אויך אַ „פאַריינער" און מען שמועסט יאַקבי, אַז דער קאָלאָמבוס איז גאָר געווען אַ איד דערצו!

דאָס לאַכן ווערט שטאַרקער.

— אָה — טוט עליקס אַ מאַך מיט דער האַנט און וויל זיך צוריק־רוקן מיט זיין שטול צו זיין טיש און צו ראָזלין, וועלכע האָט דורך דער צייט אַריינגעקוקט אין אַ בוך מיט נאָטן און האָט אויך פון צייט צו צייט מיט אַ שמייכל געכאַפּט אַ בליק צו דער גרופּע.

— וואַרט יונגער מאַן, אַנטלויפט נישט! — האָט אים גרינשפּאַן פאַרהאַלטן — איך האָב ליב זיך אויסצו'טענה'ן טאַקע מיט אַזעלכע ווי איר, און אויב מיר גייען שוין יאָ צוריק צו היסטאָרי, האָט איר יונגער מאַן געוויס געלערנט אין דער אַמעריקאַנער היסטאָרי, ווי „פאַריינערס" האָבן געהאָלפן פרעזידענט וואַשינגטאָן געווינען די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע?

רייזבערג גיט אַ קוועטש פאַר זיך מיט די פּלייצעס:

— אַז אַלעס ווייסט ער!

גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

— געהאָלפן מיט לייב און לעבן, געזעסן אין די פּריזאָנס פאַר אַמעריקאַנער פרייהייט, איינער פון זיי האָט מיט זיין גאַנצן פאַרמעגן געהאָלפן דער אַמעריקאַנער רעגירונג צו באַפרייען פון'ם ענגלישן יאָך! און ווער איז ער געווען? האַ? אונזערער אַן אימיגראַנט פון פּוילן און ווידער אַמאָל אַן „אַמכעלע" דערצו, אַ איד מיט'ן נאָמען חיים סאַלאָמאָן.

— איך באַלאַנג טאַקע צו אַ „חיים סאַלאָמאָן אָד פעלאָו לאָדזש"!

— האָט איינער פון דער גרופּע אַריינגערעדט.

— און איך באַלאַנג צו אַ מייסאָן לאָדזש, וואָס טראָגט אויך דעם נאָמען חיים סאַלאָמאָן! — האָט אַריינגערעדט נאָך איינער.

— אָבער וואָס דאַרף איך גיין אויף הונדערטער יאָרן צוריק? — האָט גרינשפּאַן ווייטער גע'טענה'ט — אַז איך קען אָנכאַפּן אַזעלכע אימיגראַנטן, וואָס זיינען פון מיין דור, אַזעלכע, וואָס איך קען, ווייס און געדענק. לאָ'מיר אַ שטייגער אָנכאַפּן אַזאַ איינעם, וואָס האָט געבויעט די גרעסטע בריקן אין אַמעריקע, געבויעט דעם „מאַנהעטן בריק", די „קווינסבאָראָ בריק", די... די... די...

עליקס מיט אַ גוטמוטיגן שמייכל העלפט אים אַרויס:

— נו, נו, די וויליאַמסבורג בריק מיינט איר, די דעלאַווער ריווער בריק, די דזשאָרדזש וואַשינגטאָן בריק, די דעטרויט ריווער בריק, די

גאָלדן געיט בריק אין סאַן פראַנציסקאָ, די מאַיאַמי ריווער בריק אין טאָלידאָ אָהייאָ און די „טריבאָראָ בריק" אין נויאָרק.

— יאָ־יאָ! — סאָפּעט אָפּ גרינשפּאַן, ווי ער וואָלט זיך אויס־געמאַטערט פון עליקסעס חשבונען. — יאָ, נו, ווער האָט די אַלע בריקן געבויעט? אַמעריקאַנער צי אַן אימיגראַנט און אַ איד דערצו, אַן אמת׳ר „אמכאָ", מאַיסעיעף!

— אמת! — האָט אויסגערופן עליקס — די אַלע בריקן האָט טאַקע געבויעט אַ אידישער אימיגראַנט, דער אינזשיניר לעאָן מאַיסעיעף!

— יעס! — האָט שטאָלץ אויסגערופן גרינשפּאַן — לעאָן מאַי־סעיעף, אַן אימיגראַנט, געקומען פון דער שטאָט ריגע, מיין ווייב׳ס אַ לאַנדסמאַן.

— נו גוט! — זאָגט עליקס — אמת, אַז די אַלע בריקן האָט טאַקע געבויעט מאַיסעיעף. אָבער איך וועל אייך אויסרעכענען פּלענטי אַמעריקאַנער אינזשינירן, וואָס האָבן...

— וואַרט, וואַרט! — שרייט גרינשפּאַן — איך בין נאָך נישט פערטיג, איך האָב נאָך אימיגראַנטן, נאָך, אָט וועל איך אייך אָנכאַפּן איינעם, וואָס האָט אין אַמעריקע געבויעט קאַנאַלן, סאָבוויס, טונעלן. וואָס דאַרפט איר מער, ווען עס איז דאָ אין נויאָרק מיט אַ צייט צוריק אין אַ סאָבוויי עפּעס קאַליע געוואָרן, האָט דער אַמעריקאַנער גע־שטודירטער אינזשעניר זיך נישט אַזוי גיך געכאַפּט, וואָס עס איז דאָרט קאַליע און די רעגירונג האָט אויף גיך געשיקט נאָכ׳ן אַמערי־קאַנער אינזשיניר׳ס טאַטן, נאָך דעם אַמאָליגן אימיגראַנט, דעם קאַר־פּענטער, און ער האָט דאָס באַלד געפיקסט. און ביי דער איצטיגער מלחמה האָט אָט דער טאַטע אַוועקגעגעבן אַ מתנה צו דער אַמעריקאַ־נער רעגירונג די רעלסן און בריקן פון זיינער אַן אייגענער אייזנבאַן־ליניע אין ווערט פון ניין מיליאָן דאָלאר... און ווייסט איר, ווער דאָס איז? ווידער אַן אימיגראַנט און אַן „אַמכאָ" דערצו. געקומען אַהער אַן אָרים אידיש אינגל, וואָס האָט דאָ געשאַינט שיך און איז אַרומגעלאָפן מיט צייטונגען און דאָס איז דער היינטיגער סעמיועל ראַזאָף.

— וועל, אַז איר לאָזט נישט ריידן פון די, וואָס איך ווייס און ווילט נאָר ריידן פון די, וואָס איר ווייסט! — האָט עליקס ביי די ווער־טער גענומען רוקן זיין שטול צוריק צו זיין טיש.

— וואַרט, וואַרט, איך בין נאָך נישט פערטיג! — פאַרהאַלט אים ווידער גרינשפּאַן — וואַרט, אָט וועל איך אייך אָנכאַפּן נאָך אַ נאָמען, אַ נאָמען וואָס איז פאַררעכענט אַלס איינער פון די צוואַנציג וויכטיגסטע מענשן אין יונייטעד סטייטס.

— וועד איז דאָס? — האָבן זיך אַלע פרעגענדיג איבערגעקוקט.
גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

— דאָס איז בריגאַדיר גענעראַל דייוויד סאַרנאָף, דער פּרעזידענט פון דער „ראַדיאָ קאָרפּאָריישאָן" אין אַמעריקע און ער איז פּרעזי־דענט פון נאָך פילע און וויכטיגע געזעלשאַפטן. ווער קען אַלע אויסרעכענען זיינע אויפטואונגען? איך וויל איצט נאָר ריידן פון אָט דעם גרויסן אויפטו זיינעם, פאַר וועלכן דער „אַמעריקאַנער נאַ־בעל סענטער" האָט אים באַעהרט מיט דעם ערשטן וועלט־פּרייז, איך מיין אָט דעם ראַדיאָ־אויפטו זיינעם, זיין „נעטוואָרק". צווישן זיינע אַלע אַנדערע אויפטואונגען אין אַמעריקע איז ער אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם גרויסן אויפטו פון אָט די נעט־סטאַנציעס, וועלכע ברענגען די גאַנצע קיילעכיגע וועלט צוזאַמען. הער אַן אויפטו: מיר קענען זיך זיצן דאָ רואיג ביים טיש, געבן אַ דריי אַ שרייפל אין דער ראַדיאָ און אין איין סעקונדע הערן, וואָס עס טוט זיך אין אַלע עקן וועלט. און ווער איז ער אָט דער דייווידל סאַרנאָף? האָ? ווידער אַמאָל אַן אונזעריגער, אַן „אַמכאָ", אַן אימיגראַנטעלע פון מינסקער גובערניע, געקומען אַהער אַ ניין־יאָריגער אינגעלע, אַרומגעלאָפן פאַרקויפן צייטונגען, צו העלפן טאַטע־מאַמע אויף ברויט, געשריען איבער די גאַסן „קויפט אַ פּייפּער! קויפט אַ פּייפּער!" און מיט׳ן זעלבן קולכעלע גע־לאָפן פאַרדינען אַלס „משורר׳ל" ביי דעם באַרימטען כאָר־דיריגענט מאיר מאַכטענבערג און דאָ ווייס איך וועגן דעם דאַמאָלסדיגן סאַרנאָף׳ל אַ שיינע מעשה׳לע. איר ווילט הערן?

— אַדרבה, אַדרבה! — גיבן זיך אַלע אַ כאַפּ.
גרינשפּאַן דערציילט:

— אין איין געוויסן טאָג איז זיך פלוצלינג מיישב דער קליינער משורר׳ל דוד׳ל און קומט צו זיין רבי׳ן מאַכטענבערג און פאַרלאַנגט צען סענט אַ רעיז פאַר יעדער חופה, וואָס ער זינגט. צען סענט, אַז נישט זינגט ער נישט און באַסטאַ, ער סטרייקט! ער האָט אָבער געהאַט אַ קליין שטימעלע, דער סאַרנאָף׳ל, האָט נישט געקענט אַרויפציען דעם „דאָ". דער דיריגענט מאַכטענבערג, וועלענדיג פון אים אַרויסציען טענער, מאַכן פון אים אַ גוטן זינגער, ענטפערט אים דאַן: „דו דאַרפסט נישט סטרייקן! איך וועל דיר געבן צען סענט אַ רעיז און אפשר נאָך מער, אויב דו וועסט זיך נאָר סטאַרן און קענען אַרויפציען דעם „דאָ"!... האָט דער קליינער דוד׳ל אָנגעסטראָיעט זיינע לענדען און מיט זיין דינעם גאָרגעלע גענומען ציען דעם „דאָ־אָ־אָ".

גרינשפּאַן ציט אַליין דעם „דאָ־אָ־אָ", דיריגירענדיג זיך מיט׳ן

פינגער אין דער לופט, אַלעמענ׳ס בליקן פאָלגן נאָך, פרעגנדיג: „נו, נו?"

גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

— אַזוי האָט ער געצויגן דעם „דאָ־אָ־אָ", ביז זיין טענדעלע האָט זיך נעבעך איבערגעריסן...

רייזבערג פרעגט נייגיריג:

— נו, האָט ער כאָטש געקראָגן דעם רעיז?

— ע, — רופט אויס גרינשפּאַן — ווען ער קריגט דאַמאָלס דעם רעיז, בלייבט ער דאָך אַ חזן!

אַלע צולאַכן זיך און גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

— אָבער פון דעסטוועגן ערגערט זיך נישט! מסתמא האָט ער יאָ געקראָגן, ווייל מאַכטענבערג איז אַן אייגענער מענש, אַן „אַמכאָ" פון ווילנע.

— וועל — רופט אויס עליקס — דייוויד סאַרנאָף איז טאַקע אַ גרויסער און אַ וויכטיגער מענש אין אַמעריקע, אָבער איך וועל אייך וויזן פלענטי אַמעריקאַנער געבוירענע, וואָס האָבן אויפגעטאָן...

— וואַרט, וואַרט, איך בין נאָך נישט פאַרטיג! — שלאָגט ווידער איבער גרינשפּאַן — וואָס הערט זיך עפּעס מיט אַמיוזמענטס? ווי למשל טעאַטער? מואוויס? איר יונגוואַרג און אַפילו מיר עלטערע, מיר וואָלטן דאָך שוין איצט נישט געקענט אויסקומען אין וואָך אָן מואוויס. און ווער? ווער זיינען זיי? די וואָס האָבן אַזוי גרויס און ברייט פאַרצווייגט און פאַרפולקאָמט די מואווי־אינדוסטריע? אַ ווער זיינען זיי, אונזערע גרויסע מואווי־פאַבריקאַנטן, די מעטראָ־גאָלדווין־מייער? די וואָרנער בראָדערס? ווער, אויב נישט אָרימע געוועזענע אימיגראַנטן־קינדער? יאָ, יאָ, איך וויס, איך קען זיי! די וואָרנער בראָדערס, למשל, זיינען געווען מיינע שכנים, ווען זיי זיינען געקומען מיט זייערע עלטערן קיין אַמעריקע, זיינען זיי געווען צען־צוועלף־יאָריגע אינגלעך, געאַרבעט ביי אַ שוסטער. יאָ, יאָ אַרויסגעהאָלפן אַ שוסטער און שפּעטער ביי אַ בוטשער, צו טראָגן די אָרדערס פלייש אין די טענעמענט־הייזער. און איצט זעט, וואָס די אַמאָליגע אָרימע אימיגראַנטן־אינגלעך האָבן אויפגעטאָן אין און פאַר אַמעריקע!

— וועל! — רופט אויס עליקס — אויב איר רעדט פון אַמיוז־מענטס, פון מוזיק, פון קונסט, וועל איך אייך געבן אַ גאַנצן צעטל אַמעריקאַנער, אַמאָליגע און היינטיגע. וואָס הערט זיך עפּעס מיט אַזעלכע גרויסע פּראָדיוסערס ווי בעלאַסקאָ, אַ געבוירענער אין אַמע־ריקע, זיגפילד אַן אַמעריקאַנער, און די היינטיגע: בילי ראָוז, עדי קענטאָר?

עליקס רעדט שנעל, שנעל, צו ווייזן, אַז ער ווייסט אויך עפּעס. אָבער גרינשפּאַן לאָזט נישט נאָך און וויל ווייזן, אַז דעם „פּאַריינער" קען מען נאָך אַלץ נישט אַוועקשטופּן אין דער זייט. אַז ער ווייסט נאָך אַלץ פּונקט ווי די יונגע און די אַמעריקאַנער און עס ווערט אַ מין רעיז צווישן יוגנט און עלטער, אַמעריקע און אימיגראַנט.

— כאַפּט נישט! — שרייט גרינשפּאַן — וואָס הערט זיך עפּעס מיט אָסקאַר האַמערשטיין? דער וואָס האָט געבויעט די „מאַנהעטן אָפּערא האַוז" און האָט אַרונטערגעבראַכט קיין אַמעריקע די גרעסטע קינסטלער? געווען אַן אָרימער אינגל פון אונגאַרן, געאַרבעט דאָ ביי ציגאַרן!

דער יונגער עליקס פּרואווט ווידער אַריבער־שטייגן גרינשפּאַנען, חשבונ'ט שנעל און יאָגנדיג:

— העלען העיז, באַרימאָר פאַמיליע.

— אַנאַ העלד, אַ לעגענדאַרישע פיגור אין אַמעריקע. געווען אַ אידיש אָרים מיידל פון וואַרשע! — שרייט אַריבער גרינשפּאַן.

עליקס יאָגט ווידער גיך, גיך:

— סאָפי טאָקער, בעלא בייקער, דזשאָלסאָן, דזשעסל, ריטשאַרד טאָקער, דזשאָהן פּיערס, דזשאָרדזש גוירשווין. אַלע, אַלע, מיינע אַמע־ריקאַנער!

גרינשפּאַן שוין אַ ביסל פאַרמאַטערט חשבונ'ט ווידער גיך גיך:

— ראָזאַ ראַיסאַ, אפרים צימבאַליסט, מישאַ עלמאַן און מיט אונזער משה אוישער קען מען זיך אויך נישט פאַרשעמען. און אירווינג בוירלין, און פּאָול מוני, מוני ווייזענפריינד...

גרינשפּאַן סאָפּעט פאַרמאַטערט, עליקס רופט אויס שמייכלענדיג:

— ע, עי, באַ'גנב'ט מיך נישט! פּאָול מוני און מוני ווייזענפריינד איז איינער!

גרינשפּאַן סאָפּענדיג:

— איינער און אַ רעכטער און אַלע מיינע, מיינע אימיגראַנטן, אָבער איך וועל זיך איצט אָפּשטעלן ביי אירווינג בוירלין, ווייל ער האָט געשריבן די גרעסטע פּאַטריאָטישע לידער פאַר אַמעריקע. ווי למשל „גאָד בלעס אַמעריקע" און ווער איז ער דער בוירלין? אַ מייניגער, געקומען אַהער אַלס פינף־יאָריגער אָרימער אימיגראַנטעלע, אָנגעפאַנגען זיין קאַריערע אַלס וועיטער אין דער באָוערי און וועגן אים ווייס איך אַ טשיקאַווע מעשה'לע: אַ אידישער אַקטיאָר האָט דאָס מיר אַמאָל דערציילט. איר ווילט דאָס הערן?

עטלעכע פון דער גרופּע רופן אויס:

— אודאי וויל מען הערן, געוויס, דערציילט, דערציילט!

רייזבערג רופט אויס שמייכלענדיג:

— אין דרויסן רעגנט סיי־ווי, בישטאָ וואָס זיך צו איילען!

גרינשפּאַן זיך האַלב אַ בייזער טוענדיג צו רייזבערג׳ן:

— איי זיינט איר אַ קיבעצער!

ער גיט זיך דערביי אַ קער אַפּ פון אים און אַ ווענד צו אַלעמען:

— אַלזאָ הערט! דער אַמאַליגער באַרימטער אידישער אַקטיאָר באָריס טאָמאַשעווסקי, דער וואָס האָט אַריינגעשלאָגן דעם ערשטן זייל אויפ׳ן אַמעריקאַנער באָדן פאַר אידיש טעאַטער, ער איז דאַמאָלס געוועזן אין זיין רעכטן פּראַים, אין זיין גדולה. איז ער איינמאָל אַריינגעקומען אין דעם רעסטאָראַנט, וואו אירווינג בוירלין איז געוועזן אַ וועיטער און געשפּילט פּיאַנאָ און דער טאָמאַשעווסקי איז אַלע מאָל געוועזן אַ גרויסער ספּאָרט. ביים אַוועקגיין דערלאַנגט ער דעם וועיטער בוירלין אַ טיפּ אַ גאַנצן דאָלאַר־ביל און אַ דאָלאַר איז דענסטמאָל געוועזן אַ גרויסער טיפּ.

— ביי מיר איז היינט אַ דאָלאַר אויך אַ גרויסער טיפּ! — רעדט אַריין רייזבערג.

— קיביצער, לאָזט ריידן! — גיט זיך אַ בייזער גרינשפּאַן און זעצט פאָרט:

— געבנדיג אים דעם דאָלאַר, זאָגט דאַן טאָמאַשעווסקי צו בוירלין: „יונגער מאַן, איר שפּילט און זינגט ווי אַ גרויסער מנגן. איר זאָלט געדענקן, טאָמאַשעווסקי האָט עס אייך געזאָגט, אַז איר וועט אַמאָל זיין גרויס און באַרימט. אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען בוירלין איז שוין געוואָרן דאָס וואָס ער איז איצט, און טאָמאַשעווסקי איז שוין געוועזן אויף דער עלטער, און אַ סך אַרונטער פון זיין גדולה, איז ער איינמאָל מיט אַ קאָמפּאַני אַרויסגעפאָרן שפּילן טעאַטער אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. אין איין שטאָט האָט זיך גראָד דאַן געפונען אירווינג בוירלין. דערהערט, אַז טאָמאַשעווסקי איז דאָ, האָט ער גלייך איינגעלאַדן די גאַנצע טאָמאַשעווסקי קאָמפּאַני צו זיך אַהיים און געמאַכט פאַר זיי אַ גרויסאַרטיגן סאַפּער. דער סורפּרייז ביים סאַפּער איז אָבער געווען דאָס, וואָס בוירלין האָט זיך אָנגעטאָן פאַר אַ וועיטער מיט אַ האַנטטיכל אויפ׳ן אָרעם און פונקט ווי אַמאָל אַליין באַדינט טאָמאַשעווסקי׳ן און טאָמאַשעווסקי האָט אים ווידער געגעבן אַ דאָלאַר אַ טיפּ...

— אַ שיין מעשה׳לע! — זאָגט עליקס — און ווענדעט זיך פון דער וויטענס צו זיין בלאָנד מיידל:

— ראָזלין, האָסט דאָס געהערט?

— יעס! — גיט ראָזלין שמייכלענדיג אַ שאָקל מיט׳ן קאָפּ און

קוקט ווידער אַריין אין אירע נאָטן. עליקס וויל ווידער צוריק־גיין צו זיין טיש. גרינשפּאַן פאַרהאַלט אים נאָך אַמאָל.

— וואַרט, יונגער מאַן, גייט נאָך נישט! איך האָב ליב צו אייך צו ריידן! איר האָט מיר דאָ פּריער אַ וואָרף געטאָן אַ גאַנצן צעטל מיט אַמעריקאַנער קינסטלער. וויל איך אייך צוריק־געבן אַ צעטל מיט אימיגראַנטן־קינסטלער פון אידישן טעאַטער.

רייזבערג שלאָגט איבער:

— אָבער מר. גרינשפּאַן, וואָס האָט אידיש טעאַטער צו טאָן מיט אימיגראַנטישע אויפטואונגען פאַר אַמעריקע?

גרינשפּאַן גיט זיך אַ בייזער:

— מר. רייזבערג, זיינט איר דאָס אַ ביסל אַן אַנטיסעמיט פון אימיגראַנטן!

אַלע גיבן אַ לאַך און גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

— אַלעס, יעדער ווינקל לעבן, וואָס געפינט זיך אין אַמעריקע, האָט צו טאָן מיט אַמעריקע. אַ גאָרטן איז נאָר דאַמאָלס פּרוכטבאַר, ווען יעדעס בלומעלע און יעדעס גרעזעלע גרינט און בליט אינעווייניג אין גאָרטן. אידיש טעאַטער האָט שוין גאָר צו טאָן מיט אַמעריקע. אין יעדער אידישער פּיעסע ווערט געלערנט, ליב צו האָבן אַמעריקע, מען שרייט: „גאָט צו דאַנקן, וואָס מיר זיינען אין אַמעריקע!״ מען גע־וואַלדעוועט „הוריי פאַר אַמעריקע!״... אונזערע גרויסע אידישע קאָמ־פּאָזיטאָרס, די געוועזענע און די היינטיגע, ווי ברוידע, פּערלמוטער, וואָהל, פרידזעל, אַלשאַנעצקי, סענדלער און זאָלן זיין אָפּגעשיידט: סעקונדע, עלשטיין און אונזער דיען רומשינסקי, די אַלע האָבן דורך פאַרשידענע ניגונים אַרויסגעזונגען „גאָד בלעס אַמעריקע!״

— אמת, אמת! — גיבן צו אַ פּאָר פון דער גרופּע.

— און איר ווייסט נאָך, וואָס איך וועל אייך זאָגן? — האָט גרינ־שפּאַן אָפּסאָפּענדיג ווייטער גערעדט — ווען די גרויסע כאַראַקטער־קינסטלערין בעסי טאָמאַשעווסקי וואָלט אַמאָל נישט געשפּילט די סאָפּראַזשעטקע „כאַנטשע אין אַמעריקע״, איז גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ פּרעזידענט מיר וואָלטן היינט צו טאָג געהאַט, ווייל זי, בעסי טאָמאַ־שעווסקי, האָט דאַמאָלס אין דער פּיעסע אויסגעלערנט אַלע ווייבלעך צו לויפן וואוטן.

אַלע האָבן זיך האַרציג צולאַכט און גרינשפּאַן האָט פאָרטגעזעצט:

— און ווען דער גרויסער דזשייקאָב פּ. אדלער פלעגט געבן אַ שפּיל אָפּ זיין „קעניג ליר״ און אויסקרעכצן „שענקט אַ נדבה!״ פלעגן דאָך אַלע אַמעריקאַנער קינדער לויפן אַהיים און ווערן גוט צו טאַטע־מאַמע.

דער עולם האָט זיך ווידער צולאַכט.

— לאַכט נישט! ס׳איז אמת! — האָט אויסגערופן גרינשפּאַן און פאַרטגעזעצט פאַרבענקט: — איי, האָבן מיר דאָס אַמאָל געהאַט אַ ביסל קינסטלער: אַן אַדלער, אַ קעסלער, אַ מאָסקאָוויץ, אַ מאָגולעסקאָ, אַ קעני ליפּצין, אַ בערטאַ קאַליש. „געטער״, זיינען דאָך דאָס געווען, גע־טער, און אָפּגעשיידט: אַ סערע אַדלער, אַ מאַלווינע לאָבעל און נאָך און נאָך.

גרינשפּאַן ווישט זיך אָפּ דעם שווייס און זעצט פאָרט:

— און טאָמאַשעווסקי, ער איז דאָך געווען אַזאַ אימפּרעסאַריאָ ווי אָסקאַר האַמערשטיין! ער האָט כסדר אַרונטערגעבראַכט נייעסן אין אַמעריקע, שרייבער, אַקטיאָרן, זינגערס, טענצער, איינציגע און גאַנצע טרופּעס. אָט האָט ער צוגעצויגן פון דער רוסישער ביהנע אַן אָסיפּ דימאָוו. אָט האָט ער געבראַכט אַ גאַנצע ווילנער טרופּע. ביי ליטע־ראַרישע קאָנצערטן באַגעגענט מען נאָך אַמאָל אַ פּאָר גוטע סימנים פון דער ווילנער טרופּע: בעלאַ בעלארינא און נח נאַכבוש. ער האָט אויך אַרונטערגעבראַכט אַ שילדקרויט, אַ מאָריסאָן, אַ גאָלדענבורג, און אָפּ־געשיידט: אַ בן־עמי, מיכאַלעווסקי, לעבעדאָוו...

רייזבערג העלפט אַרויס:

— אַ בלאַנק, אַ לודוויג זאַץ, און אָפּגעשיידט: אַ מאַקס געביל, דזשעני גאָלדשטיין, א גערסטען, אַ גערמאַן...

גרינשפּאַן שלאָגט איבער:

— אָ, לאָזט צו־רו, איר ווייסט נישט! זיי האָט ער נישט געבראַכט. דאָס זיינען אינסטיטוציעס פאַר זיך אַליין און יעדער, יעדער פון אָט די קינסטלער האָט בייגעטראָגן צו דער פילפאַרביגקייט פון אַמעריקע. ווער מיט געזאַנג, ווער מיט טאַנץ, ווער מיט וויינען און ווער מיט לאַכן. אָט לאָ׳מיר אָנכאַפּן לודוויג זאַץ. ביי אים האָט מען דאָך געוויינט און געלאַכט צוזאַמען. ווער קען פאַרגעסן זאַצ׳ן אין „דעם רבינ׳ס נגון״, געשריבן פון גרשם באַדער מיט די זיסע נגונים פון יוסף רומשינסקי. דאָס נגונ׳דל „איך בענק אַהיים״, וואָס האָט זיך אַרויסגעקייקעלט פון זאַצ׳ס קינסטלערישן האַלז, וועט מען דאָך אייביג־אייביג געדענקען! און אָט די אַלע אידישע קינסטלער זיינען מיינע, מיינע אימיגראַנטן!

עליקס רופט אויס:

— איר האָט פאַרגעסן איינע, וואָס איז מיינע, מיינע אַן אַמעריקאַ־נערין, מאָלי פּיקאָן!

— אמת! — זאָגט גרינשפּאַן — אמת, יונגער מאַן, דאָס מאָל האָט איר מיך געכאַפּט. אָט די זוניגע קינסטלערין, וואָס דערמאָנט אונז

אַן אונזער גאָלדענער קינדהייט דורך איר חנ'עוודיג פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קינד. זי איז טאַקע געבוירן אין אַמעריקע, אָבער אַנטוויקלט איר טאַלאַנט, האָט אַלץ מיינער אַן אימיגראַנט, איר מאַן יעקב קאַליך.

רייזבערג ווענדעט זיך צו עליקס'ן:

— אוממעגלעך, איר וועט ביי לייזער גרינשפּאַן נישט געווינען, ער וועט שוין געפינען אויף אַלעס אַ תּירוץ.

גרינשפּאַן רעדט פאַרטראַכט:

— און אַז מען רעדט פון קינדישקייט, דערמאָנט עס מיך שוין אויך אַן מאַמעס. איך האָב מיט יאָרן צוריק געזען אַ אידיש־ענגלישע אַקטריסע ווערא גאָרדאָן אין פּעני הוירסט'ס אַ מואווי מיט'ן נאָמען „הומאָרעסק". קען איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערא גאָרדאָנ'ס מאַמע־פּנים!

רייזבערג רופט אויס:

— אה, געווען געהאַט און געבליבן איז מען אין גאַנצן מיט מנשה סקולניק און מאָריס שוואַרץ — און ער שפּילט פּיעסן נאָר פון טויטע שרייבער, זאָגט מען.

גרינשפּאַן קרומט אים נאָך:

— זאָגט מען, זאָגט מען! אימיצער רעדט אַרויס אַ נאַרישקייט און אַלע ריידן עס באַלד נאָך! וואו שפּילט ער עפּעס באַר פון טויטע, וואו? זינגער איז געווען אַ טויטער? שוואַרץ איז שולדיג, וואָס ער איז דורך דער צייט געשטאָרבן! און זלמן שניאור גאָט צו דאַנקן לעבט. און אַש לעבט און צייטלין און סעקלער לעבן. און טאָמער לאָזט אונז שוואַרץ אַמאָל נישט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן געהאַט אַ פּרץ, אַן אַנסקי, אַ שלום־עליכם, איז עס אַ חסרון? אַ געזונט אויף אים דערפאַר! אימי־צער דאַרף זיך דאָך אַמאָל דערמאָנען אָן אונזערע גרויסע טויטע, אָנ־צינדן אַמאָל נאָך זיי אַ יאָרצייט־לאָמפּ. די לעבעדיגע קענען זיך דורכ־שטופּן אַליין צום סוקסעס און אויב זיי קענען נישט, דאַרפן זיי קענען. זאָלן זיי האָרעווען ווי שוואַרץ האָרעוועט.

גרינשפּאַן גיט זיך אַ ווענד צו רייזבערגן:

— איר האָט אַמאָל געזען ווי אָט דער שוואַרץ אַרבעט? איך האָב געזען! ער האָט דאָך אַפילו ניט קיין צייט, קראַנק צו זיין. ווען ער ליגט אין פיבער, כאַפּט ער אַרונטער דעם אייזבעג פונ'ם קאָפּ, לייגט דאָס אַריין אין קעשענע און לויפט צו „פּראָבע". און ווי אַזוי ער עסט! ער זעצט זיך דען אַמאָל אַוועק ביי אַ טיש? ווייס איך וואָס! אין דרעסינג־רום צווישן איין אַקט און דעם צווייטן שלינגט ער מיטן מויל אַ גראָבן סענעוויטש און מיט די אויגן אַ גראָבן בוך. און אַזוי כּסדר לייענט, לערנט און אַרבייט. איר מיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַ

קליינינקייט, אויסצושטיין די כסדר'דיגע פאַדערונגען און פרעטענזיעס, וואָס מען האָט צו אַ קונסט־טעאַטער? ער איז דאָך אַ וואולקאַן פון ענערגיע אָט דער שוואַרץ! און אַמעריקע רעכענט זיך מיט'ן „אידישן קונסט־טעאַטער". מען האָט אים שוין אַמאָל איינגעלאַדן צו שפּילן אין „ווייסן הויז".

— וועל — גיט עליקס אַ זאָג — איך זע דאָך, אַז איך וועל ביי אייך נישט געווינען!

ער וויל זיך לאָזן גיין צו זיין טיש. גרינשפּאַן גיט אים אַ כאַפּ ביים לאַץ, גליטשט אַראָפּ זיינע פינגער ביז אַ קנעפּל, און אָנכאַפּנדיג דעם קנעפּל טענה'ט ער:

— ניין, ניין! גייט נאָך נישט, יונגער מאַן! גייט נישט! איך האָב ליב מיט אייך צו ריידן! לאָ'מיר אָפּלאָזן די אַלע קאַרפּן־קעפּ, די אַלע קלינגענדע קינסטלער־נעמען און לאָ'מיר אָנכאַפּן איינפאַכע פּאָלקס־מענשן, „אַמכאָ". אַלע אַנדערע וועלן מיר אָפּלאָזן!

עליקס ציענדיג דאָס קנעפּל:

— לאָזט אָפּ דערווייל מיין קנעפּל, ווייל איר רייסט דאָס אָפּ!

— אַ, קנעפּל! — רופט אויס גרינשפּאַן — גוט! אָט וועל איך טאַקע אָנכאַפּן איינעם, וואָס האָט עפּעס אויפגעטאָן אין אַמעריקע טאַקע דורך קנעפּלעך. דאַכט זיך וואָס, נישט מער ווי קנעפּלעך, האַ? קען איך איינעם אַ סעם טשאַלפּין, געקומען קיין אַמעריקע אַ 14־יאָריגער אָרימער אימיגראַנט און געקראָגן אַ דזשאָב טאַקע ביי קנעפּלעך, „באָטנס", ווי מען רופט דאָס ביי אונז אין אַמעריקע, אין אַ קליין שאַפּ־קעלע ביי זיינעם אַן אַמעריקאַנער קאָזין און פאַרדינט דאָרט וואַסער אויף קאַשע. דערווייל איז געקומען פון יוראָפּ סעמ'ס מאַמע און עס איז געשטאָרבן דער טאַטע און סעם דאַרף פרנסה פאַר דער משפחה און דאָ פאַרדינט ער קנעפּלעך. איז זיך מיישב דער גרינער סעם און רופט אַרויס אַ סטרייק ביים אייגענעם קאָזין. רעגנס, קעלט, היץ, הונגער, נויט... און דער גרינער סטרייקט און פּיקעט. זאָגט זיך איינמאָל צו אים זיין קאָזין אַזוי אין אַ חכמה: „ווייסטו וואָס סעם? וואָס דאַרפסטו סטרייקן, פּיקעטן? פאַר 200 דאָלאַר פאַרקויף איך דיר מיין גאַנצן געשעפט. איז אַוועק דער דאָן 15־יאָריגער סעם, צוזאַמען־געליהען 200 קאַרבן, אָפּגעקויפט די שאַפּקע, געסעטלט דעם סטרייק —און פון דער 200 דאָלאַרדיגע שאַפּקע איז אונטער סעם טשאַלפּינ'ס פעאיגקייטן אויסגעוואקסן אַ מיליאָנען דאָלאַרדיגע ביזנעס. און אין אַלע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אינסטיטוציעס לויפן היינט סעם טשאַלפּינ'ס הונדערטער און טויזנטער. און ווער איז ער אָט דער סעמעלע? ווידער אַמאָל אַן אימיגראַנטן־אינגל, אַן „אַמכאָ"!

רייזבערג שלאָגט איבער:

— אַז איר רעדט פון סטרייקן ביי אַ קאַזין, ווייס איך, אַז דייוויד דובינסקי האָט געסטרייקט ביי זיין אייגענעם טאַטן!

— גוט אַזוי! — רופט אויס גרינשפּאַן מיט פּאַטאָס — גערעכ־טיגקייט מעג מען מאַנען אַפילו ביי אַן אייגענעם טאַטן און לאָ'מיר טאַקע אָנכאַפּן אָט דעם דובינסקי, געקומען אהער אויך אַן 18־יעריי־גער אימיגראַנט, געאַרבעט דאָ ביי ניע־פּענטס. יאָ, יאָ, אין אַ שאָפּקע ביי ניע־פּענטס און איז היינט דער פירער פון איינער פון די גרעסטע יוניעס אין אַמעריקע, די „אינטערנעשאַנעל לידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניע" און ער איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס „עלעקטאָר" ביי דער וואַל פון פּרעזידענט רוזוועלט און דעם דובינסקי'ס אַ וואָרט מיינט היינט עפּעס אין אַמעריקע, יאָ, יאָ!

— און נאָך ווי! — כאַפּט אונטער רייזבערג.

גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

און אַז מיר ריידן שוין פון דעם סאָרט מענשן, וועל איך אייך באַלד אַ כאַפּ טאָן נאָך אַזאַ סאָרט אימיגראַנט, אויך אַן „אַמכאַ", איינער וואָס איז שוין ליידער נישטאָ מער צווישן אונז: ב. וולאַדעק!

—אָ, ער! — גיבן אַלע אַ זאָג.

גרינשפּאַן רעדט ווייטער:

— מיר וועלן נעמען פון דאָס סאַמע לעצטע, זיין „לוויה"! איבער אַ מיליאָן מענשן זיינען נאָכגעגאַנגען אין טרויער. דאָס איז דאָך געווען די גרעסטע לוויה אַפילו פאַר אַ פּרעזידענט פון יונייטעד סטייטס. אַ חוץ דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט געטרויערט נאָך זייער באַ־ליבטן פירער, איז דאָך דאָס אויך געווען אַ מין מיליטערישע לוויה. עס איז נאָכגעגאַנגען דער דאַמאָלסדיגער נויאָרקער גאָווערנאָר לעה־מאַן, מעיאָר לאַגוואַרדיאַ, יונייטעד סטייטס סענאַטאָר וואַגנער, און נאָך אַ סך, אַ סך און דאָס אַליין באַווייזט שוין וולאַדעק'ס באַליבטקייט און וויכטיגקייט אין אַמעריקע. און ווער איז ער געווען דער וולאַדעק? ווידער אַ מייניגער, אַן אימיגראַנט פון מינסק און אָט וועל איך אייך גלייך אַ כאַפּ טאָן נאָך אַזאַ איינעם: סידני הילמאַן.

איינער פון דער גרופּע רופט אויס:

—אָ, ער האָט שוין גאָר אַ סך אויפגעטאָן אין אַמעריקע!

גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

— אויך אהער געקומען אַן אָרימער 19 יאָריגער אימיגראַנט, געאַרבעט דאָ אַלס אַ קלוירק און זעט, וואָס ער האָט אַלץ אויפגעטאָן אין אַמעריקע! ער איז דאָך געווען דער אָרידזשינייטאָר פון דעם סיסטעם, וואָס הייסט „קאָלעקטיוו באַרגעינינג", וואו קאַפּיטאַל און אַרבעט זיצן

איצט א̈רום א̈ רונדן טיש און ריידן ווי מענש צו מענש. ביז אים זיי־נען דא̈ך בא̈ס און א̈רבעטער־פירער א̈רומגעגא̈נגען מיט גענגסטערס און רעוווא̈לווערס ביי זייערע זייטן.

עלייקס רופט אויס:

— איר הא̈ט א̈ טעות! א̈ן א̈מעריקא̈נער „א̈מכא̈", דזשא̈דזש בר̈אנ־דייס הא̈ט אויסגעא̈רבעט די „קא̈לעקטיוו בא̈רגיינינג".

גרינשפא̈ן שרייט א̈ריבער:

— ניין, מיין ליבער יונג־א̈מעריקע! דזשא̈דזש בר̈אנדייס, וועלכער איז נא̈ך דא̈מא̈לס געווען א̈ פשוט׳ר לא̈יער, הא̈ט דא̈ס נא̈ר לא̈יעריש סיסטעמא̈טיש אויסגעא̈רבעט, א̈בער דעם פלא̈ן פון „קא̈לעקטיוו בא̈רגיי־נינג" הא̈ט א̈ריינגעברא̈כט מיין אימיגרא̈נט סידני הילמא̈ן. מיין „א̈מכא̈" איז אויך געווען דער קא̈פ פון דער גרויסער „א̈מא̈לגא̈מייטעד יוניא̈ן", א̈ מעמבער אין א̈דווייזא̈רי בא̈רד פון דעם נעשא̈נעל ריקא̈וועריי עקט. ווא̈ס דא̈רפט איר מער? ווען מען הא̈ט געדא̈רפט נא̈מינירן א̈ וויס־פרע־זידענט פא̈ר יונייטעד סטייטס, הא̈ט פרעזידענט רוזוועלט געזא̈גט צו זיין פא̈רטיי: „טעיק איט א̈פ וויט סידני!"

— יא̈, יא̈! — רופט אויס איינער פון דער גרופע — עס איז דא̈ן געווען אין א̈לע פייפערס!

גרינשפא̈ן רעדט ווייטער:

— א̈ט דער הילמא̈ן הא̈ט געהא̈ט מיינע פרינציפן! ווי איר זעט מיך א̈ מענשן! א̈לע מיינע יא̈רן, ווא̈ס איך בין א̈ מא̈נופעקטשורער, טענה איך, א̈ז מא̈נופעקטשורערס מיט יוניעס דא̈רפן זיך נישט שטענ־דיג נא̈ר א̈רומפא̈יטען, ניין! מען דא̈רף העלפן איינס דא̈ס א̈נדערע, העלפן! און א̈ט הא̈ט טא̈קע הילמא̈נ׳ס יוניע אין דער צייט פון דער דעפרעשא̈ן געליהען מיינעם א̈ פריינט, א̈ מא̈נופעקטשורער, הונדערט טויזנט דא̈לא̈ר. א̈רויסגערא̈טעוועט מיין פריינט פון בענקרא̈פסי און דא̈בייַ אויך געראַטעוועט די דזשאבבס פון א̈ גא̈נצן שא̈פ א̈רבעטער. און א̈ז מען רעדט שוין דערפון, ווייס איך פון נא̈ך א̈ יוניע־פירער מיט א̈זעלכע פרינציפן: רובין גוסקין! די אידישע א̈קטיא̈רן־יוניע העלפט אויך זייער א̈פט א̈רויס אירע טעא̈טער־מענעדזשערס, צו קענען עפענען זייערע טעא̈טערס. און א̈ט דער גוסקין איז ביי די א̈קטיא̈רן נישט נא̈ר זייער מענעדזשער, נא̈ר אויך זייער טא̈טע, ווייל נישט וועגן „יוניע קריוודעס" א̈ליין לויפן די א̈קטיא̈רן צו אים, נא̈ר א̈לע זייערע צרות לא̈זט מען אויס צו גוסקינען. מיט א̈לע דין־תורהס קומט מען צו אים. די א̈קטיא̈רן לויפן צו אים וועגן זייערע חתונות, גט׳ן, רעכטע ליבעס און להבדיל לינקע ליבעס. א̈לעס, א̈לעס, מוז גוסקין אויסגלייכן! און ווער איז דער גוסקין? ווידער א̈מא̈ל א̈ מייניגער, א̈ן אימיגרא̈נט פון בא̈ב־

רויסק. אַט אַזוי כסדר אַלע, אַלע פירער, אַלע קעמפער, סיי די געווע־זענע און סיי די נאָכפאָלגער, יוסף באַראָנדעס, מאיר לאָנדאָן, מאַקס פיין, מאָריס הילקוויט, שלעזינגער, באַראָף, פּאָליאַקאָף און אָפּגעשיידט: דזשאָדזש פּענקין, לואיס האָלענדער, אב. מילער, האָכמאַן, זימערמאַן, ישראל פיינבערג, האָלפערן, אָסיפּ וואָלינסקי, ישראל גאָלדבערג, לואיס היימען און נאָך און נאָך, וואָס אויסצורעכענען זייערע קאַמפען און דערגרייכונגען וואָלט מען געדאַרפט שרייבן גאַנצע ביכער. און אַלע זיינען זיי מיינע „אַמכאָ׳ס״, אימיגראַנטן!

עליקס רופט אויס:

— אַזוי? אַלע יוניע־פירער זיינען אימיגראַנטן? האָ? אַט ווייס איך איינעם און דאָסמאָל מיינער אַ פריינט, דזשאָזעף בעלסקי, איז ער דער ערשטער און איינציגער איד, וואָס איז וויספּרעזידענט אין דער „אינטערנעשאַנאַל מיעט פּעקערס יוניאָן״, געענדיגטער פון צוויי קאָלע־דזשעס און ער האָט זייער שטאַרק פאַרקניפּט זיין שיקזאַל אַלס פיהרער פון דער בוטשער׳ס יוניע. ביז אים האָבן די דאָרטיגע אַרבעטער געלעבט אונטער די גרויזאַמסטע שקלאַפישע באַדינגונגען, פלעגן אָנ־פאַנגען אַרבעטן דריי פאַרטאָג און ענדיגן אַרום 10—11 ביי נאַכט — און די שכירות זייערע איז געווען פון 25 ביז 30 דאָלער אַ חודש. אָבער מיט דזשאָזעף בעלסקי׳ס יונגער אָנגעצונדענער פיהרערשאַפט האָבן יענע ראַנגלענדיגע אַרבעטער באַלד גענומען גיין באַרג אַרויף און אַרויף און זיינען היינט מענשן מיט מענשן גלייך.

גרינשפּאַן שלאָגט איבער:

— איז דאָך שוין גוט, האָ? איז אייער פריינט דזשאָזעף בעלסקי אויך אַן אימיגראַנט, געקומען אַהער פון אָדעס אַ זעקס־יאָריגער אינגל...

עליקס רופט אויס צוטומלט:

— הא, וואָס? — אַלע צולאַכן זיך — אָבער וואַרט, איר האָט מיך נאָך נישט געכאַפּט. וואָס הערט זיך עפּעס מיט פיליפּ מאָרי, דער פּרעזידענט פון די „סי איי אָ״, איז ער אַן אימיגראַנט אָדער אַן אַמעריקאַנער? גרין, דער פּרעזידענט פון דער „אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר״, איז אויך אַן אַמעריקאַנער!

— וואַרט, וואַרט! — שרייט אַריבער גרינשפּאַן — וואַרט, גרין איז דער פּרעזידענט, גוט, גוט! ווער איז אָבער געווען דער ערשטער פּרעזידענט פון דער „אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר״, דאַמאָלס ווען די אַרבעטער זיינען נאָך געגאַנגען צו דער אַרבעט מיט די מאַשי־נען אויף זייערע פּלייצעס? דאַמאָלס ווער האָט פאַר זיי געקעמפט? אַן אימיגראַנט! גאָמפּערס, אַ ציגאַרען־מאַכער!

רייזבערג גיט אַ זאָג צו אַלעמען:

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז ווען מען וועט אפילו ריידן ביז טאָג, וועט מען ביי לייזער גרינשפאַן נישט געווינען!

גרינשפאַן ענטפערט אָפּ:

— ווייל איך האָב ליב מיינע אימיגראַנטן. דאָרט וואו אימיגראַנטן זיינען, דאָרט וויברירט מיט לעבן, מיט טעטיגקייט. אָך, דער נאָמען גאָמפּערס פירט מיך צוריק צו דער אַמאָליגער „איסט בראָדווייסקאַיאַ אוליצא". איי, איז דאָס געווען אַ צייט פון חלומות, קאַמף און יוגנט. איך בין דאַן געווען אַ פאַרברענטער יונגער סאָציאַליסט, געלאָפן פון מיטינג צו מיטינג, אַגיטירט געגען קאַפּיטאַליסטן מיט „פעטע בייכלעך" און בין סוף כל סוף אַליין געוואָרן איינער מיט אַ פעטן בייכל.

אַלע גיבן אַ לאַך, גרינשפאַן זעצט פאָרט:

— אָבער אָך, ווי עס גיט זיך אָפּט אַ בענק נאָך יענער צייט נאָך יוגנט־חלומות, אַ סך פון מיינע דאַמאָלסדיגע מיטקעמפּער זיינען גע־וואָרן פונקט ווי איך, קאַפּיטאַליסטן מיט פעטע בייכלעך. אָבער די מערסטע פון יענע זיינען טאַקע געבליבן קעמפער פאַר זייערע אי־דעאַלן און האָבן אויסגעפירט. פילע פון יענע חלומות זיינען פאַר־ווירקלעכט געוואָרן און יעדער חלום האָט געהאָלפן צום וואוקס פון אונזער גרויסער שיינער אַמעריקע. עס זיינען זינט גאָמפּערסן פאַר־צווייגט געוואָרן מעכטיגע יוניעס, אַן אַרבעטער־באַנק, אָרגאַניזירט פון אַדאָלף העלד. אויך געווען אַן אימיגראַנט, מיינער אַן „אַמכאַ".

רייזבערג רופט אויס:

— איר פאַרגעסט אַריינצורעכענען איין אימיגראַנט, וואָס די גאַנצע „איסט בראָדווייסקאַיאַ אוליצא" וואָלט אפשר גאָר נישט געווען אָן דעם אימיגראַנט פון ווילנע, מיין לאַנדסמאַן אייב קאַהאַן.

גרינשפאַן גיט זיך אַ בייזער:

— איך פאַרגעס גאָר נישט, נאָר איר כאַפּט אויס! יאָ, זינט גאָמפּערס׳ן איז אין אַמעריקע ארויסגעוואַקסן אַ גרויסע אַרבעטער־באַוועגונג. אַן „אַרבעטער־רינג", וואָס זיינע ברענטשעס זיינען פאַר־צווייגט איבער גאַנץ אַמעריקע מיט וואונדערבאַרע אַקטיוויטעטן, אינ־שורענס, קראַנקען־בענעפיט, הילף פאַר׳ן „אַמעריקען רעד קראָס", אַ סאַניטאַריום פאַר קאָנסאַמפּטיווס און נאָך און נאָך וויכטיקייטן, חוץ די קולטורעלע אַקטיוויטעטן, פאַר וועלכע עס אַרבעט טאָג און נאַכט זייער קולטור־דירעקטאָר, איינער פון מיינע אַמאָליגע אינגערע חברים, נחום כאַנין. ער האָט דאָרט אין „אַרבעטער־רינג" אַזעלכע אַקטיוויטעטן ווי אַ ביכער־פּאַבלישינג, אַ קינדער־צייטונג, אַ כאָר און מאַנדאָלין־

אָרקעסטער און איבערהויפּט אידישע קינדער־שולן. וואָס דאָס שאַפֿט אַ פֿאַרשטענדניס־בריק צווישן די אימיגראַנטישע עלטערן און זייערע אַמעריקאַנער קינדער.

רייזבערג רופֿט אויס:

— דאָסזעלבע טוט דאָך אויך דער „אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבע־טער־פֿאַרבאַנד"!

— יאָ, יאָ! — ענטפֿערט גרינשפּאַן — אַלץ דער אויפֿטו פֿון אונזערע אימיגראַנטן. דאָרט איז דער אָרגאַנייזער דער אומדערמיד־לעכער „אַמכאַ" לואיס סיגעל. אַט דער „אַרבעטער־פֿאַרבאַנד" פֿאַר־מאָגט איבער 70 פֿאָלקסשולן, מיטלשולן, זומער־קעמפּס פֿאַר גרויס און קליין, אַ ליאָוויס „געזאַנג־כאָר".

רייזבערג רופֿט אויס:

— פֿאַר די טעטיגקייטן פֿון די נויאָרקער ברענטשעס איז דאָרט פֿאַראַנטוואָרטלעך מיינער אַ פֿריינט, ש. באַנטשיק.

גרינשפּאַן זעצט פֿאָרט:

— יאָ, יאָ, אַט אַזוי האַלט אַמעריקע אין איין וואַקסן, אַלץ אַ דאַנק מיינע אימיגראַנטן!

— אַזוי? — רופֿט אויס עליקס טראַציג — אַלעס נאָר אימי־גראַנטן, האַ? אַט וועל איך אייך, ווי איר זאָגט אַנכאַפּן, נאָר איין אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע, וואָס אַלע אייערע אָרגאַניזאַציעס האָבן איר נאָכגעטאָן, דאָס איז די „בני ברית".

— אָ, די „בני ברית"! — רופֿט אויס גרינשפּאַן — מיינער אַ פֿריינט איז דאָרט אַ מעמבער, איינער לואיס שאַפּיראָ, אַן אימיגראַנט, אַ טייערער „אַמכאַ", זיך אַרויפֿגעאַרבעט אין אַמעריקע מיט די אייגענע האָרעפּאַשנע צוויי הענט. ער איז איצט רייך, גיט פֿאַר אַלע וואָלטעט־טיגע און קולטורעלע צוועקן, האָט און גיט און אַרבעט ווייטער, כדי צו קענען געבן נאָך און נאָך מער. יאָ, אַ פֿיינע אָרגאַניזאַציע אַט די „בני ברית", מיין פֿריינט שאַפּיראָ איז דאָרט אַ מעמבער!

— אַזוי? — שמייכלט עליקס — דאָס וואָס די „בני ברית" האָט למשל געהאָלפֿן די קרבנות פֿון דער גאַלוועסטאָנער פֿאַרפֿלייצונג אָדער פֿון דער סאַן פֿראַנציסקאָ'ר ערדציטערניש און נאָך און נאָך אַזעלכעס, דאָס אַלץ איז גאָר נישט. די „בני ברית" איז נאָר פֿיין דערפֿאַר, ווייל זיין פֿריינט איז דאָרט אַ מעמבער.

אַלע צולאַכן זיך.

— וועל — ענטפֿערט גרינשפּאַן — אַמעריקאַנער געבוירענע מעגן דאָך אויך האָבן עפּעס רעכטס! אָבער די הויפּט־אויפֿטואונגען

קומען פון מיינע אימיגראַנטן. יאָ, עס איז געקומען דור נאָך דור, שיפֿן נאָך שיפֿן האָבן געבראַכט אימיגראַנטן נאָך אימיגראַנטן און יעדער האָט זיך באַלד גענומען צום שאַפֿן און בויען, ביז עס האָט זיך צובליט און צעוואַקסן אַזאַ שיינע גרויסע אַמעריקע.

— און אַלץ אין אַמעריקע האָבן אויפגעטאָן נאָר די אימיגראַנטן?

— שרייט עליקס — איר ווייסט, איר מאַכט מיך שוין בייז, איך וועל אייך ווייזן אַ גאַנצע גאַלערי פון אַמעריקאַנער אויפטואונגען און איר וועט מיך הערן, אָדער איך וועל אייך אויסרייסן אַ קנעפּל — ער כאַפּט אים דערביי אָן ביי אַ קנעפּל. עטלעכע גיבן אַ לאַך. ראָזלין גיט פון דער ווייטענס אַ שמייכל צו עליקס׳ן, ער זאָל נישט בייז ווערן. עליקס צושמייכלט זיך צוריק באַרואיגט און גרינשפּאַן רופט אויס:

— גוט, גוט! איר האָט ווידער דערמאָנט אַ קנעפּל, וועל איך אייך טאַקע ווידער ווייזן אויפטואונגען פון אַן אימיגראַנט, וואָס האָט טאַקע ווידער צו טאָן מיט קנעפּלעך. איינעם, וואָס ערפינדעט אַלערליי פּעטענטס, אַלערליי דיזאַינס, מיט איין וואָרט: אַ פּאַיאָניר אין די קנעפּלעך, אין די „באָטנס אינדוסטרי" און ער טוט נישט נאָר פּיל אין אַמעריקע און פאַר אַמעריקע, נאָר ער העלפֿט אַפֿילו אַמעריקע שפּייזן די וועלט. יאָ, יאָ! שטיל, באַשיידן, אָן טאַראַראַם, שיקט ער זיינע הונדערטער און טויזנטערס אין די הונגער־לענדער, צו העלפֿן צוריק אויפבויען היימען, צו קויפן שיפֿן, אַריבער צו פירן וואַגלענדע ברידער. כסדר העלפֿט און שיקט און העלפֿט. צווישן באַקאַנטע רופט מען אים „דער מאַן מיט דער האַנט אין קעשענע".

רייזבערג רופט אויס:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין אויסטערלישער נאָמען „דער מאַן מיט דער האַנט אין קעשענע"?

— פאַרשטייט איר מיך? — פאַנגט אָן גרינשפּאַן — הייסן הייסט ער בענדזשאַמין זאַלצבערג, נאָר באַקאַנטע רופן אים אַזוי צוליב דעם, וואָס נאָך איידער מען בעט, שטופּט ער שוין זיין האַנט אין קעשענע. מיר איז אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט אָט דעם מענש אין סאַראַ־טאָגע. האָב איך אַליין צוגעזען סצענעס. מיר, די געסט, פלעגן זיך זיצן אויפן פאָרטש און קוויקען מיט דער זון און לופט. פלעגן דאָרט אַלע ווײַלע צוקומען אַנדערע סאָרטן בעטערס. דאָ איז מען צוגעקומען מיט בילעטן צו קאָנצערטן, פאַר אַקטיאָרן אָן טעאַטער־שטעלעס, דאָ פאַר מגידים אָן שולן. אַ ווײַלע שפּעטער איז מען צוגעקומען מיט קרעדענשעלס פאַר יתומים, פאַר אלמנות, פאַר בלינדע, פאַר טויבע, מיט איין וואָרט: כסדר מען בעט דאָרט. מגידים, דיינים, שמשים און להבדיל גלחים און מאַנאַשקעס. פילע פון די געסט אָבער, ביז

מען האָט אַרויסגעלאָזט אַ מטבע פון די פינגער, האָט מען אויסגע־פּרעגט, אַריינגעקוקט אין די קרעדענשעלס נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל און ערשט דאַן נישט געגעבן. נאָר דער בענדזשאַמין זאַלצבערג פלעגט זיך זיצן, אַריינקוקן אין אַ צייטונג און מיט אַ ווינקל אויג פלעגט ער שוין פון דער ווייטן באַמערקן דעם אַנקומענדן און נאָך איידער יענער האָט געבעטן, האָט ער שוין געשטופּט זיין האַנט אין קעשענע, געצויגן פון דאָרט בילס און כסדר געגעבן. איינמאָל האָט אַפילו איינער פון די געסט אַ געוויסער מר. ליוואַי, נישט וועלנדיג אַליין געבן, אויסגערופן מיט רציחה: „מר. זאַלצבערג, וואָס האַלט איר אין איין שטופּן אייער האַנט אין קעשענע? איר קוקט דאָך אַפילו נישט, צו וועמען איר גיט, יענער מאַן, וואָס איר האָט דאָ פריער געגעבן, האָט געהאַט אַ פאַלשע קרעדענשעל און איצט האָט איר גאָר געגעבן צו אַ מאַנאַשקע. אַבי מען שטעלט נאָר אַן אַ האַנט, שטופּט איר שוין אייער האַנט אין קעשענע!" — און מיין „אַמכאַ" זאַלצבערגל ענטפערט זיך רואיג: „פאַר־וואָס מר. ליוואַי, שטעלט נישט איר און נישט איך אַן אונזערע הענט? ווייל מיר דאַרפן נישט! אָבער זיי דאַרפן בעטן זיי! און ווען זיי דאַרפן און מיר האָבן, מוזן מיר געבן!"...

אַט אַזוי לערנט ער אויך זיינע קינדער. איך בין אַמאָל געווען ביי אים אין פּעקטאָרי, אַ גרויסער קאָנסוירן „מעטראָפּאָליטאַן באָטן־קאָמפּאַני" הייסט ער. האָב איך דאָרט ווידער צוגעזען אַ שיינע סצענע. מען איז געקומען צו אים ווען עפּעס אַ אידישן זשורנאַל. האָט ער באַלד געהייסן דעם זון אויסמאַכן אַ טשעק. דער זון, אַן אַמעריקאַנער באָי, פרעגט: „פּאַפּאַ, פאַר־וואָס? פאַר־וועמען?"... „פרעג נישט קיין קשיות!", ענטפערט אים דער טאַטע, „זיי דאַרפן, מיר האָבן! ס'איז נאָך פאַר אַ אידישן צוועק אויך, מיר זיינען אידן, טאָ גיב און פרעג נישט!"...

גרינשפּאַן טרייסלט אָפּ מיט אימפּעט די אַשעס פון זיין ציגאַר און ער זעצט פאָרט:

— און ווער איז ער, אָט דער באַשיידענער פילאַנטראָפּ? נישט פון קיין ירושה איז ער געוואָרן אין אַמעריקע דאָס וואָס ער איז היינט, נאָר פון אייגענע פעאיגקייטן! געקומען אַהער אַן אַכטיאָריגער אי־מיגראַנטל, פאַרפאָרן צו אַ מומע, וואָס האָט געהאַט אַ גראָסערי. פאַר זיין עסן און שלאָפן ביי דער מומע, פלעגט דער אַכטיאָריגער אימי־גראַנטל אויפשטיין פינף פאַר־טאָג, כדי צוצוטראָגן צו די טירן פון די טענעמענט־הייזער דער מומע'ס גראָסערי אָרדערס, מילך מיט ראָלס, און ווען ער פלעגט דערנאָך קומען אין סקול, פלעגט ער נעבעך איינ־שלאָפן איבער זיינע ביכער און די טיטשער פאַר כעס, וואָס ער זיצט

און דרעמלט, פלעגט אים אַלע ווײַלע אַרײַנגיסן קאַלט וואַסער אין קאַלנער.

רײַזבערג גיט זיך אַ טרײסל אָפּ און זאָגט:

— אָ, עס ווערט מיר קאַלט אין קאַלנער!

גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

— און זעט ווער ער איז הײַנט, דער זאַלצבערג! וויפיל טעקסעס דער אַמאָליגער גראָסערי־אַרבעטערל צאָלט דאָס הײַנט אָפּ אין אַמע־ריקע!

עליקס רופט אויס:

אַ פּאַיאָניר ביי באָטנס? האַ? ווען איך אײַך ווײַזן אַמעריקאַנער געבוירענע פּאַיאָנירן ביי פאַרשידענע אינדוסטריעס! אָט וועל איך, ווי איר זאָגט, אָנכאַפּן איינעם. וואָס איז געווען דער ערשטער אַרײַנ־צוברענגען אין דער אַמעריקאַנער אינדוסטרי דעם „וואָן פּראַיז סיסטעם"!

גרינשפּאַן שלאָגט אים איבער:

— איר מיינט אודאי אייב מילמאַן פון דער אַמאָליגער פירמע „בלום ענד מילמאַן", וועלכער האָט אַ ווײַב אַ אידישע אַקטריסע, בעלאַ גודינסקאַ!

עליקס ענטפערט:

— יעס, יעס! און דער האָט מיט זיינע אַמעריקאַנער פעאיגקייטן, איר הערט? מיט אַמעריקאַנער פעאיגקייטן, געהאַט די ערשטע גרעסטע בלאָוזעס פעקטאָרי אין אַמעריקע. 800 מאַשינען זיינען ביי אים געלאָפן!

גרינשפּאַן רופט אויס:

— איך האָב דאָך אײַך שוין געזאָגט, אַז צווישן אַמעריקאַנער געבוירענע מעגן דאָך אויך זיין אַ פּאָר פעאיגע מענשן!

עליקס רעדט איבער:

— אַ פּאָר פעאיגע מענשן! איר האָט דאָ גערעדט פון צאָלן צו אַמעריקע גרויסע טעקסעס! נו, וועל איך אײַך ווידער, ווי איר זאָגט, אָנכאַפּן איינעם, נייק, צווייי, צוויי ברידער, מעקס און לואיס שניידער. קינדער פון אָרימע עלטערן! מעקס שניידער איז הײַנט דורך זיינע אַמעריקאַנער פעאיגקייטן אַ מיליאָנערסקער באַנקיר, טוט פיל אין און פאַר אַמעריקע, איז אויך פאַראינטערעסירט אין פילע פילאַנטראָפּישע צוועקן און לואיס שניידער איז אַ מיליאָנער אין דער קלאָוקס־אינדוסטריע, טוט אויך גרויסע פילאַנטראָפּישע אַרבעט, האָלט אויס אין פלאָרידע אַ האָום פאַר קאָנסאָמפּטיוו קינדער, טוט פיל פאַר זיינע אַרבעטער, האָלט פאַר זיי פרייע האַרץ־דאָקטוירים, אויגען־

דאָקטוירים, פֿאַרזאָרגט זיי מיט אַלערליי אינשורענס־פּאָליסיס, פֿאַר װעלכע ער אַליין צאָלט, און אינקאָם טעקסעס צו אַמעריקע, פֿאַרשטייט איר דאָך, אַז זיי צאָלן פּלענטי. און די ברידער שניידער זיינען ביידע אַמעריקאַנער געבוירענע. איר הערט, מיסטער? אַמעריקאַנער! און אָט האָב איך אייך געכאַפּט!

גרינשפּאַן צושמייכלט זיך:

— אַזוי? איר האָט מיך געכאַפּט? נו װעל איך אייך גלייך געבן פֿאַר די צוויי אַמעריקאַנער ברידער, ניין אימיגראַנטן־ברידער! יאָ, גאַנצע ניין ברידער! די קעניגע פֿון די פֿאַר־ביזנעס, רופֿט מען זיי. און זייערע ביזנעס איז אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן אייגענע „ברידינג פֿאַרמס" פֿון חיות פֿאַר זייערע פֿאַרס. און שטעלט אייך שוין פֿאָר, וויפֿיל אינקאָם־טעקס אַמעריקע האָט פֿון זיי! דער עלטסטער ברודער זייערער סאָל ברענער איז חוץ אַלע אַנדערע זאַכן, װאָס ער טוט פֿאַר אַמעריקע, האָט ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשפּענדעט גרויסע סומען געלט פֿאַר פֿאַרשידענע אַלטע אַנטיק־ביכער און דאָס אַריינ־געגעבן אין דער נויאָרקער פּאָבליק לײַברערי. און װער מיינט איר זיינען די ניין ברידערלעך? געקומען אַהער אָרימע אימיגראַנטן־אינג־לעך פֿון קראָקע.

עליקס שלאָגט איבער:

— נו, װעל איך אייך וויזן...

גרינשפּאַן שרייט אים איבער:

— װאַרט, װאַרט, איך בין נאָך נישט פֿאַרטיג! אָט װעל איך אייך גלייך אַ כאַפּ טאָן איינעם, װאָס איז פּונקט װי איך אַריינגעקומען אין אַמעריקע מיט דריי רובל אין קעשענע. נאָר זיין קעשענע איז נישט געװען צוריסן!

אַלע גיבן אַ לאַך און גרינשפּאַן זעצט פֿאָרט:

— זיין נאָמען איז סאָל גרינבערג, געקומען ערגעץ פֿון נאָװאָ־ראַדאָמסק אַ יונגיקער אימיגראַנט מיט דריי רובל, איז איצט „דער קעניג פֿון די דאַימאָנדס", און מיינט איר, אַז ער איז עפּעס פֿאַרריסן ביי זיך? אַז ער האָט פֿאַרגעסן אָן זיינע פֿריינט אימיגראַנטן? פֿאַר־קערט! ער איז איינער פֿון די גאָר גרויסע פֿילאַנטראָפּן, באַלאַנגט צו איבער פֿערציג צדקה־אַנשטאַלטן, מושב זקנים׳ס, יתומים־הייזער, קאָנ־װאַלעסענט האָומס... אָבער װער קען עס אַלץ אויסרעכענען, אַז עס איז איבער פֿערציג אַנשטאַלטן, און ער באַנוגנט זיך נישט מיט שיקן זיינע טשעקס צו די איבער פֿערציג אינסטיטוציעס, ניין! ער האָלט אָנגעשטעלט אַ ספּעציעלן מענטשן, װאָס געפֿינט פֿאַר אים כסדר אויס פּערזענלעכע נויטבאַדערפֿטיגע פֿאַמיליעס, פֿאַר װעמען ער צאָלט װעכנטלעך דעם

גראָסערי־מאַן, בוטשער און מילך־מאַן. און כאָטש ער אַליין איז שוין נישט קיין יונגער מענש, גייט ער נישט אַוועק צו זיינע ביזנעס, איידער ער אַליין צוטראָגט עטלעכע קאָשיקעס עסנוואַרג צו אַזעלכע היימען, וואָס נויטיגן זיך אין שנעלע הילף.

עליקס רופט אויס:

— דאָס איז טאָקע זייער פיין, וואונדערבאַר, אָבער איצט וועל איך אייך...

גרינשפאַן שלאָגט איבער:

— וואַרט, איך בין נאָך אַלץ נישט פאַרטיג! די גאַלערי פון מיינע אימיגראַנטן איז נאָך ווייט נישט געענדיגט. אָט וועל איך אייך גלייך אַ כאַפּ טאָן איינעם פון אַ גאַנץ אַנדער פעלד, אַ דזשאַדזש פון נויאָרק סטייט סופרים־קאָורט, דזשאַדזש סעמיועל דיקשטיין! איז ווערזשע, מיינט איר, איז דער דאָזיקער דיקשטיין, אויב נישט אויך אַן „אַמכאַ״, אַן אימיגראַנט פון ביאַליסטאָק? טאָקע געקומען אַהער אַ קליין אינגעלע, אָבער אַלץ אַן אימיגראַנט, מיינער אַ דאַון־טאַונער „אַמכאַ״. זיין טאַטע איז געווען אַמאָל אַ חזן אין ריווינגטאָנער שול, און מיין „אַמכאַ״ דיק־שטיין האָט טאָקע קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין זיינע ברידער אימיג־ראַנטן. ווען מ׳פלעגט אַריינקומען צו אים אין אָפיס, דאַן ווען ער איז נאָך געווען „קאָנגרעסמאַן״, פלעגט מען דאָרט טרעפן אַן אמת׳ן „קעסל־גאַרדן״ פון אימיגראַנטן, וואָס זיינען געקומען צו אים נאָך אַלערליי טובות און פאַרגעסט נישט, ער איז אויך דער ערשטער אימיגראַנט אין דער געשיכטע פון אַמעריקע, וואָס איז פון קאָנגרעס באַשטימט געוואָרן אַלס טשערמאַן פון אימיגריישאַן קאָמיטע! איר הערט? אַליין אַן אימי־גראַנט איז געוואָרן טשערמאַן פונ׳ם „אימיגריישאַן קאָמיטע״ אינ׳ם קאָנגרעס פון יונייטעד סטייטס! און צווישן מיר און אייך זאָל עס בלייבן, וויס איך, אַז זייענדיג דער טשערמאַן, האָט ער טאָקע פלענטי אַנטי־אי־מיגריישאַן בילס פאַרהאַלטן אין די פאַילס, פאַרשטופּט אין די ווינקלען, גאַנץ פשוט נישט צוגעלאָזט קומען צום פסוק. און נישט נאָר דאָס, נאָר שטענדיג געזוכט צו עפענען אַ שפּאַרונע אין די פאַרהאַקטע אימיגריישאַן־טויערן אַזוי אַז עס זאָלן קענען אַריינקומען אין אַמעריקע מער אימיגראַנטן.

— וועל! — זאָגט עליקס — צו האָבן אַזעלכע אימיגראַנטן ווי דזשאָרדזש דיקשטיין איז גאָר נישט שלעכט, אָבער איך וויל אייך ווייזן...

גרינשפאַן שרייט אים אַריבער:

— וואַרט, איך בין נאָך נישט פאַרטיג! און אַז מען רעדט שוין פון מענשן, וואָס האָבן צו טאָן מיט קענטעניס, מיט קאָלעדזשעס, וועל איך

אייך גלייך אַ כאַפּ טאָן נאָך אַ באַקאַנטן מיינעם, איינער אַ דאָקטאָר לעאָן אַדלער, ווידער אַמאָל אַן אימיגראַנט, אַן „אַמכאַ" מיינער, געקומען אַהער אַן 18־יאָריגער אינגל צו אַ מומע, וואָס האָט געהאַט אַ קליין רעסטאָראַנדל, איז ער אַ גאַנצן טאָג געווען דער מומע׳ס קעשיר און פון נאַכטיגע לערעס האָט ער דורכגעמאַכט צוויי קאָלעדזשעס, אַלס אינזשיניר און אַלס דאָקטאָר „פיזיאָטעראַפּיסט". מיט זיינע ביידע פּראָפעשאָנס העלפט ער ברידער אימיגראַנטן. און ער באַנוגענט זיך נישט נאָר מיט דעם וואָס ער גיט זיין הילף צו אָרימע קראַנקע, נייַן, ער שיקט זיי ערשט היילען אין די סאַראַטאָגער קוואַלן־וואַסער צוזאַמען מיט זיינע פּאַרמעגלעכע פּאַציענטן. ער זעט שוין אַז זיינע אָרעמע חולאים זאָלן דאָס קענען דערוויזן דורך דער דאָרטיגער קאָנוואַלעסענט האָום, מיין „אַמכאַ" אַדלער איז אַ טוער אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס, אָבער דער „קאָנוואַלעסענט האָום" איז זיין ליבלינג־קינד. דאָס קומט פון דעם, וואָס ערשטנס האָט ער די אינסטיטוציע אַמאָל אַרויסגעראַטעוועט פון אונטערגאַנג. ווי יעדע אינסטיטוציע האָט זיך אירע אַרויפן און אַראָפּ׳ן, אַזוי האָט אויך אַמאָל פּאַסירט מיט יענעם „קאָנוואַלעסענט האָום", וועלכער האָט הינטער זיך אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע.

רייזבערג שלאָגט איבער:

— יאָ, כ׳האָב געהערט, אַז ווייבער האָבן דאָס געגרינדעט.

גרינשפּאַן צינדט אָן זיין אויסגעלאָשענעם ציגאַר און דערציילט:

— די געשיכטע איז געווען אַזאַ: אַ געוויסע אימיגראַנטקע, מרס. מאַריסאָן, איז אַמאָל געלעגן קראַנק אין אַ האָספּיטאַל און געהאַט אַ זייער האַרטן קישן צו־קאָפּנס. ווען זי איז געזונט געוואָרן, האָט זי צוזאַמענגענומען אַ גרופּע פרויען און געגרינדעט אַ קלאָב אונטער׳ן נאָמען „פעדערן און קישן אַסאָסיאיישאָן". זיי פלעגן צאָלן צו 10 סענט אַ וואָך דיוס. און אָט די גרופּע אימיגראַנטן־פרויען פלעגט אַרומגיין איבער די נויאָרקער אידישע היימען און צוזאַמען־קלייבן די פעדערן פון אַלע היהנער און גענז, וואָס זיינען געקוילעט געוואָרן אויף שבתים און ימים־טובים, האָבן דאָס אַליין צופּליקט, פון זייערע צען־סענטיגע דיוס געקויפט ציכען און געמאַכט ווייכע קישענס און דאָס צוטראָגן פאַר די חולאים אין די האָספּיטאַלס. אָט דיזעלבע פרויען האָבן דאָס שפּעטער געגרינדעט אַ „קאָנוואַלעסענט האָום" ביי די סאַראַטאָגער וואַסער־קוואַלן און האָבן געטראָגן אַהין די ווייכע קישענס. אָבער ווען יענע ערשטע גרינדערינס זיינען צושטאָרבן, האָט פּאַסירט אַ פאַל, וואָס די אינסטיטוציע איז שיער נישט צוגרונד געגאַנגען. דאַמאָלס האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דעם מיין „אַמכאַ" דאָקטאָר אַדלער. און האָט זיך אין דעם אַריינגעוואָרפן מיט אַלע זיינע

כחות, סיי אַלס דאָקטאָר און סיי אַלס אינזשיניר, ביז ער האָט די איג־סטיטוציע צוריק־געשטעלט אויף די פיס. דאָס איז איין אורזאַך, פאַר־וואָס דער „קאָנוואלעסענט האָום" איז זיין ליבלינג־קינד. די צווייטע אורזאַך איז: די רעזולטאַטן פון די חולאים, וואָס ער שיקט אַהין. איך האָב אַמאָל בייגעוואוינט אַ סצענע, וועלכע איך קען ביז איצט נישט פאַרגעסן. מיין דאָקטאָר אַדלער איז אין אַ געוויסן טאָג געקו־מען אָנקוקן, ווי עס שלאָפן און עסן זיינע חולאים. אַלע אָרימע קראַנקע האָבן אים אַרומגערינגלט ווי אַ ליבן טאַטן. נאָכדעם ווי ער האָט מיט אַלעמען פאַרבראַכט, יעדן באַזונדער מיט אַ פריינדלעכן שמייכל געזאָגט אַ גוט וואָרט, האָט זיך גענומען צו אים צוגיין אַן עלטערע פרוי, וועלכע איז געגאַנגען אויף קוליעס. דערזעענדיג איר, האָט דאָקטאָר אַדלער פון דער וווייטענס אויסגערופן: „וואַרפט אַוועק אייערע קוליעס, איך ווייס, אַז איר האָט זיך שוין דאָ גענוג ערהאָלט, צו קענען גיין אָן קוליעס. נו, גיך, האָט נישט קיין מורא. וואַרפט זיי אַוועק און פרואווט צוקומען צו מיר אָן קוליעס! נו קומט! קומט!", האָט ער דאַביי אָנגעשטעלט צו דער אַלטער פרוי זיינע אָפענע אָרעמס, קומט צו מיר, קומט! די אַלטע פרוי האָט מיט מוט אַוועקגעוואָרפן אירע קוליעס און גענומען שטעלן טריט צו אים. און ווי עס לויפט אַ מאַמע אַקעגן איר קינד, עס זאָל נישט אומפאַלן, אַזוי איז דאָקטאָר אַדלער איר אַקעגן־געלאָפן, זי אַ כאַפּ געטאָן אין זיינע אָרעמס און זיך מיט דער אַלטיטשקער צוטאַנצט און אַזש צעוויינט פאַר שמחה...

אַ פּאָר פון די צוהערער האָבן אַ וויש געטאָן אַן אויג און גרינ־שפּאַן האָט ווייטער געזאָגט:

— אָט אַזוי האַנדלען מיינע „אַמכא"־אימיגראַנטן!

פון אַ דערבייאיגן טיש האָט זיך אויפגעהויבן אַ פּאָרל, ריידנדיג צווישן זיך פּויליש.

גרינשפּאַן, דאָס דערהערנדיג רופט אויס:

— אָ, זייער פּויליש ריידן דערמאָנט מיך גלייך אין נאָך אַ ליבן אימיגראַנט מיינעם, נאָך אַן „אַמכא", בענדזשאַמין ווינטער, געשטאָרבן מיט'ן וואָרט „פּוילישע אידן" אויף זיינע ליפּן. „ווער, ווער וועט זאָרגן פאַר מיינע פּוילישע אידן?", דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער. געקומען אַהער אַן אָרימער אינגל פון דער אַמאָליגער שיינער שטאָט לאָדזש, און ווי גרין און יונג ער איז געווען, האָט ער זיך באַלד אַריינ־געוואָרפן אין אַמעריקאַנער „אָפּאָרטיוניטיעס", באַלד גענומען פאַר־דינען אַזוי, אַז דער יונגער אינגל האָט באַלד צו זיך אַרונטערגעבראַכט טאַטע־מאַמע און זיין גרויסע פעאיגקייט האָט זיך אַזוי צובליט און צעוואַקסן, אַז ער האָט דאָ געמאַכט מיליאָנען, פאַרלוירן און ווידער

געמאַכט. דער אינגל פון לאָדזש האָט אין אַמעריקע געבויעט „וואָלקענ־קראַצערס", גרויסע האָטעלן און ווי שטאַרק ער איז נישט געווען גע־טריבן פון אַמעריקאַנעם גע׳יעג נאָך ערפאָלג, האָט ער דאָך קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיינע ברידער אימיגראַנטן. זיינע כלל־טעטיגקייטן זיינען געווען פאַרצווייגט ווייט און ברייט, אָבער דערהויפּט זיינען געווען איינגעוואָרצלט אין זיין האַרצן זיינע פּוילישע אידן. פאַר זיי איז ער געלאָפן, ווי מען זאָגט, אין פייער און אין וואַסער. יאָרנלאַנג איז ער געווען דער פּרעזידענט פון דער היגער „פּוילישער פעדעראַ־ציע", געספּענדט אויף דעם אין די צענדליגער טויזנטער, כדי די פּוילישע אידן פון דער זייט און פון יענער זייט זאָלן האָבן אַן אַדרעס איינס צום אַנדערן.

און גוטע טאַטן פאַרגעסן זיך נישט, ניין! — רופט אויס גרינשפּאַן מיט פּאַטאָס — זיינע פּוילישע אידן האָבן דעם נאָמען בענדזשאַמין ווינטער נישט פאַרגעסן, איבערהויפּט זיינע לאָדזשער לאַנדסלייט. זיי האָבן אים פאַראייביגט, גרינדענדיג איב׳ם „אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבע־טער פאַרבאַנד" אַ ברענטש אויף זיין נאָמען, אַ „בענדזשאַמין ווינטער ברענטש". יאָ, גוטע טהאַטן פאַרגעסן זיך נישט!

איינער פון די צוהערער כאַפּט אַ בליק אויף זיין זייגער. גרינ־שפּאַן דאָס באַמערקנדיג רופט אויס:

— אייער קוקן אויפ׳ן זייגער דערמאָנט מיך גלייך נאָך אַן אי־מיגראַנט מיינעם.

— אָ, — טוט אַ זאָג עליקס — אַז פון יעדן וואָרט, פון יעדן בליק שפּרינגט ביי אייך אַרויס נאָך אַן אימיגראַנט מיט נאָך אַן אויפטואונג.

אַלע גיבן אַ שמייכל און גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

— דער זייגער, דאָס איז דאָך דאָס האַרץ פון אונזער טאָג־טעג־לעכן לעבן, סיי עסן, סיי שלאָפן, סיי אַרבעט און סיי ביזנעס, מיט איין וואָרט: פונ׳ם אויפשטיין ביז צום צוריק זיך לייגן לעבן מיר כסדר אויף דעם געדריי פון די ווייזערס. אָן אַ זייגער וואָלטן מיר פּשוט נישט געוואוסט, ווי צו לעבן אויף דער וועלט. און דאָך האָט עס זיך דאָ אַזוי קלעגלעך באַצאָלט, אַזוי אַז די אַרבעטער, וואָס האָבן אויס־געבלענדעט זייערע אויגן ביי די פּיצינקע זייגער־שרייפעלעך, האָבן נישט פאַרמאָגט פאַר זיך אַליין אויף אַ זייגער.

רייזבערג שלאָגט איבער:

— אַן אַלטע מעשה, אַלע שוסטערס גייען באָרוויס!

גרינשפּאַן רעדט ווייטער:

— יאָ, יאָ! אָבער אַלץ ביז עס זיינען אַהער אָנגעקומען מיינע אימיגראַנטן! זיי האָבן באַלד אויסגעקעמפט בעסערע צייטן פאַר יענע

און פא̇ר זיך. א̇ט וועל איך אייך א̇ כא̇פּ טא̇ן נא̇ר איינעם פון יענע צייטן, א̇ פריינט מיינעם, ווילי̇אַם וואולקא̇ן. געקומען ערגעץ פון רא̇ווגע, א̇ יונגינקער אימיגרא̇נטן־אינגל. א̇בער שוין געווען א̇ גוטער זייגער־מעכא̇ניקער, דער בעסטער אין זיין פא̇ך. און דא̇ך זיינען זיינע ערשטע שכירות אין א̇מעריקע געווען פיר דא̇לאר א̇ וואָך. ערגעץ אין דזשוירזי סיטי זיינען דא̇מא̇לס געווען די הויפּט זייגער־פּעקטא̇ריס פון א̇מעריקע. און די א̇נדערע א̇רבעטער דא̇רט הא̇בן פא̇רדינט נא̇ך א̇ סך ווייניגער. איז וואָס מיינט איר, הא̇ט מיין וואולקאנדל געטא̇ן?

— מסתמא געסטרייקט! — רופט אויס איינער פון דער גרופּע.

— א̇זוי ווי איר וואָלט געווען דערביי! — ענטפערט גרינשפּא̇ן און רעדט ווייטער — ער הא̇ט טא̇קע בא̇לד א̇רגא̇ניזירט די דא̇רטיגע א̇רבעטער, צו פא̇דערן בעסערס. מען הא̇ט געפא̇דערט, געסטרייקט, געליטן און אויסגעפירט. צו מא̇כן די געשיכטע קורץ, פון דא̇מא̇לס ביז היינט פא̇רדינט מען ביי זייגערמא̇כעריי גרויסע ווידזשעס און מיין פריינט וויליאַם וואולקא̇ן הא̇ט זיך דורך זיינע פעאיגקייטן א̇זוי א̇רויפגעא̇רבעט, צו קענען שטא̇רק, א̇בער גא̇ר שטא̇רק אונטערשטיצן פא̇רשידענע פילא̇נטרא̇פּישע און קולטורעלע געזעלשא̇פטן, איבער־הויפּט אונטערשטיצט ער שטא̇רק יעדע א̇רגא̇ניזא̇ציע, וואָס קעמפּט געגען פא̇שיזם און רעא̇קציע.

— וועל מיסטער! — זא̇גט עליקס — איך וועל שוין מיט אייך גא̇ר נישט מא̇כן! איר זייט א̇זא̇ שטא̇רקער פּא̇טריא̇ט פון אייערע אי־מיגרא̇נטן, א̇ז ביי אייך איז דא̇ס שוין א̇זא̇ מין „האבי״, צו זוכן און געפינען אין יעדן פון זיי א̇ן א̇נדערע מעלה.

גרינשפּא̇ן רופט אויס:

— וואָס געפינען? ווער זוכן? איך דא̇רף דען זוכן? מען זעט דא̇ך עס! א̇ט הא̇ט איר דערמא̇נט דא̇ס א̇מעריקא̇נער וואָרט „האבי״, אין פשוט׳ן מא̇מע־לשון מיינט דא̇ס א̇ „ליבשא̇פט״, א̇ ספּעציעלע ליב־שא̇פט צו געוויסע זא̇כן. נו, וועל איך אייך איצט א̇נכא̇פּן א̇ פּא̇ר פון מיינע פריינט מיט „האבי׳ס״. איינער א̇ גא̇ליציא̇נער לא̇נדסמא̇ן מיינער הייסט סעם צוויבא̇ק. געקומען אין א̇מעריקע ווי א̇לע מיינע „א̇מכא̇׳ס״, א̇ן א̇רים אימיגרא̇נטן־קינד, און ווי א̇לע א̇נדערע פעהיגע אימיגרא̇נטן הא̇ט אויך ער מיט די אייגענע עלענבויגנס דורכגעברא̇כן פא̇ר זיך א̇ וועג אין לעבן, געווא̇רן א̇ גא̇נץ פא̇רמעגלעכער מענש און איז שטא̇רק טעטיג אין פא̇רשידענע געזעלשא̇פטליכע אונטערנעמונגען. א̇בער וואָס איך וויל דא̇ איצט ריידן, איז וועגן דעם וואָרט „האבי׳ס״. חוץ א̇לע זיינע א̇נדערע וויכטיגע טהעטיגקייטן הא̇ט א̇ט דער צוויבאק א̇ בא̇־זונדערע ליבשא̇פט, א̇ „האבי״ הייסט עס, א̇ריינצוברענגען א̇ ביסל

יום־טובדיקייט אין די הערצער און נשמות פון די עלנדע אַלטיטשקע אין די „אַלד איידזש האָומס״. ווייל אין די „האָומס״, פאַרשטייט איר מיך, זיינען אָפּט דאָ אַזעלכע טאַטע־מאַמעס, וואָס האָבן שוין לאַנג איבערגעלעבט זייערע קינדער און אַ סך וואָס זייערע קינדער פאַר־געסן זיי. דערפאַר ווען עס קומט אַ יום־טוב, איבערהויפּט אַ „פאַ־דהער אָדער מאַדהער׳ס דעי״ און איניגע האָבן יאָ קינדער און גוטע קינדער, וואָס געדענקען און קומען מיט מתנות צו זייערע אַלטע טאַטע־מאַמעס, פיהלען דאַן די אַנדערע, די עלענדע טאַטעס און מאַמעס, שרעקלעך פאַרלאָזט און פאַראיינזאַמט. קומט דענסטמאָל מיין לאַנדס־מאַן צוויבאַק מיט זיין „האבי״. מאַדהער׳ס דעי ברענגט ער צו די אַלטע עלענדע מאַמעס בוקעטן בלומען און אַנדערע מתנות, צו מאַכן זייער געמיט פריילעך און יום־טוב׳דיג. און פאַדהער׳ס דעי ברענגט ער צו די טאַטעס פּאַפּיראָסן, ציגאַרן, טאַבאַק־פּושקעלעך מיט טאַבאַק צום שמעקן און אַלערליי ליולקעס. און אָט האָט איר די „האבי׳ס״ פון מיינע אימיגראַנטן.

— ס׳איז טאַקע זייער שיינע „האבי׳ס״! — זאָגט עליקס — אָבער איך וויל...

— וואַרט, וואַרט! — שרייט גרינשפּאַן — איך האָב נאָך, נאָך אַ גאַליציאַנער אימיגראַנט מיט אַ פיינעם „האבי״. אַ פריינט מיינער, שלום פּערלמוטער הייסט ער, ער האָט אַ „האבי״ צו האַלטן אַ לאַיב־רערי פון אַלעמען, וואָס עס איז ווען געשריבן געוואָרן אין און וועגן אידיש טעאַטער, פון אַ פּיעסע, מוזיק, קריטיק, עסעיען, ביז צו דער קלענסטער נאָטיץ, געפינט מען ביי אים אין זיינע אַרכיוון.

— וועל, וועל! — זאָגט עליקס — דאָס קען אויך אַמאָל ברענגען נוצן צו אַמעריקע!

— ניין, וואַרט! איך בין נאָך אַלץ נישט פאַרטיג! — שלאָגט ווידער איבער גרינשפּאַן — אַז איך רייד שוין פון מיין גאַליציע, וועל איך אייך גלייך אַ כאַפּ טאָן נאָך אַ גאַליציאַנער אימיגראַנט, נאָך אַן „אַמכאַ״ מיינעם, הוירבערט ב. זוסמאַן איז זיין נאָמען. ער איז גע־קומען אַהער אַן אָרים 17־יאָריג אינגל פון אַ שטעטל מיט׳ן נאָמען לימאַנאָוו און איצט טראָגט ער דאָס גאַנצע געוועזענע גאַליציען אויף זיינע אַקסלען. ער איז שוין יאָרן לאַנג דער פּרעזידענט פונ׳ם „גאַ־ליציאַנער פאַרבאַנד״ און מיר לאָזן אים נישט אָפּ, ווייל דורך זיינע גרויסע פעאיגקייטן האַלט ער שטאַרק צוזאַמענגעבונדן דעם „פאַר־באַנד״, דאָס ביסעלע איבערגעבליבענע פון אונזער געוועזענער גאַ־ליציען, ווייל דאָרט אויף יענער זייט ים איז שוין כמעט קיינער נישט געבליבן. ער איז געווען דאָרט אונזער זוסמאַן באַלד ווי עס האָבן

זיך נאָר אַ ביסל איינגעלאָשן די נאַצי־פּלאַמען, האָט אים דער „גאַ־ליציאַנער פאַרבאַנד" געשיקט אין יענעם יאָמער־טאָל אַלס שליח, צו געפינען דאָרט צווישן די שוואַרצע האַלעוועשקעס און גרויען רויך עפּעס אַן איבערבלייב פון אימיצענס אַ טאַטע, אַ מאַמע, אַ קרוב און ברענגען זיי אַ האַנט פון הילף, אַ האַרץ פול מיט טרייהייט און האָפע־נונג, העלפן זיי איינמאָל פאַר אַלע מאָל, זיך איבערוואָרצלען אין אַן אמתע היים, אין אונזער אייגענער מדינה, וואו־אַהין אונזער זוסמאַן איז שפּעטער געפאָרן אויך אַלס אונזער דעלעגאַט. ער האָט אויך מיטגענומען מיט זיך דעם עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פונ׳ם „גאַליציאַנער פאַרבאַנד", יהודה פּייט, כדי זיי זאָלן דאָרט מיט צוויי פאָר אויגן באַטראַכטן די גרויסע אויפטואונגען פון אונזער אַלט־ניי לאַנד און איינאָרדנען דאָרט אַ היים פאַר אונזערע איבערגעבליבענע וואָגלער.

— איי, איי! האָבן מיר דאָס איבערגעלעבט אַ צייט! — האָבן עטלעכע ביים טיש אַ זיפץ געטאָן.

אַן אייביגער פלעק אויף דער געשיכטע פון דער מענשהייט! — האָט גרינשפּאַן אַרויסגעזיפצט און פאַרטגעזעצט — און אַז מיר ריידן פון מענשהייט און פון מיינע גאַליציאַנער לאַנדסלייט, וועל איך דאָ גלייך אַ כאַפּ טאָן נאָך אַן אימיגראַנט אַן „אַמכאַ", וואָס איז פאַר מיר פערזענלעך אַ כבוד צו ריידן וועגן אים, ווייל ער איז טאַקע מיינער אַן אמת׳ר לאַנדסמאַן, אַ באַלעכאַוווער. איך מיין דאָ בערנאַרד זעמעל. אַ באַקאַנטער נאָמען אין אַמעריקע, איבערהויפּט אויף דער אידישער גאַס. אין אַן אַרטיקל, וואָס איז געווען געשריבן צו זעמעל׳ס 70־יאָריגען יובילעאום, איז ער פאַרגליכן געוואָרן צו „וויינטרויבן אין דער מדבר." אַהער־געקומען אין אַמעריקע אַ 12־יאָריגער אינגל, האָט ער זיך באַלד גענומען צו דער אַמעריקאַנער אינגל׳שער פּרנסה, אַרומלויפן מיט צייטונגען איבער די גאַסן. אָבער דאָס האָט מיין „אַמכאַ" נישט געשטערט, אויסצוואַקסן דער פילגעשעצטער בערנאַרד זעמעל.

און ווי די פאַרבן פון אַ רעגנבויגן אַזוי פאַרבנרייך זיינען זיינע אויפטואונגען אין אַמעריקע און אין אידישן לעבן. דער אַמאָליגער 12־יאָריגער צייטונג־פאַרקויפערל האָט שוין אין זיין פריעסטער יוגנט געגרינדעט אין אַמעריקע אַ דרייגוד־געשעפט, וועלכעס האָט זיך דורך זיינע גרויסע פעאיגקייטן פאַרצווייגט און צעוואַקסן גאָר גרויס און אַזוי גיך ווי דער אַמאָליגער יונגער אימיגראַנט מיינער האָט נאָר פאַר־נומען אַ פּלאַץ אין אַמעריקאַנער לעבן, איז באַלד זיין אויג און אויער געוואָרן אָפן פאַר יעדן נויטליידענדן. ער האָט זיך באַלד גענומען צו גרינדן אַ האָספּיטאַל, שאַפן אַרבעט פאַר אַנקומענדיגע אימיגראַנטן, איבערהויפּט האָט ער זיך פיל אָפּגעגעבן און נאָך ביז׳ן היינטיגן טאָג

מיט אידישע קינדער־ערציאונג. ווייל אַמאָליגע יאָרן, פאַרשטייט איר מיך, האָבן אין אַמעריקע נאָר דריי פּראָצענט קינדער געוואוסט פון אידיש לערנען. האָט דאַמאָלס מיין לאַנדסמאַן בערנאַרד זעמעל צוזאַמען מיט נאָך אַזעלכע ווי ער געגרינדעט די „אידישע עדיוקיישאָן אַסאָסיאיישאָן״. אַז אַמעריקאַנער קינדער זאָלן לערנען אידיש. ער האָט אויך געהאָלפן גרינדן די צייטונג „טאָג״ און נאָך און נאָך, ווער קען אויסרעכענען אַלע זיינע אויפטואונגען? אָט למשל איז ער דאָך אַ „קאַפּיטאַליסט״, זיינען אָבער זיינע סימפּאַטיעס צום אַרבעטער־קלאַס אַזוי באַוואוסט, אַז ער איז זייט יאָרן דער אומפּאַרטייאישער טשערמאַן פון דער שוירט־אינדוסטרי אין אַמעריקע. ניין, מיינע פריינט, ער האָט מיך נישט פאַרשעמט מיין לאַנדסמאַן בערנאַרד זעמעל, נישט מיך און נישט מיין שטעטל באַלעכאָוו. און איך זאָג נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, אַז איך נעם זיך איבער מיט מיינע אימיגראַנטישע אויפטואונגען אין אַמעריקע...

עליקס פּראוואוט רעדן:

— אָבער איך וויל...

גרינשפּאַן רעדט איהם אַריבער:

— וואַרט, איך...

— ניין, ניין, איך! — רופט אויס עליקס — איינמאָל פאַר אַלעמאָל, — איר וועט מיך אויסהערן?...

— אָ, איר ווערט טאָקע בייז? — רופט אויס גרינשפּאַן — נו גוט, וועל איך שוין הערן!

— יאָ, — זאָגט עליקס — הערט מיך אויס! איך בין צו יונג, צו קענען פערזענלעך אַזוי פיל אַמעריקאַנער געבוירענע, וויפיל איר קענט „אימיגראַנטן״, אום אויסצורעכענען פאַר אייך זייערע אַמעריקאַנער אויפטואונגען. איך וועל אייך נאָר, ווי איר זאָגט, אָנכאַפּן איין וואָרט, מלחמה. ווער איז געלאָפן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי זיך ענליסטן? ווער איז געלאָפן איינשטעלן דאָס לעבן אין דער מלחמה? איר די עלטערע אימיגראַנטן, אָדער מיר די יונגע אַמעריקאַנער?

רייזבערג רופט אויס:

— איצט, מר. גרינשפּאַן, האָט ער אייך צוגעשטעלט צום ווענטל.

— כאַפּט נישט! — ענטפערט גרינשפּאַן — לייזער גרינשפּאַן שטעלט מען נישט אַזוי גיך צום ווענטל, ניין! איר זאָגט יונגער מאַן — האָט ער זיך געווענדעט צו עליקס'ן, — אַז נאָר איר, די יונגע אַמעריקאַנער, זיינען געלאָפן זיך שלאָגן פאַר אַמעריקע. וויל איך אייך זאָגן אַז מיינע „אימיגראַנטן״ זיינען פונקט ווי איר, די אַמעריקאַנער געבוירענע, זיך געלאָפן ענליסטן, אפילו באַטיטלט געוואָרן אַלס גענעראַלן.

אַט האָבן מיר דאָך באַלד פון אָנפאַנג גערעדט פון אַזאַ איינעם, בריגאַ־דיר גענעראַל דייוויד סאַרנאָף. און ער איז נישט געווען דער איינצי־גער ענליסטעטער אימיגראַנט, ניין! אָבער איך וויל איצט נישט ריידן פון דער אַרמיי, וואָס זיינען געווען אויפ׳ן פראָנט, נאָר פון אונז, די אַרמיי, וואָס איז געשטאַנען הינטער אייך. ווייל אָן ביקסן וואָלט איר נישט געווען קיין שיסערס. מיר דאָ, די אַרמיי הינטער אייך, האָבן געשאַפן די ביקסן און דאָס געלד צו קויפן די ביקסן. אָן אונז דאָ, וואָלט איר דאָרט גאָר נישט אויפגעטאָן. און אַט טאַקע צוליב דעם, וועל איך גלייך אַ כאַפּ טאָן נאָך אַן אימיגראַנט מיינעם, דאָס מאָל איינער פון דער ליטע. דאָס וועט זיין מיין לעצטער. מער וועל איך היינט נישט ריידן! און דער איז אַזאַ מין „אַמכאַ", וואָס טוט אַלעס שאַ־שטיל. מען זעט אים נישט אין קיין ענצקלאָפּעדיעס, אָן טומעל, אָן טאַראַראַם, אַלעס שאַ־שטיל! מיט איין וואָרט: אָן אמת׳ר „אַמכאַ"! און זעט וואָס ער האָט געטאָן אין און פאַר אַמעריקע! זעט, וואָס עס האָט געטאָן צו העלפן געווינען די אַמעריקאַנער מלחמה אַן אימי־גראַנטעלע פון סוואוואַלק. יעס, ערגעץ פון סוואוואַלקער גובערניע האָט מיט עטלעכע צענדלינג יאָר צוריק פון אַ שיף דריטן קלאַס זיך אַריינגעהוידעט אין קעסל גאַרדן, ווי עס זאָגט ערגעץ אברהם רייזען אַ געזינדל זעלבעאַכט, נאָר דאָ איז געווען אַ געזינדל זעלבע עלף, אַ פרענק משפּחה, אַ טאַטע־מאַמע און ניין קינדער, פון וועלכע דער עלטעסטער איז געווען ליישקע פרענק, קנאַפּע ניין יאָר אַלט, מיין איצטיגער „אַמכאַ"־אימיגראַנט, לואיס פרענק. ליישקע האָט ווי די גאַלערי פון מיינע אַנדערע אימיגראַנטן־קינדער ווי סאַרנאָף, וואָרנער בראָדערס, ראָזאָף, זאַלצבערג, מייזער, זעמעל און נאָך און נאָך אַזעלכע, אַזוי האָט אויך באַלד גענומען ליישקע שלעפּן אויף זיינע ניין־יאָריגע פּלייצעס דעם יאָך פון העלפן זיין טאַטן אין דער פּרנסה. זיך דאָס ערשטע, ווי אַלע צוגעכאַפּט צו צייטונגס־פאַרקויפן. אָבער דאָס איז פאַר דעם ביזנעס־פעאיגן ליישקע נישט געווען גענוג. ער האָט אין זיין קינדהייט געטאָן, ווי מען זאָגט, כל עבודות פּרך, אין זיין נעבערהוד, אין דער דאָון־טאָונער געטאָ צווישן די געדיכטע טענע־מענט־הייזער האָט מיין ניין־יאָריגער אימיגראַנטל, ווי אונזערע אידן אין מצרים געקנאָטן ליים און געטראָגן ציגל, געלאָפן מיט די ציי־טונגען, אַרומגעפירט אַ בלינדן ביי דער האַנט, אַ קאַליקע אויף אַ וועגעלע, געהאָלפן מאַמעס שטופן זייערע קערעדזשעס, פּעדלערס שטופן זייערע פושקאַרטס, געהאָלפן אין זיין נעבערהוד דעם שניידער, דעם שוסטער, דעם עקספּרעסמאַן, דעם לאָנדרימאַן. פאַר איינעם געלאָפן אַ גאַנג, פאַר אַ צווייטן צוגעטראָגן אַ פּעקל, אַבי ברענגען דער מאַמע׳ן אַ פּאָר סענט אין שטוב אַריין. און דערביי אויך העלפן די וואָס בעטן

פון אים די הילף. יאָ, העלפן אַ צווייטן, האָט שוין מיין „אַמכאָ" אָנ־געפאַנגען אין זיין פריעסטער קינדהייט. און אין זיין קאַמף פאַר זיין ווייטערדיגער עקסיסטענץ איז אים אַלס יונגער אינגל אויסגעקומען נישט איינמאָל צו שלאָפן אויף אַ באַנק אין אַ שטאָטישן פאַרק.

— אינטערעסאַנט איז — האָט גרינשפאַן ווייטער געזאָגט — אַז היינט ווען ער איז שוין אַ מיליאָנער און ער זיצט שוין אויף אַ באַנק צווישן די גאָר גאָר גרויסע, צווישן די רייכסטע יענקי'ס, קומט ער אָפט אַריין אין יענעם שטאָטישן פאַרק, געפינט אויס די באַנק וואו ער האָט אַמאָל געשלאָפן, זעצט זיך דאָרט אַוועק און בענקט נאָך דער אַמאָליגער צייט. „אוי, זיפצט ער אָפט, ווי גוט און ווי שיין עס איז געווען אַמאָל, ווען מען האָט געהאַט וועגן וואָס צו חלום'ען! חלום'ען וועגן סוקסעס, וועגן רייכקייט".

— אָבער וואָס האָבן די אַלע זאַכן צו טאָן מיט דער מלחמה? — רופט אויס עליקס.

— עס האָט שוין גאָר! — רעדט ווייטער גרינשפאַן — פאַרשטייט איר מיך, דער לואיס פרענק, דער אַמאָליגער אימיגראַנטן־אינגל, וואָס האָט זיך אין אַמעריקע פיל־פיל אָנגעפלאָגט און איז סוף כל סוף דורך זיינע אייגענע גרויסע פעאיגקייטן געוואָרן אַ מיליאָנער, פאַרגעסט נישט אויף איין מינוט זיינע ברידער אימיגראַנטן און פאַרגעסט אויך נישט, ליב צו האָבן זיין אַמעריקע. פאַרקערט, וואָס מער ער האָט זיך אַליין געפלאָגט אין אַמעריקע, אַלץ מער זוכט ער צו פאַרגרינגערן די לעבנס פון אַנדערע מענשן. אים סטאַיעט נישט קיין נעכט און קיין שטונדן. ער לויפט צו דריי מיטינגען אין אַ נאַכט. צו די אַלע אַנשטאַלטן, וואָס ער באַלאַנגט און זיין אָפיס איז פשוט אַ קהל'שער אַדרעס פאַר אַלערליי טובות. איינעם פיקסט עס אין אַ ביזנעס, פאַר אַ צווייטן צאָלט ער רענט, אַ דריטן מאַכט ער חתונה. יע, יע, אַז מען דאַרף, ווערט ער אפילו אַ שדכן.

עליקס רופט אויס:

— יאָ, גוט, אָבער די מלחמה!

— וואַרט, וואַרט! — שרייט גרינשפאַן — וואָס יאָגט איר אַזוי נאָכן גליקלעכן וואָרט „מלחמה"? און אַז מיר האַלטן שוין ביי מלחמה־גליקן, ווייסט איר, וואָס דער אימיגראַנט פרענק האָט געטאָן אין דער גרויסער דעפרעשאַן נאָך דער ערשטער מלחמה? דאַמאָלס, ווען כמעט יעדע פעקטאָרי אין אַמעריקע האָט אַרויסגעשיקט אירע אַרבעטער און פאַרהאַקט הינטער זיי די טירן? האָט דאָס אָבער נישט געטאָן מיין „אַמכאָ" לואיס פרענק. הונדערטער און הונדערטער אַרבעטער זיינען

אַנגעשטעלט אין זיינע פּעקטאָריס און די מערסטע, וואָס אַרבעטן ביי דעם סאָרט אַרבעט זיינען פיור אַמעריקאַנער און ווייל ער איז אַן אי־מיגראַנט און אַ איד, האָט ער נישט אָפּגעלייגט קיין איינעם פון זיינע אַרבעטער. זיי האָבן נישט געהאַט וואָס צו טאָן, געזעסן און געלייענט צייטונגען און פרענק האָט געצאָלט ווידזשעס, אַרויסגענומען יעדע וואָך געלט פון די בענק, אָפּט אַפילו געליען דאָס געלט און נישט אָפּגעלייגט קיין אַרבעטער און נעמט ער זיך צו עפּעס דער „אַמכאַ״ מיינער, וועט ער עס נישט אָפּלאָזן ביז ער פירט עס דורך. אָט איצט למשל האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן צו העלפן אין דעם אויפבוי פון אַ אידישן מעדיצין־קאָלעדזש אין נויאָרק.

עטלעכע פון דער גרופּע פרעגן איבער:

— אַ אידישן מעדיצין־קאָלעדזש?

— יאָ, יאָ! — רעדט ווידער גרינשפּאַן — אַ אידישן מעדיצין־קאָלעדזש ווילן אידן בויען! מיר ווייסן דאָך, ווי אונזערע אידישע טאַטע־מאַמעס לייגען אַוועק זייערע כחות, אויפצוהאָדעווען זיהן דאָקטוירים און ווען אָט די זיהן נאָך שווערער פּראַצע קומען צו צו די מעדיצין־קאָלעדזשעס, געפינט מען ערשט פּאַרהאַקטע טויערן, ווייל אַפילו אין אונזער דעמאָקראַטישער אַמעריקע איז פאַרן אידישן סטודענט זעלטן דאָ אַ פּלאַץ. אַלע מאָל איז פאַראַנען אַן אויסרייד: צו־פיל, צו־שפּעט, מען דאַרף וואַרטן אויף אַ „נעקסט״ און זייער אָפּט טרעפט עס, אַז ביז דער אידישער יונגער סטודענט מיט זיין שוואַרצן אָדער בלאָנדן קאָפּ האָר דערלעבט צו ווערן דאָקטאָר, איז שוין זיין קאָפּ האָר גרוי און זיין טאַטע־מאַמע כסדר וואַרטנדיג צו דערלעבן דעם נחת, שטאַרבן דערווייל פון „אָלד איידזש״. נו, האָט זיך איצט דער פרענק אַריינגעוואָרפן מיט זיין כח און געלט.

— יעס, דאָס איז טאַקע אַלעס זייער פיין, גאָר פיין! — זאָגט עליקס — אָבער וואָס האָט דער פרענק געטאָן פאַר דער מלח...

— „מלחמה, מלחמה!״ — רעדט איבער גרינשפּאַן — נו, גוט, איך וועל אייך שוין געבן די מלחמה... נו, אָט הערט וועגן אים מיט דער מלחמה! פון זיינע פּעקטאָריס זיינען אַוועק אויפ׳ן פראָנט ביי אַ הונדערט סאָלדאַטן. די מערסטע פון זיי זיינען געווען עלנטע, נישט געהאַט, ווער עס זאָל צו זיי שרייבן אָדער עטוואָס שיקן. און איר ווייסט דאָך, ווי עס פילט אַ סאָלדאַט, ווען ער איז פאַרוואָרפן ערגעץ אין די אינזלען, אין די טרענטשעס.

— איר דערציילט מיר! — רופט אויס עליקס — איי, ווען מען דערלעבט צו הערן אַ גרוס פון ערגעץ, פון דער לעבעדיגער וועלט.

— אָ! — זאָגט גרינשפּאַן — אָט די גרוסן צו די עלנטע סאָלדאַטן

פלעגט שיקן לואיס פרענק. ער האָט געהאַלטן אַ ספּעציעלע סעקרע־טאַרין, וואָס פלעגט כסדר שרייבן האַרציגע בריוולעך און שיקן אַלע חודש פּעקלעך פון אַלעם גוטן, סיגאַרעטס, קען גודס, דעליקאַטעסן, קענדי, קעיק. יעדער פּעקל האָט אים אָפּגעקאָסט פיינע עטלעכע דאָלאַר. אָנגעפאַנגען האָט זיך פרענק׳ס פּעקלעך מיט אַ הונדערט אַ חודש, נאָר צו זיינע אַרבעטער־סאָלדאַטן. אָבער ווען יענער האָט גע־ענטפערט אַ דאַנק פאַר׳ן פּעקל און „איך האָב דאָ אַ פריינט, אַ באָדי, וואָס איז נאָך עלנטער פון מיר און ער האָט אויך נישט, ווער עס זאָל אים עפּעס שיקן״, האָט שוין דעם קומענדן חודש פרענק געשיקט צוויי פּעקלעך פאַר יענעם מיט׳ן פריינט, אַזוי אַז ביז׳ן סוף פון דער מלחמה האָבן שוין פרענק׳ס פּעקלעך צו די סאָלדאַטן אויפ׳ן פראָנט דערגרייכט ביז אַריבער פינף הונדערט יעדן חודש.

— אָ, דהאָט׳ס פיין, דהאָט׳ס גוט! — רופט אויס עליקס באַגייס־טערט — דיד יו היר דהאַט, ראָזלין? — גיט ער אַ דריי זיין קאָפּ צו ראָזלינ׳ס טיש און זי גיט אַ שאָקל מיט׳ן קאָפּ אויף יאָ — און גרינשפּאַן זעצט פאָרט:

— אָבער דאָס איז נאָך גאָר נישט! אין פאַרגלייך מיט זיין אויפטו אין די „מלחמה באָנדס״.

— „וואָר באָנדס״? — פרעגט איבער עליקס.

— יעס, וואָר־באָנדס! — רעדט ווייטער גרינשפּאַן — טעג און נעכט איז ער אַרומגעלאָפן מיט זיין קאַר, מיט טריינס, סאָבוויים און צו פוס און נישט צווישן מיליאָנערן, נאָר אָן „אַמכאָ״ ביי „אַמכאָ׳ס״, האָט געזאַמלט צווישן סאָסייעטיס, פריינט און אָרגאַניזאַציעס, האָט לואיס פרענק, דער אימיגראַנט פון סואוואַלק איינער אַליין געזאַמלט פאַר אַמעריקע דריי און פערציג מיליאָן דאָלאַר וואָר־באָנדס. איר הערט? איין אימיגראַנט, דריי און פערציג מיליאָן דאָלאַר. נו, ווער האָט געטאָן און וועמעס איז אַמעריקע? האַ? וועמעס?

— אונזער אַלעמענס! — האָט זיך פלוצלינג דערהערט אַ האַר־ציג פרויען־קול׳כעל. ראָזלין איז צוגעקומען צו דער גרופּע און אַרויף־לייגענדיג איר אָרעם אויף עליקס׳עס פלייצע פאָרטגעזעצט: — יעס, מיינע פריינט, אַמעריקע איז אונזער אַלעמענס, אימיגראַנטן און אַמעריקאַנער געבוירענע. איך בין נאָר בייז, פאַר־וואָס איר ביידע פאַיטערס — האָט זי שמייכלענדיג אַ וויז געטאָן אויף גרינשפּאַנ׳ען און עליקס׳ן — פאַרגעסט אין אונז פרויען! מיר פרויען האָבן סיי אין מלחמות און סיי אין פרידן אויפגעטאָן פונקט אַזוי פיל ווי איר מענער. איך וועל נישט אויסרעכענען איצט אַלעמען, איך וועל נאָר, ווי איר זאָגט, אָנכאַפּן אַ פּאָר אָרגאַניזאַציעס, וואו איך באַלאַנג און זייערע

אויפטואונגען. פא̇ר עקסעמפל, די „רעבעקא־לא̇דזשעס״, הדסה, פרוי־
ען פּיא̇נערן און נא̇ך אַ סך אַזעלכע און ווען איר רעדט פון איינצלנע,
„אויסערגעוויינלעכע״, ווי איר הא̇ט דא̇ פריער דערמא̇נט אוירוויגג
בוירלין, זיין באַזינגען אַמעריקע, איז אויף דער סטעטשו אָוו ליבערטי
איינגרא̇ווירט דא̇ס גע̇זא̇נג פון אַ פרוי איבער אַמעריקע, אַ פרויען־דיכ־
טערין, עמא לאַזאַרוס. אָבער איך וועל אייך שוין דא̇סמא̇ל ביידע
מוחל זיין די עוולה געגען פרויען. איך וויל אייך נא̇ר זא̇גן, אַז אַמע־
ריקע איז אונזער אַלעמען׳ס. איר די אימיגרא̇נטן הא̇ט געברא̇כט צו
אַמעריקע עקספּיריענס, חלומות, בענקשא̇פט, אויסדויער, און מיר
אַמעריקא̇נער געבוירענע גיבן צו אַמעריקע יוגנט, מוטה, אומדער־
שרא̇קנקייט, זיכערקייט, שטא̇לץ, יא̇, פריינט, נא̇ר אַלע, אַלע צוזאַמען
הא̇בען געקענט אויפבויען אַזאַ גלא̇ררייכע אַמעריקע. ער, עליקס, דא̇ס
איז מיין חתן, — הא̇ט זי אַ וויז געטא̇ן אויף עליקס׳ן — נו, ער מעג
זיך אָננעמען פא̇ר אַמעריקע, ער איז אַן אַמעריקא̇נער פליער, איז אין
דער מלחמה פא̇ר אונזער אַמעריקע צוויי מא̇ל פא̇רוואונדעט געווא̇רן.

— אָ! — הא̇בן אַלע ביים טיש אַ מורמל געטא̇ן, באַטרא̇כטענדיג
עליקס׳ן און רא̇זלין הא̇ט ווייטער גערעדט: — אָבער אַזוי גיך ווי ער
איז געזונד געווא̇רן, איז ער אויך באַלד אַוועק געפלויגן קעמפן פא̇ר נא̇ך
אַ לא̇נד אונזערס, דא̇ס לא̇נד ישראל. — גיט זיי אַ וויז — און וועגן יע־
נעם לא̇נד דא̇רפן מיר טא̇קע איצט ריידן און טרא̇כטן. מיר ביידע פא̇רן
באַלד נא̇ך אונזער חתונה אַהין. ער קען נישט מער פליען, אָבער ער
קען דא̇רט העלפן בויען ערא̇פּלא̇נען און איך וועל דא̇רט לערנען פּיאַנא̇
צו די קינדער פונ׳ם נייעם לא̇נד. יעס, מיינע פריינד, אונזער אַמע־
ריקע איז שוין אויפגעבויעט, איצט דא̇רפן מיר אַלע העלפן בויען
אונזער לא̇נד ישראל. מיר וועלן זיין דא̇רט די אימיגרא̇נטן, ווא̇ס
איר זיינט געווען דא̇! דא̇רט העלפן אויפבויען גא̇סן, שטעט, ערא̇פּלא̇־
נען, קא̇נצערט זא̇לן און נא̇ך און נא̇ך. די דא̇רטיגע געבוירענע ווייזן
טא̇קע אַרויס אַ העלדישן כח, דא̇ס איז אמת, אָבער זיי דא̇רפן אויך
הא̇בן די הילף פון אונז, די אימיגרא̇נטן פון אַלע לענדער.

— אמת, מיידל, אמת! — רופט אויס גרינשפּא̇ן באַגייסטערט —
זיי, אונזערע יונגע מא̇קא̇בעער אינ׳ם לא̇נד ישראל, הא̇בן זיך אויפ־
געהא̇דעוועט אויף די חלומות פון ווא̇גלער־אימיגרא̇נטן און פון זיי הא̇ט
אַרויסגעשפּרא̇צט דער פא̇רשטיקטער כח פון לא̇נגע דורות קעמפער
און בויער.

רא̇זלין רעדט ווייטער באַגייסטערט:

— מיין טא̇טע איז דא̇רט געווען אַ לעגיא̇נער נא̇ך אין דער צייט
פון דער ערשטער מלחמה. ער זא̇גט און אויך איך זא̇ג, אַז מיר די

אימיגראַנטן פון אַלע לענדער, איבערהויפּט פון אַמעריקע, דאַרפן ווייטער אָנשטרענגען אונזערע כחות צו העלפן איצט אויפבויען דאָס לאַנד ישראל אַזוי שיין און גלאַררייך, ווי מיר האָבן אַלע צוזאַמען אויפגעבויעט אונזער אַמעריקע!

גרינשפּאַן רופט אויס באַגייסטערט:

— אַלע צוזאַמען דאַרפן בויען, אַמעריקאַנער געבוירענע און אימיגראַנטן, צוזאַמען! פיינע רייד, מיידל, פיינע ווערטער, פיין, פיין!

עליקס טוט אַ גלעט צערטלעך ראָזלין'ס באַק און ווענדעט זיך צו איר מיט ליבשאַפט:

— וועל ראָזלין, דאַרלינג, אַז דו רעדסט שוין פון ישראל, איז: איזו שעה עתה?

ראָזלין שטעלט אויס צו אים איר הענטל מיט'ן זייגערל. עליקס כאַפּט אַ בליק און רופט אויס: שוין טאַקע שפּעט, הגיע הזמן ללכת, חביבתי!

— טוב! נלך! — ענטפערט ראָזלין און נעמט עליקס' אָרעם, אַ זאָג טוענדיג דערביי צו דער גרופּע „שלום אַהובים, ידידים!"

עליקס גיט אַ מאַך צו אַלעמען מיט דער האַנט:

„שלום, ידידים!"

אַלע בלייבן אויף אַ מאָמענט געפּלעפט. ראָזלין, מיינענדיג, אַז די גרופּע פאַרשטייט זי נישט, שטעלט אָפּ איר טראָט און רופט אויס:

— גוד נאַיט, מיי פרענדס!

אַלע אין איין קול גיבן איר אַן ענטפער: „שלום!"

גרינשפּאַן גיט זיך ווי אַ כאַפּ אויף און זאָגט זיי נאָך:

שלום וברכה, ילדים אהובים!

עליקס און ראָזלין גייען אַרויס פון רעסטאָראַן, גרינשפּאַן זיי נאָכקוקנדיג רופט אויס מיט פרייד און שטאָלץ:

—אַ שיינער נייער דור האָדעוועט זיך איצט אין אונזער אַמעריקע, אַ שיינע אידישע יוגנט! אַ מין ריידן אידיש און העברעאיש, אַ שיינע יוגנט.

ביי די ווערטער האָט זיך גרינשפּאַן אַ הויב געטאָן פון זיין פּלאַץ. די שטולן פון דער גרופּע האָבן זיך גענומען רוקן און פון ליפּ צו ליפּ איז דורכגעגאַנגען אַ דריי־קלאַנגיג וואָרט: „גוד נאַיט! שלום! אַ גוטע נאַכט!"...

## וואָס די מיטגלידער פון׳ם „שיינע־רחל פּאַבלישינג קאָמיטע״ האָבן צו זאָגן וועגן שיינע־רחל׳ס שריפטן

**דר. לעאָן נ. אַדלער:**

— דער מחבר פון דער ברכה „שלא עשני אשה״ דאַרף זיך באַהאַלטן פאַר בושה, ווען ער זאָל באַדענקען, אַז עס קען זיך געפינען אַזאַ אשה ווי שיינע־רחל, וועלכע שטייגט אַריבער טויזנטער מאַנסבילן, וואָס די נאַטור האָט זיי נישט גע־לייטזעליגט מיט דער מתנה פון קענען שרייבן אַזעלכע פּסיכאָלאָגיש באַגרינדעטע און סטיליסטיש וואונדערבאַרע געשיכטעלעך...

---

**רעוו. ישראל בריא:**

— לייענענדיג שיינע־רחל׳ס דערציילונגען אין פאַרשידענע צייטונגען, בין איך אַזוי באַגייסטערט געוואָרן, אַז איך האָב אַזש באַלד באַשלאָסן, מיך אָנצושליסן אין אַ קאָמיטע, אויף צו העלפן אַרויסגעבן די וואונדערבאַרע שריפטן אין באַ־זונדערע צוויי ביכער...

---

**מר. לואיס פרענק:**

— איך בין אָנגעקומען אין אַמעריקע אַלס קליינער אינגל און איך בין באַלד דורך אומשטענדן וויט און ברייט פאַראַמעריקאַנערט געוואָרן אַזוי, אַז מיר קומט אויס וויניג צו לייענען אָדער צו ריידן אידיש, אָבער ווען איך לייען שיינע־רחל׳ס דערציילונגען, דאַכט זיך מיר, אַז איך הער דאָס אידיש פון מיין היים, ווי מיין טאַטע לערנט אָדער מוסר׳ט מיך און ווי מיין מאַמע צערטלט און ליבט מיך...

איך האָף אויך, אַלס איינער פון דער קאָמיטע, צו העלפן אַרויסגעבן שיינע־רחל׳ס ביכער אין ענגליש, אַז איך זאָל זיי נאָך בעסער פאַרשטיין...

---

**מר. סעם צוויבאַק:**

— שיינע־רחל׳ס שריפטשטעלערישער טאַלאַנט גרעניצט אין געניאַליטעט, מאַכט דאָס אירע דערציילונגען האַרציג, סענטימענטאַל און גלייכצייטיג באַלערענד פאַר יונג און אַלט...

---

**מר. שמעון ליב שאַפּירא:**

— לייענענדיג די האַרציגע און פיין דורכגעדענקטע דערציילונגען פון שיינע־רחל׳ס פעדער, זע איך אין איר אַ גרויסע פאָלקסשרייבערין, וועלכע באַלויכטעט מיט איר „רוח הקודש״ די טיפענישן פון דער פאָלקס נשמה. מיט איר גייסטיג אויג זעט זי דאָס לעבן פונם אידישן אַרבעטער, זיינע ליידן און פריידן. מיט איר גייסטיג אויער הערט זי זיין קרעכץ און מיט איר האַרץ פילט זי, וואָס עס טוט זיך ביי אים אינעווייניג.